ישעיהו שפּיגל

# אין ליכט
# פֿון דער פּאַרלאָשענער פּעץ

✶

יובל־בוך

דאָס יובל־בוך דערשיינט מיט דער פינאַנסיעלער מיט־הילף פון הילפספאָנד פאַר ייִדיש־שאַפונג אין ישראל ביים פאַרלאַג „ישראל־בוך", און אַ דאַנק אַ קאָמיטעט פון לאַדזשער — באַלוטער לאַנדסלייט — (איצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן), פאַרערער פון זייער לאַנדס־מאַן, דעם שרייבער ישעיהו שפּיגל — צו זיין אַבציקסטן געבוירן־טאָג און פאַר זיין גרויסן בייטראַג צו דער יצירה פון דער ייִדיש־ליטעראַטור.



צוליב טעכנישע סיבות — און כדי צו ברענגען די אָפּהאַנדלונגען לויט זייער אָריגינעלן דרוק — ווערן עטלעכע אַרבעטן געבראַכט אין דער אָרטאָגראַפיע אַזוי ווי זיי זענען בשעתו דערשינען.

# ישעיהו שפיגל

# אין ליכט
# פון דער פֿאַרלאָשענער פּען

(יובל־בוך)

קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן זיין
שאַפֿן — אין פּראָזע, עסיי, ליד.

צוויט בוך

YESHAYAHU SPIEGEL

In Licht fun der Farłoshener Pen

*

ישעיהו שפיגל — יובל־בוך

אין ליכט פון דער פאַרלאָשענער פען

זאַמלונג פון קריטישע אָפּהאַנדלונגען

וועגן זיין שאַפן — פּראָזע, עסיי, ליד.

★



Publishing House Israel-Book

Tel-Aviv, P.O.B. 1777

פאַרלאַג „ישראל־בוך", הילפספאָנד פאַר ייִדיש־שאַפונג

תל־אביב, רח' איתמר בן־אבי 4

Printed in Israel 1986 נדפס בישראל

דפוס „אורלי" — פרידמן, תל־אביב, טל' 372062

**דער פֿאַרלאָשענער פּען**
**פֿון די פֿאַרשטאָרבענע בעלי־יצירה**
**אין דאָזיקן בוך —**
**אַ ליכט פֿאַר זייער געדענקשאַפֿט**

דער בוך־קאָמיטעט פֿון די לאָדזשער־באַלוטער לאַנדסלייט אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן דריקט־אויס אַ דאַנק, מיט פֿאַרערונג און ליב, דער פֿרוי פֿונעם שרייבער, **שאַרלאָטע שפּיגל**, וואָס האָט מסירהדיק געקליבן במשך פֿערציק יאָר די אָפּהאַנדלונגען פֿאַרן דאָזיקן בוך.

**ש. ניגער** (1883—1955)

# שטערן איבערן געטאָ

## װעגן ישעיהו שפּיגלס „מלכות געטאָ" (לאָדזש 1947) און „שטערן איבערן געטאָ" (פּאַריז 1948).

**(פראַגמענט)**

ישעיהו שפּיגעל, איז געבוירן געוואָרען אין 1906, אין באַלוט, דעם אַרבייטער־קוואַרטאַל פון לאָדזש, אין אַ פאַמיליע פון אָרימע וועבערס. אין דער אידישער ליטעראַטור פון פוילען האָט ער זיך באַוויזען באַלד נאָכ'ן ערשטען וועלט־קריג. ער איז, הייסט עס, ניט קיין פּנים חדשות. אָבער זיינע איצטיגע דערציילונגען אָדער נאָוועלן, ווי מען רופט זיי אין אייראָפּע, האָבען אין זיך עפּעס, וואָס איז גיי און אויסערגעוויינליך.

און ווען איך זאָג עס, מיין איך ניט בלויז דעם עצם פאַקט, וואָס זיי זיינען געשריבען געוואָרען אין לאָדזשער געטאָ — אין די פינסטערסטע און ביטערסטע יאָרען 1940—1944. כ'מיין עס נישט, כאָטש אייגענטליך איז עס געננוג אויסטערליש און אויסערגעוויינליך... דערמאָנט זיך נאָר... עס איז ניט געווען וואָס אין מויל צו נעמען; עס איז ניט געווען, וואו דעם מידען קאָפּ אַנידערצולייגען; דעם נאַצישען מלאך־המות'ס חלף איז געלעגן, אַ אָנגעשאַרפטער, אויפ'ן האַלז, און עס איז בפועל ממש ניט געווען קיין לופט צו אָטעמען, ניט פיזיש און ניט גייסטיג... ביי אַזעלכע אומשטענדען האָבען זיך געפונען אידען, וואָס זיי איז געלעגן אין קאָפּ צו זיצען און שרייבען לידער, דערציילונגען, כראָניקס און טאָגביכער... ווער וואָלט עס געגלויבט, אַז אַזאַ זאַך איז מעגליך? אַפילו ביי אַזאַ רחמנות'דיג פאָלק, ווי מיר אידען זיינען, אַפילו ביי אַזאַ אומה, וואָס האָט זיך שוין לאַנג אויסגעלערענט צו מאַכן איר נשמה־לעבען פאַר דעם שוץ און דער פעסטונג פון איר פאַרמאַטערטען און פאַרפייניגטען קערפּער,

— אַפילו ביי אונז אידען איז דאָס, וואָס אונזערע גייסטיגערע און מער־שעפערישע מענשען האָבען זייערע אומענדליכע יסורים און די ליידען פון די אַרומיגע געזוכט צו סובלימירען און צו לינדערען דורך אַריבער־טראָגען זיך אַליין, און אַנדערע, אין העכערע און ווייטערע וועלטען — אַפילו ביי אונז איז עס געווען אַ נס מן השמים, אַ נס, וואָס אַ דאַנק אים האָט ניט איינער פון אונז געהאַט כח צו ראַטעווען זיין קערפער און זיין גייסטיגע עקזיסטענץ...

וואָלט, דעריבער, דאָס גופא, וואָס ישעיה שפּיגעל האָט זיינע אַלע בייע זאַכען געשריבען אין דעם חושך פון לאָדזשער געטאָ, — געקאָנט ווערען אַ מאָטיוו פון אַ פּאָעמע, פון אַ העראָאיש־ראָמאַנטישער פּאָעמע. אָבער אָט די אַנטפּלעקונג פון מאָראַלישען העראָאיזם איז אין די לעצטע יאָרען געוואָרען ביי אונז שוין שיער ניט אַזאַ „טאָגטעגליכע" זאַך ווי די קדושה און די גבורה פון צענדליגער און הונדערטער אַנדערע אידען אין די געטאָס, אין די בונקערס, אין די מלינה׳ס און אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן... האָט דאָך אין זעלביגן לאָדזש געלעבט ש. שאַיעוויטש, דער קדוש, וואָס אים האָט זיך „פאַרגלוסט צו שאַפען פון דער גויט אַ ליד" (מרים אולינאָווער). אַ לאָדזשער איז געווען יצחק קאַצענעלסאָן, כאָטש ער האָט „דאָס ליד פון אויסגע׳הרג׳עטן אידישען פאָלק" ניט אין לאָדזש, נאָר אין וויטעל (פראַנקרייך), אַרויסגעשריגען. עמנואל רינגלבלום האָט אין וואַרשע טאָג־איין, טאָג־אויס, זיך מוסר־נפש געווען — און געשאַפען אַ גאַנצען אונטערערדישען וויסנשאַפטליכען אינסטיטוט... אין לובלין (און אין מאַידאַנעק האָט מרדכי שטריגלער געוויזען דעם מוט צו פירען שריפטליך זיין שוידערליכען חשבון מיט דער וועלט און מיט זיין אייגענעם פאָלק. אין ווילנער געטאָ איז אברהם סוצקעווער געווען אַזוי פרוכטבאַר און שעפעריש, ווי נאָך קיינמאָל נישט פריער... און צי דען נאָר זיי אַליין? די כראָניקעס פון ווילנער, פון וואַרשעווער און אַנדערע הייליגע קהלות, זיינען פול מיט געשטאַלטען, וואָס האָבן געצונדען איבער דער געטאָ — שטערן...

ווערען מיר שוין מער נישט אַזוי שטאַרק נתפעל, ווי פריער, ווען מיר באַגעגענען זיך מיט נאָך אַזאַ וואונדערליכען צינדער פון שטערן איבער׳ן געטאָ, — און מיר זוכען דעם אויפטו פון ישעיה שפיגעל׳ס

געטאָ־דערציילונגען שוין נישט אַזוי אין דעם עצם פאַקט, וואָס ער האָט זיי געשריבען, ווי אין דעם אופן ווי ער האָט זיי געשריבען, און אין דעם ליכטיג־שעפערישען געמיט, וואָס ער האָט אין זיי אַריינגעטאָן...

ער האָט זיי נאָך נישט אַלע פאַרעפנטליכט. מיר ווייסען עס פון דעם קורצען אַריינפיר צו „מלכות געטאָ". דאָרט ווערט דערציילט, אַז „אויגוסט 1944, בעת דער ליקווידאַציע פון (לאָדזשער) געטאָ, האָט דער שרייבער זיי, צוזאַמען מיט פיל אַנדערע ליטעראַרישע אַרבייטען, באַגראָבן אין אַ קעלער. זומער 1945, ווען דער מחבר האָט זיך אומגעקערט פון אַש־וויענטשים און פאַרשיידענע אַנדערע לאַגערען, האָט ער זיינע שריפטען אויפגעגראָבען, און אַ טייל פון זיי געפונען אין אַ צושטאַנד, וואָס גיט אונז די מעגליכקייט זיי אַרויסצוגעבען". דער דאָזיגער טייל איז באַ־שטאַנען פון עלף קורצע דערציילונגען. נאָך זעקס — מיט'ן נאָמען „שטערן איבער'ן געטאָ" — האָט דאָ נישט לאַנג אַרויסגעגעבן די אָרגאַניזאַציע פון פוילישע אידען אין פראַנקרייך, — ווי דעם אָנהייב פון אַ גאַנצער „אידי־שער פאָלקס־ביבליאָטעק". אַ זיבנטע דערציילונג — „גאָלדענע יויך", — האָבען י. אָפּאַטאָשו און ה. לייוויק אָפּגעדרוקט אינ'ס זיבעטען באַנד פון זייערע „זאַמלביכער" (ניו יאָרק, 1948). פון ישעיה שפּיגעל'ס אַ בריוו צו יעקב גלאַטשטיינ'ען ווייסען מיר, אַז אינ'ם קעלער פון לאָדזשער געטאָ, איידער ער איז פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרען, האָט ער געהאַט באַהאַלטן גאַנצע 30 נאָוועלען (אָן ערך 300 זייטען)...

הייסט עס, כמעט אַ העלפט פון „מלכות געטאָ" איז נאָך נישט פאַר־עפנטליכט געוואָרען. אָבער די מער ווי אַנדערהאַלבען צענדליג דערציי־לונגען, וואָס זיינען אונז שוין איצט באַקאַנט, אַנטפּלעקען פאַר אונז ישעיה שפּיגעל'ס אייגנאַרטיגען צוגאַנג צום לעבען און — מער נאָך — צום טויט אין מלכות געטאָ.

דאָס איז דער צוגאַנג פון איינעם, וואָס מיט זיין שרייבען וועגען די אַרומיקע פיינליכע געשעהענישען, האָט ער געזוכט נישט נאָר, ווי מרדכי שטריגלער, זיך אַליין אַריבערצוטראָגן אין אַן אַנדער וועלט, אין דער וועלט פון וואָרט, פון גייסט, נאָר אויך צוצונעמען, ווי אברהם סוצקעווער האָט צוגענומען, ביי די געשעהענישען זייער שוידערליכע און דערנידעריגענדיגע ממשות'דיגקייט...

אַלע מאָל שפּירט ער דעם שטאַרקען ווייטאָג פון דער וואָר, געוויס, אָבער נאָך סענסיטיווער איז ער צום חלומ'ען, און אַזוי ווי קיינער לאָזט זיך ניִשט פירן אַזוי גערן פון בעל־חלומות, ווי דער, וואָס עס הויערט איבער אים די אימה פון דער ווירקלעכקייט, דער פּחד פון גויט און טויט, איז שפּיגעל'ס מלכות געטאָ אַ מלוכה פון חלומות. טאַקע אַן אומגליקליכע און אַן אומקומענדיגע, אָבער — פאַרזונקען אין חלומות...

ענליך צו אַ פּאָר העלדען פון זיינע אייגענע דערציילונגען, גייט ער, ווי אַ נאַכטוואַנדלער, זיין אייגענעם וועג, גייט — צום אָפּגרונט — אָהן מורא, — קוקענדיג ניִשט אַראָפּ, נאָך פאָראויס, אָדער גאָר אַרויף, צו די שטערן...

ענליך צו „אָנקעל טעאָדאָר" (אין „שטערן איבער'ן געטאָ"), אַן אַסטראָנאָם, וואָס האָט מיט זיך גענומען זיינע אינסטרומענטען. אַזוי ווי אַלע אַנדערע געטאָ־געפאַנגענע, איז ער יעדן טאָג געגאַנגען „מיט'ן שיסעלע נאָכ'ן געקעכץ", אָבער ביינאַכט האָט ער דורכ'ן פענסטער פון זיין צימערל „געמאַכט ווייטע, איינזאַמע נסיעות איבער'ן פינקלענדיגן שטערן־חלל" (זייט 60). איז וואָס דער חידוש, וואָס ער „איז בייגעקומען אין זיך און האָט צעבראָכען דעם פּחד פאַר דעם אומבאַקאַנטען און ווייטען, פאַר וואָס אַלע אידען האָבען זיך אַזוי געשראָקען" ?... „עס איז געוועזן צו זען, אַז זיין האַרץ איז געוועזן באַזעסען פון אַ פרעמדען ניִשט־ערדישען פרידען, וואָס איז אויך בייגעקומען די אימה פאַר'ן טויט"...

עפּיס פון אָט־דעם „פרעמדען ניט־ערדישן פרידען" שפּירט זיך אין ישעיה שפּיגעל'ס מאָלען און דערציילען... „קיין שרעק איז ניִשטאָ פאַר דעם, וואָס הערט דאָס געזאַנג פון די שטערען, פון די לבנות און די הימלגעוועלבען. ער איז פריי, ווי דער ווינט, ווי דער וואָלקען, ווי גאָט" (ז. 61).

יע, עפּיס אַ באַהאַלטענע, און איך וואָלט געזאָגט, אַ טראַגישע פרייקייט אָטעמט אין שפּיגעל'ס פען, כאָטש זי באַשרייבט אַזוי אָפט, כמעט שטענדיג, די קייטען פון קנעכטשאַפט... דאָס זיינען (גיט ער אונז צו פילען) דעם גוף'ס ניט דעם גייסט'ס קייטען...

אָט פאַרבעט מען לעווי׳ן, וואָס האָט אין געטאָ געבראַכט זיי פידעל, אַזוי ווי „אָנקעל טעאָדאָר" האָט מיטגענומען זיינע פאַרגרעסער־גלעזער, — אָט פאַרבעט מען אים אויף עפּיס אַן עלנטע חתונה אין געטאָ, ווערט ער „פלוצים אויפגעשטראַלט („מלכות געטאָ", ז. 62). נאָך גליקליכער אין ער אויף דער חתונה גופא. ער האָט דאָרט אַ געלעגנהייט צו שפּילען שובערט... געקומען צוריק אין זיין חושכ׳דיגען צימערל, האָט ער שנעל אַראָפּגעוואָרפן די הילצערנע שיך פון די פיס, וואָס זיינען געוועזן געשוואָלען פון הונגער, און איז באַלד איינגעשלאָפן... „אין צימערל, ד׳ערציילט שפּיגעל, האָט דערווייל גענומען אַריינשיינען די לבנה — אַ פולע, אַ ציטערדיגע... אין דער שטילקייט, וואָס האָט זיך געשטעלט מיט דעם געשפּענסטיגען כישוף פון דער גריינער רונדיגער לבנה, האָבען פון די באַהאַלטענע שפּאַרעס אָנגעהויבען אַרויסקריכען מייז — הונגעריגע, שוואַרצע און קוויטשיגע... די מייז זיינען געלאָפען ביי די ווענט, געקראָכען איבער׳ן פוטעראַל, און מיט זייערע קורצע, בייזע פיסלעך פאַרטשעפּעט די סטרונעס פון דער פידעל... דער דייטש (לעווי) האָט איצט גע׳חלומ׳ט אַ ווייטען, פאַליעדיגען חלום. ער גייט אין אַ גאָרטען — אונטער׳ן אָרעם פירט אים אימיצער. ער הויבט אויף די אויגען און זעט: עס איז נישט קיין אַנדערער ווי ער — שובערט, פראַנץ שובערט אַליין. זיי גייעןביידע אונטער שאָטנדיגעביימער, און אַז.וו." (ז. 66). פון דער וואָר — דעם דינעם פּישטש פון פידעל, וואָס די מייז האָבען פאַרטשעפּעט מיט זייערע קורצע פיסלעך — פון דער פינסטערער מייזישער וואָר ווערט אַ ליכטיגער פראַנץ שובערט־חלום...

אָט די אומגעריכטע פאַרוואַנדלונג איז דער סוד, דער כישוף פון ישעיה שפּיגעל׳ס מלכות געטאָ.

פון דער פינסטערער געטאָ־וואָר ווערט אַ ליכטיגער, אַ טרויעריג־ליכטיגער חלום — דער חלום פון שטערן איבער׳ן געטאָ.

איז עס סתם אַזוי אידעאַליזאַציע, ראָמאַנטיק? ניין, די דערציילונגען זיינען אַלע הונדערט פּראָצענט רעאַליסטיש. אָבער ס׳איז אַזאַ רעאַליטעט, וואָס דער פּאָעט, כאָטש ער איז אַליין אין איר איינגעוויקעלט, זעט זי פון דער זייט אָדער פונדערווייטנס, אָדער (און דאָס טרעפט אָפטער ווי אַלץ) פון אינעווייניג.

ער באַשרייבט דעם הונגער (אויף דעם סעקסועלען הונגער) פון די אומגליקליכע. ער באַשרייבט אים, ווי אַן אמת׳ער כראָניקער, מיט אַלע איינצלהייטען. ער באַלייכט אים אָבער אויך פּסיכאָלאָגיש, נישט נאָר פיזיאָלאָגיש, און אין אָט דער אינעווייניגסטער באַלויכטונג זעען מיר, ווי עס שפּינען זיך פעדים, דינע, צאַרטע, אָבער פעסטע פעדים צווישען דעם הונגערנדיגענ׳ס קערפּער און זיין נשמה, — דער נשמה, וואָס זוכט צו שטילען אָדער צו לינדערען דעם גוף׳ס פּיין אויף איר אייגענעם אופן... זי עפנט, אַשטייגער, פאַר צוויי הונגערנדיגע קינדער אַ שפּאַרע אינ׳ם הילצערנעם ווענטל. דורך דער שפּאַרע זעען זיי אין די קעגענאיבערדיגע פענסטער פון דער „אַרישער״ גאַס, רונדיגע, פרישע ברויטלעך אָדער ווייסען קעז... „אומעלע קוקט אַזוי מיט׳ן לינקען אויג — און די צונג אין מויל שווימט דערווייל אַרום אין שטראָמעלעך פון זיסן שפּייעכץ״... („מלכות געטאָ״, ז. 32). אומעלע עסט, אַזוי צו זאָגען, מיט׳ן אויג... ער וויל זיך נישט בייטען מיט זיין שוועסטערל, וואָס דורך איר שפּאַרע זעט מען קעז... „כ׳האָב נישט ליב קיין קעז״, זאָגט ער... געוויינליך אין אַן אויסגעהונגערטער מענש נישט איבערקלייבעריש (לייענט מרדכי שטריג־לער׳ס „אויסגעברענטע ליכט״. וועט איר זען צו וואָס הונגער קאָן דערפי־רען אַ מענטשען!), אָבער ווען ער זעטיגט זיך מיט׳ן אויג, מיט דער הילף פון דער פאַנטאַזיע, פאַרגינט ער זיך צו האָבען זיין אייגענעם גע־שמאַק... ער עסט מיט׳ן אויג ברויטלעך, נישט קיין קעז...

אין דער פאַנטאַזיע אָדער אין אַ פאַנטאַסטישער ווירקלעכקייט, אויף אַ וואָר, וואָס איז מער חלום, ווי וואָר, שטילט מען אין מלכות געטאָ אויך דעם הונגער נאָך ליבע. לייענט „ליכט פון אָפּגרונט״... אין אַ פינסטערען פראָסטיגן טאָג דערקענט זעלדע אין אַ שכנ׳ישען צימער לייבוש׳ן, אויסגייענדיג פון הונגער... איין רגע בלויז האָט איר אַ בליץ געטאָן אין פנים די אויגען פון איר חתן, וואָס איז ערגיץ, פאַרפאַלען געוואָרען... עפּיס אומזעבאַרע וואַרימע הענט האָבן זי אַנגענומען פאַר די דאַרע אַקסלען, און צוגעפירט נענטער צום געלעגער... לייבוש׳ל איז געלעגען אין געשווילעכץ. אויף די ווענט האָבען געבליט קראַנקע בלומען פון גלאַנציגן פראָסט. לייבוש׳ל האָט אַרויסגענומען די האַנט פון אונטער די מלבושים, און אַ וואַרעמע און פייכטע זי אָוועקגעלייגט

איבער די דאַרע קני פון זעלדע׳ן״... אין דער פאַרמאַטערטער, האַלב־טויטער זעלדע׳ן צינדט זיך אָן אַ האַלב־אויסגעלאָשן ליבע־געפיל — און זי טוט אַלץ, וואָס זי קאָן, לייבוש׳ן געזונט צו מאַכן, אָבער זי קאָן אים נישט געזונט מאַכן, ער ווערט אַלץ שוואַכער, אַלץ שוואַכער; זיין אַלטען פאָטער׳ס תהלים־זאָגען העלפט אויך נישט, און זעלדע — „זי האָט אויפגע־הויבען אירע אויסגעלאָשענע אויגען און איר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זיי זעען נייע וואונדערליכע זאַכען. די שטוב איז געוואָרען פול מיט געזאַנג פון תהלים־זאָגען. אויף די ווענט האָבן די צעבליטע בלומען געמיניעט מיט זומערדיגע טוי־פּערל, וואָס זאָגען־אָן דאָס אויפגיין פון אַ ליכטיגען זומערדיגען טאָג. און פונ׳ם טאַטנ׳ס תהלים־זאָגען און פון די קאַלטע בלומען אויף די ווענט, האָט זיך אין די ווינקלען צעשאַרט אַ וואַרימקייט, ווי פלאַטערנדיג כישופדיג ליכט איבער אַן אָפּגרונט״ (ז. 75)...

יע, דאָס איז עס: ליבע איבער אַן אָפּגרונט, ליכט איבער אַן אָפּגרונט — שטערן איבער׳ן געטאָ.

דאָס איז ביז דער גאַנצער תוך פון ישעיה שפּיגעל׳ס „מלכות געטאָ״. עס איז, ווי געזאָגט, דאָ אין איר נאָך עפּיס — עס איז דאָ דער שווערער, טונקעלער עלעמענט פון דער געטאָ־כראָניק. דער רוישטאָף, וואָס ביז אין אַלע דערציילונגען איז ער גענוג פאַרשלונגען און פאַרדייט געוואָרען פון דעם דערציילער׳ס לירישקייט. אָבער זי דאָמינירט, אָט די לירישקייט, און זי צינדט שטערן אויפ׳ן נאַכטיגען הימעל...

אַ דאַנק שפּיגעל׳ס פּאָעטישער לירישקייט חלומ׳ט די אַלטיטשקע אין „אַ קאָטש פאָרט אויף דער חתונה״, ווען עס פאָרט־צו דער וואָגען אָוועקצופירען איר געשטאָרבענעם מאַן (און פירט פאַראיינס אויך זי אַוועק), — אַז דאָס פאָרט זי אויף אַ חתונה — „און דער וואָגען, וואָס האָטביידע אַלטיטשקע אַרויסגעפירט פון געטאָ, האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט פון דער פינסטער אַריינגעשוואומען אינ׳ם ברייטן צעשטויבטען שטערנהימל״ („שטערן איבער׳ן געטאָ״, ז. 23)...

צווייערליי געטאָ־פּייזאַזשען מאָלט דער פּאָעט שפּיגעל (און ער איז, דוכט זיך מיר, דער איינציקער שאַפער פון דער געטאָ־ליטעראַטור, וואָס פאַרגינט זיך נאַטור־שילדערונג): א) רעאַלע לאַנדשאַפטן און ב)

לירישע... זענען די רעאַליסטישע נאַטור־בילדער פון געטאָ אַזוי ווי זיי דאַרפען זיין — טרויעריגע, פאַרוויינטע, ווילדע. (אַט אַשטייגער: „פון די פענסטער האָט מען געזען דאָס גערטענדעל. אייגענטליך איז דאָס קיין גערטענדעל נישט געווען, נאָר דריי אָפּגעשונדענע ביימלעך, וואָס האָבן זיך — מ׳ווייסט נישט ווי אַזוי — אַוועקגעשטעלט אויף דער האַרטער און איינזאַמער ערד... „— („מלכות געטאָ״, ז. 68). דער לירישער געטאָ־פּייזאַזש איז אַ געמיש פון ליכטיגע און טונקעלע פאַרבען. ס׳איז עפּעס אַ מין ליכט פון אָפּגרונט... אַ תהום — און איבער אים שטערן... שטערן איבער׳ן געטאָ...

ב.

## „ליכט פונעם אָפּגרונט״

### (פראַגמענט)

די זאַמלונג פון שפּיגעל׳ס „געטאָ־נאָוועלן״ איז די איינציגע, וואָס עס איז מעגליך געווען אַריינצוגעבען אין איהר אַלץ, וואָס שפּיגעל האָט געשריבען וועגען באַלוטער לעבען, בעת ער האָט אַליין געמאַכט אין לאָדזשער געטאָ אָדער אין אוישוויץ — און נאָך דער באַפרייאונג. די זענען אמת, שוין פריער אַרויסגעגעבן געוואָרען אין בוכפאָרם („מלכות געטאָ״, „שטערן איבער׳ן געטאָ״, „מענשען אין תהום״), אונטערן נאָמען „ליכט פוג׳ם אָפּגרונט״ — אויפגעזאַמעלט געוואָרען אין דער אויסגאַבע פון דער ל. מ. שטיין־פאָלקס־ביבליאָטעק, בלויז די לידער שפּיגעל׳ס זענען אינ׳ם באַנד ניט אַריין. ישעיהו שפּיגעל׳ס „ליכט פונ׳ם אָפּרונט״ איז ניט אין ערך מעהר ווי אַ מצבה אויף די ברודער־קברים פון לאָדזשער געטאָ און אַוודאי איז עס מעהר און עפּעס אַנדערש ווי אַ כראָניק פון געטאָ. ס׳איז באמת, ווי דער נאָמען זאָגט, ליכט פונ׳ם אָפּגרונט.

דער כראָניקער עפענט פאַר אונז דעם אָפּגרונט: דער קינסטלער און פּאָעט ישעיהו שפּיגעל פאַר׳חידוש׳ט און פאַרכישופ׳ט אונז מיט׳ן ליכט, וואָס ער שפּרייט אויס איבערן אָפּגרונט. זיין ליכט פאַרטרייבט ניט די פינסטערניש — אָ, ניין, מיר טאַפּען זי מיט די הענט, זי לויערט אויף אונז פון אַלע זייטען, אָבער אין אונז, אין די טיפענישען פון אונזער

נשמה, לייכטען אויף אַנדערע העלערע וועלטען... אָט איז אַ שטייגער, געקומען דער סוף צו די לעבענס און די ליידען פון דער ליבע פון אַנקעל טעאָדאָר און פייגעלען: „די דייטשען האָבען זיי געהייסן זיך אויסדרייען מיט די פּנים׳ער צו דער וואַנט. אַנקעל טעאָדאָר האָט דערזעהן, אַז אויף דעם מויער זיצען קליינע גרינע גרעזעלעך און איבער דער ציגלענער וואַנט הענגט אין דער ווייטענס אַ בלויער שיינער הימעל. זיי האָבן ניט געזעהן, וואָס הינטער זיי טוט זיך. די דייטשען האָבען זיך אָפּגערוקט אויף אַ פּאָר שריט. ס׳האָט גאָרניט לאַנג געדויערט. זיי זענען נאָך געשטאַנען אַ ווײַלע, אַנקעל טעאָדאָר און פייגעלע,ביידע אָנגענומען פאַר די הענט. זייערע קעפּ זענען געווען אויפגעהויבענע און געקוקט פאָראויס צום שיינעם פּיצעל הימעל, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען אויף יענער זייט טויער" — (ז. 175). דאָ האָט איהר גאַנץ ישעיהו שפּיגעל — אי׳ דעם תהום, אי׳ דאָס ליכט. ווען איך האָב צום ערשטען מאָל איבערגעלייענט שפּיגעל׳ס „געטאָ נאָוועלען", האָב איך זיך אַליין געפרעגט: „איז עס סתם אַזוי אידעאַלי־זאַציע, ראָמאַנטיק?" מיין ענטפער איז געווען (און ער איז איצט): „ניין, די דערציילונגען זענען אַלע הונדערט פּראָצענט רעאַליסטיש אָבער ס׳איז אַזאַ רעאַליטעט, וואָס דער פּאָעט, כאָטש ער אַליין איז אין איהר איינגעוויקעלט, זעהט זי פון דער זייט, אָדער פונדערווייטענס, אָדער (און דאָס איז אָפּטער ווי אַלץ) פון אינעווייניג. זעהט ער אי׳ די מענשען, וואָס שטייען מיט די פּנים׳ער צום וואַנט, אי׳ דאָס „קליינע פּיצעל הימעל"...

„קענעדער אָדלער", 10.3.1954

ג.

## „דער פליענדיקער הירש"

(די אָ דערציילונג איז אויגעצייכנט געוואָרן ווי די בעסטע אין „די גאָלדענע קייט" נר. 18, אין 1953).

ישעיהו שפּיגעל איז, ווי מיר ווייסן פון זיינע פריערדיגע זאַכען, אַ פּאָעט, אַ ליריקער. ער איז עס אויך דאָן, ווען ער מאָלט פאַר אונז — און ער מאָלט מער, ווי ער דערציילט — פּאַסירונגען, פאַקטען.

ער האָט אַ שאַרפֿען וויזועלען זכרון; ער געדענקט דעם קאָליר פֿון יעדער זאַך, און זיין „פֿליענדיגער הירש", וואָס איז אַ קאַפּיטעל פֿון אַ ראָמאַן, איז, אַזוי ווי זיין העלד'ס, בצלאל'ס, קליין, הילצערן קופּערטל, פֿול מיט פֿעיזאַזשען, — מער נישט וואָס יענער האָט זיי געמאָלען מיט פֿאַרבען און ער — מיט ווערטער. ער לאָזט נישט דורך קיין פֿאַרבענפֿלעק, קיין ליניע, קיין פּינטעלע, ווען ער מאָלט דעם דרויסען, דעם אַרום. ער באַנוגענט זיך אָבער נישט מיט דעם דרויסענדיגען אויסזעען פֿון מענשען און מיט זייערע דרויסנדיגע באַוועגונגען. ער דרינגט אין זיי אַריין אינעווייניג, ער פֿאַרטיפֿט זיך אין זייער געמיטסלעבען, דורך זייער וואָר ווינקט ער אַן אויף זייערע חלומות. זיין שאַרף זעען אַנטפּלעקט פֿאַר אים און פֿאַר אונז זייערע זעונגען. פֿון פֿאַקטען ווערען סימבאָלען.

צוויי — אין פֿלוג, איינפֿאַכע און ריין-דרויסענדיגע זאַכען ווערען דערמאָנט אין סאַמע אָנהייב פֿון דער דערציילונג. דאָס איז, ערשטענס, דער לופֿטפּאָסט בריוו, וואָס בצלאל האָט געקראָגען פֿון זיין פֿעטער שמואל אין ארץ ישראל, איידער ער האָט פֿאַרלאָזען פּוילען, — דער בריוו מיט די „בלוי-ווייסליכע ראַנדען פֿונ'ם קאָנווערט... מיט דעם שיינעם פֿליהענדיגען הירש צווישען די וואָלקענס". צווייטענס, — די „פֿאַרגעלטע, האַלב-צעפֿאַלענע פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון דער מאַמען גיטעלע", וואָס ער האָט געפֿונען אין דעם הויכען מיסטבאַרג פֿון געטאָ, ווען ער איז צוריקגעקומען פֿון די פּאַרטיזאַנען-וועלדער. די דאָזיגע פֿאָטאָגראַפֿיע איז געלעגען ביי אים איינגעוויקעלט אין דעם „ליכטיגען בלוי-ווייסליכען פּאַפּיר", וואָס איז אים אָנגעקומען, ווי אַ בשורה טובה פֿון מדינת ישראל.

דאָס בילד פֿון זיין אומגעקומענער מוטער — דאָס איז געווען זיין נעכטען, דער וויים-בלויער בריוו מיט דעם פֿליענדיגען הירש — זיין מאָרגען... „ס'איז גוט" — דריקט שפּיגעל אויס בצלאל'ס געמיטצושטאַנד, ווען ער האָט באַטראַכט דיביידע זאַכען, — „ס'איז גוט, וואָס ער זעט איר פּנים — אַ טויטס, אַ מאַטס און פֿונדעסטוועגן — די מאַמע, אַן איינגעוויקעלטע אין פֿעטער שמואל'ס בלוי-ווייסליכען בריוו. אַ בלענדענ-דיגער טרייסט-פֿונק טליעט אויף פֿון ערגעץ אַן אָפּגרונטיגער טיפֿעניש און באַלייכט זיין קנאָכיג פּנים, — די פֿרייד פֿונ'ם טויט, וואָס ווערט

אויפסניי לעבען״... „איצט ווייס ער: ער פירט אַרויס די טויטע ביינער פון דער מאַמען, איינגעוויקעלט אין דער בלוי־ווייסליכער אידישער פאָן, — זאָל עס זיין בלויז אין דאָזיגען פלאַטערנדיגען דורכזיכטיגען בריוו פון דאָרטען, מיט׳ן פליענדיגען הירש ערגעץ צווישען ווייסליכע שווע־בענדיגע וואָלקענס״...

די צוויי איינפאַכע און ריין־דרויסענדיגע זאַכען זיינען באַלויכטען געוואָרען פון אינעווייניג און געוואָרען סימבאָלען.

פונקט אַזוי סימבאָליש ווירקען די „נוצלאָזע פאַרביגקייטען״ פון די בילדער און די סאָוועטישע מעדאַלען, וואָס די צוויי פראָ־באָלשעוויסטישע און אַנטי־אידישע פאָליאַקען האָבען ביי בצלאלן געפונען, ווען זיי האָבען רעווידירט זיינע זאַכען ביים גרעניץ. זיי האָבען נישט געקענט פאַרשטיין, פון וואַנען נעמען זיך צו אַ אידען, וואָס „אַנטלויפט״ פון סאָוועטישען פוילען אַזוינע זאַכען. דער דאָזיגער געמיש פון דער אַלטער מאַמע׳ס פאָטאָגראַפיע מיט דעם פליענדיגען הירש פון דעם פעטער׳ס בריוו און די סאָוועטישע מעדאַלען — האָט זיי צעטומעלט. ס׳איז געווען פאַר זיי צו קאָמפּליצירט.

אויך פאַר׳ן לעזער, מוז מען זאָגען, איז עס אַביסעל צו פאַרפּלאָנטערט. מען דערטאַפּט דאָ עפּעס אַ צעדרייטן פאָדעם פון מפ״מישען קנויל.

אָבער ישעיה שפּיגעל שרייבט נישט ווי אַ פּלפּול׳יסטישער פּאָליטיקער. ער מאָלט ווי אַ סובטילער מאָלער, און דער טיפער גמרא־ניגון, וואָס זינגט אַרויס פון זיין „פליענדיגען הירש״ איז מער ניגון, ווי גמרא — אַזוי, אַז סיי דער ליריזם, סיי די מאָלעריי פון זיין הירש אין די וואָלקענס פאַרכאַפּט אונזער פאַנטאַזיע.

בצלאל׳ס געשטאַלט איז נישט גענוג לעבעדיג, דאָך פילען מיר אַן אָטעם פון לעבן, אַ לירישען אָטעם, ווען מיר לייענען ביים סוף פונ׳ם קאַפּיטעל: „ער (בצלאל) האָט די האַנט זיינע אַרויפגעלייגט איבער דער געבערגלטער ברוסט (ווען ער איז פּטור געוואָרען פון די גרעניץ־וועכטערס) און דערפילט אויפסניי דער מאַמע׳ס פאָטאָגראַפיע, אַן איינגעהילטע אין פעטער שמואל׳ס בריוו, אונטער דעם קאַלטען וויגענדיגען מעטאַל פוןביידע קרייצען. זיי זיינען געווען קאַלט, די מעדאַלען, ווי שטיין. זייער

מעטאַל האָט געפּרירט אין דער דרויסענדיגער באַרגלופט. איבער די דאַרע פאַרשנייטע יאַדלעס האָט זיך געהויבען אַ שאַרף בלויליכער הימעל. זיין האַרץ האָט איצט געקלאַפּט מיט אַ פלאַטערנדיגער אומרואיגקייט. ער האָט יעטווידע רגע אַרויפגעלייגט די פינגער איף דער ברוסט. הינטער די צוויי קרייצען איז דאָך געלעגען דער אָרון פון דער מאַמען. ער האָט זיך געטראָגען איצט, דער אָרון, ערגעץ צווישען זעהר נידעריג־שוועבענדיגע וואָל־קענעס, אויף די פליגעל פונ׳ם פאַרוואונדיגטען פליענדיגן הירש״...

„דער טאָג״

**ד"ר א. מוקדוני** (1878—1958)

# י. שפּיגלס נאָוועלן

(**„ליכט פונעם אָפּגרונט"**, געטאָ־נאָוועלן פון ישעיהו שפּיגל, ל. מ. שטיין פאָלקס־ביבליאָטעקביים אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, ציקאָ ביכער־פאַרלאַג 219 זז.).

קען מען אין דעם גערדיכטן גרויל, אין דעם דייטשישן בוכהאַלטערישן מאַסנמאָרד פון זעקס מיליאָן יידן אויסנישטערן שיינענדיקע שפּליטערלעך פון קונסט?

איך בין זיך מודה, איך האָב שטאַרק געספּקט אין דעם, וואָרעם ווי אַזוי קען מען פון גרויליקסטן קרימינעלן שונד מאַכן קונסט־פּאַטראַוועס?

שטעלט זיך אַרויס, עס זיינען ניטאָ קיין ראַגאַטקעס פאַרן אמתן קינסטלער.

אָט האָט אונדז י. שפּיגעל אונטערגעטראָגן אַ באַנד נאָוועלן דווקא פון דער געדיכטעניש פון גרויל אין לאָדזער געטאָ.

ער איז אין דעם גרויליקסטן גיהנום געבליבן אַ קינסטלער, אַן עכטער קינסטלער, אַ וואונדערלעכער זעער פון מענטשלעכער שיינקייט און פון וואָרעמער מענטשלעכקייט.

ער האָט געלעבט אין לאָדזער געטאָ, פינף יאָר האָט ער געלעבט אין דער עיר־ההריגה, אין דער שטאָט, וואו מען האָט אויסגעמאָרדעט יידן מיט געשעפטלעכער סיסטעמאַטישקייט, מיט בוכהאַלטערישער פּעדאַנטיש־קייט און מיט פּראָפעסיאָנעל־מערדערישער קאַלטקייט.

ער אַליין איז איינער פון די פאַרמשפּטע.

גייט ער אַרום אין דער אויסשטאַרבנדיקער שטאָט און שנירלט קינסטלערישע פּערל, פינקלדיקע מענטשלעכע דימענטן אין דעם

חושכדיקן קאַלטן מאָרד דורך אויסהונגערונג, דורך דערשיסעניש און ווי א שפּילכל, ווי אַ שפּאַסיקער צייט־פאַרטרייב...

י. שפּיגעל פאַרמאָגט אַ שאַרף קינסטלעריש אויג פאַר די דינסטע ניואַנסן, סיי אין דער מאַטעריעלער וועלט און סיי אין תהומות פון דער מענטשלעכער נשמה.

און די גרויסע שפע פון דעם יידישן לשון איז אים כסדר בייגעשטאַנען, זי האָט אים אונטערגעטראָגן אַלע אירע דינסטע ניואַנסן, איר ווייכקייט, האַרציקייט און מאַמישע וואַרעמקייט.

אין דער לאָדזער געטאָ זיינען, פאַרשטייט זיך, דאָ דער עיקרשט לאָדזער יידן, אָבער מע שיקט אויך אַהער יידן פון דייטשלאַנד, עסטרייך, טשעכיע א.אַז.וו.

זיי קומען מיטן דייטשישן לשון און מיט דער דייטשישקייט, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין זיי ווי זשאַווער, אָבער זיי פאַרברידערן זיך מיט זייערע „גלויבונגס־גענאָסן”, דער גורל פאַרברידערט זיי, אָבער אַ פרעמדקייט, ווי אַ מחיצה, שטייט צווישן זיי.

היינץ פרידריך לעווי, אַ פידל־ווירטואָז, קומט שפּילן אויף אַ יידישער חתונה, ער שפּילט שובערט, דאָס בעסטע פון שובערט, אָבער דער יידישער עולם וויל עפּעס יידישעס, עפּעס אויפמונטערנדיקס און אַ יידישער בחור פון עולם נעמט ביי אים די פידל און הייבט אָן שפּילן, און אויף די שטאַרבנדיקע יידישע פּנימער באַווייזט זיך אַ שמייכל און אין די אויסגעלאָשענע אויגן פונקען פון לעבן.

היינץ פרידריך לעווי פאַרשטייט עס ניט — ער האָט דאָך פאַר זיינע ברידער געשפּילט שובערטן...

יאָ, עס איז אַ חתונה פאַרן טויט — חתן־כלה ווייסן גענוי אַז זייערע טעג זיינען געציילטע, האָבן זיי חתונה אונטער די שוואַרצע פליגלען פון טויט, כדי צו שטאַרבן צוזאַמען, אָדער — ווי מאַן און ווייב...

טויט איז דאָ היימיש, מע באַגעגנט זיך מיט אים אויף טריט און שריט.

טאָג איין טאָג אויס נעמט ער צו די טייערסטע, די נאָענטסטע.

דאָס לעבן איז אַ שמאָל, קורץ און פינצטער קאָרידאָרל, וואָס פירט צום טויט.

און קיינער שרעקט זיך שוין נישט פאַר אים, מיט אַלץ קען דער

מענטש ווערן היימיש, אַפילו י. שפּיגעל שרעקט זיך ניט פאַרן טויט, ער דערציילט וועגן אים ווי וועגן עפּעס היימישעס, דער טויט איז היימי־שער איידער דאָס חושכדיקע לעבן...

שרייבט ער מיט קינסטלערישער רואיקייט און אַפילו מיט אָביעק־טיווקייט.

ער איז דאָך אַ תושב אין דער לאָדזער געטאָ.



קינדער אין דער געטאָ.

וועגן זיי דערציילט י. שפּיגעל מיט שטילער קינסטלערישער פרומקייט.

אָט פאַרקלייבן זיך צוויי קינדער, אַ ייִנגל און אַ מיידל ערגעץ ביי אַ פּלויט, וואָס האָט גראָד צוויי שפּאַרונעס צו דער פרייער, לעבע־דיקער וועלט.

זעט דער ייִנגל אַ בעקעריי מיט ברויט, מיט אַ סך ברויט, און מענטשן קומען אַריין און קויפן פריי ברויט, ווייס, פריש און געשמאַק ברויט.

עסט דער ייִנגל דאָס מחיהדיקע ברויט מיט די אויגן, ממש ער עסט.

די מיידעלע זעט דורך איר שפּאַרונע קעז, גרויסע שטיקער קעז, קעז פון אַלע מינים...

אָבער זי וויל בעסער ברויט, בעט זי ביים ייִנגל ער זאָל זי לאָזן קוקן אויפן ברויט.

איז דער ייִנגל אָבער אַן אויסגערעכנטער — ער בעט ביי דער מיידל ניט קיין קעז און די מיידל דאַרף ניט בעטן ביי אים קיין ברויט...

די דאָזיקע קורצע דערציילונג איז ווי אַ פּערלדיקע טרער, עס שטראַלט אַרויס פון איר דער שטילער שיין פון אַ פּערל.

און אָט האָט איר אַ דערציילונג וועגן אַ יונגע ייִדישע ווינער מיידל, נאָך אַ קינד ממש, וואָס איז פאַרגוואַלטיקט געוואָרן פון איינעם פון אַ כאָפּטע צעיושעטע דייטשישע קינדער. איצט איז זי אין לאָדז, מע באַזעצט זי מיט דער אַלטער באָבען אין אַן אַלטער שול.

דאָס לעבן אין שול וועקט אויף עפּעס שטילע רעליגיאָזיטעט אין קינד.

מע שיקט זי אויך אויף אַרבעט, זי און אַ יינגל אין איר עלטער, פירן אַרויס דעם אַפּפאַל, דאָס מיסט.

דער יינגל, אַ פרומער יידישער יינגל, קלייבנדיק דאָס מיסט קלייבט ער אָפּ מיט פּיעטעט די שמות, וואָס זיינען דאָ אין מיסט, באַזונדער.

ווערט די מיידל אָנגעשטעקט מיט דער דאָזיקער פּשוטער פרומקייט, אָבער ווי אַ פרוי טוט זי עס מעשה באַלעבאָסטע, זי נייט אויף אַ זעקל און לייגט אַריין די שמות אין זעקל.

זי טראָגט דאָס זעקל נאָענט צו איר האַרץ, עפּעס ווי אַ שמירה און ווי אַ שירעם, וואָס פאַרדעקט די זינד, וואָס אַ ווינער לאָבוז איז באַגאַנגען מיט איר.

און דאָ קומט אָן אַ דייטש און טרייבט די מיידל צום „וואָגן", וואָס פירט צום טויט, און באַפעלט איר צו גיין שנעלער, צייט איז ניט שמייט ביים דייטש אַפילו ווען מען פירט מענטשן צום טויט.

די דערשראָקענע ליזל לויפט צום וואָגן, אָבער דאָס זעקל מיט די שמות פלאָנטערט זיך אונטער אירע פיס, האַלט שוין דער דייטש ניט אויס און שרייט:

— לאָסע דאָך דיזעס דרעק, דו אומריינעס פי.

אָבער ליזל האַלט איינגעקלאַמערט דאָס זעקל.

ביים דייטש פּלאַצט די געדולד און ער דערשיסט זי...

ליזל פאַלט אויפן זעקל מיט די שמות און פאַרדעקט עס מיט אירע אויסגעשפּרייטע קינדישע הענט.

יאָ, דער טויט איז היימיש אין דער לאָדזער געטאָ, אָבער היימיש איז אויך די שטילע, די צניעותדיקע העראָאישקייט...

די דאָזיקע ליכטיק־מאַרטירערישע דערציילונג הייסט „אומריינקייט"...

וואָס פאַר אַ בלענדיקע ריינקייט עס שימערט אַרויס פון דער דאָזיקער אומריינקייט...

און דאָס ווערט דערציילט מיט דער גרעסטער פּשטות, ווייל דאָס יונגינקע ליזל איז אַליין געווען פּשטות, ווי עס איז די ריינע יוגנט.

די דייטשישע שמוץ איז ניט צוגעשטאַנען צו ליזל, צו דעם דאַרן, יונגן און פלאַטערדיקן יידישן מיידל פון ווין.



און אַט איז י. שפּיגעל אַליין — ער איז געווען פינף יאָר אין לאָדזער געטאָ, ער איז אַפילו אין אוישוויץ, וואו טויזנטער און טויזנטער יידן האָבן זיך אויפגעהויבן מיט רויך צום הימל.

און ער איז געבליבן לעבן בנס.

ער איז געקומען פון גיהנום צו אונדז אַ געלייטערטער קינסטלער, אַ סובטילער קינסטלער, אַ קינסטלער אַ גאַנצער, ממש אָן קיין שום פּגימה.

און קיין וואָרט פון דעם רייכן אוצר פון דעם יידישן לשון איז אים ניט פאַרלאָרן געגאַנגען, ער האָט דעם אוצר אָפּגעהיט, ווי ער האָט אָפּגע־היט זיין קינסטלערישע ריינקייט.

איז לאָמיר אים טייער האַלטן, ווי מיר האַלטן טייער אונדזערע יידישע העלדן פון גייסט.

„די צוקונפט", יולי־אויגוסט 1953

# די צעבראָכלטע טראַגעדיע

„ווינט און וואָרצלען" (נאָוועלן) פון ישעיהו שפּיגל, אַרויסגעגעבן פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס (פאַראייניקט מיט „ציקאָ"). ניו־יאָרק, 1955.

ווידער חורבן־ליטעראַטור.

דער חורבן איז אויסטערליש גרויס. אָבער אין ליטעראַטור באַקומען מיר בלויז שטיקלעך און ברעקלעך.

אַמאָל דוכט זיך דיר, אַז בלויז עפּעס האָט פּאַסירט מיט איינצלנע יידישע מענטשן, מיט יידישע מענטשן אין די קליינע נאָוועלן און סקיצן.

עפּעס ניט אַ גרויסע יידישע וועלט האָט מען אויסגעמאָרדעט, נאָר שטיקלעך און ברעקלעך פון דער יידישער וועלט זיינען אומגעקומען.

„ווינט און וואָרצלען" איז דאָס פינפטע חורבן־בוך ישעיהו שפּיגלס. און פיר ביכער זיינען בלויז שפּליטערס פון אונדזער גרויסן חורבן.

עס באַווייזט זיך ניט די גרויסע נאָוועלע, דער ברייטער ראָמאַן אויף דער גרויסער קאַנווע פון אונדזער גרויסן חורבן.

פאַרשטייט זיך, אַז אַ גרויס ווערק קען מען ניט באַשטעלן.
אַ גרויסע עפּאָפּייע קען מען ניט מאָנען.
ניט אַלע שרייבערס זיינען געבוירן געוואָרן מיט גרויסע ליטעראַרישע השגות.

דער גרעסטער טייל קען זען אַ קליינעם שטח און באַשרייבן אים אַליין און וואָס עס איז פאַרגעקומען אויפן קליינעם שטח.

אָבער ישעיהו שפּיגל, דוכט זיך מיר, איז געבוירן געוואָרן צו זיין אַ גרויסער נאָוועליסט, ער איז אַ שרייבער פון אַ גרויסער נאָוועלע, אָדער ראָמאַן.

מיר דוכט זיך אָפּט, אַז ער אַליין איז זיך מקפּח, ער אַליין פּענטעט זיך, ער אַליין באַשרענקט זיך, ער צווינגט אויף זיך אַליין אַרויף די קליינע נאָוועלע און די קורץ־אָטעמדיקע סקיצע.

אין זיין נאָרוואָס דערשינען בוך „ווינט און וואָרצלען" איז דאָ דער מענטשן־מאַטעריאַל פאַר אַ גרויסער נאָוועלע, פאַר אַ נאָוועלע, וואָס קען אונדז געבן דעם חורבן, אויב ניט אין זיין גאַנצער גרויסקייט און מאוימדיקייט, איז כאָטש פון אַ גרויסן טייל.

און ביי ישעיהו שפּיגל קענען מיר עס מאָנען.
ביי ישעיהו שפּיגל קענען מיר עס אַפילו באַשטעלן.
זיין איצטיק בוך זעט אויס ווי מאַטעריאַל פאַר אַ גרויסער נאָוועלע.
דאָ זיינען ממש אָפּגעבראָכענע שטיקלעך און ברעקלעך פון אַ גרויסער נאָוועלע, אָדער ראָמאַן.

י. שפּיגל אַליין לעבט נאָך אין צוויי וועלטן, אין מדינת־ישראל און אין פּוילן.

פּוילן גייט אים נאָך ווי אַ שאָטן.

מדינת־ישראל האָט נאָך אים ניט באַפרייט פון פּוילן.
ער זיצט אין מדינת־ישראל און שרייבט וועגן „דער פּוילישער דעמערונג", וועגן דעם „פּוילישן האַרבסט", וועגן די פּוילישע הימלען.

איר האָט דאָ פּייזאַזשן פון ביידע לענדער, דעם לאַנד פון דער פאַרגאַנגענהייט און דעם לאַנד פון דער צוקונפט.
דער נעכטן איז צוזאַמענגעפלאָכטן מיטן היינט.

און דער גרויל פון נעכטיקן חורבן ווישט זיך ניט אָפּ, ער ליגט אים טיף אין דער נשמה.

אָט איז די לעצטע נאָוועלע אין בוך „ווינט און וואָרצלען" אַ בריקל צווישן דעם נעכטיקן פּוילן און דער היינטיקער מדינת־ישראל.

אַן אַלטער ייִד, מיטן נאָמען מיכאאיל גענעסאוו, איז איינער אַליין אויף דער וועלט, ער וואַנדערט צווישן צוויי קברים, איין קבר פון זיין פרוי אין פּוילן און איין קבר פון זיין איינציקן זון אין נגב.

זיין זון איז געפאַלן אין קאַמף פאַרן אייגן ווינקעלע אויף דער גרויסער וועלט פאַרן געפּלאָגטן ייִדישן פאָלק.

ער איז געפאָרן פון איין קבר צו אַ צווייטן.

ער בעט, מע זאָל אים באַגראָבן, ווען ער וועט שטאַרבן, לעבן זיין זון.

זיינען כסדר, וואו עס איז דאָ אַ ביוראָקראַטיע, אַפילו אַזאַ יונגע ווי די מדינת־ישראלדיקע, פאַראַן מניעות און מניעותלעך.

וועט ער הפנים נאָכן טויט אַפילו ליגן אין דער פרעמד...
אייבינקער אַליין נאָכן טויט, ווי איצט, ווען ער לעבט נאָך.
און ער איז דאָך געקומען צום זונס קבר, בפירוש צום זונס קבר.
ער האָט בלויז צוויי קברים אויף דער לעבעדיקער וועלט.
און ער האָט אויסגעוויילט דעם זונס קבר...



עס איז אַ שטיל בוך.

דער ווייטיק איז שוין אויסגעשריען געוואָרן, דער גרויסער צער, די גרויסע אימה און דער גרויל, זיינען שוין ווייטלעך אין דער פאַרגאַנ־גענהייט. איז געבליבן אַ שטילער ווייטיק און עפּעס אַן עכאָ פון דעם גרויסן צער און גרויל.

דאָס בוך קרעכצט, זיפצט שטיל.

אָט ווי ווען מען קומט אויף קבר־אָבות לאַנג, לאַנג נאָך דער קבורה פון אַ נאָענטן...

די שטילקייט פון בוך האָט נאָך אַ גורם — די צעברעקלקייט און די קורצאָטעמדיקייט פון די קליינע נאָוועלן.

אָבער י. שפּיגל איז אַ שרייבער מיט אַ קערנדיקן טאַלאַנט און די

שטיקלעך און ברעקעלעך חורבן, וואָס ער דערלאַנגט אונדז, זיינען פערלדיק ווי טרערן.

דאָס זיינען ריינע, פערלדיקע טרערן פון אַ קינד פון אַ פאַראומגליקט פאָלק און פון אַ פרעמד לאַנד, פון וועלכן ער האָט זיך געמוזט ראַטעווען מיט זיין לעבן.

ער האָט גאָרניט מיטגענומען מיט זיך, אַזוי ווי אַלע לויפנדיקע פון דער דייטשיש־פוילישער מערדעריי, גזילה און גנבה.

קיין שום מטלטלין האָט ער ניט מיטגענומען.

אָבער אַ ליבע צום לאַנד, וואָס הייסט פוילן, ניט צו די מענטשן, נאָר צו דער פוילישער נאַטור, אויף וועלכער ער איז אויסגעוואַקסן, האָט ער מיטגענומען.

אַט דערציילט ער —

„אַ גאַנצע נאַכט האָט פרום גערעגנט. אַ תהלים־פרעפלענדיקער יעשען־רעגן".

דאָס האָבן די פּאַליאַקן, בשותפות מיט די דייטשן, ניט געקענט צונעמען ביי אים.

גייט ער אַרום אין לאַנד ישראל מיטן פוילישן פּייזאַזש אין זיין דמיון און אין זיין נשמה...

אַז אייגנטלעך איז פוילן געווען זיינע, זי איז געווען אַ יידישע ריכטיק ווי אַ פוילישע.

איר האָט דאָ די שטאָט לאָדז, זיין שטאָט.

אפשר מער זיין שטאָט ווי דעם פּאַליאַקס.

יידן האָבן געבויט לאָדז.

די פּאָליאַקן האָבן זיך טאַקע געקלאָגט, אַז די יידן פאַררויכערן די פוילישע הימלען מיט זייערע פאַבריקן...

איך האָב עס געלייענט שוואַרץ אויף ווייס, ווען איך בין געווען אין פוילן און מיט מיינע אויגן געזען דעם פוילישן באָיקאָט.

און ווי אַ לאָדזער קען ער גוט די דייטשן, לאָדז איז דאָך געווען האַלב דייטשיש און האַלב יידיש, די פּאָליאַקן האָט מען ניט געפילט אין לאָדז.

זעט איר דאָס אַמאָליקע לאָדז און דאָס היטלעריסטישע לאָדז אין זיין בוך „ווינט און וואָרצלען".

עס איז דאָ און דאָרט אַ ביסעלע פריקרע צו זען אַזאַ צוגעבונדנקייט צו דער פוילישער שטאָט און בכלל צו דער פוילישער ערד.

עס איז דאָ אַ רירנדיקע, ביז טרערן ממש, סקיצע, וואָס הייסט „עפּיסטאָל פאַר מיין טויט טעכטערל".

דאָס איז דער וואָרעמסטער און ווייטיקדיסטער קדיש פון אַ פאָטער נאָך זיין פאַרשטאָרבן טעכטערל.

ער נעמט ניט קיין אָפּשייד, ער געזעגנט זיך ניט מיט זיין טעכטערל — ווייל „די טויטע פאַרלאָזן אונדז קיינמאָל נישט"...

און אָט לאָזט זיך אַרויס אַ קליין מיידעלע, צביהלע, זוכן פאַר איר מאַמען קאַלציום.

די מאַמע שטאַרבט, זי גייט אויס, נאָר קאַלציום קען זי ראַטעווען.

„קאַלציום", עס איז אָבער עפּעס אַזוינס, וואָס איז ניט בנמצא אין געטאָ. נאָר די דייטשן האָבן עס, און די דייטשן מאָרדן יידן, דערהאַלטן יידן ביים לעבן איז דאָס גרעסטע פאַרברעכן, אַ פאַרברעכן, וואָס די שטראָף איז — טויט...

אָבער דאָס קליינע צביהלע זוכט קאַלציום.

זי איז בשתיקה געוואָרן אַ מין דינסט־מיידל ביים אַפּטייקערל, וואָס פלעגט קלייבן גראָזן פאַרשיידענע און אַרויסגעבן זיי פאַר אמתע רפואות.

אָבער ווען דאָס אַפּטייקערל האָט איבערגעלאָזן זיין „אַפּטייק" אויף צביהלעס באַראַט און איז אַוועק קלייבן גראָזן, איז ער געקומען צוריק און געגעבן צביהלען איינע פון זיינע גראָז־רפואות, האָט צביהלע געפרעגט —

איז דאָס קאַלציום.

— כי, כי, כי, — האָט געלאַכט דאָס אַפּטייקערל, — דאָס האָט בלויז דער דייטש.

זי האָט גענומען די רפואה, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן און צביהלע האָט זיך געלאָזן זוכן די אמתע רפואה קאַלציום.

שטויסט זי זיך אָן אויף אַ דייטשישן וואַכפּאָסטן.

דער דייטש שטעלט זי אָפּ און פרעגט ראשית־כל — וואו איז איר „דאוויד־שטערן".

ער איז געווען אַ יונגער דייטש, ער איז געווען איינגעוויקלט אין אַ פעלץ, וואָס האָט אים אַלט און גרויליק געמאַכט.

פרעגט איר דער דייטש — קאַלט, וואָהין גייסטו ?

ענטפערט ניט צביהלע, זי לאָזט זיך ווייטער לויפן, אָבער פון דייטש אַנטלויפט מען ניט.

פרעגט דער דייטש — הונגעריק, וואָס ?

הכלל — צביהלע זאָגט, אַז זי מוז האָבן קאַלציום, די מאַמע שטאַרבט...

— בראַוכסט קאַלציום ?

— יאָ, קאַלציום, — שאָקלט צביהלע מיטן קאָפּ.

— קאָם מאָרגן, גוט ? יעצט לאַוף שנעלל, אָבער שנעל ! און גאַטס ניסים.

אויף מאָרגן איז צביהלע ווידער ביים וואַכפּאָסטן.

דער דייטש קוקט זיך אַרום — עס איז דאָך לעבנס־געפאַר פאַר אים אויך, עס איז דאָך פאַרראַט, קעגן דעם פאָטערלאַנד און קעגן דעם פירער.

און שנעל לייגט ער אַריין צביהלען אין האַנט אַ קליין שאַכטעלע און זאָגט איר —

נון, לאַוף, לאַוף אַבער שנעל, שנעל.

געווען אַזאַ דייטש, איר קענט זיך פאַרלאָזן אויף י. שפּיגל.

און י. שפּיגל האָט אים פאַראייביקט...

„די צוקונפט", מערץ 1956

**יעקב גלאַטשטיין** (1896—1971)

# מלכות געטאָ

אין זומער 1945, נאָך דער באַפרייאונג, איז אַ אידישער דיכטער צוריקגעקומען פון אַשוויענטשים און פון פאַרשיידענע אַנדערע גיהנום׳ס, צום אָרט וואו עס איז אַמאָל געווען די לאָדזשער געטאָ. ער האָט דאָרט נישט געזוכט זיינע קרובים אייגענע און פריינט, ווייל ער האָט געוואוסט אַז זיי זיינען שוין לאַנג אויף דער וועלט נישטאָ.

אין אויגוסט 1944, ווען די גאַנצע געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן, ווייל היטלער האָט די לאָדזשער אידן נישט פאַרגונען אפילו דעם „לעבנסרוים" פון דער טויט־פאַסטקע, האָט דער דיכטער ישעיהו שפּיגל פאַרגראָבן אין אַ קעלער זיינע קורצע דערציילונגען, וואָס ער האָט געשריבן דורך די פיר יאָר, פון 1940 ביז 1944. ער האָט זיך זיכער אַפילו נישט דערוועגט צו האָפן, אַז ער אַליין וועט זיי נאָך ווען עס איז אויסגראָבן. ער האָט זיי געשריבן צו דער וועלט, צו דער פרייער וועלט, וואָס וועט אַמאָל זיך אָנשלאָגן אויף זיין אידיש וואָרט.

לאַנג האָט זיין וואָרט נישט געשימעלט אין דער פייכטער פינסטערניש, ווייל אַ קנאַפּ יאָר שפּעטער איז שוין דער פּאָעט געשטאַנען אין דעם ווילגאַטנעם קעלער און אַליין אויפגעגראָבן זיינע קורצע באַוועלן, וואָס האָבן זיך אויף אים על פּי נס פאָרט דערוואַרט. דער רעזולטאַט פון דער אויפגראָבונג איז אַ דין ביכל פון 96 זייטן וואָס איז נישט לאַנג צוריק דערשינען אין לאָדזש, אונטער דעם נאָמען „מלכות געטאָ". כ׳בין זיך משער אַז דאָס איז אַ יאָמער־נאָמען, וועגן דעם מלכות וואָס ס׳איז אידן באַשערט געווען — אַ מלכות וואו זיי זיינען אפילו דערנידעריקט געוואָרן מיט חוזק־געלט און מיט אַן אייגענער ווירטשאַפט פון הונגער, מיט אַן אויטאָנאָמיע, משטיינס געזאָגט, ערב־טויט.

אָבער די קורצע דערציילונגען פאַרמאָגן אַ מלכות׳דיקן טאָן. פאַראַן אין די געמאָסטענע שורות אַן אַריסטאָקראַטישקייט, וואָס דערהויבט דעם נאָמען „מלכות געטאָ״, איבער דעם אויבנאויפיקן באַטייט פון דעם פאַרפעסטעטן שטיק ערד, וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן ווי אַ טויט־שטח צו אַ גאַנץ פאָלק. די ערד האָט אין דער געטאָ נישט געמאַכט קיין אָנשטעל פון פעטער און באַנייענדיקער פּרוכפּערקייט, נאָר זי איז אַליין געשטאָרבן און זיך געקרישלט ווי קבר־שטויב.

אין אַזאַ „מלכות״ זייַנען אַרומגעגאַנגען געשוואָלענע אידן און געזוכט פאַרפוילטע שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, אָנגעשימלטע און ווילגאָטנע רעפטלעך ברויט, און אין אַזאַ „מלכות״ איז אַרומגעגאַנגען אַ אידישער דיכטער און געשריבן און פאַר׳חשיבות׳ט זיין וואָרט, געאיידלט יעדען אויסדרוק און זיך איינגעהערט אין דעם וואויל־קלאַנג פון יעדען זאַץ. די ערד אַליין האָט שוין געקוואַרט און געפוילט און די תוכחה האָט זיך געלייגט אויף די צעבראָכענע הילצערנע הייזער, קינדער האָבן אינגאַנצן אויפגעהערט צו לאַכן, ווייל אויך זיי האָבן דערשפירט דעם גערוך פון טויט. אָבער ישעיהו שפּיגל האָט געשריבן זיינע קורצע דערציילונגען, מיט דער געלייטערטקייט פון אַ יסורים־פּרינץ. דער הונגער האָט גענומען שטייגן פון די סאַמע טיפענישן, פון דער ווילגאָטנער פאַר׳מכשפה׳טער מאַמע־ערד, אָבער ביז ער האָט דערגרייכט דעם דיכטער, איז נישט נאָר פון מענש, נאָר פון הונגער אַליין איז אויך געוואָרן אַ תל. די שטילע געמאָסטענע ווערטער, וואָס זייַנען געלעגן אַ גאַנץ יאָר פאַרגראָבן אין אַ פאַרדומפּענעם קעלער, זייַנען איצטער עדות, אַז ס׳איז פאָרט געווען אַזאַ קיניגרייך ווי מלכות־געטאָ און אַז דער סאַטירישער קלאַנג איז אפשר גאָר אַ רייצן זיך מיט די טעמפּע פאַרטיליקער, וואָס האָבן אונז צוגעשפּאָרט אַ גרויסן בית עולם, נאָר איבער אים האָט געקיניגט דאָס אומדערטרעגלעכסטע אומגליק, וואָס איז ווען עס איז אויסגעגאָסן געוואָרן אויף מענשלעכע קעפּ.

אין זיין לעצטער דערציילונג פון בוך, וואָס הייסט טאַקע „מלכות געטאָ״ און איז פאַקטיש נישט קיין דערציילונג, נאָר אַ שילדערונג פון דעם הונגער־טויט, שליסט דער דיכטער שפּיגל איין, אין תחום פון דער געטאָ, ווי אַן אייגענעם, אויך דעם געקרייציקטן. אין געטאָ שטייט אַ קירכע און „דער געקרייציקטער אין האַרץ פון געטאָ ווערט אָנגעגאָסן מיט פלאַם.

זיין דאַרער, פאַרפייניקטער אידישער גוף ליגט איינגעהילט אין אַ רויט־קייט פון וואָרעם בלוט".

אַזוי פאַרענדיקט ישעיהו שפיגל זיין דערציילונג, וואָס פאַרענדיקט דאָס בוך. און מאָדנע, ווי פריקרע מיר איז נישט דער שידוך מיט דעם געקרייציקטן, און ווי קינדיש מיר קומט נישט אויס די התפעלות פאַר דעם מאַרטירערטום פון אַ מענשן, וואָס האָט געקראָגן אַ משפט, זאָל זיין אַ פאַלשן משפט, און איז פאַר'משפט געוואָרן ווי אַ רעבעל, — לגבי די מיליאָנען פאַרפייניקטע נפשות און, גאָט דערבאַרעמדיקער, אַנטקעגן דעם טויט פון צענדליקער טויזנטער פאַרמוטשעטע קינדער, האָט מיך דאָס מאָל נישט געאַרט, וואָס ס'האָבן זיך געשלאָסן די טויערן פון דער געטאָ און דער פאַרפייניקטער יעזוס־גוף איז געבליבן מיט אונז. זאָל זיין נאָך אַ פאַרפייניקטער אידישער גוף. צו קיין מנין דאַרף מען אים נישט, אָבער צום הונגער־טויט פון טויזנטער קען מען דעם גוף פון נאָך אַ אידן אויך מצרף זיין.

לעאָן בלוא, דער פראַנצויזישער קאַטוילישער פילאָזאָף און גרויסער אוהב ישראל, האָט אין יעזוס'ן געזען דעם פּרינץ פון אָרעמקייט. להיפוך אַלע ציניקער־אַנטיסעמיטן האָט בלואַ געזען דאָס אידישע פאָלק, ווי אַ פאָלק פון גרויס אָרעמקייט. די דערשלאָגנקייט, רעכטלאָזיקייט און דער־נידעריקטקייט פון אידישן פאָלק, דאָס שטענדיקע לעבן ביי די ראַנדן פון לעבן און די וויינענדיקע אידישע קוואַרטאַלן אין אַלע לענדער האָבן מער רעפּרעזענטירט אידישקייט ווי צופעליקע און אויסנאַמלעכע עשירות וואָס האָט זיך בכלל גיכער אַסימילירט און גיכער אָנגעוואוירן איר אידישן פּרצוף.

בלואַ האָט זייער שטאַרק פאַרליבט מאַריס ראָזענפעלד'ן ווייל ער האָט אים געזען ווי דעם אידישן פּאָעט פון אָרעמקייט, פון אַרבעטערשאַפט און פון סוועט־שאַפּ.

בלואַ וואָס האָט פאַרגעטערט אָרעמקייט איז געשטאָרבן מיט דרייסיק יאָר צוריק. ער האָט קיינמאָל נישט געקענט פאָראויסזען דאָס קיניגרייך פון אָרעמקייט, ווי ישעיהו שפּיגל האָט געזען. ס'מאַכט אָבער נישט אויס וואָס אין דעם מלכות איז אויך איינגעשלאָסן געוואָרן נאָך אַ פּרינץ פון

בלויז אידישער אָרעמקייט, דער געקרייציקטער, וואָס איז מיט גוואַלט אויך געשיקט געוואָרן אין געטאָ.

ווען מען זאָגט בויט, דחקות, הונגער און ווען מען זאָגט אַפּילו טויט, זײַנען דאָס נאָך אַלץ לעבעדיקע באַגריפן, וואָס זײַנען אַ טייל פון דעם וואָס מיר קענען ווי לעבן, אָבער דער הונגער פון מלכות־געטאָ, איז געווען אַ באַזונדערע באַשערטקייט. מ׳האָט גענומען אַ גאַנץ פאָלק און מ׳האָט אים צוגעטיילט אַזויפיל יסורים וואָס זײַנען פּשוט נישט באַשאַפן געוואָרן פאַר קיין מענטשן. ס׳איז געווען אַ גרויסע דייטשע עקספּערימענט־סטאַנציע פאַר אידישן מאַרטירערטום און אויסהאַלטעוודיקייט; און בעת ס׳איז געקומען צו דער ליקווידאַציע זײַנען נאָך אַלץ געווען אידן ליקווידירט צו ווערן.

אַט דעם מלכות׳דיקן טאָן פון דעם ריזיקן טויט־שטח האָט ישעיהו שפּיגל געהערט און פאַרצייכנט, אויף יענער זייט פון יסורים, ווען יסורים רעכענען זיך שוין כמעט נישט ווייל זיי זײַנען שוין נישט קיין מאָס פאַר מענשלעכער אויסהאַלטעוודיקייט. יעדער איד, יעדע אידישע פרוי און איטלעך קינד איז געווען אַ בירגער פון אַ מלכות־געטאָ, וואָס איז דורך דעם לעגענדאַרישן אומגליק געוואָרן אַן אמת׳ע מלכות־ישראל.

דער דיכטער ישעיהו שפּיגל האָט געשריבן ווי ער וואָלט געווען אַ קרוב למלכות, און ווי ס׳פּאַסט פאַר עמיצן, וואָס קען זיין ציכטיק אין דעם ערגסטן קויט. נתן האַנאָווער׳ס פּיל־ציטירטער זאָג, אַז ער וואָלט דערציילט די פּרטים פון דער ת״ח אויסראָטונג, נאָר ער וויל נישט פאַר־שעמען דעם מין מענטש, איז באמת חל אויף אים, וואָס האָט כסדר געדענקט, אַז ווען ער וועט פאַרגראָבן זײַנע דערציילונגען און מען וועט זיי אויס־גראָבן פון דעם קעלערדיקן שימל, זאָלן זיי זיך לייענען ווי כראָניקעס פון אַן אונטערגעגאַנגען קיניגרייך — מלכות־געטאָ.

פון די געטאָס, לאַגערן און טויט־וואַרשטאַטן זײַנען צו אונז דער־גאַנגען קינות, געשרייען, קללות, געזאַנגען, פּינקס־פאַרצייכענונגען, אָבער אין ישעיהו שפּיגל׳ס קורצע נאָוועלן איז פאַראַן אַ הויך פון אַ קינסטלערישן שטאָלץ, וואָס איז אייביק. פאַראַן אין זײַנע זאַצן אַ געדיכטקייט, אַן אָווענטיקייט, אַ געמאָסטענע צוריקגעהאַלטנקייט און אַ ציכטיקייט. פאַראַן אויך אין זײַנע נאָוועלן אַ געדולדיקע אויפגעבויטקייט, ווי די געטאָ־יאָרן

וואָלטן אים נישט געשטאַנען אויפן קאַרק און אין אים נישט אַריינגעשניטן יעדער טאָג. אין די יאָרן פון 1940 ביז 1944, ווען ער האָט געשריבן זיינע נאָוועלן, האָט דאָך דער חושך פון דער געטאָ באַדאַרפט פאַרהונגערן יעדע שורה ביזןביין און זיי טרייבן מיט אומגעדולד אין דר׳ערד אַריין. אָבער ניין, שפיגל איז געזעסן ווי אַ תושב אין מלכות־געטאָ און געבויט דערציילונגען מיט מער געדולד ווי אונזערע אבות האָבן געבויט פיתום ורעמסס. איר הערט ממש, ווי ער בויט אויף יעדער זאַץ, הערט זיך אין אים איין מיט אַ געדולדיקער איינהערעוודיקייט, ווי דער הונגער אַליין וואָלט נישט געגוג געוועזן צו מאַכן אים אומגעדולדיק צום מינדסטן פלאַטער פון אַ וואָרט.

וואונדערלעך איז די ערשטע דערציילונג „ערד“. די פויערים נעמען לויפן פון די דערפער „דאָ וואַרשאַווי“. דאָבע און איר מאַן יאָסע־בער הערן דעם געשריי, אָבער זיי זיינען געפּלעפט. יאָסיבער׳ס טאַטע און זיידע זיינען געווען אידישע פויערים און זיינען געזעסן אויף דער ערד און זי ליב געקראַגן. אַלע ווערן אַרונטערגעטריבן פון דער ערד דורך די דייטשן, אָבער די ערד וועט וואַרטן אויף זיי, נאָר די אידן ווערן פאַרטריבן אויף אייביק.

מען גייט, דייטשן קומען אָן. „אי — דאָן, ניעמצי אידאָן“ — הערן זיך די געשרייען פון די פויערים, אָבער דאָס אידישע קינדערלאָזע פּאָרל בלייבט אַליין אין דאָרף. יאָסי־בער וויל נישט לויפן. דער דאָרפס־מענש ווייסט אויך, אַז אַ מענש קען נישט אַנטלויפן פון זיין גורל. ער בלייבט ביז ס׳קומען אָן די פאַלקס־דייטשן, די ערשטע פאַראויסלויפער פון דעם אומגליק און זיי פאַרפייניקן יאָסי־בער׳ן צום טויט.

די דערציילונג הייסט „ערד“ און זי איז ערדיש צו אַלע חושים, ביז צו דער פייכטלעכער אלול־לופט, „וואָס האָט געהאַט דעם טעם פון וואַלד־צווייגן, וואָס מען לייגט אָפּ אויף ווינטער“.

לאָמיר זיך פאַרשטעלן, אויב ס׳איז מעגלעך, אַ יאָר אין די ביינצן פערציקער אין דער לאָדזשער געטאָ, און לאָמיר לייענען אַ זאַץ, ווי ר׳איז דעמאָלט אַרויסגעקומען פון ישעיהו שפיגל׳ס פעדער און לאָמיר פרואוון פאַרשטיין דעם כוח פון דער עפּישער האַנט, וואָס האָט דאָס אַלץ גע־שילדערט.

„ס'איז געווען פינצטער אין דאָרף. אַ פרי־האַרבסטיקע פייכטקייט איז אויפגעגאַנגען פון די נידעריקע גרעזער און קשאַקעס. פלוצים האָט דער הימל אָנגעהויבן ברענען ביי די מערב־ראַנדן מיט פאַרצויגענע פאַסן פייער. אין די דערפער אַרום דער וואַרטע האָבן זיך די פויערים אין בהלה'שער שרעק אויפגעכאַפּט אינמיטן נאַכט, פאַרפּאַקט די בעבעכעס, אויפגעוועקט די שלאָפנדיקע ווייבער מיט די קינדער און זיי געזעצט אויף די געשפּאַנטע וועגענער. זיי האָבן אַרויסגעפירט די קי פון די וואַרעמע שטאַלן און זיי צוגעבונדן צו די אָנגעלאָדענע וועגענער מיט שטריק און קייטן. די קי האָבן אין דער פינצטערניש מיט אַן אומהיימלעכער בענקעניש געברעוועט, זיך געלאָזט צובינדן מיט טרויעריקע אַראָפּגעלאָזענע קעפּ".

ס'איז זיך כדאי איינצוהערן אין דער קינסטלערישער שפּאָרעוודיקייט פון יעדער זאַץ, כדי צו דערשפּירן די קינסטלערישע געדולד און די האָפענונג, אַז די סקעלעטישע טעג אין מלכות־געטאָ וועלן נישט שטאַרבן, נאָר זיי וועלן דערלעבן אים צו לאָזן ווייטער שילדערן רואיק און שרייבן מיט אַ קינסטלערישן גלויבן.

פאַראַן אין שפּיגל'ס דערציילונגען אַן אַריסטאָקראַטיש געוויין, ווי ער וואָלט אונז אַלעמען געוואָלט פאַרשפּאָרן די גרויסע, שענדלעכע איינצלהייטן, ווי ער וואָלט געוואָלט פילטרירן דאָס דערציילערישע פון אַלץ וואָס לאָזט זיך דערציילן און קען ווערן אַן אויסגעאיידלטער און אייביקער סימבאָל.

די ערשטע דערציילונג אין בוך „ערד" איז אַזאַ סימבאָל. אַ אידישער ישוב'ניק בלייבט און לויפט נישט פון זיין ערד, וואָס האָט אים פאַרפויערט.

די דערציילונג ענדיקט זיך מיט יאָסי־בער'ס פאַרפייניקטן טאַנץ. די דייטשן שטעכן אים די פיס מיט באַיאָנעטן און ער טאַנצט. יאָסיבער הערט שוין דאָס קול פון זיין טאַטן:

„יאָסי־בער... טאַנץ־טאַנץ! טאַנץ... טאַנץ, מיין זון, טאַנץ. און צוזאַמען מיטן טאַטנס ניגון גייט אויף אַ געזאַנג פון די ווייסע שטיינער, פון זאמד, פון די טאָפּאָליעס, וואָס ציטערן אין דער לבנה, פון די שטאַלן און פלויטן, און עס טראָגט זיך דאָס געזאַנג אַהין צו די בלאָע וועלדער, וואָס האַלטן איינגערעמט דאָלנע יאָרי, ווי אַ גילדן וואַסער־שיסעלע".

שפּיגל איז אַ פּאָעט, וואָס שרייבט איצט לידער, און וואָס האָט נאָך אין 1930 אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער. איר זעט ממש ווי דער פּאָעט צאַמט און צערטלט יעדער וואָרט און איר זעט אויך ווי דער פאַרשטענדיקער פּראָזע קינסטלער לאָזט דעם פּאָעט נישט צופיל שאַלטן און וואַלטן.

ישעיהו שפּיגל׳ס מלכות׳דיק קינסטלעריש געדולד, אין מלכות־געטאָ, איז דאָס סאַמע איבערראַשנדיקסטע אין זיינע דערציילונגען. זיין קענען מסביר זיין זיין טיף געמיט און זיין געדולדיקער און רואיקער טאָן זיינען נישט נאָר אַ קינסטלערישער טריאומף, נאָר אַ גרויסער נצחון פון מענש איבער דער גאַנצער חיה׳שקייט, וואָס האָט געבושעוועט אַרום אים. דאָס פאַרוואַנדלט זיינע דערציילונגען אין קינסטלערישע און מענשלעכע דאָקומענטן. פאַראַן ביי אים אַ דערציילונג „שניי״. ער שילדערט דאָרט ווי אַ ברודער און שוועסטער אַנטלויפן פון דער געטאָ. דאָס אַנטלויפן פון דער געטאָ איז אַליין אַ גרויסע דראַמע פון סכנות נפשות, אָבער דער קינסטלער פאַרגעסט נישט אויף קיין איין מאָמענט צו שפּילן די דראַמע אויף אַ הינטערגרונט פון שניי און שטורם. ער פאַרלירט קיינמאָל נישט די גלייכמאָס, ער פאַרשילדערט זיך נישט און פאַרכליניעט זיך נישט, נאָר די דערציילונג קומט אַרויס מיט טרוקענער ווערדיקייט.

די פּייערלעכסטע דערציילונג אין בוך איז — „אידן״. דייטשע אידן ווערן פאַרשיקט אין דער פּויליש־אידישער געטאָ. זיי באַזעצן זיך אויך אין דער חורבה, וואָס דער פרומער איטשע־בער און זיין ווייב שרה־לאה האָבן געפונען אין געטאָ, נאָכדעם ווי זיי זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייער באַלעבאַטיש הויז.

פרעמדע וועלטן באַגעגענען זיך. די דייטשע אידן קומען אָן מיט זייער פרעמדער הלבשה, מיט זייערע יעגער־היטן, מיט די לעדערנע טעשלעך, רוקזעקלעך אויף דער פּלייצע און הויכע געשנירלטע שיך.

ביי שרה־לאה׳ן זיינען דאָס גויים.

„אסור צי דאָס קען אַ תמונת־אות... מיט וואָס זיינען זיי דאָס אידן, פרעג איך דיך!״

אַזוי שרייט שרה־לאה. זי גוואַלדעוועט און פרעגט נעבעך:

„אין אַזאַ הילוך גייט מען דאָס אין גלות אַריין?״

אָבער רעכט איז כעס ווערט זי ערשט, ווען איר איטשע־בער צעדאַוונט זיך און נעמט ממש ברענען ווי אַ שׂרף, אָבער פון חדר, וואו די „דייטשן” האָבן זיך באַזעצט, הערט זיך אַ קירכלעך געזאַנג. זיי דאַווענען אויך, אָבער זיי רעכטן אָפּ אַ מין גאָטעסדינסט, ס'הערן זיך געזאַנגען, ווי ס'וואָלטן זיך געטראָגן ניגונים פון אַן אָרגל, „אַדורכגעפלאָכטן מיט פסוקים פון הייליקע, פרעמדע תפילות”.

שׂרה־לאה וויל זיי פשוט אַרויסוואַרפן, אָבער איטשע־בער, דער מאַנס־ביל, פאַרשטייט בעסער.

„שאַאַאַ — שרייט ער — אַביסל דרך ארץ פאַר אידן... זעסט נישט אַז אידן דאַווענען?”

ער באַפעלט שׂרה־לאה'ן זיי אַריינצוברענגען קליינע טעפּעלעך מיט וואַרעמער זופּ. די אויסגעהונגערטע דייטשע אידן כאַפּן זיך נישט צו צו דער זופּ, נאָר זיי כאַפּן זיך פריער צו די קליינע זיידענע נאָז־טיכלעך און זיי ווישן זיך די טרערן פון די אויגן.

„פון הינטער די זיידענע טיכלעך זייען נאָך געפאַלן ווערטער ווייכע און וואַרעמע.

לי—בער ברודער, לי—בע שוועס—טער... דאַנקע, דאַנקע... וויר זינד דאָך אַללע יו—דן, יו—דן, יו—דן — — —

זייערע ווערטער זייען אַראָפּגעפאַלן אויף דער פאַדלאָגע פאַרשעמטע און זיך צעפּיצלט ווי קליינע, קלינגענדיקע פּיצלעך גלאָז”.

די פאַטעטישע דערנענטערונג פון די אַלערליי „יו—דן” האָט ישעיהו שפּיגל אויפגעכאַפּט אין דער געטאָ. מ'האָט זיך געטיילט מיט די קליינע טעפּעלעך מיתה משונה זופּ און מ'האָט אַפילו גענומען קריגן דרך ארץ איינער פאַר דעם אַנדערנס תפילות.

איז דאָס אפשר פאַרט געווען אַ שטיקל מלכות, אָט די מלכות־געטאָ? ווער ווייסט?

ישעיהו שפּיגל האָט באַוויזן איינצושטילן דעם געשוואָלענעם הונגער אין זיך און ער האָט געשריבן ווי אַ בעלעטריסטישער פּרינץ און זיינע קורצע נאָוועלן וועלן פאַרבלייבן אין אוצר פון אונזער מלכות־ישראל. כ'ווייס נישט פון נאָך אַזאַ ביכל נאָוועלן, ביי אַן אומה ולשון, וואָס איז

געלעגן אונטער נאַצישן קנאַפּל — אַ ביכל וואָס זאָל אָטעמען מיט אַזויפיל קיניגלעכער ווערדע.

„אידישער קעמפער", 28.7.50

„דער טאָג"

ב.

## ישעיהו שפּיגל'ס „מענטשן אין תהום"

פאַראַן אַ זעלטן שרייבעריש געפיל, וואָס איז אויב־נישט נאָך־העכער פון קנאת סופרים. דאָס דאָזיקע געפיל מערט אפשר נישט קיין חכמה. ווייל עס רופט נישט אַרויס קיין שרייבערישן פאַרמעסט, פאַרשאַרפט נישט די קאָנקורענץ און סטימולירט נישט קיין שרייבערישע איבער־שטייגונגען און פען־דועלן. פאַרקערט, אַזאַ געפיל מערט עניוות, דער־הויבט די ליטעראַטור צו דער מדרגה פון וואונדער און גיט איר צו די חשיבות, וואָס פאַרמעסטונג אַליין קען קיינמאָל נישט דערגרייכן. דאָס געפיל איז כמעט דער סאַמע היפּך פון קנאת סופרים, ס'איז די ליבשאַפט צו יענעמ'ס אַרבעט, די ליבשאַפט וואָס נעמט דיך אַזוי שטאַרק אַרום, אַז דו דערפילסט טיפע דאַנקבאַרקייט צום שרייבער און צו זיין ווערק. דו לייענסט און פאַרלירסט דעם חוש פון וואַרשטאַט־שפּירעוודיקייט און ווערסט דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ לייענער, וואָס ריננלט זיך אין גאַנצן אַרום מיטן ווערק און מאַכט עס פאַר אַ טייל פון זיין לעבן. כ'האָב זיך צום ערשטן מאָל אָנגעשטויסן אין דעם דאָזיקן געפיל פון אהבת סופרים, אין אַן אינטימען שמועס מיט שמואל יעקב אימבער, עליו השלום, וואָס האָט אין אַמעריקע ביי אונז זייער ווייניק געשריבן און דעמאָלט אָוועקגעגעבן אַ סך צייט, פאַר זיין ענגלישער אַנטאָלאָגיע פון אידישע לידער.

ווער זאָגט אַז איך שרייב נישט ? — האָט מיך אימבער געזוכט צו איבערצייגן מיט אמת'ן חסידישן ברען. — אַז איך לייען אַ גוטע זאַך ביי אַ אידישן שרייבער, איז עס ביי מיר אַזוי אָנגעלייגט, ווי איך אַליין וואָלט עס געשריבן, עס ווערט אינגאַנצן מיינס, איך מאַך עס פאַר מיינס,

איך קריג עס אַזוי שטאַרק ליב, אַז עס ווערט מיין אייגנס. איך בין נישט מקנא, איך בין דאַנקבאַר, וואָס איר אַלע שרייבט. איך בין נישט געקומען אויף דער וועלט ווערן אַ גדול, איך בין געקומען מאַכן די אידישע ליטע־ראַטור גרויס און שטאַרק, און ווער עס טוט דאָס, טוט עס אויך אין מיין נאָמען, געבענשט זאָלן זיי זיין — די אַלע וואָס באַרייכערן די אידישע ליטעראַטור.

אָט די דערהויבענע ליבשאַפט, וואָס איז דאָס פאַרקערטע פון קומען אויפן מאַרק און אויסשטעלן די אייגענע סחורה, מיט דעם אייגענעם געציקלטן נאָמען האָט אין אימבער׳ס מויל געקלונגען זייער ערלעך און תמימות׳דיק. איך האָב די רייד זיינע קיינמאָל נישט פאַרגעסן און כ׳האָב אַלעמאָל געקלערט וואָס פאַר אַ הויכע מדרגה דאָס מוז זיין, אַ מדרגה וואָס דערהויבט זיך איבער דער דערלויבטער חכמה־פאַרמערנדיקער שרייבערישער קאָנקורענץ איבער דעם יאַריד און ווערטער־מאַרק, וואו איין שרייבער וויל אַריבערשרייען דעם אַנדערן, פאַרשטעלן דעם אַנדערן און פאַרשרייען דעם אַנדערן. אויף דעם ביסל קרעמערישקייט, וואָס ברענגט מער פּראָדוקציע ווי חכמה, האָבן מיר טאַקע אַ בפירושן היתר, אָבער פאַראַן זעלטענע מאָמענטן, ווען אַ שרייבער פאַרגעסט אין די דאָזיקע מאַרק־טענדענצן, אַפילו אין דער חכמה־סטימולירנדיקער קנאה, און ער בלייבט זיצן איבער אַ חבר׳ס ווערק, מיט אַ געפיל פון גרויס עניוות. ער שפּירט אַז דאָס ווערק פאַרמאָגט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס האָט צו טאָן נישט אַזוי מיט אַ פּערזענלעכער חתימה, ווי מיט אייביקייט. ס׳איז צוגעקומען אַ ווערק, וואָס נעמט דיך אַרונטער אונטער זיין שוץ און וואָס וואַרפט אויף דיר אַרויף אַ חיוב עס ליב צו האָבן מיט אַ ליבשאַפט, ווי דו אַליין וואָלסט געהאַט אַ חלק אין דעם, ווייל דו האָסט טאַקע אַ חלק אין דעם. ס׳איז צוגעקומען אַ כלל־זאַך און דו שטאָלצירסט דערמיט, ווייל די ליטעראַטור ציילט אַזעלכע ווערק, זי ציילט זיי, ווייל דאָס זענען לופט און וואַסער און ברויט פאַר יעדער ליטעראַטור. ס׳איז קיין שרייבער נישט איינגעפאַלן מקנא צו זיין שלום עליכמ׳ן פאַר זיין טביה, אָדער פאַר מנחם מענדלען, פּרצ׳ן פאַר די פאָלקסטימלעכע מעשות, ביאַליקן פאַר אַ סך פון זיינע לידער. מען האָט עס ביי זיי צוגענומען ווי אַ געשאַנק און באַרייכערונג פאַר דער ליטעראַטור. אָן אַזעלכע ווערק וואָלט גאָרנישט

מעגלעך געווען דער יאַריד פון סופרישער קנאה, אָדער ער וואָלט אינגאַנצן קיין האַפט נישט געהאַט. אַן אַזעלכע קרוין־ווערק וואָלט זיך נישט געלוינט דער יאַריד פון דער ליטעראַטור, מיט דעם גאַנצן שרייבערישן געפּילדער. אַ ליטעראַטור מוז האָבן אַזעלכע ווערק, כדי ס'זאָל זיך זיין איבער וואָס צו שלאָגן.

אַזאַ געפיל פון אהבת סופרים האָב איך געהאַט, ווען איך האָב איבערגעלייענט י. ל. סיגאַל'ס בוך לידער — „ספר אידיש" און איך וועל איבגיכן דערציילן די לייענער פון „קעמפּער" וועגן דער דאָזיקער פּאָעטישער באַרייכערונג, וואָס יעדער איינער פון אונז איז מחויב צו פאַרשרייבן אויפן חשבון פון דער גאַנצער ליטעראַטור.

דעם דאָזיקן ציטער האָב איך אויך דערשפּירט אין זיך, ווען איך האָב געלייענט ישעיהו שפּיגל'ס געטאָ־נאָוועלן, אין זיין ניי בוך — „מענטשן אין תהום", וואָס איז דערשינען אין איקוף־פאַרלאַג אין בוענאָס איירעס. דאָס איז אַ בוך, וואָס רופט צו אַזעלכע הויכן, וואָס זיינען אַ באַשיינונג פאַר אונז אַלעמען. אַז מען לייענט זיינע קורצע נאָוועלן פון דער געטאָ מוז מען דערשפּירן, אַז אין אַזעלכע ווערק האָבן מיר אַלע אַ גרויסן חלק, אַז זיי גייען אַרויס פון גדר פון קנאת סופרים, ווייל מען דאַרף פריער פון אַלץ מאַכן אַ וואָרע פאַר אַ גרויסער נאַציאָנאַל־קינסטלע־רישער געשעעניש. ס'איז צוגעקומען אַ בוך, וואָס גיט דעם גאַנצן שריי־בערישן יאַריד אונזערן עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג.

אין דער פאָררעדע צו די קורצע און לענגערע דערציילונגען ווערט געזאָגט, אַז „עטלעכע פון זיי קענען באַצייכנט ווערן ממש ווי פּערל". וויל איך דאָ זאָגן, אַז גאַנצע פינף פון די אַכט דערציילונגען זענען עפּעס אַזוינס, וואָס מאַכן דעם פּערל פאַר זייער אַ ביליקן פאַרגלייך. דאָס זענען מעשות, וואָס וועלן בלייבן אייביק אין דער אידישער ליטעראַטור און אַז די צייט וועט קומען וועלן זיי אונז געבן גרויס כבוד, אויך אין דער וועלט־ליטעראַטור.

איך זאָג, אַז די צייט וועט קומען, ווייל די צייט איז נאָך אַלץ נישט געקומען. אין דער וועלט־ליטעראַטור האַלט מען ערשט ביי הוירסי'ס פּאָפּולאַריזאַציע פון אונזער אומגליק, אָבער אַז זיי וועלן דערגיין צום אָריגינאַל, וועלן אַזעלכע קלענערע נאָוועלן ווי „ניקי" און „אַ ייד פון

בית עולם״ דינען ווי אַ העכערער באַווייז, אַז הינטער דער „וואַנט״ זענען אומגעקומען לעבנס, וואָס די וועלט וועט קיינמאָל נישט קענען אויסקויפן. הוירסי האָט זיך גאַנץ ערנסט באַמיט צו געבן עפּעס פון דעם וואָס מיר רופן — אידישער גייסט. ער האָט עס אָבער פריער געמוזט פאַרדייען פאַר זיך אַליין, ביז ער האָט עס געמאַכט פאַר אַ פאַרדייליכער געקעכץ פאַר די טויזנטער נישט־אידישע לייענער. ער האָט אין זיין בוך פאַרגלייווערט דעם פּחד פון דער געטאָ, אָבער ער האָט עס אויך פאַרפרוירן. ער האָט עס אָפּגעקילט און געוואָלט פאַרמענשלעכן די איבערמענשלעכע יסורים.

אין ישעיהו שפּיגל׳ס איין קורצער נאָוועלע איז פאַראַן מער אידישער גייסט, ווי אין די אַלע פּודן פון הוירסי׳ס טאָג־בוך פאַרשרייבונגען.

אויף אַזעלכע מעשות איז כמעט נישט חל קיין קריטיק. ווען ישעיהו שפּיגל האָט געשריבן די מעשות אין דער געטאָ, איז ער געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט אַזעלכע שוידער־סיטואַציעס, וואָס אויב ער וואָלט פאַר זיי געזוכט ליטעראַרישע שיידלעך, וואָלט ער זיי נישט געפונען אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. דער פּראָצעס פון שרייבן אַליין איז פאַר אים, קודם כל, געווען הונגער פון גוף נאָך גייסטיקן אָנהאַלט און אויסדויער, דאָס אַליין איז שוין נישט געווען קיין נאָרמאַלע קינסטלערישע דערפאַרונג. ס׳איז געווען די משוגענע עקשנות צו נאָרמאַליזירן אומזין אין זיך און אַרום זיך. אַז מען גיט נאָך צו צו דעם פאַקט, וואָס ער האָט אין די סאַמע שוידער־יאָרן, אין דער געטאָ־גופא, געזוכט ווערטער פאַר דעם אומגליק, און גראַד שטילע ווערטער, אין דעם דאָזיקן יאָמער־טאָל און שחיטה־טאָל, מוז מען באַגרייפן, אַז נישט ער האָט געשריבן. נאָר ס׳האָט מיט אים געשריבן אַ פאָלק אין אונטערגאַנג. דאָס איז נישט קיין מיסטיק, נאָר דער נאַקעטער אמת. מען ווערט דערפאַר פּשוט פאַרקליינט אין די אייגענע אויגן ווען מען געפינט זיך נאָענט צום באָדן פון דעם גרויסן נאַציאָנאַלן כח, וואָס האָט געבראַכט די דערציילונגען אויף דער וועלט; ווען מען וויל צו זיי צוגיין מיט דער געוויינלעכער מאָס פון קריטיק; בעת די דערציילונגען זענען אין עצם עפּעס אַזוינס, וואָס שאַפן זייער אייגענעם סטאַנדאַרט און אייגענעם נוסח.

עס איז אַ מזל־זאַך, פאַרשטייט זיך, וואָס ישעיהו שפּיגל פאַרמאָגט

אַלע גרויסע מעלות פון אַ גרויסן שרייבער. אים פעלט גאָרנישט, אָבער די אַלע מעלות זענען גאָרנישט קעגן דעם, וואָס ער ברענגט אויך אַ הייליקן און אייביקן גרוס פון די לעצטע זיפצן און קרעכצן פון אונזערע ברידער און שוועסטער.

מיט זיינע ערשטע צוויי זאַמלונגען פון געטאָ־נאָוועלן — „מלכות געטאָ" און „שטערן איבערן געטאָ", האָט זיך שפּיגל באַוויזן ווי אַ גרויסער נאַציאָנאַלער קינסטלער, ווי אַ גרויס געפינס, וואָס איז פאַר אונז אַלעמען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון דעם תהום פון אומגליק. מיט דעם נייעם בוך זיינעם — „מענטשן אין תהום" אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז אַ גרויסער מענטש, אַ טיפער מענטש, און אַ נשמהדיקער איד, אַט די נשמה׳דיקייט וואָס איז ביי אונז געווען דער איבערגאַנג פון אונזער אַלטער קדושה צו אונזער נייעם מאַרטירערטום.

מען וואָלט געקענט וועגן יעדער דערציילונג אָנשרייבן אַ באַזונדערע גרויסע אָפּהאַנדלונג, מען וואָלט למשל געקענט שרייבן און שרייבן וועגן דעם ריטם, וואָס גיט שפּיגל׳ס קורצע דערציילונגען די צייט־מעסטונג פון גרויסע ווערק, וואָס זענען אָנגעלאָדן מיט יאָרן פון אומגליק. מען וואָלט געקענט שרייבן וועגן זיין לשון, וואָס האָט אפשר נישט קיין גלייכן אין אונזער ליטעראַטור. אַלע חושים קריגן ביי אים אויסדרוק און איבער די חושים איז שטענדיק פאַראַן די העכערע אחריות, אַז ער שרייבט תמצית, אַז ער איז אַ געראַטעוועטער שליח־ציבור, ווען ס׳איז אָנ־פאַרטרויט געוואָרן אַ גרויסע שליחות.

די דערשראָקענע און פינסטערע געטאָ־מויערן רעדן צו דער וועלט און האָבן געקראָגן לשון אין שפּיגל׳ס דערציילונגען. די דערדריקנדיקע פינסטערניש פון דער געטאָ קריגט ליכט אין שפּיגל׳ס דערציילונגען. די פחדימקייט פון דער געטאָ, איר גסיסה און איר נישט־דערהערט געשריי קריגט מוזיק אין שפּיגל׳ס וואונדערלעכע און שטיל־געוויינטע פּאַראַגראַפן. יעדער ניסים׳דיק גרעזל, יעדער שטיקל טויטע בליעכל, יעדער מאַלינע וואָס וואַקסט אויפן בית עולם, וואָס ווערט פעט פון אידישע מתים און וואָס דערפרישט די קינדערשע מיילער, מיטן טערפּקען טויט־טעם פון לעבן, קריגט אַראָמאַט אין שפּיגל׳ס דערציילונגען.

די דערציילונגען זענען, אין פלוג, וועגן באַזונדערע אידן, באַזונדערע

געשעענישן און באַזונדערע סיטואַציעס, אָבער זיי זענען גרויסע נאַציאָ־נאַלע קלאָג־לידער אויפֿן טויט פֿון צענדליקער טויזנטער. איין מיידעלע מיט אַ רויט סטענגעלע, וואָס די מאַמע פֿאַרפּוצט, ערב איבערגעבן צו די דייטשן, איז אַ גרויס נאַציאָנאַל געוויין אויף דעם טויט פֿון צענדליקער טויזנטער קינדער. איין צעדולטער *שמש*, וואָס ליגט מיט פֿאַרסאַרפּעטע הענט, נאָכדעם ווי ער האָט אַרויסגעראַטעוועט אַ שטיקל שטיינדל פֿון דער שול־שׂרפֿה, איז אַ גרויסער יאָמער אויף דעם אַוועקגיין פֿון אונזערע הייליקייטן מיטן פֿייער.

דעם באַזונדערן קליינעם איד, דעם באַזונדערן עלנד מיידל, דעם פֿאַרשעמטן בעל מום, גיט ער זיין תּיקון, וויפֿיל ס׳קומט אים ווי אַ יחיד, ער פֿאַרזעט נישט דעם פּרט, אָבער אונטער זיינע געבענטשטע הענט ווערן די באַזונדערע קליינע מענטשן געהייליקט און דערהויבן צו גרויסע פֿאָלקס־סימבאָלן.

אַנאַ יאַקאָוולעוונאַ טעמקין וואָס איז שוין לאַנג דערווייטערט פֿון אידן און איז איינע אַליין אויף דער וועלט טיילט מיט הכנעה און פֿרייד דעם גורל פֿון אַלע אידן, „ווי עפּעס אַן אומזעבאַרער פֿאָדים וואָלט זי געהאַלטן די אַלע יאָרן פֿאַרבונדן מיט פֿאָלק". זי האָט נישט קיין קינד פֿאַר וועמען זיך מקריב צו זיין, איז זי זיך מקריב פֿאַר איר הונט „ניקי" און זי גייט אַליין צום טויט צווישן אידישע הינט. — שטומע באַשעפֿענישן וואָס זענען אויך פֿאַרמשפּט, — קריגן טרייסט פֿון איר אין זייערע לעצטע מינוטן.

„דאָס איז געווען אין דער זעלבער צייט, ווען דער דייטש האָט נאָכן אויפֿשטעלן דעם צום גערופֿן די אידן אָפּצוגעבן זייערע הויז־חיות, די פֿערד, קי, ציגן און הינט. אין געטאָ האָבן בלויז געקענט בלייבן די צוויי אַלטע עגלה־פֿערד. די איינגעזעסענע אידן פֿון באַלוט האָבן זינט דורות געהאָדעוועט די הויז־חיות און פֿון זיי געצויגן די אָרעמע, מאָגערע חיונה. דראָזשקאַזשעס און פֿורמאַנעס, מילך־הענדלער און טאַרגשטייער, קאַטערי־ניאַזשעס און שענק־אידן האָבן געמוזט אָפּפֿירן די באַשעפֿענישן, וואָס זענען דאָס גאַנצע לעבן מיט זיי מיטגעוואַקסן אין די ענגע הויפֿלעך פֿון באַלוט, אין די קעמערלעך און אין די פֿינצטערע קי און פֿערד־שטאַלן. מ׳האָט אויסגעשפּאַנט די פֿערד, דאָס לעצטע מאָל אַרומגענומען זייערע

וואַרעמע העלזער אין דעם טונקעלן שטאַל, אַרויסגעפירט די טרויעריקע אידישע קי און די דערשראָקענע ציגן".

מען פירט אויך אַוועק די אידישע הינט און די אַלטע אַריסטאָקראַטקע פירט שטאָלץ איר אַלטן הונט און גייט צום טויט מיט אים צוזאַמען.

„זי האָט געזען ווי די אלמנה איז אינדרינען געשטאַנען אַרומגע־ריגגלט מיט אַ כאַפּטע הינט און נאָך אַלץ געפירט ניקין ביים קייטעלע; אין איר לינקער האַנט האָט זי געהאַלטן דאָס שטעקעלע מיט דער זיל־בערנער גאַלקע און עס געטראָגן הויך איבער די הינטס קעפּ. זי איז אַזוי געשטאַנען מיטן אויפגעהויבענעם שטעקעלע און מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר אין סאַמע מיטן פון די הינט, וואָס האָבן זיך געלייגט צו אירע פיס. זי האָט אויסגעזען אַנאַ יאַקאָוולעוונאַ ווי אַ פּאַסטוך אַרומגערינגלט מיט אַ סטאַדע".

פון יעדער דערציילונג קען מען פשוט ציטירן און ציטירן אומ־פאַרגעסלעכע שטעלן. „די גאָלדענע יויך" איז אַ טיפע ודוי פון ווייבלעכער עלנד, קדושה, זינד, מאָרד, און ס'טראָגט זיך איבער איר דער טעם פון אידישע געקעכצן. „מען האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי האָבן אידישע פרויען אַרויסגעכשופט פון פאַרפוילטע אַלטע ריבן און קאַרטאָפל־שאָלן עפּעס אַ כח, וואָס זאָל זיי העלפן איבערלעבן — דעם טעם פון די פאַרשוואונדענע אידישע מאכלים".

די זעאונג פון דעם „רבי פון סאַמפּאָלנע", וואָס איז אַ מין קליינער שבתי צבי און פירט אידן גלייך אויפן בית עולם צו אויסלייזונג, איז עפּעס אַזוינס, וואָס קריצט זיך איין אין זכרון, מיט דער אידישער האָפנונג אויפן בית עולם. דער רבי פון סאַמפּאָלנע טראָגט אַ ספר תורה אין איין האַנט, אַ קינד אויף דער אַנדערער און ער פירט די עדה אידן אויפן בית עולם, מיט אַ טאַלנער ניגון.

אָבער די קרוין פון גאַנצן בוך איז די לענגערע דערציילונג — „אַ איד פון בית עולם". דאָס וועט אַמאָל אָנערקענט ווערן פאַר איינער פון די טיפסטע קינסטלערישסטע זאַכן אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. אויף דעם הינטער־גרונט פון בית הקברות און פון דער גריבער און בליענדיקער „טויטער" נאַטור וואַקסט אויס אַ קברן, אַ איד אַ קדוש, וואָס הויבט אָן פאַרנעמען דאָס געוויין פון פאַרשעמטן אידישן טויט און ער

נעמט זיך אין געהיים, צוזאַמען מיט זיינס אַ שוועסטער קינד, מטהר זיין די אידישע מתים. דאָס איז אַ גרויסע אידישע סימפאָניע, וואָס מען קען הערן און הערן לייענענדיק. ווייל איטלעך וואָרט איז אָפּגעציטערט און איטלעכער זאַג איז דערהויבן צו אַ גרויסער און טיפער ממשות. ווען דער קברן שטייט אַנטקעגן דייטש ראַנגלט זיך דער אידישער גאָט מיט דעם גאָט פון דער טומאה. אין דער מעשה ווערט דער טויט פון אידן פאַרשאָטן מיט אַזויפיל בליעכץ פון בית עולם און דער צוזאַמענשפּיל ווערט דורך דעם גרויסן דערציילער געהאַלטן אויף אַזאַ ניוואָ, אַז די מעשה פון עטלעכע און צוואַנציק זייטלעך ווערט איינע פון די גרעסטע מייסטערווערק פון אונזער אַלטער און נייער ליטעראַטור. פון אָנהויב ביזן סוף פאַרמאָגט די דערציילונג אַן אַפּאָקריפישע תמימות און וואונדער. וויפיל מאָל איך האָב שוין געלייענט דעם פאַראַגראַף וואָס אין אים ווערן צעבלאָזן די ערשטע פונקען פון מרידה פון דעם הייליקן קברן, כיל, קען איך אים בשום אופן נישט אויסלייענען, ווייל אין אים איז אַריינגעטאָן אַזויפיל האָב און גוטס אונזערס, אַזויפיל אידישע אָנגעזאַמלטע גרויסקייט.

„אין דער דאָזיקער צייט האָבן אינעם פעטער כיל ביסלעכווייז זיך אָנגעהויבן זאַמלען מחשבות פון מרידה. ער האָט פאַרנומען דעם גרויסן חטא קעגן דעם אידישן גוף. מען ווייסט נישט ווי אַזוי ער איז אַנומלט פאַרקראָכן צווישן די גרינע פאַרשימלטע מצבה־שטיינער און לעבן די אוהל'ס פון די הייליקע גוטע אידן, אָפּגעלעגן אויף זייער איינגעפאַלענער ערד עטלעכע טעג. ער איז געלעגן דעמאָלט מיט זיין בויך איינגעגראָבן אין דער ערד, וואָס איז געווען דורכגעזאָפּט מיט דער נעציקייט פון אַלטע, פאַרפוילטע און וואָרעמע בלעטער. אַ פאַרזונקענער אין דער פינצטערניש פון אוהל, וואו ס'האָבן גענעכטיקט גרויע בית־עולם־פייגעלעך און ס'האָבן געצויגן זייערע דינע, זילבערנע פעדים אַלטע, יענע וועלטיקע שפינען — פלעגט ער פון צייט צו צייט אויפהייבן זיין פנים צו די אַלט־אָפּגעריבענע אידישע אותיות, וואָס האָבן אַראָפּגעגלאַנצט מיט זייער אייביק איינגעקריצט גרין גאָלד אין דער טונקלקייט. דאָס גאָלד פון די אידישע אותיות אין די איינגעקריצטע תפילות איז שוין לאַנג געווען אויסגעלאָשן און פאַר־זונקען אינעם שטיין דורך די רעגנס, שנייען און ווינטן. מיט די הענט האָט ער אַרומגענומען די רעשטלעך גרודעס ערד, וואָס זענען פאַרבליבן

נאָך די קבר־בערגלעך און עפּעס אַ תּפילה, אַ כאָרכלעניש פון פּראָסטע, אויפגייענדיקע אידישע ווערטער האָט אין דער אוהל־פינצטערניש צוריק לעבן געמאַכט דאָס גוטע, לויטערע ליכט פון די פאַרשטאָרבענע גוטע אידן. אויף אַזאַ אופן האָט דער פעטער כּיל מתפּלל געווען. ער האָט געבעטן צו די פאַלדן פון דער איינפאַלענדיקער ערד אונטער זיך און מיט זיינע ליפּן געזוכט פון דאָרט אַרויסצושיילן עפּעס אַ דערלייכטערונג, אַ נס קעגן דער גרויסער אידישער מגפה. ער האָט אַפילו געוויינט, אַ שטאַמלענדיק געוויין פון טרערן און תּפילה צו די הייליקע שאָטנס, זיי זאָלן זיך מיען פאַרן באַשעפער. ער האָט געבעטן פאַר טהרה און פאַר אַ ביסל ווייסגעצייג פאַר די געשטאָרבענע אידן אויף יענער זייט געטאָ".

אין דעם איינציקן פּאַראַגראַף זענען דאָ סימנים פון קינסטלערישער און מענשלעכער גרויסקייט. זיי רופן אין אונז אַרויס אַ געפיל פון דאַנק־באַרקייט צום בלינדן צופאַל, וואָס האָט פאַר אונז אָפּגעראַטעוועט אַזעלכע אידישע ווערטער, וואָס מ'וועט זיי לייענען מיט אַ רעליגיעזן ציטער, אַזוי לאַנג ווי דאָס אידישע פאָלק וועט לעבן.

„אידישער קעמפער", 28.7.1950

ג.

# ישעיהו שפּיגלס' נייע נאָוועלן

### וועגן בוך „די בריק"

אין דעם נייסטן בוך נאָוועלן — „די בריק" — (י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, תּל־אביב) וואָס דער פּראָזע־קינסטלער ישעיהו שפּיגל האָט נישט לאַנג צוריק אַרויסגעגעבן, איז צווישן די קורצע און לענגערע דערציילונגען פאַראַן אַ קליינע שטימונג־פאַרצייכענונג וואָס הייסט „טרויבן אין די בערג". אינגאַנצן האַלט די פאַרצייכענונג וואָסערע זעקס זייטן, אָבער זי איז דער בעסטער שליסל צו דער מאַגיק פון דעם אייגנאַרטיקן בע־לעטריסט, וואָס האָט זיך צו אונז באַוויזן ווי אַ פונק אָפּגעראַטעוועטע טרייסט מיט זיין בוך — „מלכות געטאָ". דאָס בוך „די בריק" באַשטייט פון זעכצן דערציילונגען און זייער קינסטלערישע שפּאַנונג געשעט אין מדינת ישראל, וואו דער מחבר האָט זיך באַזעצט קורץ נאָכן חורבן פון

פוילישן אידנטום. כ׳זאָג קינסטלערישע שפּאַנונג, ווייל דאָס איז דער קאָנטיקסטער סימן פון ישעיהו שפּיגל׳ס טאַלאַנט. די שפּאַנונג וואָס וועבט אַרום זיינס אַ דערציילונג אָדער אַ גרעסערע נאָוועלע, שטאַמט נישט פון אַ געשעענקייט, נאָר פון דער קינסטלערישער לופט וואָס מיט איר איז אַרומגעהילט אַלץ וואָס דער זעלטענער בעלעטריסט באַרירט.

די קורצע דערציילונג „טרויבן אין די בערג״ איז אינטערעסאַנט דערמיט וואָס שפּיגל האָט זי געשריבן אין לייכטן געמיט. ער האָט זיך געוואָלט אַ שפּיל טאָן מיט זיין מאַטעריאַל און האַלטן דעם לייענער געשפּאַנט ביזן סוף. אַן איינזאַמער מענטש אין אָפּרו צווישן די בערג און אַ גאַסט וואָס באַווייזט זיך פּלוצים אין דער איינזאַמקייט. „דעם קאָפּ האָט זי געהאַלטן שטאַרק אויסגעשטרעקט פאַר זיך בעת׳ן גיין, אירע האָר זיינען געווען שאַרף־ברוינלעכע, מיט אַ גלאַנץ פון גערייניקט גאָלד״.

ערשט צום סוף פון דער דערציילונג, ווען די דערנענטערונג ווערט וואַרעמער, געפינט דער לייענער אויס, אַז דער גאַסט איז אַ — קאַץ. אָבער ביז ער געפינט עס אויס שפּילט־אויס דער מחבר אַלע זיינע גרויסע מעלות אין מיניאַטור. די גאַנצע לופט פון אַ ישראל־לאַנדשאַפט ווערט ממש באַרירלעך, זי זינגט זיך אַריין אין די ביינער. ישעיה שפּיגל פאַר־מאָגט די דינסטע ווערטער ווי אַזוי אָנצופּינזלען לופט, ליכט, באַוועגונג און ער קאָן אַרום דעם אַלעם שאַפן דאָס אומרעאַלע, וואָס ליגט פאַר אים אין יעדער פיזיש־באַרירטער זאַך. איידער איר באַווייזט צו כאַפּן ווי אַזוי דער שרייבער האָט עס דערגרייכט, גיט ער עס אַ הויב־אויף איבער אַלץ וואָס איז אַזוי פּשוט דערציילט געוואָרן און עס ווערט פאַרסימבאַליזירט מיט אַ געהיימען כח.

יעדער גרויסער קינסטלער וואוינט אויף עטלעכע גאַרנס מיט־אַמאָל. ער איז הויך, העכער און נאָך העכער. ישעיהו שפּיגל האָט אונז שוין באַוויזן אין זיין „מלכות געטאָ״, וואָס ער קאָן טאָן מיט אומגליק־עפּיזאָדן, ווי ער קאָן זיי אַרומהילן מיט דער לופט וואָס מאַכט פון עטלעכע זייטלעך אַ קינסטלערישע געשעעניש, וואָס ווערט מאָנומענטאַל און אומ־פאַרמיידלעך. אין די זעכצן דערציילונגען באַווייזט זיך ישעיהו שפּיגל ווידער מיט אַלע זיינע קינסטלערישע באַגאָבונגען, איבערגעפלאַנצט אויפן ישראל׳דיקן באָדן.

די קורצע דערציילונג „טרויבן אין די בערג״ ענדיקט זיך מיט אַ מאָרד. די קאַץ פרעסט אויף אַ יאַשטשערקע. דאָס באַשעפעניש וואָס איז געקומען פאַרטרייבן איינזאַמקייט און איז אַזוי לײדנשאַפטלעך־גראַציעז און אַזוי פאַר׳חלומט׳ליבלעך, איז אַ גלייכגילטיקע מערדערין. עס לוינט זיך דערפאַר איבערצולייענען עטלעכע מאָל די קורצע און, אין לייכטערן געמיט, געשריבענע דערציילונג, ווייל כמעט שפּילעוודיק עפנט פאַר אונז דער קינסטלער זיין גאַנצן אַרסענאַל פון גרויסע מעגלעכקייטן. ישעיהו שפּיגל האָט אָנגעהויבן ווי אַ פּאָעט און אין 1930 איז דערשינען זיין ערשט בוך, אַ בוך לידער — „מיטן פּנים צו דער זון״. ס׳קאָן זיין אַז דערפון נעמט זיך דער מיסטישער צוגאַנג זיינער צו זאַכן, מענטשן און געשעענישן. אינגאַנצן ניין יאָר שפּעטער נאָך דעם בוך לידער האָט מען דאָס אידישע פּנים שוין מער נישט געקאָנט האַלטן אַנטקעגן דער זון. „מיטן פּנים צו דער זון״ איז אַ באַרג־אַרויף־נאָמען פאַר אַ יונגן פּאָעט, אָבער ניין יאָר שפּעטער האָט ער זיך געוואַלגערט אין אַ פינסטערניש, וואָס אַפילו אונזער אומגליק־געפּרואווט פאָלק האָט נישט געקאָנט אָנ׳חלומ׳ען.

נאָך דעם מעטעאָרישן בוך „מלכות געטאָ״, וואָס איז דערשינען אין 1947, האָט ישעיהו שפּיגל מיט צוויי יאָר שפּעטער ווידער פאַרעפנטלעכט אַ בוך לידער אונטערן נאָמען — „און געוואָרן איז ליכט״. צווישן דער ליכט ווען דאָס יונגע פּנים פון פּאָעט איז געשטאַנען אַנטקעגן דער זון און דעם אויפגעגאַנגענעם פאַרשעמטן ליכט נאָך דער פאַרטיליקונג, צאַפּלט זיך דער בליק פון דעם פּראָזע־מייסטער ישעיהו שפּיגל, וואָס זוכט צו באַשיידן וואָס ליגט אַזוינס אין דער וועלט פון מענטשן, באַשעפענישן און זאַכן צווישן די דאָזיקע צוויי ליכט־געשעענישן: דער באַטירלעכער דראַנג צו דער זון, האָפענונג, גלויבן און די קאַרגע טרייסט פון אַביסל אַרויסגעראַטעוועט לעבן וואָס איז אונז באַשערט.

ישעיהו שפּיגל האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו זיין דער פּאָעט אין זיין פּראָזע, אָבער ער ווייסט אַקוראַט ווי נישט אַריבערצוכאַפּן די מאָס; ער פאַרשטייט וויפל פּאָעטישקייט אַ בעלעטריסטיש ווערק קאָן פאַרטראָגן. דאָס ריכטיקע וואָרט פאַר יעדער קלענסטער דערציילונג וואָס ישעיהו שפּיגל שרייבט איז — ווערק. אַלץ ווערט באַרעכטיקט מיטן

קינסטלעריש־געשאַפענעם זיין און מיט דעם כח פון — אַז אַנדערש האָט נישט געקאָנט זיין. דאָס איז דער סוד פון אַ ווערק. עס הויבט אָן עקזיסטירן ווי אַ זאַך פאַר זיך און מען מוז עס צורעכענען צו אַלץ וואָס איז דאָ, ווייל אָן אמת קינסטלעריש ווערק ווערט אַ טייל פון אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן.

שפּיגל שאַפט ווערק און די זעכצן דערציילונגען זיינע אין דעם גייסטן בוך „די בריק" זיינען ווערק, וואָס כאָטש זיי זיינען געשריבן געוואָרן אין פאַרשידענע יאָרן פון זיין לעבן אין מדינת ישראל, קאָן מען אויף זיי גיין ווי אויף אַ בריק, וואָס פירט צו אַ נײַ לעבן.

אָבער וועמען פירט די בריק?

דער דאָזיקער וועמען איז דער סוד פון דער ביסימ׳דיקער בריק וואָס פירט צו דערלייזונג. דור המדבר׳דיק ליכט הענגט איבער די מענטשן וואָס זיינען אַריין אין לאַנד. יעדער שלעפּט־מיט, נישט זיינע זינד, נאָר די זינד פון אַן אומגליקלעכער וועלט, מיט די פּחדים פון ערשט־דורכגע־לעבטקייט, וואָס מ׳קאָן קיינמאָל פון זיך נישט אויסוויינען און וואָס מען קאָן אפשר קיינמאָל נישט דערלייזן. דער נייער דור המדבר גייט אויף דער בריק און ברענגט זיין חלק, אָבער אַ טרויער שנאָבלט אים כסדר און לאָזט אים נישט געזעטיקט ווערן פון נייעם לעבן. ער רוימט אים איין אַ סוד — נישט פאַר דיר, נאָר פאַר דיינע קינדער איז די פולע טרייסט. דו קאָנסט שוין מער נישט געטרייסט ווערן און — אפשר — טאָרסטו מער נישט געטרייסט ווערן, מחמת געטריישאַפט צו דיינע זכרונות.

דאָס איז אָן ערך דער שעפערישער טייטש פון ישעיהו שפּיגל׳ס ניי־באַפעלקערטער וועלט, שפּאַנענדיק אויף דער בריק פון אויסלייזונג. אין דער לעצטער דערציילונג אין בוך „די בריק" ווערט געהרג׳עט דער יונגער פּליט פון פּוילן. די בריק וועט געבויט ווערן, זי וועט פאַרבינדן דעם מאַראָקאַנער, דעם רומענישן, דעם דייטשישן פּראָפעסאָר, דעם תימנער — אַלע אידן. אָבער אַן אומגליק מוז געשען. דער געראַטעוועטער איד פון פּוילן, וואָס זעט אפילו אין די ישראל־בערג דעם פיין־מיראַזש פון זיין דורכגעגאַנגענעם גיהנום אין די לאַגערן, ווערט דער׳הרג׳עט אין דער בוי־אַרבעט. זיין ווייב טראָגט די בייע האָפענונג פון פּוילישן איד, וואָס

קאָן מער אינערלעך נישט געראַטעוועט ווערן. זיין טויט ביים בויען די בריק איז דער סימבאָלישער גאַנג אויף דער בריק, פון דעם נייעם אַריינ־געקומענעם דור המדבר.

און ווי פּרעכטיק די בריק ווערט געבויט! מען שפּירט דעם אַראָמאַט פון דער ערד, דעם פלאַטער פון אַ נייער לופט צווישן איינגענומענע בערג, ווי יהושע וואָלט נאָר וואָס אַריין מיט די שבטים, און די פאַרשידענע אידישע שבטים טראָגן דעם טויטן פּוילישן איד־ברודער אויף אַ טראָגבעטל.

פערצן דערציילונגען ליגן צווישן אָנהויב און סוף פון בוך. די ערשטע דערציילונג רופט דער מחבר — „דער פליענדיקער הירש". דער שווערער גאַנג פון דער באַפרייאונג הויבט זיך אָן. אַ פּוילישער איד ראַטעוועט זיך אַרויס פון פּוילן. אָבער אויף דער גרעניץ געשעען צו אים די רעשטלעך רציחה און רשעות פון אַ פאָלק, וואָס האָט געהאָלפן היטלער׳ן אומברענגען אידן. די גרעניץ־וועכטער ווילן נישט אַרויסלאָזן זייער קרבן פון די רציחה׳דיקע הענט. דער קרבן איז שוין אָבער אַן אויסגעגלייכטער איד, אויסגעגלייכט מיט דער האָפענונג, אַז אָט און ער קומט אין צוגעזאָגטן לאַנד. ער וויל אָבער נישט פאַרלירן די דערלייזונג, ער באַהערשט זיך, די רוצחים באַרירן מיט גראָבקייט יעדער האַרץ־קלאַפּ זיינעם. די דערציילונג הויבט זיך העכער און העכער, ביז זי שוועבט אויף דעם סימבאָלישן פליענדיקן הירש פון מדינת ישראל. דער איד האָט זיך געראַטעוועט, אָבער ווי וועט ער קאָנען אינערלעך זיך ראַטעווען פון קאָשמאַר און פון דעם לעצטן באַגלייטנדיקן פּחד, פון הונדערטער יאָרן לעבן מיט מערדערלעכע שכנים — די הונדערטער יאָר איינגעקלאַמערט אין עטלעכע שעה פון שרעק — ערב דערלייזונג? דער איד וועט גיין אויף דער בריק, אָבער מיט דעם קיינמאָל־ניט־פאַרגעסענעם־גרויל פון דעם נייעם דור־המדבר־איד פון אונזערע פיינלעכע יאָרן.

ס׳גייען אויף דער בריק אַלטע געראַטעוועטע טאַטע־מאַמע וואָס קומען־אָן צום יונגן איידעם און צו דער יונגער טאָכטער אין דער פּרעכטיקער דערציילונג „מוראַשקעס". אומעטום ווערט דער טויט פאַרשפּיגלט אין באַשעפעניש, לעבעדיקע מוראַשקעס, געפאַלענע פייגל, אַפילו טויטע קאַרטאָפליעס. זיי קומען־אָן ווי מוראַשקעס און שטאַרבן ווי פייגל, יעדער

אייגער מיט זיין אָפּגעשפּאַרטער חולאת, אַ קראַנק האַרץ, אַ בלוט־קראַנק־הייט, אַ קריסטלעך ווייב אין אַ אידישער פרעמד. אַ קינד שטאַרבט אויף דער נייער ערד און ס׳ווערט געשאַפן דער בונד צווישן דער פאַרטרויערטער מאַמען און דער הייליקייט פון דער טרויעריקער ערד.

אומעטום שפּראָצט דער טויט אויף נייער ערד, אָבער די לעבעדיקע בריק טראָגט פאַראויס דעם אָפּשפּאָר צו ניי לעבן. איבער דעם דאָזיקן מענטשן־שטראָם וואָס האָט פאַרשלעפּט אַזויפיל פאַרטרויעריקטע יאָרן אין נייעם לאַנד, מיט דער פולער באַרעכטיקונג צו אַ ניי לעבן, פלאַטערט די אומפאַרמיידלעכקייט פון פּחד, וואָס מוז שטאַרבן און פאַרגיין, כדי ס׳זאָל אויפגיין די פולע פרייד.

ישעיהו שפּיגל פאַרמאָגט אַלע קינסטלערישע מכשירים צו איבער־צייגן אונז אַז אַזוי דאַרף און מוז זיין. נישט דער אַלטער איד איז דער דור־המדבר, נאָר זיין פּחד, זיין דורכגעלעבטער קאָשמאַר. ער איז אַריין אין לאַנד, אָבער ער שפּאַנט אויף אַ נישט דערגייענדיקער בריק, וואָס אונטער איר און אַרום איר שפּילט עס מיט לעבן און אַ לעבעדיקער אייביקייט.

פאַראַן אין בוך באַזונדערע מייסטערישע שטעלן, זייטלעך גאַנצע, וואָס מ׳קאָן לייענען און ווי באַזונדערע קלענערע מייסטער־ווערק פון לשון, נאַטור־שילדערונג, געשאַפענע האַלב־טענער, מאַגישע מוזיק פון צונויפגעפּאַרטע ווערטער. דער סימבאָליקער שפּיגל שטייט מיט ביידע פיס אויף געזונטער ערד מיט אַלע חושים און ער בויט אַלץ אויף רעאַ־ליטעטן, נאָר ער ווייזט אונז גלייך מיט קינסטלערישער איבערצייגנדיקייט, אַז די דומם׳דיקע רעאַליטעט פאַרמאָגט אַ נשמה און אַפילו אַ נשמה יתירה.

„די בריק״ איז אַ זאַמלונג פון קינסטלערישע נאָוועלן וואָס ווייזן אונז ווי דער פּאָעט־בעלעטריסט פון „מלכות געטאָ״ שפּאַנט אַליין אויף זיין בריק און זוכט מיט פאַרציטערטן פּנים און אַ האַרץ באַלאָדן מיט קיינמאָל־נישט־פאַרמעקטע זכרונות די הייליקע זון פון אידישן לאַנד.

„אידישער קעמפער״ 31.9.1964

ד.

## ישעיהו שפּיגל׳ס לידער

דער גרויסער דערציילער פון דער געטאָ ישעיהו שפּיגל דאַרף האָבן דעם שטח פון אַ צוואַנציק לידער, כדי צו פאַרגליווערן דעם גרויל, וואָס איז פאַראַן אין זיינס אַן איינציקער קליינער דערציילונג, אָבער זיינע לידער זיינען אַ וויכטיקע אַקאָמפּאַנירונג צו די דערציילונגען. שפּיגל האָט אָנגעהויבן מיט לידער און אין 1930 האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ בוך לידער, וואָס האָט געהייסן — „מיטן פּנים צו דער זון". דעמאָלט האָט זיך אים נישט געחלומט אַפילו, אַז אים וועט באַשערט זיין צו שטיין מיטן פּנים צו דער ערגסטער פינסטערניש און אַז ער וועט דער פינסטערניש קענען געבן ליכט, דורך דערהויבן דעם אומבאַשרייבלעכן פּחד אין דער געטאָ צו אַ מלכות־געטאָ. זיין קליין ביכל — „מלכות־געטאָ", מיט די קורצע דערציילונגען, וואָס ער האָט געשריבן און באַגראָבן אין דער לאָדזשער געטאָ און שפּעטער אויפגעגראָבן, שטייען אויך „מיטן פּנים צו דער זון", אפשר צו אַ גרעסערער זון, ווי דער דאָזיקער סימבאָליש־גרייטער באַגריף באַטייט. אין 1930 האָט ער בלויז באַדאַרפט זיך אַ קער טאָן צו דער זון, אָבער אין זיינע געטאָ־דערציילונגען, אַ צענדליק יאָר שפּעטער, האָט ער זיך געמוזט דערגראָבן צו דער זון, ווי אַ לעבעדיק־באַגראָבענער, מיט אַנגסטן און דורך דער גרעסטער האָפנונגסלאָזיקייט. אָבער דאָך איז אים געלונגען צו עפענען שטיקער ערד מיט די נעגל און זיינע דערציילונגען, וועגן דער ערגסטער חשכות, זיינען געוואָרן באַלויכטן.

דאָס בוך לידער וואָס ער האָט נאָר־וואָס אַרויסגעגעבן אין לאָדזש טראָגט דעם נאָמען — „און געוואָרן איז ליכט". דער קינסטלערישער באַפעל איז מקוים געוואָרן אין אַ צאָל פון זיינע דערציילונגען אין זיין — „מלכות־געטאָ", טיילווייז אויך אין — „שטערן איבער דער געטאָ", אַ זאַמלונג דערציילונגען, וואָס איז דערשינען מיט אַ יאָר שפּעטער. אַ ביי בוך מיט דערציילונגען, וואָס פאַרענדיקט די סעריע פון די פאַרגראָבענע און אויסגעגראָבענע געטאָ־דערציילונגען — „מענטשן אין תהום" איז אַרויסגעקומען אין אַרגענטינע, גלייכצייטיק מיטן דערשיינען פון זיין

בוך לידער אין לאָדזש. איבער די ניי־פאַרעפנטלעכטע דערציילונגען וועט מיר נאָך אויסקומען צו שרייבן אַן אַנדערש מאָל.

לויט דער הקדמה צום בוך לידער, זיינען די אַלע כתבים אַריינ־געלייגט געוואָרן אין דער פינצטערניש פון דער ערד דורך ישעיהו שפּיגל׳ס פאָטער, משה ב״ר שמואל שפּיגל, וואָס האָט „מיט האַלב־אָפּגעשטאָרבענע הענט״ פאַרגראָבן די לידער און באַוועלן אין אַ בלעכערנער פּושקע אין אַ פינצטערן געטאָ־קעלער.

פאַרגראָבן — איז אַ גוט וואָרט און דאָס וואָרט געהערט צום מחבר. אויך די האַלב־אָפּגעשטאָרבענע הענט פון טאַטן, וואָס איז אומגעקומען אין אוישוויץ זיינען געווען פול מיט האָפנונג, אַז ער באַגראָבט נישט אויף אייביק, נאָר ער פאַרגראָבט בלויז „ווי מען פאַרגראָבט אַ זוימען, וואָס דאַרף אַמאָל אויפגיין אונטער גוטע, ליכטיקע הימלען״. דער טאַטע, דערציילט אונז ישעיהו שפּיגל, איז געווען אַ פּשוטער האָרעפּאַשנער פאָלקס־ייִד און פאַר אַזאַ ייִד איז עס געווען אַ באַזונדערע לאַסט צו טראָגן אין דער גרעסטער פינסטערניש, נישט נאָר דעם גלויבן אין גאָט, נאָר אויך דעם גלויבן אין מענש, און דערצו נאָך דעם גלויבן אין דער ליכטיקער מיסיע פון זיין זון׳ס פּאַפּירלעך.

נאָך דער אויסגראָבונג האָבן זיך שפּיגל׳ס כתבים אַרויסגעוויזן פאַר אַן אמת געפינס. זיי האָבן זיי איינגעבערענגט טויזנטער יאָר פון פאַר־גראָבנקייט. צווישן דער חשכות פון דער געטאָ, וואו די דערציילונגען זיינען געשריבן געוואָרן, און די ליכטיקע כתבים איז סיי ווי געווען אַ דיסטאַנץ פון טויזנטער יאָר. דאָס זיינען געווען די טויזנטער יאָר וואָס אַ פאַרגראָבענע קינסטלערישע זאַך דאַרף האָבן, כדי זי זאָל זיך גוט אויסליגן און אויסשימעלן, ביז זי ווערט רייף אויסגעגראָבן צו ווערן פאַר אַן אָפּשאַצערישער רעטראָספּעקציע, אויב מ׳קען זיך אַזוי אויסדריקן. אָבער אין דער גיכער דערלייזונג פון די כתבים, אין זייער אויפקומען פון דער טיפסטער, קעלערדיקער פינסטערניש, איז סיווי פאַראַן דער ליכטיקער מרחק צווישן באַלוט, דער לאָדזשער געטאָ — און צווישן דעם קינסטלער׳ס הענט, וואָס האָבן זיי אַריבערגעהויבן איבער דער חשכות און איבער די פאַר׳סמ׳טע גראַטעס.

דער נאָמען פון די לידער — „און געוואָרן איז ליכט״ איז חל אפשר

מיט מער איבערצייגונג אויף די דערציילונגען פון דער געטאָ, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן די פּראָבע פון דעם „טאַטנ׳ס פאַרגראָבענעם גלויבן". אָבער אויך די לידער פאַרמאָגן אין זיך שפּריצלעך ליכט פון יענער באַלויכטע־נער פינסטערניש, אויב מ׳לייענט זיי צוזאַמען, בעסער געזאָגט אויב מ׳זאָגט זיי צוזאַמען, ווי מ׳זאָגט תפילות. מען דאַרף זיי זאָגן איינס נאָך ס׳אַנדערע, כדי צו ווערן דורכגעדרונגען מיט דעם געזאָגטן, געציטערטן, הגם נישט אַלעמאָל אָפּגעציטערטן וואָרט און כדי צו דערפילן, אַז אין דעם געזאָגטן איז פאַראַן אויך די זעלביקע דורכגעליכטיקטע פחדים׳דיקייט פון זיינע דערציילונגען.

אין די דערציילונגען איז ישעיהו שפּיגל ליריש, אָבער ער דערגרייכט עס מיט אַ זעלטענער אָביעקטיוויטעט. ער מישט זיך נישט אַריין אין זיינע דערציילונגען און ס׳איז פונדעסטוועגן נישט שווער צו זען דעם מחבר צווישן דער גאַנצער טרויעריקער עדה אידן אין דער געטאָ. אין די לידער זיינע איז ער אויך ליריש, אָבער ס׳איז שוין שווערער צו זען, אַז צוזאַמען מיט דעם דיכטער איז אויך געווען אין געטאָ אַן עדה אידן.

כ׳ווייס נישט צי שפּיגל׳ס דערציילערישע קונסט לאָזט זיך אַנאַליזירן. ס׳וואָלט אפשר געווען ריכטיקער צו זאָגן — לאָזט זיך שוין אַנאַליזירן, אָבער מיר דוכט זיך, אַז זיין ליכטיקייט אין דער חשכות קען זיך פאַרגלייכן מיט סוצקעווער׳ס ליכטיקע פערזן, וואָס ער האָט אונז אויך, אויף זיין שטייגער, אויסגעגראָבן פון דער קעלערדיקער טיפעניש. ווען מ׳זאָל עס נעמען אין אַ העכערן זין, ווייל אויף אַ נידריקער מדרגה קען עס קלינגען ווי פּראָפּאַנאַציע, מוז מען זאָגן, אַזביידע קינסטלער, שפּיגל דער דער־ציילער און סוצקעווער דער דיכטער, פאַרמאָגן אין זיך אַ קינסטלערישע שפּילעוודיקייט, אַ גאָט־געבענשטע שפּילעוודיקייט, וואָס האָט זיי נישט פאַרלאָזט אויך אין דער געטאָ, דורך דעם גרעסטן אומגליק. אַזוי גיך ווי זיי האָבן געזען ווערטער האָבן זיי געזען — ברויט. זיי האָבן געהאַט דעם כח זיך צו זעטיקן מיט ווערטער און נאָכדעם געפינען דאָס זעטיקע געמיט זיך צו שפּילן מיט דעם מאַטעריאַל. נאָך אַמאָל — דאָס איז אַלץ גערעדט אויף אַ העכערער מדרגה, וואו ס׳קען קיין רייד נישט זיין פון פאַרשוועכונג. אין אַ געוויסן זין זיינען די קינסטלער — די קינדער פון דער געטאָ, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן פון גאָט־ווייס־וואו, ביי דער גרעסטער

איינשטעלעניש, געבראַכט אַ פּאַרפוילטן קאַרטאָפל, כדי דער קינדערשער שפּיל זאָל נישט אָפּגעשטעלט ווערן אויך אין געטאָ, וואו יעדער קינדער־שמייכל איז געווען אַזוי נויטיק פאַר די דערוואַקסענע.

צוזאַמען מיט דער גרויסער שליחות, אַז דער זוימען פון ליכט דאַרף, מוז און וועט אויפגיין ממעמקים, האָט אויך אין אַזאַ קינסטלער, ווי ישעיהו שפּיגל, געלעבט די קינדערשע נאַאיוויטעט. מ׳דאַרף זיך קענען אומזיסטיק שפּילן ווי אַ קינד, כדי צו קענען אויפהאַלטן, אָפּפּינס־טערנדיק טעג און נעכט אין דער געטאָ, דעם גלויבן. ווען דער טאַטע האָט פאַרגראָבן די כתבים, מיט האַלב־אָפּגעשטאָרבענע הענט, איז עס אויך געווען אַזאַ אומזיסטיקער שפּיל, אָבער שרייבן לידער און דערציי־לונגען מיט האַלב־אָפּגעשטאָרבענע הענט, פאָדערט די רירעוודיקייט פון אַ געניאַלן מענטשן, וואָס קען זיך קינסטלעריש שפּילן מיט זיינע אייגענע פאַראַליזירטע הענט.

אָט די קינסטלערישע ליכטיקייט איז דאָס סאַמע מערקווירדיקסטע, אפילו פון אַ ריין־דאָקומענטאַלישן שטאַנדפּונקט, וואָס שטראַלט אונז אין פּנים, ווען מיר לייענען די אויפגעגראָבענע דערציילונגען פון ישעיהו שפּיגל. אין זיינע לידער פעלט דער דאָזיקער העכערער קינסטלערישער שפּיל. די טעמע — איך אין דער געטאָ, האָט זיך שפּיגל׳ן ווייניקער איינגעגעבן ווי — אידן אין געטאָ. ער אליין איז זיך אליין געפאַלן אַ סך שווערער, ווי ס׳זיינען אים געפאַלן די אַלע טעמעס, וואָס ער האָט דורכגעליכטיקט מיט זיין צער און שמייכל, בעת ער האָט געשריבן זיינע דערציילונגען. אין זיינע לידער איז דאָ אַ סך צער, אָבער ס׳פעלט יענער וואונדערלעכער שמייכל, וואָס גיט זיינע דערציילונגען די הויכע מדרגה פון קינסטלעריש ליכט.

אין די לידער זיינע שטייען מיר פּנים אל פּנים מיט אַ מאָנאָטאָנער פאָרם און מיט אַ צוגאַנג צום ליד, וואָס איז אַ סך הינטערשטעליק לגבי זיין געפּונענער אינטימיטעט מיט דער דערציילונג. עס פעלט אין זיי די ציטערדיקע פרייד פון שעפערישע הענט, אָבער, ווי געזאָגט, מען מוז זיי לייענען — אַ סך לידער צוזאַמען — כדי צו זען, אַז ס׳איז געווען כדאי אויך אַ טייל לידער צו פאַרגראָבן אויף שפּעטער.

די לידער זיינען איינגעטיילט אין פיר סעריעס. די ערשטע סעריע

איז געשריבן אין די יאָרן נאָך דער באַפרייאונג און זיי זיינען ווי אַ נאָכדענק צו די געשעענישן. דאָס בוך הייבט זיך אָן מיט די שורות:

שענק מיר דאָס געדעכעניש פון טויט,
פון אַלע די וואָס זיינען אַש געוואָרן.
שענק מיר דאָס געדעכעניש פון דור,
פון זיין לעצטער פּיין, פון זיין לעצטן צאָרן.

אַ צווייט ליד הייבט זיך אָן אין אַ פאָלקסטימלעכן טאָן, כמעט דירעקט ווי אַ פאָלקס־ליד:

ס'הענגט נידריק איצט דער הימל אויף מיין פענצטער,
דער ווינט, ער טראָגט שוין פרוכט אין גרינע סעדער.
נאָר נישט פאַרגעסן כ'וועל אייך, געסעלעך פון געטאָ,
ביי אַלע שטערן טו איך היינט אַ נדר.

כ'האָב געבראַכט די דאָזיקע צוויי ציטאַטן, כדי צו ווייזן אַז ווען ס'איז געקומען צו דערציילן פון דער געטאָ, האָט שפיגל נישט געהאַט קיין אבות און ער האָט אליין, אָן מורא, גענומען שאַפן זיינע אייגענע מוסטערן. אָבער אַז ער איז געקומען צום ליד, האָט ער שוין געזונגען טראַדיציאָנעל. אונזערע קלאָג־לידער זיינען מער אין דער טראַדיציע פון דער אידישער און אַלט־העברעאישער ליטעראַטור, ווי אונזערע קלאָג־דערציילונגען. די קלאָג־דערציילונגען ליגן און וואַרטן אויף אַ נייעם קינסטלערישן תיקון. פון אונזערע קלאָג־לידער דאַרף זיך ערשט אַ קינסטלער שטאַרק אויסהיטן, ווייל זיי הענגען זיך אָן מיט דער גאַנצער שווערקייט פון זייער איינגעוואוינטן געוויין.

אויך אין זיינע נאָכדענקנדיקע לידער געלינגט דעם דיכטער־דערציילער צו שילדערן, אָבער בלויז ווען ער פאַרגעסט דעם פרימיטיוון קלאָג־נוסח.

פון טויזנט פעלדזן ס'איז אַ פעלדז געבליבן —
אַ גראָע קלויזן־וואַנט געקושט פון פלאַם.
ווען ס'האָט דער אָוונט בלוטיקן גענומען,
האָב איך געקושט דאָס לעצטע אות אין פייער־ים.
דער ווינט האָט פון די הימלען אָפּגעווישט די שטערן
און ווי אַ בעטלער אַריינגעוויינט אין רויטע ציגל,
פון טויזנט פעלדזן ס'איז אַ פעלדז געבליבן.

די רעדלעך הילצערנע פון אַ יידיש וויגל.
אַ פאַרהענגל אַ ווייס — אַ זומערדיקער וואָלקן
האָט זיך אין טויטע פענצטער שטום באַוואויגן ;
פון טויזנט פעלדזן ס׳איז אַ פעלדז געבליבן,
דאָס וואָרט אין טויטע קינדערישע אויגן.

אין די אויבנציטירטע שורות איז פאַראַן אַ סך פון דעם דערציילער ישעיהו שפיגל, וואָס האָט זיין נאָמען אַריינגעשריבן מיט זיכערע הענט צווישן די גרויסע נעמען אין אונזער ליטעראַטור. די רעדלעך פון אַ אידיש וויגל, ווי דער איינציקער פאַרבליבענער פעלדז, דער ווינט, ווי אַ בעטלער וואָס וויינט אַריין אין רויטע ציגל, דאָס וואָרט אין טויטע קינדערישע אויגן — דאָס זיינען נישט קיין שורות אין נוסח קלאָג־ליד, נאָר אין נוסח גרויליקער דערצייל־קונסט פון ישעיהו שפיגל׳ס אייגענער געבענטשטער פעדער. אַזעלכע שורות זיינען פאַראַן אַ סך אין זיינע לידער.

די הימלען הענגען נאָך פאַרפייניקטע געשוואָלן
פון לעצטן רויך, פון לעצטן שריי פאַרשטיינט.
ס׳האָט זיך אַ איד אַוועקגעזעצט ביים טויער
און הויך אויפן קול אין זאַמד אַריינגעוויינט.

עס גיט זיך דעם דיכטער איין צומאָל אויך אין גאַנצע לידער צו פאַרגעסן דעם גרייטן נוסח פון פאָלקישן קלאָג־ליד און אפילו אויך די גרייטע ווערטער. אָט איז אַ קליין ליד מיט דער דאַטע 1941 וואָס לייענט זיך, אויב מ׳קען זיך אַזאַ זאַך פאָרשטעלן, ווי אַ זוניקער גרוס פון דער געטאָ.

כ׳בין הונגעריק נאָך דיין ליכט יעדן טאָג,
ווי נאָכן ברויט, וואָס איך עס אינעם חלום,
כ׳בין דורשטיק נאָך דיין וואָרט יעדן טאָג,
ווי נאָכן וויין וואָס איך טרינק אינעם חלום.
דו האָסט מיך פאַרשטילט ווי אַ מושלע
אין גאָלד־זאַמד אויף אַ ווייטן ברעג.
די שטערן צינדן מיך אָן —
איך הענג איבער אָפענעם תהום
און טרינק דיין קילע אָוונטיקע שיין
פאַר טויט און פאַרגיין.

ווען מען עסט ברויט אין חלום איז שווער אָנצושרייבן אַזאַ שטערן־באַלויכטענע ליד. ס'איז אַ סך לייכטער צו קלאָגן ווי צו שרייבן מיט הונגעריקע הענט — „דו האָסט מיך פאַרשטילט ווי אַ מושלע אין גאָלד־זאַמד אויף אַ ווייטן ברעג". די נישט געגראַמטע שורות פאַרמאָגן אין זיך מער מוזיקאַלישקייט, ווי אַ סך געגראַמטע לידער.

נאָך אַ ליד, געשריבן אין געטאָ, פון פאַרוואַנדלטן שרעק און הונגער וואָלט מען באַדאַרפט ציטירן אינגאַנצן. כ'מוז זיך באַנוגענען בלויז מיט די ערשטע פיר שורות.

איך ליג ביינאַכט אַ הונגעריקער, נאַקעט נישט פאַרדעקט,
דער הימל הענגט אין שויב גליווערדיק און טויט.
מיט דראָבנעם מאָן פאַלט אויף מיין קאָפּ דער
מילכוועג
און ס'ציטערט אויף מיין מויל דער לבנה־זוים —
אַ שטיקל ברויט.

אָט דאָס איז אויך ישעיה שפּיגל, אַלע אַלטע שיינקייטן פון דער וועלט'ס פּאָעטישן סידור, דערפירט צום טראַגישסטן חלום פון אַ שטיקל ברויט.

פאַראַן אין שפּיגל'ס לידער אַ סך קינסטלערישע ערלעכקייט. כ'וויל זיך נישט אַריינלאָזן אין דעטאַלן, ס'איז נישט דאָס אָרט און נישט די צייט דערפאַר. אָבער די ערלעכקייט קומט דיר אַנטקעגן אין אַ צאָל לידער, און דערהויפּט אין זיין פּאָעטישן דיאַלאָג צווישן די צוויי אידן, אין זיין דראַמאַטישער פּאָעמע — „געזעגענונג". איין איד באַשליסט צו בלייבן בויען זיין צוקונפט אין נידערשלעזיע, דער צווייטער איד קען שוין מער נישט בויען. ער מוז לעבן מיט דעם שרעק ביזן סוף פון זיינע טעג. אין די הענט פון אַן אַנדער קינסטלער וואָלט אַזאַ ליד, געשריבן אין נידערשלעזיע, אין 1947, געוואָרן אַ ביליקע פּראָגראַמאַטישע רעדע. אָבער שפּיגל'ס ליד פינקלט מיט ערלעכקייט, אויף אַ וואָגשאָל פון תמימות. זאָגט איין איד:

דו גלייבסט — עס האָט אַ נס דיין לייב געשיצט.
נאָר איך, איך גלייב נישט מער אין ניסים.
דיין לעבן האָט געשיצט דער העלדנטויט פון טויזנט זין,

פון יענעם לאַנד וואָס ליגט אין מזרח און אין
קאַלטן צפון —
דער טויט פון טויזנט זין — דאָס איז געווען דער נס
און זייער הייליק וואָפן.

ענטפערט דער צווייטער איד —

אַ לעסטער נישט דעם שאָטן דעם הייליקן פון פאָלק,
פון אַלע פשוטע און פּראָסטע אידן.

זאָגט דער ערשטער איד —

נישט אַלץ וואָס איז געווען — געווען איז הייליק.

אָבער דער צווייטער איד דערמאָנט אים:

דער טויט אַליין — מאַכט הייליק שוין זייער שאָטן,
וואָס פאַלט אויף מיינע און אויף דיינע אויגן.

צו קענען אַזוי ערלעך פאַרטיילן לשון צווישן צוויי אידן אין נידער־שלעזיע, האָט שפּיגל געמוזט זיין דער אויפריכטיקער קינסטלער פון זיינע אייגענע דערציילונגען.

אין די לעצטע לידער, וואָס דער דיכטער האָט געשריבן אין 1949, איז פאַראַן מער ווי איין סימן פון זיך־פאַרגעסנדיקער נאָכדענקונג, פון אוועקגיין פון נוסח קלאָג־ליד. ס׳הויבט אויף דעם קאָפּ דער אָריגינעלער קינסטלער, וואָס קען זיך גרויסשטייגערדיק שפּילן מיט זיין מאַטעריאַל און וואָס געפינט מוזיק און ווערטער דערפאַר, אַז דער שפּיל זאָל נישט לעסטערן דעם אינהאַלט. גראָד זיינען די מייסטע לעצטע לידער געשריבן אין פרייען פערז און גראָד זינגען זיי מיט אַ טיפערער מוזיק, ווי שפּיגל׳ס שווער־איינגעשפּאַנטע לידער. כ׳ברענג דאָ ציטאַטן פון עטלעכע אַזעלכע לידער:

טויזנט יאָר ווי אַן אומגעקערטער וויין־בעכער,
ליגט אויף די וואַסערן פון פאַרגעגלעכקייט.
און דו — דו זינגסט נאָך אַלץ ביינאַכט,
ווען נעמסט אַרום דעם בלייכן זוים
פון ציטערדיקן לבנה־שאָטן אינם טייך.

דאָס איז אַן אויסצוג פון אַ ליד צום גענעאַלן ווײַן־טרינקער לי־טאַי פּע. אָט זײַנען שורות פון אַן ליד, וואָס שנײַדן אויס אַ ווינטער לאַנד־שאַפט אין ווראָצלאַוו.

די שטילקייט אויפן שניי לויערט. אַ דערשראָקענער
הירש שפּרייזט
לעבן אַן איבערגעקערטן זשאַווערדיקן טאַנק.
די ערד פֿאַרבונדן מיט ווײַסע שניי־באַנדאַזשן,
איז אין איר שטילקייט קראַנק.

דער גרויסער דערציילער ישעיהו שפּיגל שילדערט דיכטעריש דרײַ אידישע זקנות, וואָס ווי „דרײַ אַלטע דרימלענדיקע פֿייגל מיט פֿאַרשפּיצטע שנאָבלען ציילן זיי צווישן די אַלטע פֿינגער אַלע דורות, וואָס זײַנען מיט די וואָלקנס אָפּגעשוואומען״.

אַ שפּראָץ אויף ליכט איז אויך פֿאַראַן אין זײַן ליד צו אַ אידישן קוילנגרעבער —

די טיפעניש פון ערד איז נישט קיין בונקער,
נאָר די טויטע וועלדער בענקען אַרויף אויפסניי
צו ווערן גרין,
צו ווערן ליכט
דורך דײַנע אַדערדיקע הענט —
מײַן שווײַגנדיקער ברודער.

פֿאַראַן נאָך אַ סך אַזעלכע שורות אין די לידער פון דעם וואונדער־לעכן דערציילער, וואָס רײַסן זיך „צו ווערן גרין, צו ווערן ליכט״, צו באַפרײַען זיך פון אײַנגעשפּאַנטקייט און צו ווערן קינסטלעריש באַפרײַט, ווי עס זענען זײַנע גרויסע אויסגעגראָבענע דערציילונגען.

„אידישער קעמפער״, 17.2.1950

ד"ר שלמה ביקל (1896—1969)

# י. שפיגלס נייע דערציילונגען

## וועגן „די בריק" א. א. דערציילונגען

מען האָט אין דער יידישער אַמעריקע ווייניק געשריבן וועגן דעם בעלעטריסט ישעיהו שפיגל, וואָס וווינט אין ישראל און האָט ביז איצט שוין אַרויסגעגעבן זעקס בענד דערציילונגען. ס'קאָן געזיין אַז עס איז נישט אַזוי, און דאָס איז בלויז מיינס אַן אויסדוכטעניש. אָבער אויב אַפילו נאָר אַן אויסדוכטעניש נעמט זי זיך ראשית פון מיין אייגענעם שולד־געפיל און שנית פון דער איבערצייגונג, אַז וויפל מען זאָל וועגן אים נישט האָבן געשריבן איז עס ווייניק, וואָרים ישעיהו שפיגל איז, היינט־צו־טאָג, בלי ספק, איינער פון די סאַמע וויכטיקסטע פּראָזע־מייסטער אין דער יידיש־ליטעראַטור.

זיין פּראָזע צייכנט זיך אויס אי מיט איר אייגענער טעמאַטיק און אי מיט איר העכסט אייגענעם אופן פון געשטאַלטיקונג. שפּיגלס דער־ציילונגען פאַרמאָגן אַ זעלטענעם לירישן ציטער, אָריגינעלע שפּראַך־בילדערישקייט, וווּנדערלעכע נאַטור־געמעלן און — עס שטייט הינטער זיי אַ שרייבערישע פּערזענלעכקייט מיט אַן אַליין פאַרהאַרעוועטן בליק אויף לעבן, אויף מענטשן און אויף באַציאונגען צווישן מענטשן.

שפּיגלס טעמאַטיק איז אַ העכסט־אייגענע, הגם זי איז די טעמאַטיק פון חורבן און פון חרוב־געוואָרענע מענטשן, וואָס עס איז זיי שווער, און טאַקע אוממעגלעך, איבערצובויען זייער לעבן און זיך איינצוגלידערן אין דעם נייעם ישראלדיקן אויפקום. וואָס קאָן, דאַכט זיך, זיין מער רשות הרבימדיק, ווי אָט דער מאָטיוו פון יידן אין געטאָ, און פון יידן, אַריינגעקומענע אין יידישן לאַנד, וואָס זענען צו אַלט און צו צעבראָכן צו ווערן נייע עולים?

דער סוזשעט איז טאַקע נישט קיין נייער, אָבער ניי און אָריגינעל איז ישעיהו שפּיגלס זעונג פון די געשטאַלטן, וואָס ער פירט אַרויס אין זיינע זעקס פּראָזע־ביכער, אָנהייבנדיק פון „מלכות געטאָ״ אין 1947 און ביז צו די זעכצן דערציילונגען, וואָס ער האָט אויפגעזאַמלט אין זיין נייסטן באַנד אונטערן נאָמען „די בריק״ (תל־אביב, 1963).

אויך אין דעם שם הכולל פון שפּיגלס נייעסטן בוך וואָלט פּאַסיק געווען אַריינצושטעלן דאָס וואָרט „מלכות״. די ערשטע זאַמלונג האָט געהייסן „מלכות געטאָ״. די איצטיקע וואָלט מען געקאָנט באַצייכענען מיטן נאָמען „מלכות עלנט״. און מלכות מיינט ביידע מאָל נישט בלויז געאָגראַפישער אויסשפּרייט, נאָר דאָס וואָרט האָט אויך און קודם כל, אינזינען צו זאָגן אַז די פּסיכישע קוואַליטעט פון די מענטשן און פון זייער עלנט איז אַ קיניגלעכע.

נישט נאָר האָט ישעיהו שפּיגל אויפגעשטעלט אַ בעלעטריסטישע אימפּעריע פון עלנטע געשטאַלטן, נאָר די הויפּטגעשטאַלט פון כמעט יעדער פון די דערציילונגען איז על פּי געמיט אַ מלך. אַ דעטראָנירטער, אַ פּאַרטריבענער קעניג. אָבער אַ מאַן מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ. נישט איינער פון זיי ווערט געפּלאָגט פון הונגער און גייט אַרום אין שמאַטעס, אָבער קיינער פון זיי פאַרגעסט נישט, אַז ער איז אַמאָל געזעסן אויף אַ טראָן און יעדער פון זיי טראָגט זיך אַרום מיט עפּעס אַ זכר פון דער אַמאָליקער קעניגלעכקייט. און אַז ס׳איז שוין כלו כל הקיצין און די געבראָכנקייט נעמט די אויבערהאַנט איבער דער יחוסדיקער חשיבות פון שפּיגלס מענטשן, קומט די דערמאָנונג וועגן ערגעץ אַ באַהאַלטענער זאַך אָדער וועגן ערגעץ אַ פאַרהוילענעם מאָמענט פון אַמאָליקן לעבן און ברענגט צריק די מענטשלעכע חשיבות. דער אָרום כאַפּט נישט תמיד אויף די סימבאָליק פון „די אַלטע, דומע זאַכן, וואָס וועלקען קיינמאָל נישט״, אָבער דער מענטש וואָס האַלט די געפונענע „אַלטע זאַך״ אין האַנט שפּאַרט זיך אויף איר זעליש אָן און גלייכט זיך אויס. איצט גייט ער אַקעגן דער דערנידעריקונג, דער געפאַלנקייט און דעם טויט מיט קעניגלעכער חשיבות. און די „אַלטע זאַך״ איז אין זיין האַנט דער סצעפּטער פון מלכות.

נישט בלויז לענאַ און מינע פון דער דערציילונג „די קוקאָווקע״

זענען „געווען פון אַזעלכע אַלטע וואָרצל־געוועבן, וואָס די צייט און דער שטורעם, די נויט און די איינזאַמקייט פאַרטיליקן קיינמאָל נישט אין זיי די זילבערנע, קיימענדיקע פעדעם פון דער ערשטער זריעה". כמעט דורכאויס אַלע שפּיגלס געשטאַלטן זענען געמאַכט פון דעם שטאָף. די ערשטע זריעה מיט די זילבערנע פעדעם קאָן דורך נויט און אומגליק פאַרהוילן ווערן, אָבער זי גייט קיינמאָל נישט אונטער. זי שטאַרבט נישט אַוועק.

דער אויבער־קעלנער אַלבערט פיש פון דער דערציילונג „אַ זילבערנער בעכער" און גרעטאַ, די העלדין פון דער געשיכטע וועגן „דער רויטער זשאַקעט" (די צוויי דערציילונגען, פון די סאַמע שענסטע און אויפרודערנ־דיקע ביי שפּיגלען, זענען ממש פּערל אין דער יידיש־בעלעטריסטיק) זענען פון דעם דאָזיקן שטאָף און זיי שטאַרבן מיט דעם סצעפּטער פון זייער קעניגלעכקייט אין האַנט.

דער אויבערקעלנער, אַלבערט פיש, וואָס איז אַ קוואַרטיראַנט ערגעץ ביי אַ ייד אין אַראַבישן קוואַרטאַל, איז שוין אַראָפּגעפאַלן ביזן סאַמע תהום פון נויט. ער איז הונגעריק. ער איז באָרוועס און נאַקעט, ער איז קראַנק און באַלד וועט ער נישט האָבן אויך קיין דאַך איבערן קאָפּ, ווייל ער האָט נישט צו באַצאָלן קיין דירה־געלט.

ס'איז פאָרן געוועזענעם אויבער־קעלנער אַלבערט פיש נישט געווען קיין אַנדערער אויסוועג ווי צו ווערן אַ בעטלער. איז, אין איינעם אַ טאָג, ווען די בעלי־בתים פון דער דירה זענען אַוועקגעפאָרן קיין דרום אויפן קבר פון זייער געפאַלענעם זון און פיש איז געבליבן אַליין אין דער היים, איז אין אים אויפגעגאַנגען אַ דערמאָנונג פון אַן „אַלטער זאַך וואָס וועלקט קיינמאָל נישט". ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון אונטערן בעט זיין אַלטן צעבראָכענעם טשעמאָדאַן און פון דאָרט אַרויסגענומען דעם קעלנע־רישן פראַק און פון אונטער כל'ערליי קלייניקייטן אויך אַרויסגעגראָבן אַ זילבערנעם ווייַנבעכער, וואָס איז געשטאַנען, „אַרומגעהילט אין דער פרימאָרגן־גראָקייט אין זיין שטאָלצער, זילבערנער איינזאַמקייט, ווי אַ יונגער, שלאַנקער גוף, וואָס גרייט זיך צום לעבן".

און אָנגעטאָן אין פראַק און מיט דעם זילבערנעם בעכער אין האַנט האָט זיך דער געוועזענער אויבער־קעלנער אַוועקגעשטעלט ביי דער גאַס

לענג־אויס דעם ים בעטן נדבות. די פאַרבייגייער האָבן געמיינט, אַז דער זקן איז אַראָפּ פון זינען, אַנדערע, אַז ער האָט צו פאַרקויפן אַ בעכער, און די מייסטע האָבן חוזק געמאַכט פון דעם מאַן אין „פראַנץ יאָזעפס פראַק", אין צעריסענע שיך און מיט אַ שווערן זילבער־אַנטיק אין האַנט.

דער אויבערקעלנער האָט דערהערט דעם קלאַנג פון דער ערשטער געוואָרפענער מטבע אין בעכער און „זייגע אַלטע ליפּן האָבן נצחונותדיק געשמייכלט, אַן אַלטן פאַרוויאַנעטן שמייכל צווישן די פאַרטריקנטע יאַסלעס. דער מטבע־קלאַנג אין בעכער איז לחלוטין נישט געווען ענלעך צום קלימפּעריי פונעם בלינדן קעגנאיבער מיט דער פאַרזשאַווערטער פלייש־פושקע".

און אַט דער שבת־בעכער מיטן זילבערנעם יחוסדיקן קלאַנג האָט אויפגעריכט דעם זקן. ער האָט צום ערשטן מאָל געהאַט דאָס געפיל, אַז ער שטייט אויף זיין ערד, וואָס האָט זיך ווי דער בעכער פונעם טשעמאָדאַן „אַרויסגעהויבן פאַר אים פונעם טיפסטן דנאָ".

איצט איז דער אויבערקעלנער אַלבערט פיש צוריק געווען ער אין זיין פולער קעניגלעכער ווערדע, און ער איז געשטאָרבן אַ זיגער — ער איז געגאַנגען צום טויט, „מיט לייכטער פויגלעשער פרייד און אָן פּחד, ביז צום לעצטן פאַרזיגלטן סוד".

און מיט נצחון צום „פאַרזיגלטן סוד" גייט אויך די איינזאַמע פרוי גרעטאַ, וואָס וווינט אין אַ צימערל נעבן דער הויכער וואַנט ווו ס'שטייען די מיסט־עמערס. זי האָט אַ געליימט קינד אין דער היים און די שכנים זענען פול מיט חשדים, אַז זי איז „פון יענער פּראָפעסיע". גרעטאַ גייט פרייוויליק אין טויט אַריין און די פּאָליציי ברענגט אַהיים דעם רויטן זשאַקעט מיט אַ בריוול, אַז מען זאָל נישט פאַרגעסן אַרויסצופירן דאָס קראַנקע קינד אונטערן איינזאַמען מאַראַנצן־בוים וואָס האָט זיך איינ־געשפּאַרט צו בליען און צו וואַקסן דאָ צווישן און איבער די מיסט־עמערס, און פאַרן „רויטן זשאַקעט" — זאָגט זי אָן — וואָלט צום בעסטן געווען צו קויפן „אַ וואַרעם מלבוש פאַר דער קליינער, אויסגעבעט מיט אַ שטיקל פוטער".

פון דער איינזאַמער יונגער מוטער, ווי שפּיגל האָט זי געשטאַלטיקט, ווייעט מיט זעלטענער צניעות און נשמה־ריינקייט, און אויך מיט דער־

הויבענעם יחוסדיקן שטאָלץ, מיט עפּעס אַן אייביקער נצחונדיקער בליאונג. נאָכן איבערלייענען די דערציילונג כאַפּט מען זיך, אַז דער מאַראַנצן־בוים איבער די מיסט־עמערס איז נישט בלויז רעאַליטעט, נאָר אויך אַ פּאַראבל פאַרן זיגערישן בלי אין איר איינזאַמען טרויעריקן לעבן און אויך אין איר מוטיקן און פּרייווויליקן טויט.

און דאָ זענען מיר אויך אין סאַמע מיט פון ישעיהו שפּיגלס אָריגינעלע און זעלטן־שיינע נאַטור־בילדער. די אָריגינעלקייט פון שפּיגלס פּייזאַשן איז, וואָלט איך געזאָגט, וואָס זיי זענען נישט באַשרייבונגען, נאָר דורכאויס נאַטור־געמעלן.

שפּיגלס דרך איז ווייניקער צו דערציילן וועגן דער נאַטור און מערער זי צו מאָלן. ער איז אַ מייסטער פון קאָלירן. יעדער זאַץ פּינזלט אָן אַן אַנדערע און אַ סוגעסטיווע פאַרב. עטלעכע זאַצן — און נישט איר לייענט אַ באַשרייבונג פון דער לאַנדשאַפט, נאָר זי שטייט פאַר אייך אויסגעמאָלן אויף דעם לייוונט.

אָט איז די לאַנדשאַפט פון רעגנצייט אין ארץ־ישראלדיקן פלאַכלאַנד. „די קליינע רעגן־סאַזשלקעס, פאַרבליבענע נאָך די פלייצרעגנס אין די נעכט, האָבן לאַנג געבלענדט בייטאָג צווישן די נאָך ליידיקע בנינים. זייער קאָליר איז געווען אַ פּערלמוטערנע און הימלדיקע. נידעריקע טאָל־וואָלקנס זענען געלעגן געפאַנגען אין די סאַזשלקעס. ווי שוואַרצע הימל־שיפן מיט פאַרזיגלטע, סודותדיקע גורלות".

אַזעלכע מיט קאָליר פלייצנדיקע און מיט קאָליר איבערצייגנדיקע לאַנדשאַפט־בילדער זענען פאַראַן אַ סך אין ישעיהו שפּיגלס דערציילונ־גען. די בילדער זענען אין בעסטן סטיל פון אימפּרעסיאָניסטישער מאָלעריי. די פאַרב־ניואַנסן, וואָס ווערן אויפגעכאַפּט אין דער שטימונג פונעם מאָמענט, פאַרפיקסירן די פולע גאַנצקייט און וואָרהייט פונעם בילד — די וואָרהייט פון גוף און נשמה. דאָס מיינט רעאַליסטישע פּראָזע דורכגע־ציטערט פון טיף־לירישער איבערלעבעניש.

אין זיינע לאַנדשאַפט־געמעלן ווי אין זיין געשטאַלטיקונג פון מענטשן און געשעענישן איז ישעיהו שפּיגל אַ לירישער דיכטער (שפּיגל האָט דעביוטירט אין אונדזער ליטעראַטור מיט אַ קנאַפּן פערטל יאָרהונדערט צוריק מיט אַ בוך לידער „מיטן פּנים צו דער זון"). זיין פּראָזע פאַרמאָגט

אַ לירישן ציטער, וואָס ווערט תמיד קינסטלעריש געמייסטערט. שפּיגלס פּראָזע נעמט קיינמאָל נישט קיין העכערן טאָן. זיין ציטער גייט קיינמאָל נישט איבער אין קיין טרעיאַלאָ און די דראַמאַטישקייט פון די געשטאַלטן און געשעענישן זינדיקט קיינמאָל נישט מיט דעם מינדסטן קנייטש פון מעלאָדראַמע און סענטימענטאַליזם.

די דראַמע פון שפּיגלס מענטשן און געשעענישן איז (נוצנדיק טאַקע זיינס אַ וואָרט) געשוואָלן מיט שטילקייט.

די דאָזיקע שטילקייט איז נישט קיין סימפּטאָם פון עפּעס אַ קרענק. ניין, זי איז דער גבורה־עלעמענט אין דער דראַמע פון שפּיגלס מענטשן, אַלע פּשוטע, אָרעמע און אויסגעוואָרצלטע בשר ודמס, אָבער אַלע על פּי זייער נשמהדיקן סטאַטוס דעטראָנירטע, פּאַרטריבענע מלכים, מיט אַן אומגעזעענער קרוין אויפן קאָפּ.

אין שייכות מיט שפּיגלס געראָטענער פאָרמולירונג „געשוואָלענע שטילקייט" איז כדאי אָנצוּווייזן, אַז ער איז ממש אַ מאדים אויף אָוועקשטע־לן אַדיעקטיוון, וואָס זענען אַזוי פּינקטלעך און צו דער מאָס אָריינגעזעצט, אַז מען קאָן זיי ממש נישט רירן פון אָרט. וויפל מען זאָל נישט נאָכטראַכטן, קאָן מען נישט פאַרבייטן אַזאַ אַדיעקטיוו ווי „פאַרשטאַרבענע" צו אַלטע אַרויסגעוואָרפענע מעבל, אַזאַ שם התואר ווי „צעבראָכענע" צו דעם ניגון פון „גאָר אַלטע טויטע צייטן", וואָס די אַלטע עלנטע אלמנה מאַטילדע האָט ליב געהאַט אונטערצוברומען, און מען קאָן אויך נישט ריכטיקער כאַראַקטעריזירן די בלאָלעכע ראַנדן פון די אויגן ביי דעם אַלטן מיידל מינע, ווי נאָר דורך צושטעלן צו די ראַנדן דעם סמיכות: איינזאַמקייט, אַז עס זאָל קענען ווערן „בלאָלעכע איינזאַמקייט־ראַנדן".

שטילקייט, האָב איך געזאָגט, איז אַן עלעמענט פון דראַמע ביים דערציילער שפּיגל. שטילקייט פּלוס פינצטערניש פון גורל זענען ביי שפּיגלען נאָך מער. זיי זענען די אַטמאָספער אין וועלכער עס דערוואַקט דאָס אויג און דאָס האַרץ פון מענטשן אויף צו דערזען דעם מענטש.

ווען דער בעל־הבית פון דער קוואַרטיר הערט אין דער נאַכט רעדן און פיבערן פון שלאָף זיין קוואַרטיראַנט, דעם געוועזענעם אויבערקעלנער אַלבערט פיש, זעצט ער זיך אַוועק ביי זיין בעט דערגיין וואָס ס'איז אים, און שפּיגל לאָזט דערביי דעם אַלטן אויבערקעלנער אין זיך רעזאָנירן —

„ער (דער בעל־הבית) רעדט צו אים אַזוי בלויז איצט, ווייל ס'איז נאַכט, ווייל ס'איז פינצטער, ווייל איינער זעט נישט דעם צווייטנס פּנים. אפשר זענען טאַקע מענטשן בעסער צו זיך בלויז אין דער פינצטערניש".

אין דער פינצטערניש פון גורל דערזען זיך מענטשן בעסער און אין דער שטילקייט דערהערן זיי גיכער אי גאָט און אי זיך אַליין.

מאַדאַם קנאַל, וואָס האָט געלייענט און געלייענט איר ביבל אויף טשעכיש האָט געוווסט, אַז „אין שטילקייט, בעת זי איז בלויז מיט זיך ווערט גאָטס וואָרט פון די בלעטער אַזוי קלאָר און דורכזיכטיק"...

און דער ותיק מנחם טאָפּער טענהט צו זיין געוועזענער פריינדין רחל אין דער דערציילונג „די שבועה" — „ווייסטו וואָס ס'פעלט אונדז אין לאַנד? — שטילקייט. אין שטילקייט הערט איין מענטש דעם צווייטן... אין שטילקייט זעט איין מענטש דעם צווייטן"...

איך ווייס נישט צי אַזאַ וועלט־בילד האָט דעם כּוח פון אַ מאָראַלישן לעבנס־סטימול. אָבער איך ווייס יאָ, אַז די דאָזיקע וועלט־זעונג האָט ישעיהו שפּיגלען געהאָלפן צו געשטאַלטיקן די ווונדערלעכע און קינסטלע־ריש געדויערנדיקע מענטשן־גאַלעריע פון זיינע דערציילונגען.

„ישראל־שטימע", 27.1.65

**י. י. סיגאַל** (1896—1959)

# ישעיהו שפּיגלס וועלט

די ל.מ. שטיין פֿאָלקס־ביבליאָטעק האָט געטאָן זייער אַ גוטע זאַך, וואָס זי האָט אויסגעקליבן ישעיהו שפּיגלס נאָוועלן אַרויסצוגעבן אין איר ערשטער סעריע ביכער.

איך טראַכט, אַז מען וואָלט געמעגט אַרויסגעבן ישעיהו שפּיגלס בוך אין אַ גרעסערער צאָל עקזעמפּלאַרן. דאָס איז אַ בוך — כּאָטש נישט געשריבן אין פֿאָלקסנוסח — וואָס געהער דעם גאַנצן פֿאָלק און מען וואָלט געדאַרפֿט טענהען צום פֿאָלק, אַז די כּתבים פֿון ישעיהו שפּיגל טראָגן די גאַנצע חורבן־משא פֿון אונדזער אומגעבראַכטער יידישער וועלט אין אייראָפּע און דערפֿאַר דאַרף דאָס זיין אונדזער אַלעמענס „אורח". מיר דאַרפֿן דאָס בוך לייענען, איבערלייענען און דערנאָך עס לייענען פֿאַר אונדזערע קינדער, וואָס קאָנען נישט קיין ייִדיש. דאַרף מען ספּעציעל אויסלערנען ייִדיש בכדי צוזאַמענרעדן זיך מיט שפּיגלס נאָוועלן; בכדי צו דערוויסן זיך וואָס אַזוינס איז פֿאַרגעקומען אינמיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. יאָ, מען וואָלט געדאַרפֿט אונדזער לשון ייִדיש, וואָס איז אַזאַ געזונטע און נאָרמאַלע שפּראַך ווי אַלע שפּראַכן אין דער וועלט, אויסלערנען אויפֿצונעמען אָט־דאָס מאָדימדיקע טויזנט־גיהנומדיקע בייזס און חשכות, בכדי צו קאָנען באַוועגן מיטן מויל, מיט די ליפּן, און אַרויסרעדן די ווערטער אויף אַזאַ אופֿן, מען זאָל זיך קאָנען שאַפֿן כּאָטש אַ דמיון פֿון אַ דמיון, וואָס עס איז געשען מיטן ייִדישן פֿאָלק, מיטן ייִדישן לעבן און מיט דער וועלט וואָס האָט דאָס צוגעזען, צוגעהערט און געבליבן דאָס וואָס זי איז.

אין די הונדערטער פּנקסים, אין די טויזנטער זאַמלונגען מיט דאָקומענטן פֿון גרעסטן וועלט־און מענטש־חורבן לייענען מיר די פֿאַררע־

גיסטרירטע אינקוויזיציע אין נאַרמאַלע „ציפערן" און ווערטער און וווּנדערן זיך: ווי אַזוי קאָן זיך אַ קינסטלער צורירן צו אַזאַ „מאַטעריאַל"?

מיר האָבן זיך געשראָקן, אַז דאָס גרעסטע און פינסטערסטע אומגליק וועט טרעפן די קינסטלער נאָך דער היטלער־דערפאַרונג אין דער וועלט. דאָס לשון, דאָס וואָרט, די פאַרב, דער קלאַנג — מיט איין וואָרט: דעם קינסטלער וועלן אַרויספאַלן זיינע מכשירים פון די הענט, ווי נאָר ער וועט זיך וועלן צורירן צו אָט־דער טויטלעכער ווונד אין דער מענטשלעכער נשמה. פונדעסטוועגן... איז אונז אויף אַ מאָמענט איינזינען געקומען: האָט דאָך דער גאָניאַלער מאָלער סוטין אונז יאָ צוגעטראָגן צום פּנים די בלוטיקע אימה פון זיין פאַרווונדיקטער נשמה אין די שטיקער בלוטנ־דיקע בהמה וואָס הענגען אין קצבים־קראָם. דאָס האָט נישט אַזאַ ווייטע שייכות מיט אונזער „ענין". אין דעם רעדט אויך אויף אַ הויך קול דער יחוס און די „שליחות" פון דעם מענטשן. איז עס נישט דאָס אייגענע? עס איז נישט און עס איז יאָ דאָס אייגענע. סוטין האָט אויף דעם שטאַרק אָנגעווונקען. ער האָט דורך דעם מעדיום געגעבן דעם מענטשן וואָס איז געשאָפן געוואָרן אין געשטאַלט פון גאָט. דער גרויסער טראַגיקער און דער גרויסער סקעפּטיקער פירן דורך דעם אַ ביאָ־פילאָזאָפישן קינסטלע־רישן דיספּוט.

ישעיהו שפּיגל איז קינסטלעריש ענלעך צו סוטינען. סוטינס בלוטי־קער, בראַנדיקער רויט גליט אַרויס פון זיין אייגנאַרטיק וווּנדיק־געצונדן לשון. שפּיגל האָט דערשפּירט אַז ער מוז האָבן אַ געהיימען קאָנסיליום מיטן וואָרט איידער ער טרעט צו צו זיין שווערער אויפגאַבע. ער מוז זיך מיישב זיין מיט זיינע „פּועלים", איידער ער נעמט זיך צו זיין — זייער אומגעוויינלעכער אַרבעט. ער איז אַ שרייבער, האָט ער געוווּסט אַז אַ שרייבער מוז שרייבן. ער איז אַ קינסטלער און אַ קינסטלער מוז פאָלגן דעם רוף פון זיין באַרוף, און אויב דער מאַטעריאַל איז אַזאַ וואָס גיט זיך נישט נאָך די מכשירים און די מיטלען וואָס זענען ביז איצט בנמצא, וועט ער זיך מוזן אָנשטרענגען און טאָן מיטן לשון עפּעס אַזוינס וואָס וועט עס דערנענטערן, צופירן צו יענע גרענעצן, צו וועלכע עס איז נאָך קיינמאָל פריער נישט צוגעקומען. ער האָט געפילט אַז דאָס ביז איצטיקע לשון שרעקט זיך צוצוגיין נעענטער

צו אָט־דעם גרויליקן, גהינומדיקן אמת; אַז זי מאַכט איין טריט צו איר שוועל און דריי, פיר טריט צוריק, דער דיכטער און דערציילער ישעיהו שפּיגל האָט אָבער אַליין דורכגעלעבט דעם גיהנום. אַזעלכע טיפע יסורים באַזעצן זיך, סיי אין דער וועלט פון דעם איינציקן, סיי אין דער וועלט פון דעם גאַנצן פאָלק און בעטן אַן ענטפער. זיי האַלטן אין איין מאָנען, אין איין דערמאָנען און „האָבן צייט" און געדולד צו וואַרטן. ביי דעם ווונדערלעכן שריפטשטעלער ישעיהו שפּיגל האָבן זיי זיך דערוואַרט צו עפּעס. זיי האָבן נישט געוואַרט אומזיסט.

אין די דערציילונגען פרווט שפּיגל אונז איבערגעבן כאָטש אַ טייל פון דעם „גייסט" וואָס האָט זיך באַזעצט אין געטאָ. אין די מענטשן, אין די גאַסן און אין די טורמע־חורבות ווו די מענטשן זענען פאַרשפּאַרט און פאַרפּאַקט געוואָרן. וויל דען שפּיגל אונז בלויז ווייזן די ווונד־און־ווייטיקן? ער וויל — און מען פילט עס אויף שריט און טריט אין יעדן קליינעם מייסטערווערק זיינעם — ער וויל זיך און אונז היילן. און אפשר אויך זיי, די וואָס לעבן שוין נישט מער. דער עיקר אָבער וויל שפּיגל מיט זיינע שילדערונגען אונז איבערצייגן, אַז ער גלויבט נאָך פאָרט אין מענטשן. ער גלויבט נאָך אַז עס וועלן קומען אַנדערע טעג און אַנדערע צייטן און אַנדערע מענטשן, און פאַר יענע מענטשן וויל ער איבערלאָזן דאָס בילד און די שטימונג פון אַ צייט, וואָס נאָר גייסטיקע גיבורים האָבן זי געקאָנט איבערלעבן און ווייטער ממשיך־זיין אונזער קיום.

דאָס איז די העכסטע כוונה פון שפּיגלס שטאַרקע, קינסטלערישע נאָוועלן. דאָס איז אפשר די סאַמע נשמה, די נשמה־יתירה וואָס אַלע גרויסע דיכטער און קינסטלער אָטעמען אַריין אין זייערע שאַפונגען און ווערק.

פון ישעיהו שפּיגלס שאַפן ווערט אייך אויך קלאָר: אַז אַ מוראַדיקע קראַנקהייט איז די מענטשלעכע אכזריות, און די גראָבע תאווה צו מאַכט — מעג די דאָזיקע מאַכט דערפירט ווערן צו דער קולטיווירטסטער סובלי־מאַציע. און דערפאַר, ווייל אַלע גייסטיקע מיטלען ביז איצט אויסצו־בעסערן די פסיכישע ווילדקייט אינעם מענטשן, האָבן אַזוי ווינציק דער־גרייכט, איז נישט קיין חידוש וואָס אין דעם לאַנד פון קונסט און שיינקייט איז דער טרויער אַזאַ איינגעזעסענער תושב. טונקל, אומהיימלעך און

ממש אַן אַ טרייסט איז דער מענטשלעכער גורל. און ווען דער סך־הכל פון יאָרהונדערטער גייסטיקע אָנשטרענגונגען איז אַזאַ פּאַטאַליסטישער, רוקט זיך אויך אויף דער מענטשלעכער נשמה אָן אַ וואָלקן, אַ שאָטן פון מיטלאַלטער און פון אוראַלטער וואַלד־נאַכט. נישטאָ זיך אָן וואָס אָנצוהאַלטן אין דעם גרויסן צוזאַמענקראַך. נאָכדעם ווי מען הויבט אויף די אויגן פון דער פאַרשעמטער און פאַרגוואַלטיקטער וועלט אין וועלכער ישעיהו שפּיגל האָט אונז אַריינגעפירט, פילן מיר זיך, ווי מיר וואָלטן געשווומען אויף צעבראָכענע ברעטער נאָך אַ שיפבּרוך, אויף אַ נאַכטבלינדן ים.

דערציילונג נאָך דערציילונג לייענט איר און עס ווערט אויף אייך אָנגעווייעט אַ געמיט פון סוף־וועלט. פאַרוועלקטע, פאַרמוטשעטע לעבנס, האַלב־טויטע, דרייפערטל טויטע און אינגאַנצן טויטע וואָס שאָטענען נאָך אַרום און פלאָנטערן זיך פאַר די אייגענע פיס. מ׳ווערט געוווינט צו דער אויסגעצויגענער אַגאָניע און מען טוט זיך נאָך אַ ריס אַרויס, ווי ווייט דאָס לעצטע ביסל כוח סטייעט, פון דער גסיסה, ווי אַ פלעמל פון אַ צאַנקענדיקער ליכט. דער טויט טרעט נישט אָפּ פון אָט־דעם לאַנד פון די פאַרמשפּטע. צו ווען ער איז אַ ביסל מער רחמימדיק און צו ווען — ווינציקער. טרויעריקער פון אַלעמען, וויסטער פון אַלעמען איז די וואָס פילן איבער זייער מצב דעם טויטס חוזק: זיי ווייסן נישט ווו זיך אַהינצוטאָן. באַהאַלטענערהייט, ווער ווייס ? שעלטן זיי אפשר גאָט, שלעפּן אים אַריין אינמיטן גיהנום־צירקל פון זייער צעטראָטן און צעשאָטן לעבן און — קילן די בראַנד פון זייער ווונדיק הארץ אויף אַזאַ אופן. אַזעלכע זענען ווייניק. דער גרויסער רוב פון די חרובע מענטשן רוקן זיך באַוווסטזיניק אַוועק פונעם ברעג־תהום פון שוואַרצן יאוש. דער יידישער שטייגער איז געוואָרן זייער קראַנק־געלעגער, ווו זיי רוען אָפּ זייער פאַרמאַטערטע נשמה. דער שטייגער, אין וועלכן זיי האָבן זיך אַזוי לעבעדיק באַוועגט, איז צעבראָכן צעמאָלט ווי דער בנין פון זייער אייגענעם גוף און צאַנקט אַזוי מוטנע־געל ווי דאָס ליכט פון זייער נשמה. שפּיגל מאָלט די סביבה פון אָט דעם לעבן, דעם מעמד פון אָט דעם לעבן, דעם מעמד פון די יידן ווי אַ זעלטענער מייסטער. ער האָט זיי ליב און זיי זענען אים טייער און פאַרהייליקט. ער האָט זיי ליב מיט אַזאַ באַצערטער

ליבשאַפט אין זייער גרויסער אומענדלעכער נויט. די ליבשאַפט זיינע בייגט זיך, ברעכט ממש צוזאַמען פון קרענקונג און אומבאַהאָלפענער עלנט. איטלעך וואָרט און יעדע שורה פון זיין דערציילונג מאַכט עס אונז פילן.

אין געטאָ זענען צוזאַמענגעשלעפּט געוואָרן יידן פון אַ סך ערטער, ווייטע און נאָענטע. זייער גורל אָבער גלייכט זיי אויס, טוט זיי אָן זיין „אוניפאָרם". אָבער איידער ער גיט זיי איין פּנים און געשטאַלט האָט ער ליב זיך אַ בייזן שפּיל־טאָן מיטן פּראָצעס פון זייער פאַרענדערונג. ער לעשט אויס אין זיי זייער באַזונדער, כאַראַקטעריסטישע פאַרב, ווי דאָס לעבן האָט זיי אַזוי אָריגינאַל אויסגעמאָלט. ער קלייבט זיך אַפילו אַריין אין זייער היתוך־הדיבור און פאַרשטאַמלט, פאַרקינדערשט און דייוועט אויס די ביינער פון זייער לשון. הונגער און גאָטס־פאַרלאָזנקייט. מאַמעס מיט קינדער וואָס ווילן איינער אין צוויטן זיך באַהאַלטן אין זייער מורא און אַנטלויפן פאַרן טויט, וואָס זיי זעען ווי ער נורעט זיך, נאָרעט זיך און פאַרעט זיך אין די ביינער פון זייער אַ נאָענטן. דאַנטעס גיהנום ווערט ליטעראַטור, רעטאָריק, ווען מען פאַרגלייכט אים אין געדאַנק צו דעם, וואָס דאָ קומט פאָר. דאָרט איז דאָ סיבה, זינד, אויס־געטראַכטע פון מענטשן אָדער אָנגעוואָרפענע פון גאָט. דאָ — דער פערווערזסטער סאַדיזם וואָס אַ ווילד־געוואָרענער מענטשן־חזיר האָט זיך מיט אים אָרויפגעשליידערט אויף שוצלאָזע און אָרעמע. און דאָך דאַכט זיך אייך פאָרט אויס צייטנווייז, אַז מיט יעדן קראַנקן פרימאָרגן אויפגאַנג, ווען דאָס געטאָ עפנט די האַלב אויסגעלאָשענע אויגן, גייט אויף אַ כמורנער פונק האָפענונג אין זיי און די מענטשן וואָס שלעפּן קוים אַרויף אויף זיך דעם נייעם טאָג, ווי אַן אומגוויטיקע, אַן אומזיניקע משא, האָבן נאָך אַפילו אַמאָל אַ שטיקל חלום, אַז זיי וועלן אים דערשלעפּן צו אַ „ציל".

ישעיהו שפּיגל געפינט אייגענע סימבאָלישע נעמען פאַר דער אָנ־געשטאַנענער מאָנימדיקער מרה־שחורה. ווי אין דער קבלה ווערן די פאַרשידענע מענטשלעכע שלעכטסן, כל־הבייזן און זינד פאַרוואַנדלט אין שדים און רוחות און מלאכי־חבלה, אַזוי ווערן אָפט די שווערע געמיט־צושטאַנדן ביי שפּיגלען פאַרוואַנדלט אין סימבאָלישע פייגל. שפּיגל האָט

געזען און זיך צוגעקוקט צו דעם שינוי־הנפש פון די פייגל אין געטאָ אין יענער בהלהדיקער וועלט און עס האָט זיך אים איינגעקריצט אין געדעכעניש זייער געענדערטע געשטאַלט און פאָרם. פייגל זענען דאָרט געוואָרן אַנדערע מינים באַשעפענישן;ביימער האָבן אויך משנה־הגוף געווען, ווי עפּעס אַ קרענק, אַ חולאת וואָלט צעקרימט און צעדרייט די איברים פון דער וועלט. שפּיגל לאָזט אונז מיטן אויג ממש אָנטאַפּן דעם „דעקאַדאַנס" פון דער נאַטור. דאָס איז דער אַרום פון דער יידישער געטאָ. וויליאַם בלייק וואָלט מסתמא אויך גאָטס געשטאַלט דערזען אין אַזאַ פינסטער ליכט און אין אַ קרומשפּיגלדיקער אָפּשפּיגלונג. ישעיהו שפּיגל ווייזט אים אונז דורך דער טראַגישער געשטאַלט פון מענטשן, פון יידן וואָס האָבן אים אויסדערוויילט.

אין דער דערציילונג „יידן" דערציילט זיך ווי עס ווערן אַריינגעטריבן אַ גרופּע דייטשע יידן אין לאָדזשער געטאָ, אין מפּולת־שטיבל ווו עס האָבן זיך אַריינגעקליבן איטשע־בער מיט זיין ווייב שרה־לאה. שרה־לאה קאָן נישט פאַרטראָגן די יעקעס, וואָס זענען אויס אין אירע אויגן ווי אויך־מיר־יידן. איטשע בער שטעלט זיך איין פאַר זיי: ווען זיי זאָלן נישט זיין קיין אַמתע יידן, וואָלטן זיי אַהער נישט פאַריאָגט געוואָרן. די אורחים פאַרקלייבן זיך אין צוויטן פינסטערן, אויסגענעצטן חדר, צעזעצן זיך אויף דער ערד מיט זייער פיין דייטש געפּעק און ווען איטשע בער האָט אין זיין חדר געדאַוונט מעריב מיט אַ דורכנעמענדיק פייער, האָט ער, ווי שפּיגל מאָלט אים אין זיין עקזאַלטאַציע, אויסגעזען אין דער טונקלקייט ווי אַ פייערדיקער מלאך וואָס טוט תפילה פאַרן גורל פון אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט. שרה לאה ווייזט אַרויס אַ בייז אומ־געדולד מיט די דאָזיקע מענטשן און ווען איטשע בער, וואָס פילט דעם צער פון אַלע גערודפטע און דערשלאָגענע יידן, שטעלט זיך איין פאַר זיי, צעשרייט זי זיך: „דאָס זענען יידן? טערקן זענען דאָס — נישט קיין יידן... געזען דעם הילוך זייערן? אין אַזאַ הילוך גייט מען דאָס אין גלות־אַריין? זיך אויסגעפּיאַקעט ווי צו אַ פּורים־שפּיל. אוי אַ בראָך צו דיין יידיש פאָלק, טאַטע־זיסער... אש אויף די קעפּ האָט דאָס געדאַרפט זיך שיטן — און נישט אַרומקריכן אין הויזן".

איטשע בער האָט זיין ווייב נישט געענטפערט. שפּיגל פאַרענטפערט

אַ ביסל דעם יידנס ניט־ענטפערן דעם ווייב אַזעלכע רייד, אָבער די פאַרענטפערונג איז נישט קיין גאַנצע. אירע רייד זענען ביטערע און אַ ביסל לעסטערנדיקע, נישט דערפאַר ווייל זי באַנעמט נישט, ווי איטשע בער איר מאַן, די גאַרע גרויס און טיף פון יידישן אומגליק נאָר — זי האָט אַ טענה, אַן איובדיקע טענה צו גאָט. דער „אוי אַ בראָך צו דיין פאָלק, טאַטע זיסער", האָט זייער אַ ווייטן, הויכן אַדרעס. זי, די טענה וואָס איז אָנגעלאָדן מיט דינאַמיט פון קללה, איז אַ פאַרשטעלטער יאָמער־געוויין, וואָס וויל אויף אַזאַ אופן זיך אַריינרייסן אין די הימלען. איטשע בער פאַרשוויגט איר, ווייל ער ווייסט וואָס אויפן תהום פון זיין ווייבס נשמה טוט זיך. זי איז אָבער אין פשוטערן זין מענטשלעכער, נאַטיר־לעכער ווי ער. זי איז אַלע מאָל גרייט אַרויסצוגיין מיט גאָט אויף אַ וויכוח. שפיגל איז אַ טיפער פסיכאָלאָג ווען ער קומט צו דער, אויבנאויף באַהאַלטענער, פשטות פון דעם מענטשן וואָס שטייט מיט ביידע פיס אויף דער ערד. ווען עפּעס געשעט וואָס איז אים נישט אינגאַנצן קלאָר, טרעט ער אַריבער די שוועל פון דער איינגעשטעלטער פרומקייט און באַשטייט אַראָפּצורופן גאָט פון זיינע הויכן אויף דער נידער פון דער ערד און דאָ, אָפן און קלאָר, פשוט און אויפריכטיק זיך אויסטענהן. איטשע בער פאַרמאָגט אַן אינעווייניקסטן כוח זיך צו באַהערשן און ער פילט אין זיין טיפער פרומקייט און גאַנצקייט מיט גאָט, אַז ער טאָר זיך נישט מתרעם זיין, אַז אפשר... אפשר איז דאָס אַן עונש. ער וויל זיך נישט אַריינלאָזן, אפילו מיט זיך אַליין, אין קיין וויכוח. עפּעס שפירט ער, אַז מ'קאָן נישט וויסן און פאַרשטיין וואָס עס טוט זיך העכער פון אונזער השגה. זיין פרומקייט איז נישט קיין בלינדע נאָר אַ שטיקל אָנהאַלט אין ברעג פון אַ בנין וואָס איז נישט צעטרייסלט, קאָן נישט צעטרייסלען און איינפאַלן. ס'איז נישט קיין מצדיק את הדין זיין גלאָט אַזוי אין דער וועלט אַריין. די וועלט איז פאַרן רעליגיעזן מענטשן ניט אַזוי פשוט, ווי עס דאַכט זיך מסתם די נישט גלויביקע, די אַפּיקורסים... און מען קאָן זי אַזוי פשוט נישט איבערמאַכן מיט די הוילע הענט.

אין אַלע זיינע דערציילונגען איז ישעיהו שפּיגלען געלונגען אַרויס־צוברענגען די אייביקע הייליקייט, די קדושה וואָס איז געוואָרן וווּנדער־גבורה פון יידישן צער. אינעם טיפן צער קוקן אַריין, שפּאַרן זיך דורך,

ווי דורך די ריצן פון אַ צעבראָכענער שויב, די בליקן פון עפּעס אַ קרענקלעכער חרטה פון יענער צייט, ווען מען איז נאָך אַרומגעגאַנגען זיכער אויף דער ערד... אפשר צו זיכער, ווי מיר לייענען עס אין דער דערציילונג „די משפּחה ליפּשיץ גייט אין געטאָ", ווי די „אַמאָליקע" נגידים טרעפן זיך מיט די דערפרעמדטע, אפשר פאַרשטויסענע קרובים און די דערשלאָגענע אָרימקייט פרווּוט דערוואָרעמען די אין־אָפּגרונט אַראָפּגעפאַלענע נגידישאַפט. „דער פעטער יאַנקל שטייט ביי דער זייט און רייבט זיך פאַרלוירן די דאַרע הענט: — און טאָקע אַזוי, כ׳לעבן — קאָן ער נישט אויסהאַלטן וואָס די נגידישע ליפּשיץ האַלט זיך דאָ אַ פרעמדע — וואָס זעמער עפּעס פרעמדע? אַלע יידן זענען היינט איין משפּחה... קריינדל, נעם אַריין ס׳בעט און פטור מ׳זענען נישט קיין פרעמדע מער..."

און שפּיגל באַשרייבט דאָס אָרט פון די אָרעמע, פאַרגעסענע קרובים, צו וועלכע די אַמאָל רייכע ליפּשיצעס, אין זייער אַריינוואָגלען אין געטאָ, האָבן זיך אַריינגעקליבן; „אין דעם גרויסן וועבער־חדר איז דערווייל אַריינגעפאַלן די נאַכט אַ פרעמדע און מיט ווינטערדיקע בלאָע שאָטנס פאַרהילט די מענטשן. ר׳ יצחק אַליין איז נאָך אַלץ אַרומגעגאַנגען אינעם אויפגעשטעלטן פוטער־קאַלנער און זיך נישט געקאָנט געפינען קיין אָרט. די דאָזיקע פרעמדע מענטשן וואָס זענען געוואָרן מיט איינמאָל אייגענע און לייבלעכע, האָבן אים צוריקגעפירט צום פרעמדן, אָפּגעצוימטן לעבן פון אַמאָל און — אַ פאַרשעמטער, אַן איינגעלאָשענער, האָט אים געגריזשעט אַ געפיל פון זינד און חרטה. און וויפל דער פעטער יאַנקל מיט די טעכטער האָבן זיך נישט באַמיט ווערן היימישער און נענטער, צו צעברעכן דעם לאַנגיאָריקן צוים, וואָס זיי, די ליפּשיצעס, האָבן אויפגעשטעלט אין דער שטאָט אין זייער משונהדיק לעבן, האָט ער דאָך געפילט זיך, אינעם פרעמדן חדר, ווי אַן אָרימער יורד. ס׳האָט ערשט געמוזט געשען אַזאַ גרויס אומגליק, כדי ער זאָל צוריקקומען צו זיינע אייגענע און לייבלעכע".

שפּיגל לאָזט אונז דורך דער צעבראָכענער וואַנט פון וועלט־אומגליק און וועלט־חורבן איבער אַ פאַלק אַריינקוקן אין אַ פּינטעלע סיבה פון דער אויסגעקרימטער, פאַרשעמטער און דערנידעריקטער וועלט־הדרכה. די פּוילישע דינסט, ווי מאָדערנע רות, וואָס וויל נישט אָפּטרעטן פון די

געטאָ־נרדפים, אירע באַלעבאַטים, די ליפּשיצעס, — ווען ר׳ יצחק ליפּשיץ ליגט אַרויף אויף איר זיין האַנט: „מאַריאַננאַ! — האָט זיך זיין צעבראָכענע האַנט געוויגט איבער איר געבוקטן קאָפּ — גיי אַהיים... גיי צוריק אין שטאָט אַריין... מאַריאַננאַ... דער דייטש מיינט נישט דיך... ער מיינט בלויז אונז... יידן...״ נאָר זי, די פרעמדע, (וואָס שפּיגל ווייזט אונז אויף אַזאַ ערלעכן מענטשלעכן אופן ווי זי איז לייבלעך אַריינגעוואַקסן און נשמה׳דיק אַריינגעגלידערט אין דעם יידישן געזינד), נאָר זי האָט אין איר געלייטערט מיטפילן און מיטליידן געקאָנט דערזען, אויף איר אופן, די הייליקע געפּרוווטקייט פון דעם צעבראָכענעם ליפּשיץ.

אין יעדער דערציילונג פון אָט־דעם וווּנדערלעכן בוך פינקלט אַרויס די שיינקייט פון גרויסע ליידן און פון גרויסער קונסט, וואָס האָט זיך אין תהום פון די דאָזיקע ליידן אונטערגעטוקט. עס וואָלט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט ציטירן שטעלן און פּאַראַגראַפן פון שפּיגלס מייסטערישער פּראָזע, פון דער פּאָעטישער גרויסער קראַפט וואָס די דאָזיקע פּראָזע פאַרמאָגט, נישט פאַרלירנדיק דערביי אויף אַ האָר איר גוטע, וואַרימע פּשטות; פאַרקערט: זי געווינט דערפון זייער אַ סך, ווייל דאָס איז אַ זיווג מן השמים ומן הארץ.

„לעצטע נייעס״, 19.11.54

**א. לעיעלעס** (1889—1966)

# ישעיהו שפיגל אין ישראל

ישעיה שפיגל, דער הויך־טאַלאַנטירטער נאָוועליסט און דיכטער האָט זיך באַזעצט אין מדינת ישראל. עס איז אַ גרויסע באַפרידיגונג צו וויסען, אַז ער איז בשלום אַרויס פון פוילען, וואו ער האָט געהאַט אַ צווייפעל־האַפטע צוקונפט אַלס מענש און ווי אַ אידישער שרייבער — אַודאי.

ישעיה שפיגל איז גרינטליך, נאַציאָנאַל אידיש. ער האָט דורכגע־מאַכט די סאַמע שרעקליכסטע גרוילן אונטער די נאַציס אין דער לאָדזשער געטאָ. צווישען די, וואָס האָבען נאָך דעם חורבן געגעבען קינסטלערישע מאָנומענטען פון דער קאַטאַסטראָפע, וועט י. שפיגל'ס נאָמען פאַרבעמען אַן אויבענאַן.

זיינע קליינע נאָוועלן זענען אמת'ע בלוט־באַשפריצטע פערל. דער־ביי איז ער שרייבעריש איינגעהאַלטען, ציכטיג, ווי מיט עפּעס אַן אינער־ליכער פרומקייט. טאָקע דערפאַר איז ער הונדערטפאַך שטאַרק און אומ־פאַרגעסליך אין רושם.

אַט די אייגענשאַפטען זענען אַלע נישט פון דעם שטאָף, וואָס טויג זיך פאַר דער לופט פון דער היינטיגער פוילען. איז זעהר גוט, וואָס ישעיה שפיגל דאַרף מער נישט אָנקומען צו אַט דער לופט.

מיט ישעיה שפיגל'ס באַזעצען זיך אין מדינת ישראל איז צוגע־קומען אַ וויכטיגער כח פון דער אידישער ליטעראַטור אין דער ישראל־רעפּובליק, די צאָל אידישע שרייבער דאָרט איז שוין קיין עין הרע גאַנץ גרויס.

איז וואָס? וועט דאָס אַלץ, די גאַנצע קינסטלעריש־שאַפערישע ענערגיע גיין אין ביוועץ?

וועט נישט מעגליך זיין צו שאַפען אין ישראל אַ געלעגענהייט פאַר

די אידישע שרייבער ממשיך זיין זייער לעבענס־באַרוף — צו שרייבען זייערע אידישע ווערק ?

איך מוז זאָגען, אַז איך קאָן זיך דאָס גאָרנישט פאָרשטעלען.

און ווען איך פרעג זיך, ווער דאַרף אויף זיך נעמען דעם עול און די אויפגאַבע צו שאַפן אָט די געלעגענהייט, צו מאַכען מעגליך, אַז אין מדינת ישראל זאָל אידיש וואָרט און אידיש שאַפען ווייטער געוועבט ווערען, קאָן איך זען בלויז דעם איינעם ענטפער —

זיי אַליין !

זיי אַליין מוזען דערפילען דעם דראַנג. זיי אַליין מוזען פאָדערן, וואָס עס קומט זיי. זיי אַליין טאָרען נישט רוען און זיך באַרואיגען, ביז זיי וועלן אויסקעמפען פאַר אידיש די פּאָזיציעס וואָס אידישע שרייבער האָבען פאַר זיך אויסגעקעמפט אין אַנדערע לענדער.

„דער טאָג", 17.3.1951

**מלך ראַוויטש** (1976—1893)

# „מלכות־געטאָ"

## (ישעיהו שפּיגלס אויטענטישע געטאָ־נאָוועלן)

אויטענטישע לידער פון געטאָ האָבען מיר שוין אין אידיש אַ שלל. און וויפל מיר האָבן איז קליין די צאָל, מחמת דאָס אומגליק איז געווען אזוי גרויס. די העכסטע — טראַגישע פון איין זייט און האַפּערדיקע פון דער אַנדערער זייט — קוואַליטעט פון די אויטענטישע געטאָ־לידער איז ביז איצט דערגרייכט געוואָרן פון דעם קדוש יצחק קאַצענעלסאָן און דעם פּאַרטיזאַן אברהם סוצקעווער. אויטענטישע געטאָ־נאָוועלן פון אידן, וואָס האָבן דאָס געטאָ אַליין איבערגעלעבט, האָבן מיר דערווייל זייער ווייניק. די ערשטע אויטענטישע זאַמלונג פון געטאָ־נאָוועלן איז נאָר וואָס, זומער 1947, דערשינען אין לאָדזש. אַ קליין ביכעלע פון סך הכל 96 זייטן. אַרויסגעגעבן די זאַמלונג האָט דער פאַרלאַג פון דער צייטונג „דאָס נייע לעבען". עס איז דאָס ערשטע ביכל פון דער סעריע „קליינע ביבליאָטעק". דאָס ביכל אַנטהאַלט עלף דערציילונגען, עס רופט זיך „מלכות געטאָ" לויט דער לעצטער זאַך אין ביכל. אָט די לעצטע זאַך איז מער ליד אין פּראָזע איידער נאָוועלע. דער מחבר פון דעם ביכל איז ישעיהו שפּיגל. ווער איז ער?



זלמן רייזענס לעקסיקאָן זאָגט: געבוירן אין יאָר 1903 * אין באַלוט, דער אידישער נויט־פאַרשטאָט פון לאָדזש. אַ קינד פון אַן אַרבעטער־משפּחה; וועבער. (איך ציטיר נישט ווערטלעך). קינדווייז, פון אָרעמקייט, געהאָט אַ טבע צו חלשן. זינט 13 יאָר זיך אַליין אויסגעהאַלטן מיט אָפּטראָגן פּעקלעך אין גאַס. און דאָך געלערנט, געענדיקט זעקס קלאַסן גימנאַזיע, זינט דעם 18־טן לעבנס־יאָר געדרוקט בעיקר לידער אין פּוילן און אויך אין אַמעריקע, סוף כל סוף געוואָרן פּריוואַט־לערער פון...

* בטעות איז אַנגעגעבן 1903. דאַרף זיין 1906.

ענגליש און לערער אין דער מעדעם אָונטשול. — די „אידישע שריפטן", דאָס ערשטע זאַמלבוך אין צוריק צום לעבען זיך וועקנדיקן ישוב אין פוילן זאָגט אין אַ נאָטיץ: אַ סך פון די שרייבער פון געטאָ האָבן געהאָפּט, אפשר וועט זיי פאַרט געלינגען דורכצולעבן די היטלער־מגפה און כאָטש טיילווייז פאַרפיקסירן דאָס געשעענע, דאָס דורכגעלעבטע. נאָר איינצלנע האָבן דערלעבט דעם טרוים צו פאַרווירקלעכן. פון די שרייבער און פובליציסטן זיינען לעבן געבליבן: רחל אויערבאַך, נחמן בליץ, ישעיהו שפּיגעל, אהרן וואל, מ. האָפּמאַן, ל. ראָכמאַן. — די קליינע פאַרלאַג־הקדמה צו דעם ביכעלע, וואָס האָט זיך געדרוקט אין 5,000 עקזעמפּלאַרן, דערציילט אונז, אַז שפּיגל האָט די זאַכן געשריבן אין די יאָרן 1940־1944, טאַקע אין געטאָ, אַז אין 1944, אין אויגוסט, בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, האָט ער זיי פאַרגראָבן, אַליין אַוועק קיין אוישוויץ־בירקענאַו און נאָך אַנדערע לאַגערן און זומער 1945 האָט ער זיך אומגעקערט, אויפגעגראָבן די דערציילונגען און אָט ליגן זיי פאַר אונז.

איך האָב דאָ אויבן מיט אַזאַ אויספירלעכקייט געגעבן די אינפאָרמאַציע וועגן דעם מחבר מחמת אין דעם פאַל איז עס פון דער ערשטער וויכטיקייט. ישעיהו שפּיגל האָט — אגב — אין יאָר 1930 אין לאָדזש אַרויסגעלאָזט אַ זאַמלונג לידער מיטן נאָמען „מיטן פּנים צו דער זון" — איז עס אים באַשערט געוועזן אויפצושרייבן אַ ביכל, וואָס זיין טיטל וואָלט געדאַרפט זיין: מיטן פּנים צו דער פינצטערניש פון פינצטערנישן...

מיר אַלע — אידישע שרייבער — סיי די, וואָס האָבן איבערגעלעבט, און אפשר נאָך מער די, וואָס האָבן נישט איבערגעלעבט און וואָס זייער אחריות און חוב און שולדגעפיל זיינען נאָך שאַרפער, מאַטערן זיך מיט דעם פּראָבלעם: ווי געפינט מען דעם אויסדרוק? אָבער זוכנדיק דעם אויסדרוק וועלן מיר אין דער ערשטער ריי מוזן אָנקומען צו דעם וואָרט פון די קאַרגע עטלעכע אירע, וואָס דאָס מזל פון דער געשיכטע האָט אונז איבערגעלאָזן. מיר וועלן מוזן לערנען פון זייערע לידער און לערנען פון זייערע דערציילונגען. און — איך מוז זאָגן — אַז פון ישעיהו שפּיגלס דערציילונגען וועט זיין וואָס צו לערנען. אויך ער אַליין וועט זיכער אין זיינע וויטערדיקע ווערק לערנען פון זיינע אייגענע דערציילונגען, וואָס ער האָט געשריבן אין געטאָ.

שפיגלס דערציילונגען זיינען קליינע נאָוועלן אָדער נאָוועלעטן, וואָס זייער פאָרם איז אַזוי שטאַרק פּאָפּולער געווען אין אייראָפּע אין סוף 19־טן יאָרהונדערט. דאָס זיינען דערציילונגען פון אַן 8 בוך־זייטן, וואָס יעדע פון זיי האָט אַ דעפיניטיווע טעמע, דעפיניטיווע עטלעכע טיפּן, אַן אָנהויב, אַ מיטן און אַ סוף־פּוענטע. אין אַזעלכע דערציילונגען לייענט מען זיך לייכט אַריין, מען לעבט זיי באַלד איבער און זיי פאַרהאַטשען זיך אין זכרון אַמאָל אויף אַ גאַנץ לעבן. אַזוי זיינען טאַקע איינס אין איינס אָט די קליינע עלף זאַכן פון שפּיגלס „מלכות געטאָ״. נישט נאָר ווי אַ איד האָב איך זיי געלעזן מיט אַ פאַרכאַפּטען, ממש אָפּגעשטעלטן, אָטעם, נאָר אויך ווי אַ אידישער שרייבער האָב איך זיי געלעזן מיט אַ טיפער אינערלעכער, שיר נישט נקמהדיקער, סאַטיספאַקציע, אַז מיר אידן, אַז אונזער אידישע ליטעראַטור, הויבט שוין אָן, אויך אין דער קינסטלע־רישער פראָזע, צו געפינען דאָס אַדעקוואַטע וואָרט פאַרן געטאָ־אומגליק. עס איז אָבער ווייניק אָנצולאָדן ווערטער מיט אינהאַלט, מען מוז זיי אויך אַריינמאָנטירן אין אַ פאָרם, אַז זיי זאָלן קענען דערגיין צום לייענער. און די דאָזיקע דערציילונגען שפּיגלס וועלן דערגיין. זיי זיינען גוט אין אידיש, אויך פאַר דעם קינסטלעריש־ראַפינירטן לייענער און אויך פאַר דעם סאַמע פשוטסטן לייענער, זיי זיינען אויך גוט פאַר איבערזעצונג. זיי ציען אַריין ריין נאַראַטאָריש־דערציילעריש און זיי איבערצייגן קינסט־לעריש און ועל כולם — זיי זיינען אויטענטיש, זיי זיינען געשריבן געוואָרן אין געטאָ גופא.

אָט איז אַ מעשה וועגן אַ ברודערס און אַ שוועסטערס אַנטלויפן פון געטאָ אין מיטן אַ שניי־זאַווערוכע, „שניי״ הייסט די זאַך; זי קריכט די ערשטע דורך די דראָטן, עס געלינגט איר, ער ווערט באַמערקט און דערשאָסן. שיר נישט אַן אָנהויב פון אַ גרויס־פאַרמאָסטענער געטאָ־טראַגעדיע פאַר אַ טעאַטער שטיק. אָט איז אַ מעשה „ברויט״. אַ טאַטע אַ צדיק ממש, עסט אויף אין הונגער־וואַנזין דאָס ברויט פון די קינדער, באַשטראָפט זיך אַליין, גייט פון שטוב אַרויס און ווערט געכאַפּט אויף קיינמאָל נישט צוריקצוקומען מער. די שטוב איז אַ גרענעץ־געטאָ־הויז, דורך שפּאַרונעס זעטיקן זיך די קינדער מיט אַ בליק אויף אַ בעקעריי־פענצטער אויף יענער זייט געטאָ דאָרט. אָט איז אַ קינדער־מעשה „בליעכץ״.

אַ גוייש קינד אויף אַ בוים אויף יענער זייט גערטאָ, אַ אידיש קינד אויף אַ דעכל אויף דער זייט. צוערשט שרייט דאָס שייגעצל „איי־ווייי־איד" אין געטאָ אַריבער, אָבער די בענקשאַפט צו אַ גרין צווייגל מצד דעם געטאָ־קינד מאַכט אויך פון אים אַ מענטש. און אָט איז אַ מעשה „איבער־געלעבט" פון אַ אידן, וואָס האָט זיך שטאַרק געוואונטשן איבערצולעבן דאָס געטאָ און האָט עס טאַקע איבערגעלעבט אין זיין לעצטן חלום. און אָט איז אַ מעשה — אפשר די דערהויבענסטע אין בוך — פון דייטשע משומדים, וואָס פאַלן אַריין אין אַ אידישער פרומער שטוב אין געטאָ און זייער גוייש זינגען אַ וועספער־תפילה שטויסט זיך אָן מיטן גוואַלדיקן פּאַטאָס פון אַ אידישער מנחה. און אָט איז אַ מעשה „ליכט פון אָפּגרונט", אַ ליבע פון די דרייפערטל טויטע זעלדע און לייבושל.

די דערציילונגען זיינען פול מיט איינגעהאַלטן פּאַטעטישע נאַטור־שילדערונגען, אויף וויפל עס איז געווען נאַטור אין געטאָ, צימצומדיקע מענטשען־סקיצן, גוט־צוגעפּירטע סיטואַציעס, אויך הערלעכע לירישע אינטערמעצאָס. אַ שאָד נאָר, וואָס איך קען נישט דאָ ציטירן.

אַ ווערטפול־וואָגיק בוך, ערטערווייז אויך אַ גרויס בוך, נאָכן איבער־לעזן אָטעמט מען אויף מיט אַ האַרץ־טיפן דאַנק...

„דער וועג", מעקסיקע, 25.10.47

**י. סופר (יעקב פּאַט)** (1890—1966)

# די פּשוטע און הייליקע ייִדן פון די געטאָס

ווי אַזוי האָבן די אידען געלעבט אין די געטאָס פון פּוילען ביז מען האָט זיי געפיהרט אין די טרעבלינקאס? ווי האָבן זיי דורכגעמאַכט די וואָכעדיגע טעג און ווי אַזוי האָבן זיי געפּראַוועט די שבתים? וואָס האָבן די אידען געטראַכט און געפיהלט?... — אויך אין די „שטילע טעג" פון די געטאָס איז דאָך איבערגעקערט געוואָרען דאָס לעבן פון קאָפּ ביז די פיס — ווי־זשע האָט מען געלעבט? וועגען דעם האָט מען ביז איצט כמעט גאָרניט געשריבען. וועגען דעם קענען דאָך שרייבען נאָר מענשען, וואָס האָבן עס אַליין דורכגעמאַכט און פאַרמאָגען עכטען שרייבערישען טאַלאַנט, און כמעט אַלע אידישע שרייבער, וואָס האָבן געלעבט אין די געטאָס, זיינען אומגעקומען. איצט איז אָבער ערשינען דאָס ערשטע אידישע בוך מיט ערצעהלונגען פון דעם מין. דאָס איז אַ זאַמלונג פון עלף ערצעהלונגען אונטער דעם נאָמען „מלכות־געטאָ".

ישעיהו שפּיגל האָט דורכגעמאַכט די לאָדזשער געטאָ, נאָכדעם אַש־וויענטשים און געבליבען, מעשה נס, לעבען. איצט איז ער אין לאָדזש. אין פאַרלויף פון די יאָהרען 1940—1944 האָט ער געשריבען אַ צאָל געטאָ ערצעהלונגען און אין אויגוסט, 1944, בעת דער געטאָ־ליקווידאַציע, האָט ער זיי פאַרגראָבען אין אַ קעלער. נאָך דער מלחמה האָט ער זיך אומגעקערט אין לאָדזש, אויסגעגראָבען זיינע ערצעהלונגען און איצט זיי פאַרעפנטליכט. עס זיינען עכטע, שטימונגפולע קורץ־געפאַסטע נאָוועלען.

דאָס זיינען עלף ערצעהלונגען פון „פּשוט'ן" לעבען — אָהן מאַסען־גרויזאַמקייטען, אָהן מאַסען־שחיטות אָדער מאַסען־שריפות — אַלענפאַלס אָהן מאַידאַנעק, אָהן אַשוועענטשים. ערצעהלונגען וועגען דער טאָג־טעגליכקייט אונטער די נאַציס. עס קומט אָבער פון זיי אַרויס דער אידישער פּיין, דער אידישער צער, ניט וויניגער ווי פון די ערצעהלונגען און

שילדערונגען, פון די דאָקומענטען פון אָשוויענטשים און טרעבלינקא. ס׳איז קיין ספק ניט, אַז ישעיה שפּיגל איז אַ שרייבערישער טאַלאַנט און ער האָט באַרייכערט די אידישע געטאָ־ליטעראַטור מיט אַן אָריגינעלען און אַ וויכטיגען דאָקומענט.



איטשע־בער און זיין ווייב שרה־לאה האָבען געלעבט אין אַ האַלב־הרוב׳ען הייזעל אין געטאָ. עס איז הערבסט־צייט, אין שטוב ביים קיכעל שטעהט שרה־לאה און קאָכט דעם נאַכט־עסען — אַ טונקעלע, אַ שיטערע זופּ אָהן גריץ, אָהן ירקות, נאָר אַ געמיש פון וואַסער און אָפּפאַל פון קרויט־בלעטער, און קלאָגט נעבעך אין דער שטיל וועגען דעם בהמות־מאכל וואָס זי קאָכט. איטשע־בער שטעהט, אָנגעלעגט מיט׳ן ברייטען פּנים און מיט דער באָרד אין שויב, און קוקט אַרויס, צווישען מנחה און מעריב, אין פּוילישען יעשיען אַריין, וואָס ליגט איבער דער געטאָ מיט כמאַרעס. דער אומעט האָט זיך אַוועקגעלעגט אלול׳דיג אויפ׳ן געטאָ־הויף, אַ הערבסט־טאָן, טויטע בלעטער, ווייל אין געטאָ זיינען קיין ביימער ניטאָ. דער טרויעריגער רעגען פּאַטשט אין די אָרימע פענסטער.

ווען עס איז פינסטער געוואָרען האָבען זיך אָנגעהויבען צו באַווייזען אין שטיבעל מאָדנע פאַרשוינען — אין רעגען־מאַנטלען, מיט אויסטערלישע „קאַפּוזעס״ (קאַפּושאָנען) איבער די קעפּ, מיט קליינע טשעמאָדאַנטשיק־לעך און מיט רייכע וואַליזקעלעך. און איינער פון זיי האָט געזאָגט „גוטען אָוונט, מיינע הערשאַפטען״.

דייטשען זיינען געקומען, אָבער ניט דייטשען־גויים, נאָר דייטשען־אידען. מען האָט זיי פאַרטריבען פון דייטשלאַנד אין דער פּוילישער געטאָ. זיי זוכען אַ נאַכט־לעגער אין חרוב׳ן הייזעל, וואו עס וואוינען שרה־לאה און איטשע־בער. שרה־לאה ווילל זיי ניט אַריבערלאָזען די שוועל:

— „דאָס זיינען אידען? — טערקען זיינען דאָס ניט קיין אידען... געזעהן דעם הילוך זייערען?... אין אַזאַ הילוך געהט מען אין גלות אַריין? — זיך „אויסגעפּיאקעוועט״ ווי צום פּורים־שפּיל... אוי, אַ בראָך צו דיין אידיש פאָלק, טאַטע זיסער... אַש אויף די קעפּ האָט דאָס געדאַרפט זיך שיטען, און נישט אַרומקריכען אין הויזען...״

די דייטשע אידען האָבען זיך דאָך באַזעצט מיט איטשע־בער׳ן אין

איין חרוב׳ען געטאָ־הייזעל. איטשע־בער דאַווענט אַ אידישען מעריב און די דייטשע אידען דאַווגען עפּעס אַ מין גוי׳אישען מעריב, פון וועלכען שרה־לאה הערט אַ פרעמדען ריח פון ווייראיך און קלויסטעריי. שרייט זי:

— „צו אַלדי שוואַרצע יאָער! אַרויס פון מיין שטוב מיט׳ן בלעקע־צען!... געזעהן אַן אַנשיקעניש? — געמאַכט גאָר אַ טומאה פון אַ אידי־שער שטוב, אַז אַן אויסרייסעניש אויף זיי...״

עס ווערט אָבער סוף כל סוף שלום צווישען די בערלינער אידען, וואָס זיינען אָנגעטאָן ווי אַלפען־יעגער, און שרה־לאה׳ן און איטשע־בער׳ן — איצט זיינען זיי אונטער איין און דעמזעלבען אידישען מזל, אין דערזעלבער געטאָ. דער אידיש פון איטשע־בער׳ן האָט זיך אויסגע־מישט מיט׳ן דייטש פון די בערלינער „אידישע יעקעס״, ביז איטשע־בער האָט געזאָגט צו זיין ווייב: „אפשר וועסטו שוין דערלאַנגען אַביסעל וואַרימס, שרה׳לע? — זעהסט דאָך אידען זיינען דורכגעווייקט פון רעגען״. און שרה־לאה איז דאָך אַ אידישע מאַמע, האָט זי צוגעטראָגען טעפּעלעך פון איהר אָרימען געקעכטס צו די אידען פון בערלין. די דייטשע אידען האָבען מיט קליינע זיידענע טיכעלעך געווישט די טרערען פון די אויגען און געזאָגט: „ליבער ברודער, ליבע שוועסטער... דאַנקע, דאַנקע... וויר זינד דאָך אַלע יודען, יודען...״



די דייטשען האָבען געהייסען די אידען צונויפטראָגען אויף איין פּלאַץ זייערע מוזיקאַלישע אינסטרומענטען. מען האָט געפאָלגט. פון די אידישע געטאָ־הייזלעך האָבען אידען אַוועקגעטראָגען אַלטע טרויעריגע פידלען, וואָס זיינען פיל יאָרען געהאַנגען אויף ווענט, געשטילט און געטרייסט אין שווערע שעה׳ן; אַוועקגעטראָגען ברייטע, נגיד׳ישע חתונה־באַסען, דינע איידעלע פלייטען, בייכיגע פויקען און טאַצען, מאַנדאָלינעס, האַרמאָניקעס, מעשענע טראָמפּייטען. נאָר איינצלנע האָבען באַגראָבען זייערע פידלען אין קעלערען אָדער אויף בוידימער. אויף אַ מיסט־וועגעלע האָט מען געפיהרט אַן אָפענעם פּאַרטעפּיאַן, וועמעס ענטבלויזטע קלאַווישען האָבען אויסגעזעהן ווי ציין פון אַ געפאַלענעם פערד. דער רויטער וועלוועל, דער קאַטערינשטשיק מיט די טויבען, האָט געמוזט אַוועקגעבן זיין קאַטערינקע.

עס איז איהם שווער געווען זיך צו צעשיידען מיט זיין קאַטערינקע. ער האָט אַ לעבען אָפּגעלעבט שפּילענדיג אויף אידישע הויפען, פאַר אידישע קינדער. זיינע טויבען פלעגען אַרויסציהען מזל־קוויטלעך. די דייטשען האָבען זיין קאַטערינקע באַליידיגט, זיי האָבען איהר געזופען מיט חוזק „דער שייס־קאַסטען". דעמאָלסט האָט דער רויטער וועלוועל אַ שטעל אַוועק געטאָן זיין קאַטערינקע, אָנגעהויבען דרעהען מיט'ן הענטעל און זי האָט זיך צעשפּילט. ער וועט זיי ווייזען וואָס זיין קאַטערינקע קען!

די דייטשען האָבען געהערט, זיינען פאַרוואונדערט און צעקאָכט געוואָרן. זיי זיינען אויפגעשפּרונגען און מיט דינע בייטשלעך געשמיסען דעם רויטען וועלוועל איבער'ן פּנים. זיין פּנים איז געוואָרען אָנגעלאָפען. די דייטשען האָבען איהם געשמיסען און ער האָט דאָך געשפּילט. די דייטשען האָבען געריוועט:

— „דו דרעק־יודע!... ווי וואָגסטו אונזער גראָסען שט־ראַוס..." די מוזיק, וואָס דעם רויטען וועלוועל'ס קאַטערינקע האָט גע־שפּילט, איז געווען פון דעם דייטשען קאָמפּאָזיטאָר שטראַוס, און זיי האָבען ניט געקענט גאָר הערען, אַז דער „דרעק יודע" וועלוועל קאַטע־רינטשיק זאָל שפּילען דעם דייטש „שטראַוס", און זיי האָבען מיט בייטשען איהם געשמיסען איבער'ן פּנים און — ער האָט געשפּילט ווייטער דעם „גראָסען שטראַוס".

דער רויטער וועלוועל, אַ צעשלאָגענער, אַ צעבלוטיגטער, מיט אַ געשוואָלענעס פּנים, שוין אָהן אַ קאַטערינקע, אָהן טויבען, ווייל זיין טויבען־שלאַק איז שוין געווען לאַנג ליידיג, האָט זיך אָהן ווערטער „דורכגעשמועסט" מיט אַ פּאָר וורובלעס, וואָס זיינען אָנגעפלויגען, זיך געשטעלט אויף זיין ליידיגען טויבען־שלאַק, און געצוויטשערט, און גע־צוויטשערט, און אַזוי ווי געטרייסט דעם רויטען וועלוועל אָהן דער קאַטערינקע.



יאָסי־בער איז געווען אַ ישוב'ניק, אַ לעבען אָפּגעלעבט אין דאָרף. ווען די דייטשען זיינען אָנגעקומען, האָבען די פּויערים איינגעשפּאַנט זייערע פערד אין זייערע וועגענער און אַוועק פון דאָרף. יאָסי־בער האָט

זיך ניט געריהרט. ער האָט דאָ געהאַט אַביסעל פויערשע באַלעבאַטישקייט, אַ שטאַל, אַ פערד, אַ געפלעקטע קוה, צוויי ציגען, אַ פּאָר עופות, צוויי הינט, אַ שטיק פייכטע ערד, ניט ווייט איז דער טייך וואַרטע — וואוהין־זשע וועט זיך לאָזען יאָסי־בער דער ישוב'ניק אין מיטען דעריי־נען?... ער וועט בלייבען אין דאָרף, ניט געקוקט אויף דעם וואָס זיין אידענע צעשרייט זיך אויף איהם: „יאָסי־בער, האָב גאָט איז האַרצען, דערבאַרעם זיך... ביסט אַראָפּ פון זינען, יאָסי־בער? דער דייטש וועט אונז אומברענגען...” אָבער יאָסי־בער איז דאָרפיש־פאַר'עקשנ'ט און „אַ מענש קען ניט אַנטלויפען פון זיין מזל”.

ער איז געבליבען אַליין. די דייטשען זיינען געקומען. זיי האָבען געפונען יאָסי־בער'ן. זיי האָבען איהם געשלאָגען, געפייניגט; זיי האָבען איהם געהייסען ער זאָל פאַר זיי, מעשה־חוזק, טאַנצען אין דער שבת'דיגער זשופיצע, אַ באַרוויסער.

ער מוז דאָס טאָן, ער מוז טאַנצען אַ באַרוויסער. מיט שפּיצען פון זייערע לאַנגע באַגנעטלעך קיצלען די דייטשען זיינע באָרוויסע פיס און — ער מוז טאַנצען, שנירעלעך בלוט באַווייזען זיך אויף זיינע פיס און — ער טאַנצט. זיין רויטע באָרד צעפּאַטעלט, אָהן אַ היטעל, די האָר צעשויבערט, אָנגעטאָן אין דער שבת'דיגער זשופּיצע, מיט בלוטיגע פיס, מיט אַ צעקרימטען פּנים טאַנצט יאָסי־בער און די דייטשען לאַכען, די דייטשען פרעהען זיך מיט דער לוסטיגער פאָרשטעלונג.

צוויי טעג איז זיין אידענע, דאָבע, געלעגען מיט די הינט אין קעלער. אויפ'ן דריטען טאָג איז זי אַרויסגעקומען, געזוכט איהר מאַן. איהר געשריי „יאָסי־בער! יאָסי־בער!” האָט זיך געטראָגען איבער דער ליידיג־קייט פון דאָרף. די הינט זיינען אויך געלאָפען זוכען יאָסי־בער'ן. ערשט שפּעטער האָט דאָבע געזעהן, ווי די הינט ליגען מיט אויסגעצויגענע העלזער אויף אַ פרישען זאַמדיגען בערגעל, פון וועלכען עס האָט אַרויס־געשטעקט אַ שטיק שוואַרצע זשופּיצע, אין וועלכער יאָסי־בער האָט געהאַט געטאַנצט פאַר די דייטשען, געטאַנצט מיט רויטע, צעבלוטיגטע פיס, מיט אַ רויטער, צעפּאַטעלטער באָרד.



אידישע קינדער אין געטאָ, הונגעריגע, בלייכע וואָראָבייטשיקלעך, קינדער וואָס האָבען דאָך איינגעהאַלטען זייער ביסעל שטיפערישקייט; עלטערע אידען, וואָס ווילען שטאַרבען ווי אידען, זיי ווילען ניט מען זאָל זיי אַרויפוואַרפען געשוואָלענע אויף אַ וואָגען, טויטע אידען און טויטע ווייבער צוזאַמען — „היידאַ! אָהן תכריכים, אָהן אידישקייט ווערען אַריינגעוואָרפען אין דער ערד". הערש־לייב, וואָס וויל שטאַרבען ווי דער טאַטע זיינער, ווי דער זיידע זיינער — מיט אַ ליכט צוקאָפּענס, מיט אידישקייט, מיט טהרה און תכריכים. אַ ברודער און שוועסטער פאַרגנב'ענען זיך אין אַ שנייאיגער נאַכט אונטער די געטאָ־דראָטען. די שוועסטער ראַטעוועט זיך אַרויס און דער ברודער האָט געהאַט אַן אַנדער מזל — ער איז שוין געלעגען איצט רוהיג, דאָס פּנים פאַרגאָסען מיט בלוט... דאָס אָטעמען איז געוואָרען שטילער און איז אויסגעגאַנגען... —

אַזוי דערצעהלט און דערצעהלט ישעיהו שפּיגעל וועגען די הייליגע און פּשוט'ע אידען פון די געטאָס. עס שלאָגט אַרויס פון אַלע ערצעהלונגען אַ צער, אַ ליכטיגקייט און אַ גרויסער און טיפער רחמנות: „רבונו של עולם, זיי זיך מרחם אויף דיין פאָלק ישראל. האָב רחמנות אויף דיין אָרים פאָלק".

ניט געקוקט אויף דער אינערליכער שטורמישקייט פון די אינהאַלטען פון די נאָוועלען, זיינען זיי שטיל אין זייער סטיל: ניט געקוקט אויף דער גרויסקייט פון זייער טעמאַטיק, זיינען זיי קורץ־געפאַסט, קינסטלע־ריש אָפּגעשליפען, אָפּגעטאָקט. ניט געקוקט וואָס זיי זיינען געשריבען געוואָרען אין געטאָ, אין טעג פון נויט, הונגער, שמוץ און קראַנקהייט, שיינען זיי מיט ציכטיגקייט און ליכטיגקייט.

אַזוי זיינען זיי געלעגען באַגראָבען אין אַ געטאָ־קעלער און זיך דערוואַרט צו דערזעהן די ליכטיגע שיין, כדי אידען, לעבעגעבליבענע אין פּוילען, און אידען אין אַנדערע לענדער, זאָלען זיי איצט לייענען און הערען די אָפּקלאַנגען און זעהן די שאָטענס פון די אידען אין די געטאָס, ווען זיי האָבען נאָך געלעבט, איידער די דייטשען האָבען זיי געפיהרט קיין טרעבלינקאַ.

„פאָרווערטס", 7.9.1947

**הלל ראָגאָף** (1971—1882)

# „ליכט פונעם אָפּגרונט"

## אַ באַנד ערצעהלונגען פון דער לאָדזער געטאָ פון ישעיהו שפּיגל. — דער שרייבער האָט געלעבט אין דער געטאָ און איז אויך געווען אין טויטן־לאַגער אין אוישוויץ. — ער געפינט זיך איצט אין ישראל.

אין אַ קורצער פאָררעדע צום בוך „ליכט פונעם אָפּגרונט" ווערען אָנגעגעבען איינצעלהייטען וועגען דעם שרייבער און וועגען די ערצעהלונגען. אָט וואָס דאָרט שטעהט:

„ישעיהו שפּיגל איז געבאָרען געוואָרען אין 1906 אין אָרימסטען קוואַרטאַל פון לאָדזש, אין באַלוט, ביי אָרימע עלטערן, וועבער... אָנגעהויבען אין 1922, האָט שפּיגל פאַרעפענטליכט לידער און ערצעהלונגען אין דער אידישער פּרעסע פון פּוילען... אין דער צייט פון גזירת היטלער איז ער נאָהענט צו פינף יאָר געווען אין לאָדזשער געטאָ און שפּעטער אין טויטען־לאַגער אין אוישוויץ... אַ גרויסען טייל פון די ערצעהלונגען האָט שפּיגל געשריבען אין לאָדזשער געטאָ. ערב דער ליקווידאַציע פון דער געטאָ האָט ער זיי פאַרגראָבען אין אַ באַלוטער קעלער. אין 1945 האָט ער, וואָס איז דורך ניסים געבליבען לעבען, אַ טייל פון די באַהאַלטענע שריפטען אויסגעגראָבען פון קעלער... אין 1951 האָט שפּיגל זיך באַזעצט אין ישראל".

דער בוך אַנטהאַלט 28 ערצעהלונגען; אַלע זיינען זיי שילדערונגען פון אידישע מענשען און פון געשעהענישען אין דער לאָדזשער געטאָ. עס פאַרשטעהט זיך, אַז קיין פרייד, קיין זונען־שיין זיינען אין די ערצעהלונגען ניטאָ. יעדע פון זיי הויבט זיך אָן מיט שרעק און טרערען און ענדיגט זיך מיט חורבן און טויט. דאָס זיינען אָבער ניט די געוויינליכע

מעשיות פון דעם נאַציִשען גיהנום וואָס רייסען די נערוועז און שיטען זאַלץ אויף די וואונדען. דער שרייבער זוכט ניט די פינסטערניש נאָר „די ליכט פונעם אָפּגרונט”: ער שילדערט די מאָמענטען פון אויסלייטע־רונג אין דעם לעבען פון זיינע העלדען — די מאָמענטען ווען די ליידען האָבען זיי דערהויבען צו דער מדרגה פון הייליגע און זיי צוגעגרייט צו זייער תיקון, אויסלייזונג דורך אַ מאַרטירער טויט.

די העלדען פון די ערצעהלונגען זיינען מענער, פרויען און קינדער פון פאַרשידענע לענדער, פאַרשידענע קלאַסען און שיכטען, וועלכע זיינען צונויפגעטריבען געוואָרען אין דער לאָדזשער געטאָ צו ענדליכער פאַר־ניכטונג. אין די קורצע טעג וואָס זיינען פאַרבליבען פאַר די מענשען צו לעבען זיינען זיי אַלע אויסגעגליכען געוואָרען: אָרימע מיט רייכע, אומוויסענדע מיט געבילדעטע, אַסימילירטע אידען פון „פאָרטגעשריטענעם” דייטשלאַנד און עסטרייך מיט די אַלט־מאָדישע אידען פון דער חסידישער פוילען. די ערשטע צייט פון זייער באַגעגעניש קומען פאָר רייבונגען צווישען זיי, מיספאַרשטענדענישען. די פאַרבאָרגענע פאָראורטיילען שטע־לען זיך ווי אַ וואַנט צווישען די קלאַסען און גרופּען. אָבער דאָס האַלט ניט אָן לאַנג. די שווערע ליידען, די לויערנדע מורא, די טראַגישע גע־שעהענישען ווישען אָפּ אַלע אונטערשידען. די וואָס האָבען פון אָנהויב געקוקט מיט פאַראַכט איינע אויף די אַנדערע, וואָס האָבען זיך אַרויס־געכאַפּט מיט אַ קללה אָדער מיט אַ זידעל־וואָרט, זיינען איצט גרייט זיך מקריב צו זיין איינער פאַר דעם צווייטען און צו העלפען איינע די אַנדערע באַגעגענען דעם טויט מיט אַ גרינגערען האַרץ.

יעדע ערצעהלונג שילדערט אַן עפּיזאָד פון דראַמאַטישער אָדער טראַגישער איבערלעבונג ענטוועדער פון איין פּערזאָן אָדער פון עטליכע פּערזאָנען. יעדע ערצעהלונג האָט אויך אַ מעשה, אַ „פּלאָט”, וואָס מען קען איבערדערצעהלען. ניט אַלעמאָל איז דער עפּיזאָד דאָס וויכטיגסטע אין דער ערצעהלונג. אין מאַנכע פון די ערצעהלונגען איז דאָס וויכטיגסטע דער הינטערגרונט, די אומגעבונג, די אַטמאָספערע אין וועלכער די געשע־העניש קומט פאָר. איין ערצעהלונג איז איינגעהילט אין אַן אַטמאָספערע פון הונגער; אַ צווייטע אין אַן אַטמאָספערע פון שרעק; אַ דריטע אין אַן אומגעבונג פון וואַנדלונג, ענטוועדער צו דער געטאָ אָדער פון דער

געטאָ. דער שיקזאַל פון די העלדען ווערט פאַרזיגעלט דורך אַט־די טראַגישע באַדינגונגען, דורך די פאַרשידענע גזירות וואָס זייבען „אויסגעגאָסען געוואָרען" אויף דער געטאָ אין פאַרשידענע מאָמענטען פון אירע פינסטערע, בלוטיגע יאָרען.

די שילדערונגען פון דער אומגעבונג און דער אַטמאָספערע גיבען אַן אַלגעמיינעם באַגריף וואָס די געטאָ איז געווען. זיי מאָלען דעם גייסטיגען און פיזישען צושטאַנד פון די געטאָ־געפאַנגענע אין זייער טאָגטעגליכען לעבען. און דאָס מאַכט אַ טיפערען, אַ מער טראַגישען איינדרוק ווי אַפילו די מאָמענטען פון טויט און אומקום אין וועלכע די לעבענס פון די העלדען ווערען אויסגעלאָשען.

עס דאַרף אויך באַמערקט ווערען, אַז די נאַצישע מערדער, די רוצחים און הענקער אין די אַלע ערצעהלונגען ווערען כמעט גאָרניט געשילדערט — זיי זעהען זיך ניט אָן. אין די אַלע 28 ערצעהלונגען איז ניטאָ קיין איין נאַצישער כאַראַקטער. פון צייט צו צייט באַווייזט זיך איינער פון זיי אויף אַ מאָמענט, טוט־אָפּ זיין בלוטיגע אַרבייט און פאַרשווינדט. דער שרייבער גיט בלויז אַ פּאָר שטריכען פון זיין אויסזעהן, עטליכע ווערטער פון זיינע בלוטיגע און גרויזאַמע באַפעלען, און מער גאָרניט. די ערצעהלונגען זיינען אַלע וועגען אידען, וועגען אידען וואָס ווערען געלייטערט דורך זייערע ליידען און דורך זייערע ערהאַבענע, שעהנע מעשים אין די לעצטע מאָמענטען פון זייער לעבען. קענטיג, אַז דער שרייבער האָט ניט געוואָלט פאַרפעסטען די הייליגע לופט אין וועלכער די מאַרטירער האָבען אויסגעהויכט זייער לעצטען אָטעם מיט די העסליכע געשטאַלטען און טייפעלשע האַנדלונגען פון די נאַצישע מערדער.

לאָמיר איבערגעבען דעם אינהאַלט פון אַ פּאָר פון די בעסטע ערצעהלונגען אין דעם באַנד.

אין דער ערצעהלונג „ניקי" איז די העלדין, אַנאַ יאַקאָוולעווגאַ טעמקינאַ, אַן אלמנה פון אַ רייכען אַסימילירטען אידען, וועלכע האָט געלעבט איינזאַם אין איר שעהנער היים מיט אַן אַלטען הונט ניקי. איצט ווערט זי אַריינגעטריבען אין דער געטאָ. „כאָטש די אַלטיטשקע האָט זיך דורך די צענדליגער יאָרען פון איר לעבען געפיהלט אָפּגעריסען פון אידישקייט און אידען, האָט זי דאָך אויפגענומען דעם פּלוצימדיגען גורל מיט הכנעה

און מיט איינגעבראָכענקייט..." זי געהט אין דער געטאָ פירענדיג דעם הונט. און זי פּאַלט דאָרט אַריין אין אַן אָרים געסעל וואו עס האַלטען זיך אויף גאַסען־מיידלעך. זי ווערט איינגעקוואַרטירט ביי איינער פון די מיידלעך, ביי דער „הויכער רויזע", וועלכע וויל זי פון אָנהויב ניט אַריינלאָזען צוליב דעם הונט.

ווען די צוויי פרויען באַגעגענען זיך ליגט צווישען זיי אַ טיפער אָפּגרונט. זיי געהערען צו פאַרשידענע וועלטען. זיי קוקען איינע אויף דער אַנדערער מיט פאַרדאַכט און כמעט מיט שנאה. אָבער ביסלעכווייז ווערען זיי צוגעבונדען איינע צו דער אַנדערער. זיי דערנעהענטערען זיך דורך די ליידען, דעם הונגער, די שרעק און דער עיקר דורך דעם הונט ניקי, וואָס שטעהט פאַר זיי ביידען ווי אַ סימבאָל פון דעם גיהנום אין וועלכען זיי לעבען. דער הונט רייסט זיך צו דער פרייער וועלט. ער פּרו־בירט זיך אַרויסצודראַפּען דורך די שטעכיגע דראָטען מיט וועלכע די געטאָ איז אַרומגערינגעלט און קומט צוריק אַהיים אַ פאַרבלוטיגטער, מיט אַ צופּ־ליקטער פעל. ביידע פרויען פאַרען זיך אַרום אים, וואַשען אים די וואונדען, לעגען צו זאַלב. די „הויכע רויזע", וואָס האָט אים פריער געטריבען פון הויז, „האָט געזעהן ווי דער הונט קוקט אויף איר מיט אַ טרויעריג מענשליך פּנים. די אויגען זיינע, האָט זי געזעהן באַשפּיינפּערליך, זיינען געווען איבערפילט מיט וואַרימע מענשליכע טרערען".

און דאַן פּאַסירט, אַז די דייטשען גיבען אַרויס אַ באַפעל, אַז יעדער איד אין דער געטאָ מוז אָפּגעבען צו זיי זיינע הויז־חיות. די צוויי פרויען פירען ניקי'ן צום פּלאַץ וואו די חיות ווערען איבערגעגעבען. „אויפ'ן מאַרק איז געווען אַן אָפּגעצאַמט אָרט וואו דער דייטש האָט געזאַמעלט טאַקע די הינט... די פרויען האָבען געוואוסט, אַז פון דאָרט ווערען די הינט געפירט צום טויט. די אלמנה טעמקין מיט דער הויכער רויזע זיינען געבליבען שטעהן פאַר'ן דייטש. ער האָט געוואַרט די אַלטע זאָל אַרויס־לאָזען פון דער האַנט דאָס קייטעלע אויף וועלכען ניקי איז געווען אָנגעבונדען... זי האָט אָבער אָנשטאָט אָפּלאָזען דאָס קייטעלע נאָך פעסטער עס אַרומגעוויקעלט אַרום האַנט... דער דייטש האָט אַ ריס־געטאָן דאָס קייטעלע. די אלמנה האָט זיך אַ רגע אַ וואַקעל געטאָן מיט אירע אַלטע פיס. „ניקי האָט זי שוין איצט געצויגען דורכ'ן טירעל אינוועניג אַריין.

די אַלטע האָט זיך געלאָזט פירען פון אים. הינטער איר האָט דער דייטש מיט׳ן שטיוועל פאַרקלאַפּט דאָס טירעל. זיין הוילער, בלעכענער געלעכטער האָט זיך לאַנג געפּאַליעט איבער די דראָטען... די הויכע רויזע האָט זיך אַ כאַפּ־געטאָן פאַר׳ן קאָפּ און געמאַכט אַ געוואַלד״. די אַלטע איז אַוועק צו דער הינריכטונג צוזאַמען מיט איר אַלטען געטרייען הונט.

אין דער ערצעהלונג „אומרייניגקייט״ ווערט די טראַגעדיע פון צוויי פרעמדע פאַמיליעס אין דער געטאָ אויסגעשפּילט אין אַ ברייטערער, טיפערער דראַמע. די יונגע ליזע קומט אין דער געטאָ מיט איר טאַנטע מאַטילדע פון וויען. דאָרט, אין איר אַלטער היים, האָט זי געהאַט אַ מאָדערנע ערציהונג, איז געגאַנגען אין דער שולע, געשפּילט פּיאַנאָ. אין דער געטאָ באַגעגענען זיי זיך מיט דער פרומער, פאַנאַטישער פרוי, פעסי־הינדע, וואָס וואוינט אין אַ קעלער מיט איר יתום יעקב׳ל. די פרויען און די קינדער האָבען מורא איינע פאַר די אַנדערע. איבערהויפּט שרעקט זיך פעסי־הינדע פאַר די פאַר׳גוי׳אישטע אידען וואָס זיינען געבראַכט געוואָרען פון וויען. זי פאַרזאָגט איר יעקב׳ל ער זאָל זיך פון זיי היטען.

אָבער די קינדער באַגעגענען זיך. און ליזע העלפט יעקב׳לען קלייבען שמות אין שוהל עס צו באַגראָבען, ווי דער אידישער דין פאָדערט.

אין אַ געוויסען טאָג באַקומעןביידע פאַמיליעס אַ באַפעל זיי זאָלען העלפען פירען מיסט־וועגעלעך. די אַרבייט פאַראייניגט זיי. די קינדער און די פרויען העלפען איינע די אַנדערע. עס קומט אַ מאָמענט ווען „פעסי־הינדע אַליין האָט שוין חרטה געהאַט אויף דער פאַרביטערונג וואָס זי האָט געהאַט צו דער דאָזיגער פרעמדער מיידעל. ווער ווייס, צי האָט ניט גאָט אַליין צוגעשיקט ליזע׳ן אַ זיווג פאַר איר יעקב׳לען טאַקע אַהער אין געטאָ אַריין ?״

די דראַמע ענדיגט זיך מיט דער טראַגישער סצענע ווען עס קומען־אָן די נאַצישע וועגענער אַרויסצופירען די אידען צום טויט. אַלע געהען זיי אַרויף אויף אַ וואָגען. „טאַנטע מאַטילדע, וואָס האָט מיט די הענט ניט אָפּגעלאָזט איר דאַרען האַלז, און פעסי הינדע מיט׳ן יתום האָבען זיך ביידע געהאַלטען פאַר די הענט און אויסגעקוקט אויף ליזע׳ן, וואָס איז ערגעץ ווי פאַרפאַלען געוואָרען אין דער פינסטער״.

אין אַ ווײַלע אַרום איז ליזע אַרויסגעלאָפען פון קלויז מיט אַ פולען

זאַק שמות וואָס זי האָט אָנגעזאַמעלט. אַ דייטש דערזעהט זי און צעלאַכט זיך און שרייט אויס זי זאָל דעם זאַק אַראָפּוואַרפן. און ווען זי פאָלגט ניט דערשיסט ער זי. „ניט פעסי־הינדע און ניט איר יתום האָבען דאָס אַלץ געזעהן, וואָרים זיי ביידע זיינען געשטאַנען אַריינגעשטופּט הויך אויבען אויפ׳ן וואַגען צווישען די פרעמדע קלויז־מענשען. דורך אַ שפּאַלט פון צונויפגעדריקטע מענשליכע אָרימס האָט יעקב׳ל בלויז געזעהן ווי ליזע איז פלוצלונג אַוועקגעפאַלען איבער׳ן זעקעל. ער האָט אויפגע־הויבען זיינע שמאָלע דערשראָקענע אויגען איבער זיך, געוואָלט אַ געשריי־טאָן, נאָר די מאַמע האָט אין דער רגע זיך צעוויינט״.

„פאָרווערטס״, 7.6.1953

ח. ש. קאַזשדאַן (1979—1883)

# ישעיהו שפּיגל — ליכט פונעם אָפּגרונט

## (געטאָ־נאָוועלן)

אַ טייל פון דעם בוך איז צוערשט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין לאָדזש אין 1947 אונטערן נאָמען „מלכות געטאָ". די הקדמה צו יענער אויסגאַבע דערציילט, אַז די עלף נאָוועלן זיינען געשריבן געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ אין 1940־1944; בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ האָט זיי דער מחבר פאַרגראָבן אין אַ קעלער, און זומער 1945, ווען ער האָט זיך געראַטעוועט פון אָשוויענטשים, האָט ער זיי צוריק אויפגעגראָבן. זינט 1947 האָט י. שפּיגל פאַרעפנטלעכט נאָך אַ פּאָר ביכער מיט דערציילונגען, און איצט האָט דער „אַלוו. ייד. קולטור־קאָנגרעס" אַרויסגעגעבן די גאַנצע זאַמלונג פון י. שפּיגלס געטאָ־נאָוועלן — אין איין באַנד א. נ. „ליכט פונם אָפּגרונט" (ל. מ. שטיין פאָלקס ביבליאָטעק, 1952, זז. 319).

י. שפּיגל איז אַ רעאַליסט. זיין פאָרם איז די קורצע נאָוועלע, קאָנצענטרירט אַרום איין טעמע, איין פאַקט. זיינע העלדן זיינען די יידן פון באַלוט, פון לאָדזש, „יידן ווי אַלע יידן", עס רינגלט זיי אַרום און עס פייניקן זיי אייגענע לאָדזשער „פאָלקס־דייטשן" און פרעמדע נאַציס. די פּשוטע יידישע פאָלקסמענטשן קענען ניט פאַרשטיין פאַרוואָס איזדיעקעוועט מען זיך אַזוי איבער זיי, פאַרוואָס פייניקט מען זיי. זיי גייען אויס שטיל, געשוואָלענע פון הונגער. „דער בית־עולם איז זייט די צוויי געטאָ־יאָר אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסער טויטן־שטאָט". אַמאָל נאָר הערט מען, ווי איינער פון זיי „צעהעשעט זיך פון דער דאָזיקער געליימטער מאַכטלאָזיקייט פון אַ פאָלק". זיי פאַלן אוועק מיט אַ שטילן טרוים פון נקמה אינם שונא. אָבער זיי פאַרלירן ניט די האָפענונג אַז זיי וועלן אויסהאַלטן, און זיי קלאַמערן זיך אינם אומגליקלעכן כמו־לעבן.

אַז אַנדערש מאָל פּאַסירט, אַז איינער פון זיי פּאַרלירט אין גאַנצן דעם גלייכגעוויכט און שרייט אויס „אין אַ הייליקער רציחה": „יידן!!!! זאָגט נישט קיין תהלים מער!!! גאָט איז מיט אונזער שונא!... גאָט איז מיטן דייטש!.. זאָגט נישט קיין תהלים, יידן!.. פינצטער איז אונזער וועלט!.." („אין דער פינצטער").

אַמאָל ווידער קומט איינער פון זיי אַ מער באַוואוסטזיניקער און ער מאַטערט זיך און פרעגט זיך אַליין איינע און די זעלביקע קשיה: „ער האָט געוואָלט דערגיין די סיבה פון דער יידישער געליימטקייט אין די יאָרן פון דערנידעריקונג און בושה. ער האָט געוואָלט דערגיין דעם זין פון דער יידישער גלייכגילטיקייט אינם תהום פון געטאָ... פאַרוואָס האָט מען מיט אַזאַ הכנעה געטראָגן דאָס געשוואָלענע האַרץ און אונטערטעניק זיך געבוקט פאַר אַ ביסל גראָ, וואַסערדיק געקעכטס?.. צי איז דאָס געווען דער זעלביקער וועג ווי עס זיינען געגאַנגען די אַלטע יידן־דורות אין די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער פאַרזיגלט מיטן שוואַרצן יסורים־זיגל פון בייזן יידישן גורל?... אַ ברענענדיקע בושה האָט אים געדריקט דאָס האַרץ..." („דער טויטער סטראַדיוואַריוס").

י. שפּיגל האָט אַ מאָלעריש אויג, זיינע דערציילונגען זיינען אָנגע־פילט מיט בילדער, געשילדערט מיט די איינפאַכסטע פאַרבן, אויפן אומ־מיטלבאַרסטן וועג. זיין שפּראַך איז קלאָר און פשטותדיק, אומגעקינסטלט. י. שפּיגל רעדט אין אַ שטילן, איינגעהאַלטענעם טאָן — שטיל ווי דער הונגער, שטיל ווי די געשווילעכטס וואָס פאַרכאַפּט אַלץ העכער דעם קער־פּער פון יעדן טויט־פאַרמשפּטן יידן. די געשעענישן און איבערלעבענישן דאָ, אין מלכות געטאָ, זיינען ניט קיין שטורמישע, אַלאַרמירנדיקע, אויס־טערליש־טראַגישע. אָט „גנבעט" אַ פאָטער די פּאַרציעס ברויט, וואָס זיינען באַהאַלטן אין קעמערל פאַר זיינע קינדער... „ער ווייסט אַליין ניט ווי אַזוי עס איז געשען... ניין, נישט ער האָט עס באַגנבעט זיינע קינדער, נאָר עפּעס אַ פאַרכישופט געשטאַלט, וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט פון אים... עפּעס אַ פאַרשאָלטענער דיבוק וואָס האָט מיטן טאַטנס הענט און מיטן טאַטנס פינגער געריסן דאָס טונקעלע ברויט פון קאַשטאַן־מעל"... די מאַמע האָט דערקאָנט דעם מאַנס פאַרברעכן. ניין, מער וועט עס ניט זיין. „זי איז געפאַלן אויף אַ המצאה: זי האָט אויפגענייט קליינע

טאַרבעלעך פון לייוונט, אַריינגעלייגט אַהין די צעשניטענע רעפּעטלעך ברויט און אַזוי געגאַנגען אין גאַס אַריין מיטביידע טאַרבעלעך אָנגע־האַנגען אויף איר האַרץ״... גיי, מעסט אויס, וועמעס טראַגעדיע איז גרע־סער, דער מוטערס צי דעם פאָטערס... גיי, דרינג אַריין אין דער צעבלו־טיקטער נשמה פון אַזאַ טאַטן... מעסט אויס די שטילע העראָאישקייט פון אַזאַ מאַמע...

דעם „אַכזריותדיקן״ טאַטן האָבן אין אַ צייט אַרום די דייטשן „אויפ־געכאַפּט״ — ער איז אַוועק מיט די ערשטע טראַנספּאָרטן יידן. דעם זעלביקן אָוונט האָט זיך די העראָאישע מאַמע עפּעס דערמאָנט... „עפּעס האָט אָנגעקוואָלן אין אירע געשוואָלענע אויגן. זי האָט פון אַ ווינקל אַרויסגענומען אַ גאַנץ ברויט און אַוועקגעלייגט עס אויפן טיש. איבער דער שטוב איז פון ברויט געוואָרן ליכטיק, ווי אַ זון וואָלט אויפגע־גאַנגען. זי האָט דאָס טונקעלע מעסער פאַמעלעך אַריינגעשטאָכן אינם האַרטלעכן לייב פון ברויט, און אַראָפּשלינגענדיק פרישע געזאַלצענע טרערן, וואָס זיינען איר געראָנען איבער די באַקן, האָט זי געהאַלטן אין איין רעדן צו די קינדער: — עסט, קינדערלעך, עסט. ס׳איז דעם טאַטנס ברויט. דעם טאַטנס גאַנצע ברויט״... אַזוי האָט דער טאַטע דער גזלן — אויסגעקויפט זיין זיבּד ביי זיינע הונגעריקע קינדער.

י. שפּיגל האָט דעם פאָלקסטימלעכן טאָן און שטילן הומאָר פון א. רייזענס נאָוועלע. אָבער דאָ, אין מדבר פון געטאָ, קלינגען אָפּ די דאָזיקע טענער מיט אַן עכאָ פון שאַקאַלן־געיאָמער, פון שטורמישן הייס־זאַמדיקן געווירבל... די קלענסטע געשעעניש, יעדער טראָפּן טרער און בלוט וואָס ווערט דאָ פאַרגאָסן — שפּיגלט אָפּ אין זיך דעם גורל פון אַ פאָלק וואָס שטייט אין „געליימטער מאַכטלאָזיקייט״ פנים אל פנים צום נאַצישן וואַמפּיר.

עס טרעפט, אַז די בילדער וואָס שוועבן פאַרן מחבר, וואַקסן אַריבער זיינע וואָרט־פעאיקייטן, זיין מאָלערישע קראַפט. ווען ער דערווייטערט זיך אין זיין טעמאַטיק — פונם פּרימיטיוו פון יידישן מענטשן פון באַלוט און ער קומט אין באַריר מיט פרעמדע טיפּן, נייע מין מענטשן, — ווערט אים שווערער איינצוהאַלטן די קראַפט פון צימצום, קומט ער אָן צו דער פאַרמיטלונג פון מעדיטאַציע און פילאָסאָפישע פאַרנעפּלטקייטן. צום גליק,

פֿאַסירט עס זעלטן. אַ סך אָפֿטער פֿאַסירט, אַז י. שפּיגל גיט אונז אַ מאָנומענטאַל בילד, וואָס בעט זיך ממש, עס זאָל קומען דער גרויסער מאָלער צי דער גרויסער סקולפּטאָר און פֿאַראייביקן דאָס... דער דוחק אין פּלאַץ דערלויבט מיר ניט צו ברענגען מוסטערן פֿון אַזעלכע בילדער־סימבאָלן, אָבער דער לייענער וועט זיי אַליין דערזען פֿאַר זיינע אויגן, ווען ער וועט אויפֿמערקזאַם לייענען דאָס בוך. נאָר איין איינציק בילד וויל איך דאָ נאָך איבערגעבן: די אַלמנה און געוועזענע גבירטע אַנאַ יאַקאָוולעוונאַ טעמקין ווערט אַריינגעטריבן אין געטאָ. איר איינציק פֿאַרמעגן און טרייסט — איז דאָס הינטל ניקי. עס קומט אָבער אַ באַפֿעל פֿון דייטש: ברענגען אַלע הויז־חיות. מאַדאַם טעמקין פֿירט ניקין צום אָנגעוויזענעם פּלאַץ. הינטער אַ פּלויט — הונדערטער פֿאַרלוירענע אומ־גליקלעכע הינט... מאַדאַם טעמקין קען זיך ניט צעשיידן מיט ניקין, זי האַלט אים פֿעסט אויפֿן ציימל. דער דייטשער שומר מאַכט אַ בלוטיקן שפּאַס: ווילסט ניט אָפּלאָזן דאָס הינטל, טאָ גיי אַריין צוזאַמען מיטן הונט. שוין, זי איז דאָ, די פֿורטקע איז פֿאַרקלאַפּט. אַנאַ יאַקאָוולעוונאַ — צווישן הונדערטער הינט. אַלע וועלן באַלד אויסגעשאָסן ווערן, אויך זי וועט געפֿינען איר טויט צווישן די הינט... אַן אומפֿאַרגעסלעך בילד! אַ דערשיטערנדיק בילד!

י. שפּיגל האָט אַ געוואַלדיקן חוש פֿאַר דער נאַטור. זון, לבֿנה, דעמערונג, ליכט, שאָטנס, ווינט זיינען פֿאַר אים לעבעדיקע, קאָנקרעטע, פֿאַקטישע וועזנס. ער אַנאַליזירט זיי, ער גיסט זיי צונויף מיטן אָרום, מיט פּאַסיקע מאָמענטן. ער שליסט זיי איין אין זיין איך. זיי באַגלייטן אים אין אַלע וואָגלענישן און פּיינען. אָבער דער עיקר איז פֿאַר אים — דער מענטש, דער יידישער מענטש. ער זעט די גרויסקייט און שיינקייט פֿונם מענטשן אָט אין דעם גיהנום פֿון נאַצי־געטאָ. דער ייִנגל מאָנע וואָס טראָגט אין זיך די בענקשאַפֿט נאָכן פֿאָטער מיט וועלכן ער האָט זיך צעשיידט אויפֿן שוועל פֿון גאַז־קאַמער: דער פֿעטער כיל וועלכער נעמט אויף זיך די מיסיע צו טאָן די יידישע מתים „זייער לעצטע רעכט" (קעגן פֿאַרבאָט פֿון די דייטשן): דער רבי פֿון סאָמפּאָלנע וועלכער פֿירט אַ מחנה יידן נאָך זיך „זינגענדיק און טאַנצנדיק"; שיע העשל וואָס כאַפּט אַרויס פֿונם אונטערגעצונדענעם (דורך די דייטשן) בית מדרש — אַ צעגליטן

שטיין פון די לוחות; די און נאָך אַנדערע — דאָס זיינען טיפּן פון גרויסן, שטילן העראָאיזם...

דאָס קינד אין געטאָ... י. שפּיגל האָט גרויס פאַרשטענדעניש פאַר זיין פּסיכיק; איז ער דאָך געווען אַ לערער אין דער לאָדזשער מעדעם־שול...

אַרויסברענגענדיק דאָס ריינע, אומשולדיקע און נאַאיווע קינד, וואָס ציט זיך אויך אין געטאָ צום לעבן, צו די שטראַלן פון דער זון; אַרויס־ברענגענדיק די טראַגעדיע פונם קינד וואָס איז געפאַנגען אין די ענגע דראָט־צוימען פון געטאָ, — מאַכט דער שרייבער נאָך בולטער דאָס אומגליק וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די פּרינצן פון מלכות געטאָ. ער וואַרפט אויף דעם אַזאַ ליכטשיין וואָס מאַכט פאַרגליווערן אונזער בלוט אין די אָדערן... קינדער — פון אַ „פאָלק וואָס גייט אין די ברעטער אַריין"... יעדער באַזונדער און אַלע אינאיינעם — אַלץ „גייט אין די ברעטער"...

ניט ווייניקער טראַגיש זיינען די זקנים אין געטאָ. זיי גייען אויס ווי ליכט, שטיל, אומבאַהאָלפן. רואיק קוקן זיי דעם טויט אין די אויגן, זיי זאָגן ווידוי באַצייטנס — זיי שטאַרבן ניט, זיי שלעפערן איין. ביז דער לעצטער רגע פאַרגעסן זיי ניט אין זייערע פליכטן צום באַשעפער פון דער וועלט. זיי באַטראַכטן זיך ניט פאַר קיין מאַרטירער, זיי ווייסן — עס איז איצטיקער גורל פון גאַנצן פאָלק ישראל. „אַ דין געוועב פון אַ ווייט נחתדיק שמייכעלע" לאָזט זיך אַראָפּ ווי אַ זיסער נעפּל אויף זייערע אַלטע פּנימער — און זיי גייען רואיק אַריבער אין אַן אַנדער וועלט. זיי גייען אויס בנשיקה אויף זייערע קאַלטע געלעגערס.

פאַראַן ביי י. שפּיגלען נאָך איין מין פּערסאָנאַזשן וואָס דערוועקן אין אונז באַזונדערן רחמנות מיט זייער „געליימטער מאַכטלאָזיקייט", דאָס זיינען די טשעכישע, דייטשע יידן, וואָס מ'האָט געבראַכט פון אויסלאַנד און אַריינגעוואָרפן אַהער אין געטאָ. אין זייער גאַנצער נאַציאָנאַלער באַקעטקייט שטייען זיי דאָ צווישן די יאָדערדיקע שוואַרץ־ערדיקע פּוילישע יידן. אומבאַהאָלפן, דערנידעריקט אין זייער איך־ און מענטש־געפיל, האָבן זיי מיטאַמאָל דאָ דערפילט, אַז זיי האָבן דאָ „ברידער און שוועס־טער", „וויר זינד דאָך אַללע יודען"... די אַרומיקע פאַרשטייען זיי נישט, האָבן זיי נישט ליב. פאַר היינץ פרידריך לעווי איז די גרעסטע טראַגעדיע,

ווען ער שפּילט אויף זיין פידל פאַר די יידן אויף אַ חתונה אין געטאָ — שובערטן, און זיי, די געטאָ־יידן, שטויסן אים אָפּ... „לאָמיר עפּעס הערן בעסער אַ פריילעכס, אַ יידישס". דער „יעקע" וויינט פאַר באַליידיקונג... אַ טעמפּל פון גרויסער מוזיק איז אים צעשטערט געוואָרן... אַ דערוואַקסן קינד — אין תהום פון געטאָ... די אייניקלעך פון שובערטן — האָבן אים אין דער געטאָ אַריינגעשליידערט. זיין צאַרט פידל איז דאָ אַן איבעריקע זאַך, סיידן צוליב הנאה פון די מייז וואָס לויפן ביינאַכט אַרום איבערן פידל, „און די סטרונעס ציטערן דין און געשפּענסטיק אונטער זייערע קליינע, בייזע פיסלעך"... אַנטאָן קראַפּטס „גאַיגע", זיין אַלטע זעלטענע סטראַדיוואַריוס ליגט טויט, באַהאַלטן אין פוטעראַל — אין דער פּריטשע פון דער אויסגייענדיקער זעלדע...

רירנד איז דאָס ווינער מיידל ליזל. זי שלאָפט אין אַ בית מדרש. דער אָרון קודש שרעקט איר. זי פאַרגעטערט דאָס זעקעלע מיט שמות, וואָס אַ ייִנגל פון געטאָ קלייבט פון מיסט. און ווען די דייטשן קומען און נעמען אַרויס פון קלויז אַלע יידן צום „טראַנספּאָרט", לויפט ליזל אַריין אין קלויז און כאַפּט אַ פול זעקל מיט שמות און הענגט עס אָן אויף איר האַלדז... ווען דער דייטש וויל עס עפענען, האַלט זי מיט בײדע הענט פעסט דאָס זעקל, לאָזט עס ניט עפענען... דער דייטש האָט אַ ריס געטאָן דאָס זעקל, אַריינגעקוקט אינעווייניק, זיך צעלאַכט: „לאַססע דאָך דיזעס דרעק, דו אונריינעס פּי!..." ווער ווייסט צי ליזל וועט ניט גיין אויפן פייער צוזאַמען מיט אָט דעם זעקל שמות?...

איז עס ניט אַ בילד וואָס פּאַסט זיך פאַר אַ פערטע מתנה צו י. ל. פּרצעס „דריי מתנות"?..

— — — אָט אַזוי האָט י. שפּיגל געזען די לאָדזשער געטאָ און אירע אויסגייענדיקע, אונטערגייענדיקע איינוואוינער. אָט אַזוי האָט דער שרייבער, דער „שותף פון זייער גורל", פאַראייביקט אין דער יידישער ליטעראַטור דאָס גרויזאַמע „מלכות געטאָ"... דער יידישער ליטעראַטור איז באַשערט געווען, עס זאָל פאַר איר אָפּגעראַטעוועט ווערן אַ גרויסער קינסטלערישער טאַלאַנט.

„אונזער צייט"

**רקודה פּאָטאַש** (1906—1965)

# ישעיהו שפּיגל און זיינע געלייטערטע פון טויט געשטאַלטן

נאָך דער גרויסער בראָך פון די היטלער־יאָרן, וואָס האָט צוגענומען ביים יידישן פאָלק אַזאַ גרויסע צאָל באַגאַבטע שרייבער און דיכטער, האָבן זיך ביי אונדז באַוויזן מיטאַמאָל אַזויפיל נייע שרייבער און דיכטער, מיט אַזאַ שפע מאָטיוון פונעם אומקום, אַז עס איז שווער צו האַלטן די מאָס און אָפּמעסטן דאָס דערגרייכטע.

אָן אמת ליכט האָט אַ פלייץ געטאָן גראָד פון יענע דיכטער און שרייבער וואָס האָבן נישט סתם זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו באַשרייבן דעם חורבן, נאָר איבערלעבן אים נאָכאַמאָל, פאַרטיפן אים אין זיך. צווישן זיי איז ווי אַ מעטעאָר אויפגעגאַנגען ישעיהו שפּיגל. שוין פאַר דעם גרויסן אומקום איז ער געווען גענייגט צו עלעגיע און טרויער־מאָטיוון, אָבער גרויסע דערציילערישע קראַפט, דעם כוח צו געשטאַלטן דערשיינונגען און פאַרקערפּערן שטימונגען האָט ער דערגרייכט אין דער פולער מאָס ערשט אין אומגליק.

זיין בוך „מלכות געטאָ" האָב איך באַקומען נאָך איידער ער האָט באַטרעטן די שוועל פון ישראל. איך האָב (דעם אמת געזאָגט) מורא געהאַט צו עפענען דאָס בוך. פאַר — פאָטאָגראַפיע. אַ סך האָבן געהאַלטן אַז באַשרייבן אָדער פאָטאָגראַפירן די בראָך איז אַ מצוה, דאָס איז ריכטיק בדרך כלל — אָבער נישט אויפן שטח פון בעלעטריסטיק און דיכטונג. אַזעלכע גרויסע געשעענישן קאָן מען נישט פאָטאָגראַפירן. דאָס קאָן נאָר פאַרקלענערן דאָס געשעענע. אַ נישט־געזעענע טרער קאָן אַמאָל מער צעברעכן, ווי הויך געוויין. די „באַקעטע וואָר" וועגן דעם יידישן בראָך האָט אים אָפּטמאָל נאָר פאַרביליקט און פאַרבלאַסט.

איך האָב אין דער משפחה אייבעם אַ נאָענטן, וואָס האָט אין יענע

יאָרן פאַרלוירן אַלץ: די עלטערן, ברידער און שוועסטער, קרובים, פריינט און לאַנדסלייט. און ביז איצט האָב איך אים נאָך נישט געהערט אַרויס־רעדן קיין וואָרט וועגן דעם. טיף באַהאַלטן טראָגט ער זיין ווייטיק, קיינער חלילה זאָל זיך צו אים נישט צורירן. ווען עמעץ פון די אָפּ־געראַטעוועטע האָט אים געוואָלט דערציילן, ווי אַזוי מען האָט דערשאָסן זיין פאָטער אָדער געטייט זיין מוטער, האָט ער נישט געוואָלט הערן. „פאַר מיר לעבן זיי, זיי זענען נאָר מיטגעגאַנגען מיט די קדושים מען זאָל זיי נישט טמא מאַכן — —"

אַז איך האָב, אָבער, אָנגעהויבן לייענען ישעיהו שפּיגלס דערציי־לונגען, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, ווי כ'האָב פאַר מיר געהאַט די באַהויכטע הייליקע געשטאַלט פון דזשאָטאָ, (איטאַליעניש רענעסאַנס־מאָלער), וואָס כמעט אַלע מענער און פרויען ביי אים האָבן הייליקע־שיינען אַרום די קעפּ. זיי גייען פּאַמעלעך און רירן קוים קוים אָן די ערד. אויך ביי שפּיגלען זענען די געשטאַלטן פון די פאַרפּייניקטע עפּעס אַנדערש, ווי נישט דאָאיק. זיי גייען אַרום אין דעם אומגליק געלייטערטע און נישט־באַפלעקטע פון דעם אַרום. עס איז ביי זיי תמיד דאָ אַ פלעמל ווי ביי הייליקע. עס לייכט פון זיי אַרויס דאָס גרויסע ליכט, ווי פון מענטשן וואָס ווערן אומשולדיק געהאַנגען, פאַרברענט אָדער סתם געממיתט. וואונ־דערלעך זענען ביי אים די לאַנדשאַפטן אַרום די דאָזיקע געשטאַלטן, וואונדערלעך די הימלען און די פייגל אַפילו. איך דערמאָן זיך נאָך די מאָלינעס פונעם בית עולם־ייִד. אַזאַ שילדערונג געפינט מען נישט אין קיין שום וועלט־ליטעראַטור. דאָס איז אַ געמעל, נישט קיין באַשרייבונג. אַלע זיינע דערציילונגען, זענען איינגעהילט אין אַזאַ רויטן פלאַם פון יסורים, וואָס מען שפּירט זיי נאָר דורך דעם, וואָס מען האָט פאַר זיך די תקופה אין וועלכער זיי זענען אַרויסגעקומען.

ישעיהו שפּיגל וואַקסט פון יענער לאָדזשער אַטמאָספערע, אין וועלכער ס'האָבן געלעבט יצחק קאַצענעלזאָן, ישראל ראַבאָן, מרים אולינאָווער און נאָך אַ סך יידישע דיכטער און שרייבער. אַז מען ווייס דאָס, ווייס מען פון וואַנען די קראַפט צו מאָלן מיט אַ טינט־און־פעדער אַזאַ מין אומ־געהייער בילד פון אומקום — כאָטש נישט צו פאָטאָגראַפיש און פאַרזען מיט דאַטן און מעטריקעס...

מען קאָן נישט ציטירן די נאָוועלן פון דעם בוך „מלכות געטאָ" — מען מוז זיי אַליין לעזן. איצט זענען זיי געוואָרן איבערזעצט אין עברית, און בדרך כלל זייער געלונגען. דאָס פאָרוואָרט פון דב סדן, פּראָפעסאָר פון דער יידיש קאַטעדרע אין ירושלים — האָט באַוויזן אין אַ קורצן עסיי פון 4 זייטן אַרויסצוברענגען די גאַנצע אייגנאַרטיקייט שפּיגלס, זיין גאַנג און וועג אין ליכט.

„נייוועלט", 30.1.53

**א. וואָלף יאַסני** (1968—1894)

# אַ קינסטלעריש בוך וועגן געטאָ
# („מלכות געטאָ")

**א.**

די נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע, וואָס עס האָט איבערגעלעבט דאָס יידישע פאָלק אין משך פון די מלחמה־יאָרן האָט אין אַ געוויסער מאָס שוין באַקומען איר אויסדרוק אין דעם נאָכמלחמהדיקן יידיש־פּאָעטישן שאַפן. דעם אָנהויב האָבן געמאַכט די דיכטער, וועלכע האָבן אַליין איבערלעבט דעם יידישן אומקום. אַמבולטסטן און אַמפּילבאַרסטן האָט דאָס געבערענגט צום אויסדרוק אין זיין שאַפן דער דיכטער און פּאַרטיזאַן א. סוצקעווער. זיינע פּאָעמען און לידער פון דעם פּעריאָד וועלן בלייבן אין דער יידישער ליטעראַטור ווי קלאַסישע דיכטונג פון יידישן אומקום, העלדישקייט און מסירת־נפש. צוזאַמען מיט סוצקעווערן האָבן אויך אומקום־טעמעס געשאַפן אויך: דער פּאַרטיזאַן קאַטשערגינסקי, גראַדע און די גאַנצע פּלעיאַדע יידישע דיכטער אין פּוילן — יאַנאַסאָוויטש, אַשענדאָרף, זאַק, קנאַפּהייס, זשיכלינסקאַ, פוקס, וואַלדמאַן, גוטערמאַן, איוואַן, קופּער־שמיד. א. אנד. אַזוי, אַז אין דער יידישער פּאָעזיע אין פּוילן (מיר באַהאַנדלען נאָר פּוילן) האָבן אונדזערע טראַגישע איבערלעבונגען באַקומען אַ געוויסן תיקון. אַנדערש איז אָבער אין דער פּראָזע.

אַ חוץ קליינע אויסנאַמען האָבן אונדזערע בעלעטריסטן כמעט זיך נאָך נישט צוגערירט צו דער געטאָ־טעמאַטיק. ישעיהו שפּיגלס בוך „מלכות־געטאָ" דאַרף דעריבער באַטראַכט ווערן אַלס דער ערשטער ערנ־סטער פּרווו פון געבן אַ קינסטלערישע שילדערונג פון די געטאָ־איבער־לעבונגען.

שפּיגל איז מער פּאָעט ווי פּראָזאַאיקער. זיינע ערשטע שאַפונגען, וועלכע זענען דערשינען אין בוך־פאָרם זענען געווען לידער א.ב. „מיטן

פּנים צו דער זון". ווייזט אויס, אַז די פּאָעטישע פאָרם איז פאַרן דיכטער געווען צו ענג, כדי ווי געהעריק צו ברענגען צום אויסדרוק זיינע געטאָ־איבערלעבונגען. אָבער אויך אין דעם פּראָזע־בוך „מלכות־געטאָ" פילט זיך זייער שטאַרק די פּאָעטישע פעדער. די דאָזיקע קורצע, שטאַרק קאָנדענסירטע ביז נערוון־שפּאַנונג איינגעהאַלטענע נאָוועלן, זענען ווי איינגעראָמט אין פּרעכטיקע פּאָעטישע שילדערונגען פון דער נאַטור, וועלכע רינגלט אַרום דעם טרויעריקן געטאָ עמק־הבכא.

דער דיכטער וועלכער האָט אַליין דורכגעלעבט דעם גאַנצן טראַגיזם פון געטאָ־אומקום, זעט די נאַטור מיט די טרויער־בליקן פון אַ געטאָ־קרבן. דער קאָלאָריט איז גרוי, אָדער שוואַרץ. איבער די גרויע פענסטער־שויבן רינט דער רעגן אַ שווערער אַן אומעטיקער... „די ערד איז ווייך און פינצטער". דער זון־אונטערגאַנג איז „אַ שטיק שוואַרצלעכע רויטקייט, ווי אַ פאַרזעצט שטיק בלוט"... „פּוילישער הארבסט ליגט איבערן געטאָ מיט שוואַרצע כמאַרעס, מיט צעפּיצלטע, טונקעלע הימלען אין אַ אַנמוטי־קער גרויקייט". אין זון־אויפגאַנג זעט דער דיכטער „אויף דער גאַנצער לענג פון מזרח אַ רונדיקן שטריף פון רויטלעכער ברוינקייט, ווי אַנגע־לאָפן בלוט אויף אַ געשלאָגן מענטשלעך פּנים" א.א.וו. א.א.וו.

אויף דער דאָזיקער אומעטיק־גרויער פאָן קומען די קינסטלערישע שילדערונגען פון געטאָ־לעבן. די שילדערונגען זענען נישט באַלאַסטעט מיט קיין טיפע פסיכישע איבערלעבונגען. נישטאָ דאָ די טראַגיק פון דעם יחיד, וועלכער איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון נאָרמאַלן לעבנס־שטייגער און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַרפאַלגטן הונט, וואָס זוכט אַן אַנטריי־נונג פון קלעפּ און טויט און עפּעס אַזעלכעס, מיט וואָס מ׳קען פאַרשטאָפּן דעם ליידיקן מאָגן. עס פעלט דאָ די טראַגיק פון כלל, וועלכער לעבט איבער דעם צוזאַמענברוך פון אַלעם שענסטן און הייליקסטן, אין וועלכן מ׳האָט געגלויבט. מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען איז אין די געטאָ־נאָוועלן נישט פאַראַן קיין שום טיפע איבערלעבונגען, אָבער דערמיט פאַרלירן נישט די נאָוועלן זייער קינסטלערישן ווערט.

„מלכות־געטאָ" פאַרמעסט זיך נישט דורכצואַקערן דעם געטאָ־לעבן אין דער טיף, נאָר צייכנט טרייע בילדער פון טאָגטעגלעכן לעבן פון יידן געטאָ־איינוווינער.

די ערשטע נאָוועלע „ערד" איז ווי אַן אַריינפיר צו די שפּעטערדיקע געטאָ־איבערלעבונגען. דער דיכטער ברענגט דאָ צום אויסדרוק די איינגעוואַקסנקייט פון ייד אין דער פּוילישער ערד און וויקלט פאַנאַנדער דאָס בילד פון אַלגעמיינעם אומקום, פון וועלכן עס ווערן געבוירן די יידישע פּיין און ליידן. דער פאַרפּייניקטער ייד, יאָסי בער הויבט זיך אויף ווי אַ סימבאָל פון די אַלע יידישע מאַרטירער, וועלכע האָבן פאַרבונדן זייער גורל מיט דער פּוילישער ערד און ווילן נישט פון דעם אייגענעם גורל אַנטלויפן. די ווייטערדיקע נאָוועלן זענען פיינלעכע שילדערונגען פון לעבן פון אָט די מענטשן.

י. שפּיגל פירט אונדז אַריין אין די טרויעריקע געטאָ־גאַסן, עפנט פאַר אונדז די אָרעמע חושכדיקע נעסטן. מיר באַקומען אַ געטריי בילד פון אַ געטאָ־שטוב. מיר זעען זי מיטן גאַנצן אומעט און חושך. אַ יידישע שטוב מיט שבת־לייכטער, וועלכע וואַלגערן זיך ערגעץ אין אַ ווינקל. אַ יידישע פאַרצערטע מאַמע, וואָס ציטערט איבער איר קליינוואַרג. אַ פרומער טאַטע, וועלכער שטילט זיין הונגער מיט דאַווענען אַ גאַנצן טאָג איינגעהילט אין טלית און אַ יינגעלע, אברהמעלע, די מאַמע רופט אים פאַרצויגן אומעלע און אַ שוועסטערל פּערעלע. מיט צאַרטע שטריכן מאָלט אונדז דער דיכטער אָט די צוויי געטאָ־קינדער, וועלכע קוקן אַרויס דורך אַ שפּאַרע פון אַ ווענטל אויף יענער „פרייער וועלט" מחוצן געטאָ, ווו אין אויסשטעל־פענצטער ליגן אויסגעלייגט „רונדיקע פרישע ברייטלעך און העלע ליכטיקע בולקעס". די שפּאַרע פון וועלכע עס זעט זיך דאָס לעגענדאַרע ברויט מיט בולקעס האָט פאַרכאַפּט אומעלע, און פּערעלע בעט זיך ביים ברודערל: „לאָז מיך אויך צו, כ׳בין אויך הונגעריק"...

אָט אַזוי שטייען די הונגעריקע קינדער און גאַפן אַהין אין יענער זייט געטאָ, פון וואַנען עס שטראַלן צו זיי ברויט און זעמל. אָבער ס׳קומט פאַרט אָן אָוונט, ווען די קינדער ווערן זאַט. דער טאַטע ווערט צוזאַמען מיט אַנדערע מאַנסלייט געכאַפּט. „דעם טאַטנס טלית און תפילין זענען פאַרשעמט געהאָנגען אין אַ ווינקל, ווער דאַרף זיי שוין איצט"... די מאַמע איז אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג מיט געשוואָלענע אויגן פון וויינען און אין אָוונט האָט זי אַרויסגענומען אַ ברויט און געטיילט די קינדער שטיקנ־

דיק די טרערן. דאָס איז געווען דעם טאַטנס ברויט, פון וועלכן די קינדער זיינען צום ערשטן מאָל נאָך אַ סך חדשים געוואָרן זאַט.

קינדער אין געטאָ בענקען נישט נאָר נאָך ברויט. דער הונגער האָט נישט באַוויזן צו פאַרטרייבן די קינדערישע ליבע צו דער נאַטור. אויף אַלע געטאָ־הייף זיינען קיין ביימעלעך נישטאָ. ביי איין הייזל שטייט עפּעס יאָ אַ דאַר, איינגעבויגן ביימל, גרינט עס נישט „נאָר עס סטערטשעט קעגן הימל ווי אַ בעזים". און מענדל דערזעט ערשט דעמאָלט אַביסל גרינס, ווען ער קריכט אַרויף „אויפן דעכל פון קליינעם הילצערנעם הייזל". פון דאָ זעט ער אויף יענער זייט געטאָ אַ גערטנדל, ווו עס בליען עטלעכע ביימלעך.

דער דיכטער גיט אונדז דאָ אַ זייער געלונגענע שילדערונג, ווי אַ קריסטלעך קינד פון יענער זייט געטאָ, וועלכעס האָט מתחילת אַריבער־געשריגן צו מענדעלען „יודע", קומט צו נענטער צום אָפּגעצוימטן דעכל אוןביידע קינדער באַגעגנען זיך. אָט אַ ווילע און דאָס פּוילישע קינד וועט אַריבערגעבן דעם יידישן יינגל אַביסל בליענדיק גרינס. אָבער דאָ קומט אָן די מאַמע, וועלכע שלעפּט מענדעלען אַראָפּ, און רייסט זיך דערביי די האָר פון קאָפּ. „געוואַ־אַ־אַ־לד, אַראָפּ פון דעכל, ועסט ברענ־גען אָן אומגליק אויף אַלע יידן, גזלן"... די מאַמע פילט די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַרן יידישן כלל און ווייסט וואָס עס באַדייט אין געטאָ אַ דערנענטערונג צווישן אַ פּויליש און יידיש יינגל. אָבער מענדל הערט נישט אויף צו חלומען פון בליעכץ און איינשלאָפנדיק אַ הונגעריקער ביינאַכט טראָגט ער זיך איבער צום פעטער מעכל אין סאָד צו יענער צייט, ווען מ'האָט נאָך נישט געוווּסט פון קיין דייטש און געטאָ.

אָט אַזוי גייען בילדער נאָך בילדער. מענטשן געשוואָלענע פון הונגער גייען אויס חלומענדיק פון דער קומענדער פרייד פון באַפרייאונג. מ'וויל נישט שטאַרבן נישט דערפאַר, ווייל דאָס לעבן איז אַזוי ליב, נאָר עס ווילט זיך נישט שטאַרבן ביי דעם מצב ווען פאַרן טויט האָט מען אויפגע־הערט דרך ארץ האָבן. דעם בר מנן גיט מען „אַ טראַסקע אַרויף אויבן אויפן דאַך פון דער עגלה צוזאַמען מיט אַנדערע טויטע". „און היידאַ אָן תכריכים, אָן יידישקייט ווערן זיי להבדיל ווי הינט אַריינגעוואָרפן אין דער ערד..." ...„הערש לייב וואָלט ווועלן שטאַרבן, ווי אַ ייד, ווי דער

טאַטע זיינער, אָדער דער זיידע. מיט ליכט צוקאָפּנס, מיט ייִדישקייט, מיט טהרה און תכריכים. נישט נאָר דאָס לעבן איז מיאוס אין געטאָ, אויך דער טויט איז נמאוס און מיאוס".

כדי צו געבן אַ גענויע כאַראַקטעריסטיק פון די געטאָ־נאָוועלן, וואָלט מען געדאַרפט ציטירן יעדע נאָוועלע באַזונדער. יעדע נאָוועלע אָטעמט מיט באַזונדערע שטיקער צערפּול געטאָ־לעבן און מיט באַזונדערע טיפּן און געשטאַלטן. י. שפּיגל באַמיט זיך אַריינדרינגען אין יעדן ווינקל פון געטאָ־שטייגער־לעבן. ער באַמערקט דעם באַהאַלטענעם ליבע־ציטער, וועלכער וואַכט אויף אין דעם דערשלאָגענעם, פאַרהונגערטן יונגען מיידל. ער זעט דעם טויט, וואָס גייט געאָרעמט מיטן לעבן. אויף אַלעמען איז געפאַלן דעם דיקטערס בליק און ער האָט אַלץ פאַרצייכנט אַזוי פּשוט און האַרט, ווי ער האָט עס געזעען.

דער מחבר פּרוּווט אַפילו געבן אַ בילד פון די אַסימילירטע מערב־אייראָפּעישע ייִדן, וועלכע זענען דאָ אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין געטאָ־קעסל. צו דעם פאָדערט זיך שוין אַ געוויסער פּסיכאָלאָגישער צוגאַנג, פון וועלכן די נאָוועלן זיינען זייער ווייט און דעריבער קומט די שילדערונג פון די מערב אייראָפּעישע ייִדן אַרויס זייער בלאַס און אויבנאויפיק.

דאָס געטאָ־בוך „מלכות געטאָ", אין וועלכן דאָס לעבן פון לאָדזשער געטאָ ווערט זייער רעאַליסטיש געשילדערט נעמט אַרום נאָר איין זייט פון געטאָ־לעבן. אין געטאָ האָט אָבער געהערשט נישט נאָר גרויער אומעט. עס איז אויך געווען פילפאַרביקייט. האָפענונג האָט זיך געקרייצט מיט פאַר־צווייפלונג. אידעאַליזם מיט חיהשע גראָבקייט. קינדער און עלטערן־ליבע זיינען געגאַנגען געפּאָרט מיט עגאָאיסטישע פאַרפרעמדקייט. נישט איינמאָל האָט העלדישקייט טריומפירט איבער פאַרקויפטקייט און פּחדנות.

די דאָזיקע פילזייטיקייט און פילפאַרביקייט פון געטאָ־לעבן קומט נישט צום אויסדרוק אין דער נאָוועלן־זאַמלונג פון י. שפּיגל. לויט דעם נאָמען פון בוך „מלכות געטאָ" האָט אין דער נאָוועלן־זאַמלונג געדאַרפט אויך זיין עפּעס פון דעם אייגנטלעכן „מלכות", וועלכעס האָט אַרומגענומען דאָס געטאָ, פּונקט ווי די דראָט־פאַרצוימונגען. מיר מיינען דאָ די ייִדישע געטאָ־מאַכט. פון דעם „מלכות" איז אין דער נאָוועלן־זאַמלונג קיין שפּור נישט פאַראַן.

קענענדיק דעם טאַלאַנט פון י. שפּיגל ווילט זיך גלויבן, אַז די נאָוועלן־זאַמלונג איז נאָר דער בראשית פון אַ גרעסערע קינסטלערישע אַרבעט פון אַ דיכטער, וועלכער וועט אויף אַ ברייטן לייוונט פאַנאַנדערוויקלען אַלזייטיק דאָס לעבן און אומקום פון דעם גרויסן יידישן קבוץ — לאָדזש. דערוויייל קומט דעם דיכטער אַ יישר כח פאַר די קינסטלערישע געטאָ־בילדער, וועלכע ער האָט אונדז געגעבן אין זיין נאָוועלן־זאַמלונג.

„פאָלקסצייטונג", נאָך־מלחמה פוילן, נומער (19—20) 11—10

ב.

# דער דיכטער פון לאָדזשער געטאָ און פון אַנדערע עמק הבכא'ס

געווידמעט דער 11טער יאָרצייט פון דער אומגעקומענער לאָדזשער קהילה.

„ווינט און וואָרצלען" איז דער נאָמען פון י. שפּיגלס צווייטער גרויסער נאָוועלן־זאַמלונג, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק. דאָס בוך טיילט זיך אין צוויי טיילן: א) „ווינט" און ב) „וואָרצלען".ביידע נעמען, וואָס בילדן דעם טיטל פון בוך זענען סימבאָלישע און זאָגן אונז וועגן דער טעמאַטיק. ווינט — דאָס לעבן אין געטאָ, וואָרצלען — דער שארית הפליטה פון טויט און חורבן נעמט שלאָגן וואָרצלען אין דעם ניי־אויפגייענדיקן לעבן.

די נאָוועלן אין ערשטן טייל פון דעם בוך קאָנען, לויט דער טעמאַטיק באַטראַכט ווערן ווי אַ המשך פון „ליכט פון אָפּגרונט". עס איז אָבער נישט קיין איבערחזרונג, אפילו אין דער קלענסטער מאָס. מיט יעדער נייער נאָוועלע וואָס ס'פאַרעפנטלעכט דער דיכטער ישעיהו שפּיגל, עפנט ער פאַר אונז אַ ניי אומבאַקאַנט ווינקעלע פון לעבן אין געטאָ עמק הבכא. דער אויסדרוק לעבן איז דאָ אַ סימבאָלישער און איז ווייט פון אונזערע באַגריפן פון לעבן און אויך פון טויט. צוליב דער דאָזיקער ווייטקייט פון אונזערע באַגריפן און וואָס ווייטער דער צייט־מרחק, אַלץ פרעמדער ווערט

אונז יענץ געטאָ־לעבן, מוז דעריבער דער קינסטלער־פּראָזאַיקער באַנוצן אויסערגעוויינלעכע מיטלען כדי צו דערנענטערן צו אונז דאָס לעבן אין יענע אויסטערלישע עמק הבכא׳ס.

ישעיהו שפּיגל, וואָס האָט איבערגעלעבט אַלע געטאָ־פּיינען האָט אין זיינע קינסטלערישע שאַפונגען דערגרייכט צו די מיטלען, וואָס מאַכן אים מעגלעך צו דערנענטערן צו אונז דאָס ווייטע און פרעמדע געטאָ־לעבן.

שוין זיינע ערשטע נאָוועלן אין „מלכות געטאָ״ האָבן באַוויזן, אַז שפּיגל פאַרדינט מיט רעכט באַצייכנט צו ווערן אַלס דער קלאַסיקער פון אונזער נייעסטער מאַרטיראָלאָגיע־ליטעראַטור. שפּיגל האָט פאַקטיש געשאַפן אַ נייעם סטיל, אַ נייעם אופן פון שילדערן און מאָלן דאָס לעבן פון מענטשן, זייער סביבה, וואָס איז פרעמד אַפילו די פאַנטאַסטישסטע פאָרשטעלונג פון „מיושב׳דיקע לייט״, וואָס זענען דאָרט נישט געווען.

וואָס איז קינסטלערישע פּראָזע — בילד, שטימונג; דער מענטש און דיכטער פון בילד, דאָס בילד אין ראַם פון דער סביבה און אַלץ צוזאַמען איז דורכגעזאַפּט מיטן געפיל פון דיכטער, מיט זיין וואַרעמען אָטעם, מיט דעם רוח חיים, וואָס דער קינסטלער באַשאַפער האָט אַריינגעבראַכט אין זיין ווערק. דער לייענער, וואָס פאַרטיפט זיך אין אַזאַ ווערק, ווערט מיט אַלע זיינע חושים אַריינגעצויגן אין אַ וועלט, וואָס איז אים פרעמד און דאָך אייגן, ווייט און דאָך נאָענט. ווייל לעבנס־צער און לעבנס־פרייד, אויפגאַנג און ירידה טראָגט יעדער מענטש אין זיך.

די דאָזיקע אַטריבוטן פון קינסטלערישער פּראָזע זענען אייגן יעדן גרויסן וואָרט־מייסטער און יעדער דיכטער פאַרווענדעט זיי אויף אַן אַנדערן אופן אין זיין שאַפן. שפּיגל ביים אַרויסברענגען די בילדער פון געטאָ־לעבן האָט געמוזט אָנקומען צו אַ נייעם פאָרם־אויפשטעל, צו אַ נייער גלידערונג פון די בילדער־טיילן. אין דעם דאָזיקן כאַאָס פון געטאָ־לעבן, ווו טויט, לעבן, האָפענונג, פאַרצווייפלונג, ליבע, בענקשאַפט, געשלעכטלעכער הונגער און גרויליקער פיזישער הונגער, גלויבן, רעליגיאָזיטעט און לעסטערונג האָבן זיך אויסגעמישט אין איין ווירוואַר — האָט דער קינסטלער געמוזט אָנהויבן מאָזאַאיק־ברעקלעך פון דעם כאַאָס, כדי אַרויסצוברענגען דאָס פולע, דאָס גאַנצע בילד פון טראַגישן געטאָ־ייד.

מיט גרעליקער העלקייט, מיט פאַרבן פון עפּעס אַ נישט דאָיקער

וועלט מאָלט שפּיגל זיינע געטאָ־בילדער. דאָס זענען פאַרבן וואָס דער מענטש זעט נאָר אין מצב פון העכסטן עקסטאַז אָדער בעתן צעשיידן זיך מיט דער וועלט. דער דיכטער האָט איינגעזאַפּט אין זיך ביידע — די פּיין פון אומקום און דעם העכסטן עקסטאַז פאַרן לעבן. זיינע נאַטור־שילדערונגען, די מעטאַפאָרן זענען גישט סתם קיין פּאָעטיזירונג פון דער פּראָזע, נאָר אַ הילפס־מיטל ווי אַזוי בולטער און שאַרפער אַרויסצוברענגען די געשטאַלטן אין סביבה פון געטאָ.

די ערשטע נאָוועלע אין דעם באַהאַנדלטן בוך, די נאָוועלע מיט דעם אומשולדיקן נאָמען „ביינער" הייבט זיך אָן מיט אַזאַ בילד:

דער „קויטיקער שוואַרצלעכער באַרג אין דער שייל־קאַמער ווו עס זענען געזעסן די ווייבער און מיידלעך פונעם געסל, האָט איצט אויס־געפּאַרעט פון זיך, פון זיין באַהאַלטענעם, וואָרעמען אינגעווייד, גינגאָל־דענע, דינע שנורן. זיי זענען געהאָנגען, די שנורן, אַנטקעגן די הויכע לופטיקע דאַך־שפּאַרעס ווי ציטערדיקע סטרונעס. דאָס איז געקומען פונעם דרויסנדיקן בלאָלעכן האַרבסט־ליכט, וואָס האָט זיך אַריינגעזיפּט אין דער נידעריקער פינצטערניש פון דער שייל־קאַמער שנירל נאָך שנירל, ווי עמעצנס פאַרבאָרגענע הענט וואָלטן געשפּילט איבער די ווייבערישע קעפּ אַ ליכט־שפּיל אויף אַ פידל".

דער „קויטיקער שוואַרצלעכער באַרג", וואָס איז אַזוי מאָלעריש גע־צייכנט, איז נישט מער ווי אַ באַרג מיסט, אין וועלכן עס ליגן צעפוילטע קאַרטאָפל, וואָס די שיילערינס קלויבן אַרויס פאַר דער קיך, כדי צו „שפּייזן" די מענטשן פון געטאָ. אין דער קינסטלערישער שילדערונג פון ישעיהו שפּיגל ווערט דער באַרג מיסט און די פרויען די שיילערינס, וואָס זיצן אַרום אים פאַרוואַנדלט אין אַ סימבאָל פון געטאָ־לעבן. אַלץ ווערט דאָ פאַנטאַסטיש און דאָך לעבעדיק רעאַל. אָט איז ווייטער די שילדערונג:

„זיי זענען געזעסן די מענטשן (די קאַרטאָפל־שיילערינס — א. וו. י.) מיט פאַרשטומטע מיילער און מיט פאַרשלאָסענע, איינגעפאַלענע אויגן. ווען דער באַרג־גוף איז שוין אינגאַנצן געוואָרן אָנגעפילט מיט לעכער פון די אויסגעקליבענע קראַנקע, ערדישע פירות — ערשט דעמאָלט האָט עמעצער פון די זיצנדיקע אַ זיפץ געטאָן. דאָס איז אָבער לחלוטין נישט געווען קיין זיפץ פון וואַרעמע מענטשלעכע ברוסטן".

אין זיין חזיון הייבט דער דיכטער אַליין אָן צו צווייפלען צי אַרום דעם קויטיקן באַרג זיצן טאַקע מענטשן און ער פרעגט:

„אפשר זענען טאַקע נישט געזעסן דאָ די מענטשן פונעם געסל. נאָר שאָטנדיקע נאַכט־געשטאַלטן, וואָס דער דאָזיקער באַרג האָט געבוירן אין דער פינצטערניש פון דער שייל־קאַמער? איצט זיצן זיי נעבן אים, רינגלען אים אַרום אין אַ קרייז און ריכטן צו אים אָפּ זייער געשפּענסטיקע תפילה".

באַלד אָבער דערזעען מיר אין זעלבן בילד, אַז דאָס זענען נישט קיין נאַכט־געשטאַלטן נאָר מענטשן, געטאָ־מענטשן, וואָס אַ ווילדער כוח וויל פאַרוואַנדלען אין מאָנסטערס, כדי צו קאָנען זיי אומברענגען. אָט האָט זיך איבער די „צעריסענע, ווייַנענדיקע פלויטלעך" און טויטע סטעזשקע־לעך פון דער גויאישער זייט, אַהערגעטראָגן אַ סעדער־ריח, פון באַרן און די „נאַכט־געשטאַלטן" האָבן אויפגעוואַכט. זיי האָבן דערפילט אין זיך לעבן, האָפענונג. די אויפגעוואַכטע האָפענונג האָט אָבער נישט אין וואָס זיך אָנצושפּאַרן און זי כאַפּט זיך אָן אין די ביינער, וואָס דאַרפן אָנקומען אין געטאָ. די ווייבער גריזשען און חלומען פון די ביינער, וואָס וועלן קרעפטיקער מאַכן די וואַסערדיקע זופּן.

עס איז אוממעגלעך איבערצוגעבן דעם אינהאַלט פון דער דאָזיקער פאַרבנרייכער און מאַלערישער נאָוועלע. דער סיפור המעשה איז דאָ קוים, קוים אָנזעעוודיק. עס וויקלען זיך דאָ בילדער איבער בילדער. זיי שטייגערן, רעאַלע שילדערונגען ווערן סימבאָליש און פאַרקערט. מיר ווערן אַריינגעצויגן אין אַ פאַנטאַסטישער וועלט, וואָס איז דאָך פייַנלעך רעאַל. די דערוואַרטעטע ביינער הייבן אָן צו שרעקן — „אפשר איז עס גאָר ביינער פון מענטשן, יידישע ביינער... ווײ איז צו אונז...

ווייטער קומען צוויי פאַר אונז פאַנטאַסטישע געשטאַלטן, וואָס זענען רעאַלע געטאָ־מענטשן: די „פעלדערמויז", וואָס פאַנגט פייגל און קאָכט פון זיי יאַכלעך פאַר קראַנקע קינדער און שפרה'לע, זיין געליבטע, וועלכע נערט איר שוועסטערנס קינד מיט די אויסגעטריקנטע יונג־מיידלשע בריסטן. לסוף באַווייזן זיך די דייטשן און פירן צום טויט אָט די אַלע צעטרעטענע און באַליידיקטע מענטשן, וואָס האָבן אין דעם שרעקלעכן עמק הבכא

זיך געקלאָמערט אין יעדן לעבנס־אָנהאַלט מיט דער האָפענונג, אַז דאָס בייזע שלעכטס וועט פאַריבער.



אין אַלע געטאָ־נאָוועלן פון ישעיהו שפּיגל דאָמינירט דאָס גוטע איבערן שלעכטן. דאָס ליכט גייט אויף פון אַלע געטאָ־אָפּגרונטן. דאָס איז די קינסטלערישע טענדענץ פון דיכטער און דאָס איז אויך דער היסטאָרישער אמת. די פאַרווילדונג האָט נאָר אָנגערירט אַ דינעם שיכט — די יודענראַטלער און זייערע מיטהעלפער. שפּיגל מיידט כמעט אויס אַרויסצוברענגען אין זיינע נאָוועלן אָט די טיפן. אפשר איז ער נאָך צו זיי נישט דערגאַנגען, דערפאַר אָבער געפינט ער אומעטום די קרבנות־גרייטקייט — דעם ווילן צו העלפן זיך קעגנזייטיק, וואָס האָט געלעבט אין דער טיפעניש פון דער מאַסע.

די מענטשן, וואָס טראָגן די הילף זענען נישט קיין העלדן, נאָר פשוטע קינדער פון געטאָ־פאָלק, בכלל זענען אין שפּיגלס נאָוועלן נישט פאַראַן קיין העלדן. אָבער די מעשים פון זיינע טיפן און געשטאַלטן זענען אַ גרויס העלדישקייט. אַזוי איז איסר און זיין געליבט מיידל אין „פאַרן זון־אויפגאַנג". לאָמיר, ווייניקסטנס, בקיצור, איבערגעבן זייערע דער־הויבענע איבערמענטשלעכע מעשים אין אָנגעזיכט פון דייטשער פאַר־ווילדונג.

איסר האָט ליב געהאַט אַ מיידל. ווען מען האָט זי געוואָלט אַרויס־שיקן האָט איסר דערקלערט די דייטשן, אַז ער וויל מיטגיין מיט זיין מיידל. דער צעווילדעוועטער דייטש האָט דערפון געוואָלט מאַכן אַ בעסטיאַלישן חוזק־שפּיל. ער האָט געוואָלט צווינגען דיביידע צום טויט־פאַרמשפּטע, אַז זיי זאָלן צוזאַמענלעבן אין דייטשער קעגנוואַרט. זיי זענען דעם דייטשס בעסטיאַלישן ווילן נישט נאָכגעקומען און פאַרפייניקט געוואָרן.

אין דער נאָוועלע „קאַלציום" איז פאַראַן דאָס „אַפּטייקערל", וואָס קריכט מיט סכנות־נפשות איבער די פעלדער, כדי אויפצוזוכן הייל־גראָזן צו מאַכן רפואות פאַר קראַנקע. און די דאָזיקע, פּרעכטיקע נאָוועלע, וואָס איז אויף שפּיגלס שטייגער אַרומגעפלאָכטן מיט מאָלערישע בילדער פון געטאָ־לעבן פיגורירט אויך אַ „גוטער" דייטש, וואָס גיט קאַלציום פאַר אַ קראַנקער. עס קאָן זיין, אַז אַזעלכע פאַקטן זענען געווען, עס איז

אָבער נאָך צו פרי, אַז מיר זאָלן זיי דערמאָנען. ווען אַפילו צווישן די 80 מיליאָן דייטשן האָבן זיך געפונען צען צדיקים, פאַרדינען זיי נאָך נישט אַריינגעברענגט צו ווערן אין אונזער ליטעראַטור.

ישעיהו שפּיגל, וואָס איז אין זיינע לידער טיף ליריש, איז אין דער פּראָזע אַן עכטער עפּיקער. אין זיין מאָלן, שילדערן און דערציילן איז נישט פאַראַן די פּערזענלעכע השתפכות הנפש. איר טאַפּט אָן די קינסטלע־רישע טענדענץ פון שרייבער, איר קאָנט אָבער נישט זיין אינערלעכע געפילס־באַציאונג לגבי זיינע טיפּן און געשטאַלטן. אַזוי שאַפן אַלע גרויסע קינסטלער. זיי לאָזן לעבן זייערע העלדן אַן אייגן זעלבשטענדיק לעבן.

אין איינע פון זיינע שאַפונגען אין דעם בוך „ווינט און וואָרצלען״, אין דעם „עפּיסטאָל פאַר מיין טויט טעכטערל״, באַווייזט זיך שפּיגל — דער פּאָעט־ליריקער.

„עפּיסטאָל פאַר מיין טויט־טעכטערל״, אין וועלכן עס קומט צום אויסדרוק דער פּערזענלעכער צער פון דיכטער איז גלייכצייטיק אַ רעקוויעם־סימפאָניע פאַר די אַלע טאַטעס און מאַמעס, וואָס האָבן געזען אָדער נישט געזען דעם טויט פון זייערע קינדער אין די געטאָס.

עס איז אַ געזאַנג פון אַ צעווייטיקטער נשמה, אַרומגעקראַנצט מיט בילדער, איבער וועלכע עס שוועבט דער שאָטן פון טויט און דער רעלי־גיעזער ציטער פאַר דעם אימבאַוווסטן כוח, וואָס גיט לעבן און שניידט עס איבער.

אין שפּיגלס שאַפונגען פילט זיך אָפטמאָל אָט דער רעליגיעזער אומרו. אמשטאַרקסטן קומט עס צום אויסדרוק אין „עפּיסטאָל״. שפּיגלס רעליגיאָ־זיטעט איז אָבער נישט פאַרבונדן מיט וועלכן עס איז רעאַלן רעליגיעזן צערעמאָניאַל. עס איז גיכער אַן אַבסטראַקטע מורא און דרך־ארץ פאַר די נאַטור־געהיימענישן און זיין געבעט צו גאָט איז אַ תהילים־תפילה פון אַ צעבראָכענער נשמה, וועלכע האָט געזען דעם טויט, חורבן און אונטער־גאַנג און אַליין זיך דערקליבן צום ברעג פון לעבן.



שפּיגלס כמעט אַלע נאָוועלן זענען געבויט אויף זיינע איבערלעבונגען אין לאָדזשער געטאָ. ער האָט אָבער זיינע טיפּן און געשטאַלטן אַזוי פּסיכאָלאָגיש פּאַרטיפט, די בילדער און שילדערונגען אַזוי שאַרף אַרויס־

געבראַכט, אַז זיי גיבן אין קווערשניט דאָס לעבן פון אַלע געטאָס און עמק הבכא׳ס פון דער דייטשער אויסראָטונג־צייט.

מיר האָבן אין אונזער אָפּהאַנדלונג זיך פאַרנומען נאָר מיט אייניקע נאָוועלן. פון דעם בוך „ווינט און וואָרצלען״. די ווייטערדיקע שאַפונגען, וועלכע מיר האָבן נישט דערמאָנט פאַרדינען אַ באַזונדערע, אַ ספּעציעלע אָפּשאַצונג.

„לעצטע נייעס״, 2.9.1955

ג.

# ווידערשטאַנד און איינוואָרצלונג אין ניי אויפגייענדיקן לעבן

די נאָוועלע „אין דרויסן״, אין דעם בוך „ווינט און וואָרצלען״ באַהאַנדלט — שליסט אָפּ דעם טייל א. ג. „ווינט״. אין דער דאָזיקער נאָוועלע, דערנענטערט זיך דער דיכטער צו דער ווידערשטאַנד־טעמאַטיק, אָבער בעת אין אַלע זיינע געטאָ־שילדערונגען איז שפּיגל רעאַליסטיש, איז ער ביים מאָלן די ווידערשטאַנד־באַוועגונג — דורכאויס ראָמאַנטיש.

י. שפּיגל זעט נישט די ווידערשטאַנד־באַוועגונג ווי אַן אָנוואַקסנדער מאַסן־כוח, באַהערשט פון אַ מסירת־נפשדיקער קאַמפּס־אידיי. דער ווידער־שטאַנד קעגן די דייטשן איז ביי אים איינגעהילט אין אַ רעליגיעזן מיסטע־ריעזן שלייער. דאָס אָרט וווּ עס וואַקסט די קאַמפּס־גרייטקייט איז נישט דאָס געטאָ, נאָר די פּוסטע לאַגעווניקער וועלדער און פעלדער. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס גראָד דער דאָזיקער שטח דינט ביי שפּיגלען ווי אַ קאַנווע פאַר זיין נאָוועלע. פון די יונגסטע יאָרן אָן איז מסתמא ביי שפּיגלען, אַ געבוירענער אין לאָדזש, געבליבן אין זכרון די ראָמאַנטישע געדעכעניש פון לאַגעווניקער וואַלד מיט זיין דערפל און „קירך פון הייליקן פראַנציסקאָס פון אַסיז״. דער לאַגעווניקער וואַלד איז געווען ווי אָנגעשלאָסן אין יידישן קוואַרטאַל אין באַלוט. דאָרט אין שאָטן פון די ביימער האָבן באַלוטער יידן געגאָסן פון אַ שבתדיק אָפּרו. מיט פופציק יאָר צוריק איז פון יענעם וואַלד אַרויס די דעמאָנסטראַציע פון פּוילישע

און יידישע אַרבעטער, וואָס איז צעשאָסן געוואָרן פון די קאָזאַקן און געוואָרן די דירעקטע סיבה פאַר די שפּעטערדיקע באַרימטע באַריקאַדן־טעג אין לאָדזש.

בעת דער דייטשער יידן־אויסראָטונג איז דער לאַגעווניקער וואַלד געוואָרן דאָס אָרט פאַר די דייטשע מאַסן־רציחות. אין דעם וואַלד זענען אין אָנהויב פון דער דייטשער אָקופּאַציע דערשאָסן געוואָרן 25 לאָדזשער יידישע געזעלשאַפטלעכע עסקנים, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דער בונדישער טוער ד״ר אלעקסאַנדער מאַרגאָליס. ס׳איז דעריבער נישט קיין ווונדער, וואָס לאַגעווניק איז ביים דיכטער געוואָרן דאָס סימבאָלישע אָרט, ווו עס באַווייזט זיך דער געהיימנישפולער העלד פון אויפשטאַנד קעגן די דייטשן.

דער העלד פון אויפשטאַנד דערשיינט אין שפּיגלס נאָוועלע אין אַ פאַרנעפּלטער, מיסטעריעזער פאָרם. ער איז גאָרנישט קיין העלד. ער באַווייזט זיך ווי אַ פאַרגייסטיקטע הייליקע געשטאַלט. אָט ווי שפּיגל שילדערט זיין אָנקומען:

„ער קאָן אָבער ביז היינט נישט פאַרגעסן (דער גלאָקן־ציער פון הייליקן פראַנציסקוס קירכעלע) יענע אויסטערלישע נאַכט ווען דער פרעמדער איז דאָ אַריינגעפאַלן אין קירכע קאָרידאָרל. ערגעצווו ביי די געטאָ־דראָטן האָבן געהילכט שאָסן. דער פרעמדער איז געווען אַ יונגער מענטש, מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר און מיט בהלהדיקע יידישע אויגן. זיינע האָר זענען געווען געקרייזלטע, לענגלעכע, בעת זיין שטערן און דאָס גאַנצע פּנים זיינס איז געווען ענלעך צום פּנים פון הייליקן פראַנציסקוס. ער האָט זיך געוואַקלט אויף די פיס. דאָס דינע רעקל איז געווען אויף אים צעריסן און בלויז די אויגן האָבן פון זיין טויט בהלהדיק פּנים געבעטן מענטשלעכע דערבאַרעמונג. ער איז אַריינגעפאַלן, דער פרעמדער, ווי אַ געשפּענסט פון אַן אַנדערער וועלט״.

די דאָזיקע מיסטעריעזע געשטאַלט, דערוויסן מיר זיך אויף אַ פּאָר בלעטלעך ווייטער אין דער זעלבער נאָוועלע, איז געקומען פון וואַרשעווער געטאָ־אופשטאַנד, פון די פּאַרטיזאַנער וועלדער און ער וויל זיך אומבאַדינגט אַריינבאַקומען אין געטאָ, ד. ה. אין לאָדזשער געטאָ — „ער טראָגט אַהין עפּעס אַ גרויס שליחות״. לאַגעווניק, וואָס האָט זיך

אַמאָל געגרענעצט מיטן יידישן טייל אין באַלוט, האָט איצט געהאַט פאַר זיך דאָס געטאָ. „קעגנאיבער אויפן פעלד, ווו עס האָבן זיך תמיד געוויקלט אַזעלכע גרוילעך־זילבערנע נעפּלען אינעם חלל, איז שוין געלעגן דער צפון־טייל פון שטאָט מיטן געטאָ־פּירטל".

שפּיגל, אין זיינע געטאָ־נאָוועלן ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, בלייבט נישט ביי איין טעמע, ביי איין פּאַררונדיקט בילד. אַזוי איז אויך געפּאַרמט די נאָוועלע „אין דרויסן". אַ חוץ ווידערשטאַנד־טעמאַטיק, האָבן מיר אויך דאָ — „יידן אויף דער אַרישער זייט". שפּיגל פירט אַרויס געשטאַלטן פון פרומע קריסטן, וואָס האָבן געראַטעוועט יידן, אָדער באַמיט זיך צו ראַטעווען. אַזעלכע זענען — דער אָרעמער פויער אַנטאָני און דער גלאָקן־ציער פון לאַגעווניקי, ניקאָדעם זאַלוצקי. זיי זענען די פּאַרקערפּערונג פון קריסטלעכער מענטשן־ליבע...

אַנטאָני האָט נישט געקאַנט פאַרגעסן זיינע באַקאַנטע, נאָענטע דאָרף־יידן. אַז דער אומגליק מיט די דייטשן איז געשען, האָט די „מאַשקאָווע" געהאַלטן „אין איין שטופּן אין זיינע קעשענעס אַ פאַרוויקלט פּעקעלע און זיך געבעטן: נעם, נעם, גאָלדענער, האַרציקער, טייערינקער, ליכטיקער, נעם עס, נעם! דאָס צירונג — נעם אַלץ — נאָר שפּאַן איין ס'פערד! פיר אונז אַרויס... אַבי אין אַ גרויסער שטאָט... גאָלדענער, האַרציקער, נעם ס'צירונג אונדזערס, ראַטעווע!... און ווען מען זאָל אים עפּענען אַלע אוצרות פון דער וועלט — וואָלט ער גענומען אַ שטויבעלע? אַזוי פיל יאָרן צוזאַ־מען געלעבט, אַ טיר נעבן אַ טיר. טאַקע יידן, אָבער וואָס זענען דאָס אַזעלכעס יידן? און וואָס איז דען אַ ייד שולדיק, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אַ ייד" — אַזוי טראַכט אַנטאָני, ווען ער טרעפט זיך מיט די דייטשן ביילט ער די פויסטן, צישעט צווישן די ציין:

„ווי סדום וועט איר אונטערגיין! ווי סדום וועט איר אָפּגעשווענקט ווערן! ווי סדום, ווי סדום!..."

אַנטאָניס חבר, דער גלאָקן־ציער פון לאַגעווניקי, דער זקן ניקאָדעם זאַלוצקי, עפנט די טיר פון הייליקן פראַנציסקוס־קירכעלע, כדי צו ראַ־טעווען אַ ייד. זאַלוצקי באַהאַלט אים אין קעלער און טוט תפילה צום געקרייציקטן:

„זון הימלישער! וואָס דו שטאַמסט פון אברהם'ן און דודן — ראַטעווע

איס! ביסט דאָך אויך אַ ייד!... ראַטעווע דיינס אַ ברודער!... ראַטעווע איס!..."

די דאָזיקע דריי רעאַלע געשטאַלטן: דער גלאָקן־ציער פון דער פראַנציסקאַס קירך, דער פויער אַנטאָני, דער פרעמדער, וואָס וויל זיך אַריינבאַקומען אין לאָדזשער געטאָ, כדי צו אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד קעגן די דייטשן, זענען איינגעהילט אין אַ פאַרנעפּלטן ראָמאַנטישן שלייער. דער לייענער ווערט מיטגעריסן מיט די בילדער, געהאַלטן אין טונקעלן מיסטעריע־טאָן און וואַרט אויף אַן אויפשטראַל פון העלקייט און קלאָרקייט איבער די מעשים פון דעם פרעמדן, דערשראָקענעם בונטאַר און זיינע חברים די פּאַרטיזאַנער, די זין פון אַנטאָני און פון ניקאָדעם זאַלוצקי.

בכלל, באַקומט מען דעם איינדרוק פון דער נאָוועלע „אין דרויסן", אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פראַגמענט אָדער אַן אָנהויב פון אַ גרויסען פּראָזעווערק, וואָס זאָל אין זיך כולל זיין די הויפּט־מאָמענטן אין אונזער נייעסטער מאַרטיראָלאָגיע, בעת דער דייטשער יידן־אויסראָטונג, נעמלעך: ליידן, פּיין, בונטאַרשקייט, ווידערשטאַנד און אויפשטאַנד, רע־ליגיאָזיטעט און כפירה. באַציאונג פון דער אויסערלעכער וועלט צו די יידישע ליידן. אויף אַזאַ קינסטלעריש ווערק, וואָס איז נאָך ביז איצט נישט געשאַפן געוואָרן — וואַרט די יידישע און אויך די וועלט־ליטעראַטור.

דער דיכטער ישעיהו שפּיגל האָט מיט זיינע געטאָ־נאָוועלן באַוויזן, אַז ער איז ראוי צו זיין דער מייסטער פון אַזאַ ווערק, וואָס זאָל אין דער ליטעראַטור־אייביקייט איינפלעכטן אונזער נייעסטע מאַרטיראָלאָגיע, וועלכע האָט נישט צו זיך קיין גלייכן אין אונזער ביז איצטיקן דורך יאָר טויזנטער לאַנגן, יסורים־וועג.



די נאָוועלן אין צווייטן טייל פון שפּיגלס בוך פירן אַריין דעם לייענער אין די איבערלעבונגען אין די ערשטע נאָך־מלחמה־יאָרן. עס הויבט זיך אָן מיטן לעצטן מלחמה־פרילינג. דער דייטשער מאַסן־מאָרד־אַפּאַראַט צע־פאַלט. דייטשן ווי צוויי־פיסיקע וואַלד־חיות יאָגן זיך נאָך אין די וועלדער נאָך זייערע קרבנות. די אַנטרינענע פון די טויטן־לאַגער וואַנדערן ווי אַמאַליקע היילמענטשן. ביסלעכווייז באַפרייען זיי זיך פון קאָשמאַר און

עס דערוואַכן אין זיי פּשוטע מענטשלעכע געפילן. זיי דערפילן דאָס אויפגיין פון פרילינג. זייערע אויערן בעמען אויף דאָס געזאַנג פון וואַלד.

אויך דער געטאָ־דיכטער איז אַרויס פון קאַשמאַר. זיינע זעאונגען ווערן קלאָרער, ליכטיקער. דער דיכטער דערציילט שוין מיט אַ רואיקן טאָן. די בילדער פלעכטן זיך אין אַ ספור המעשה. „עס איז אַ ראָזלעכער באַגינען". באַלד וועט אַ זון אויפגיין איבער דער ערד...

אָבער פונקט, ווי עס איז שווער די געפייניקטע צו שלאָגן וואָרצלען אין דעם ניי־אויפגייענדיקן לעבן — אַזוי איז אויך שווער י. שפּיגל, דעם געטאָ־דיכטער זיך צו באַפרייען פון די טויט־בילדער וואָס ער האָט אין עמק הבכא איינגעזויגן אין זיין נשמה. דער טויט גייט ביי אים צוזאַמען מיט דעם איינוואָרצלען זיך. אַננאַ מאַיסעיעווגאַ סירקין וועלכע קומט זיך איינוואָרצלען אין פוילן, טראָגט מיט זיך דעם קדושים־טויט פון איר פאַרפייניקטער מוטער. בצלאל, וואָס פאַרלאָזט פוילן איז טיף פאַרוווּנדערט, ווען בעת דער גרענעץ־רעוויזיע צעשניידט מען אים די פאָטאָגראַפיע פון זיין פאַרפייניקטער מאַמע, וואָס ער פירט מיט זיך ווי אַ הייליקע קמיעה.

אַ טויט־פיין גייט אַזוי מיט ביז אין דעם אויסגעחלומטן לאַנד — אין מדינת ישראל. איבער די בילדער פון ניי־אויפגייענדיקן לעבן, איבער די טיפן און געשטאַלטן, וואָס ווילן שלאָגן וואָרצלען אין דער נייער ערד, פלאַטערן ווייטער די שוואַרצע פליגלען פון טויט. מיר ווילן האָפן, אַז דער דיכטער פון געטאָ עמק הבכא, וועט זיך לסוף באַפרייען פון דאָזיקן טויט־קאַשמאַר און אונז געבן אין זיינע ווייטערדיקע שאַפונגען דאָס אויפגייענדיקע האָפנונגספולע לעבן.

„לעצטע נייעס", 9.9.1955

ד.

## די גייסטיקע געשטאַלט פונעם געטאָ־ייִד

### י. שפּיגלס ראָמאַן — „פלאַמען פון דער ערד"

אין שפּיגלס ראָמאַן „פלאַמען פון דער ערד" טרעפן מיר די טיפן און געשטאַלטן פון זיינע פריערדיקע נאָוועלן, וועלכע דער קינסטלער־פּראָזאיקער האָט פאַרעפנטלעכט אין זיינע ווערק. אין דעם נייסטן בוך

האָט שפּיגל די געשטאַלטן נענטער צוזאַמענגעבראַכט און קאָנפראָנטירט — אַזוי צו זאָגן — זייערע איבערלעבונגען. זיי ווערן אַרויסגעבראַכט אין דעם ספּעציפישן טונקעלן, אָבער דאָך שאַרף־שניידיקן געטאָ־ליכט.

צו די שוין באַקאַנטע טיפּן און געשטאַלטן האָט שפּיגל אין זיין בוך צוגעפירט נייע פּערסאָנאַזשן. אַזעלכע, וועלכע מיר טרעפן כמעט נישט אין די פּראָזע־ווערק פון דער אויסראָטונגס־צייט, נעמלעך: די צדיקים, די חסידי אומות העולם, פרומע קריסטן, וואָס ראַטעווען יידן. דער קינסט־לער־פּראָזאַיקער ברענגט אַרויס זייער אופן פון טראַכטן וועגן יידן. דער פרומער אַנטאָני קאָן נישט פאַרשטיין פאַרוואָס זיינע „פרומע פויערים האָבן מיטאַמאָל זיך אָפּגערוקט, שטייען פון דערווייטנס מיט די הענט אויף די באָקעס... אמת, מענטשן האָבן נישט געגרן צו שטיין נאָענט פון אַן אומגליק, אָבער ווי קאָן מען דאָס שטיין אַזוי גלייכגילטיק און זיך צוקוקן? דער פרומער אַנטאָני וויל פאַרשטיין אָט די פינצטערע וועלט. ער זוכט עפּעס אַ פאַרענטפערונג פאַר זיינע פויערים. ער, אַנטאָני, האָט געהאָלפן יידן אין אָנהויב פונעם אומגליק, אָבער „ווער וויל דאָס אַוועק־לייגן דעם קאָפּ”.

דער גלאָקנציער פון דער קאַפּליצע, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון הייליקן פראַנציסקוס, דער 70־יאָריקער פרומער זקן ניקאָדעם זאַלוצקי, האָט אויסבאַהאַלטן אַ ייד אונטערן אַלטאַר. דער זקן האָט דערפאַר באַצאָלט מיטן לעבן. די דייטשן האָבן אים עפנטלעך אויפגעהאָנגען. דעם ייד האָבן די דייטשן נישט געפונען. ער איז נישט געקומען סתם זיך אויסבאַהאַלטן, נאָר מיט אַ געהיימער שליחות געגאַנגען איבער די געטאָס. בעתן פאַרלאָזן די צייטווייליקע באַהעלטעניש האָט מען געפונען אונטערגע־וואָרפן דורך קאַטשמאַרעק אַ תפילין־זעקעלע אין באַהעלטעניש הינטערן אַלטאַר. צוליב אָט דער יידישער הייליקייט האָט דער פרומדער ניקאָדעם זאַליצקי באַצאָלט מיטן לעבן.

י. שפּיגל ווי אַ קינסטלער, האָט נישט קיין ספּעציעלע טענדענץ צו באַווייזן די קריסטן, וואָס האָבן געראַטעוועט יידן. קעגנאיבער די פרומע אַנטאָני און דעם גלאָקנציער פון דער קאַפּליצע שטייען די קאַטשמאַרעקס, אַ גרויסע קריסטלעכע משפּחה, וואָס האַלט אויף אַ שענק, וווּ עס הוליען די דייטשן. אַ טאָכטער פון די קאַטשמאַרעקס באַדינט די דייטשן מיט איר

ווייבלעכקייט און די גאַנצע משפּחה פאַרקויפט דאָס אַנגערויבטע פאַרמעגן פון פאַרפייניקטע יידן. אָט די קריסטן מסרן דעם פרומען גלאַקנציער פון דער קאַפּליצע, אַז ער באַהאַלט אויס יידן.

מיר האָבן אַרויסגענומען נאָר עטלעכע שילדערונגען פון שפּיגלס אינטערעסאַנטן בוך א. נ. „פלאַמען פון דער ערד״. עס איז אַ ביישער צוגאַנג צו דער געטאָ־טעמאַטיק. דאָס בוך פאַרמאָגט אַ שלל פון קינסטלערישע בילדער, גייסטיק דערהויבענע געשטאַלטן. דער מחבר פירט אונדז אַריין אין די פינצטערסטע קעלער־ווינקלען פון געטאָ, ווו עס ליכטיקט דאָס גערעמפּטע ליכט פון בטחון, דאָרט פאַרטראַכט מען זיך איבערן מענטשלעכן גורל. איבער גאָטס השגחה, ווידערשטאַנד און בלוט־פאַרגיסונג. איבער אַלע געשעענישן פלאַטערט אַ צאַרטע ליבע צו אַ מיידל, וואָס גייט אויס אין שווינדזוכט.

אין דעם דאָזיקן עמק הבכא פון איבערמענטשלעכע ליידן און פּיין, האָט דער קינסטלער י. שפּיגל געזען די יידן, וואָס הייבן זיך אויף פונעם תהום. זיין קינסטלעריש אויג האָט אויפגעכאַפּט נישט בלויז די צער־גרימאַסע אויף יעדנס פּנים, נייערט אויך די פיינע צאַרטע געפילן פון יידישער מענטשלעכקייט און מענטשלעכער יידישקייט, וואָס די היטלע־ריסטישע רשעות האָט נישט געקאָנט דערשטיקן. עס איז אונדזער שטאָלץ, דער שטאָלץ פון יידישן פאָלק, וואָס אין דער צייט, ווען אַן אומה פון הויכער מערב־קולטור איז פאַרווילדעט געוואָרן און האָט געטויט יידן מיט אַלע מיתות משונות — אין דער צייט האָבן אין די געטאָס און אין די טויט־לאַגערן זיך דערהויבן אידעאַלע געשטאַלטן, וואָס האָבן געשטילט זייער ליידן אין דער וועלט פון גייסטיקייט און בטחון אין דער גאולה.

אין זיינע שאַפונגען ברענגט אַרויס י. שפּיגל דעם געטאָ־ייד מיט אַלע זיינע טיפע פּסיכישע איבערלעבונגען. דער קינסטלער פירט פאַר אונדז פאַרביי אַ גאַלעריע טיפּן, יחידים יידן פון אַלערליי שיכטן און דעקט אויף זייער אינערלעכע טראַגיק, וואָס וואַקסט זיך פונאַנדער פּנים אל פּנים מיטן גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זייער פאָלק.

אַרום דעם טרויעריקן לעבן פון אָט די יחידים וויקלט זיך פונאַנדער

די גאַנצע געטאָ־סביבה, דער גאַנצער גרויל פון אַ שוצלאָז פאָלק, וואָס איז פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. יעדער טאָג אין געטאָ האָט געברענגט מיט זיך זיין פּחד, זיין צער און פאַרשטיקטן וויי־געשריי און אויך העלדישן מוט און אויסדויער. „לעצטע נייעס", 9.9.1966

ה.

# ליכט און שאָטן פון אַ פאַרגאַנגען לעבן

אַרויסגעבראַכט אין י. שפּיגלס בוך — „שטיגן צום הימל"

„שטיגן צום הימל" איז שוין היינט דאַכט זיך, אַ פאַרעלטערטער באַגריף, אַפילו ווי אַ מעטאַפאָר, אָבער אַ קינסטלער, אַ שרייבער, איז פריי צו באַנוצן זיך מיט אַלע אויסדרוקס־פאָרמען, וואָס דינען אים צום באַשאַפן בילד און געשטאַלט אין דער זעאונג, ווי זיי זענען אויפגעגאַנגען אין זיינע איך־טיפעניש. און בכלל זענען מיר נאָך נישט ווייט אַוועק פון באַגריף — שטיגן צום הימל. ווי הויך ראַקעטן וועלן נישט גרייכן אין דורכשניידן דעם הימל־וועג, וועט אַלץ דער מענטש, אין זיין פיינפילנ־סטער, אינטימער שעה, מיט בענקשאַפט אויפהויבן זיין בליק צו דער הימלישער בלויקייט, צום נאַכטיקן שטערן־געשימער, און באַוווּנדערן די סודות פון בראשית און פון אין סוף, צו וועלכע די וויסנשאַפט קאָן נישט דערגיין. אין דעם זין באַנוצט זיך דער דיכטער ישעיהו שפּיגל מיט דעם סימבאָלישן באַגריף — שטיגן צום הימל, ווי אַ נאָמען פאַר זיין בוך.

עס איז אַן אויטאָביאָגראַפיש בוך, כולו בילד און געשטאַלט, עס איז דערקענטעניש־גאַנג פון אַ קינד פון סאַמע וויגל אָן, פון מאַמעס ערשטן קוש ביז דעם יינגלישן סעקסועלן דערוואַכן, ביזן דערזען דעם טויט און זיין סאַמע צענטער — אויפן בית־עולם.

דער גאַנג איבער די „שטיגן צום הימל" הויבט זיך אָן אין י. שפּיגלס בוך מיט דעם גאָר ערשטן שטאַפּל, נעמלעך — מיט דעם וועקן זיך פון קינדס דערקענטעניש, ווען עס דערפילט די מוטערלעכע צאַרטקייט און די מאַמע־וואַרעמקייט. צוזאַמען מיט זיי דרינגען אַריין אין קינדס

באַוווּסטזיין די באַגריפן מאַמע און טאַטע. פאַרשטענדלעך, אַז אַזוי ווייט גרייכן נישט די זכרונות פון דערוואַקסענעם מענטש, אַז ער זאָל זיי קענען אַרויסברענגען אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, אָבער אַ קינסטלער, אַ שרייבער, קומט צו הילף די אינטואיציע: פון ווייטע פאַרנעלפּטע אַנוּגען טויכן אויף בילדער, וועלכע זענען קינסטלעריש געפאַרמט אין דעם אייגנאַרטיקן דיכטערישן סטיל פון ישעיהו שפּיגל.

עס וואַקסט דאָס קינד און צוזאַמען מיטן וואַקסן מערן זיך זיינע באַגריפן. ער נעמט אויף מיט דעם געהער: קלאַנגען, ווערטער. זיי ווערן אין דעם קינדס פאַרשטעלונג פאַרמירט אויף אַן אייגנאַרטיקן שטייגער. דאָס קינד, וואָס שטעלט זיך אויף די פיסלעך, גייט אַרום צווישן די דערוואַקסענע מיט אַ שטענדיקן פראַגע־צייכן אין אויפגעוואַכטן טראַכטן. דאָס קליינע וועזן וויל פאַרשטיין די סודות פון די דערוואַקסענע, זייער אומפאַרשטענדלעך רעדן מיט רמזים און אַנדייטונגען. י. שפּיגל ברענגט אַרויס אַזאַ קינסטלעריש בילד פון דערוואַכן פון קינדס באַוווּסטזיין:

„אַרום מיין קליינער קינדערישער וועלט דרייען זיך אַ סך מענטשלעכע פּנימער: גרויסע, קלענערע, לאַכנדיקע, טומלדיקע און טיילמאָל אויך וויינענדיקע. אַממיינסטן זע איך נעבן זיך דאָס פּנים פון מענטש מיט די ליפּן ווי ברוסט־וואַרצלען. דערנאָך קומט אויך אַ צווייטער מענטש. ער קומט אָבער זייער זעלטן, אַ שטילינקער, אַ ווייסלעכער, קומט ער ווי ער וואָלט געגאַנגען תמיד באַרוועס. ער האַלט מיך בלויז אַ פּאָר רגעס אויף זיינע הענט. די הענט זיינע זענען נישט אַזעלכע ווי ביי דער מאַמען, זיי זענען האַרטלעכע, שווערע און זייער האַריקע. זיי האַלטן מיך שטאַרק ביים אויפהויבן אינדערהויך, אַזש די אָרעמס טוען מיר וויי. מיט זיין פּנים קומט ער אָפּט צו מיין שטערן. איך וויל זיך דעמאָלט מיט כּוח אַרויסרייסן פון זיינע הענט, עפּעס שווערס און קאַלטס ליגט אויף דער הויט פונעם מענטשנס פּנים. ער לאַכט קיינמאָל נישט, דער מענטש, בלויז די מאַמע הינטער אים לאַכט אַן אויפהער. — — — בלויז זי. די מאַמע שטייט נעבן מיר, נעמט מיך אַרויס פון די האַרטע האַריקע הענט און בלאָזט אַרויס צווישן אירע ליפּן גלייך מיר אין מויל אַריין:

— טאַ־טע — — — טאַ־טע — — —"

ווייטער גייט שוין דער באַקאַנטער וועג:

דער גאַנג פונעם קינד מיט אויפגעהויבענעם קאָפּ צו זון און הימל־בלוי, מיט אָנגעשטרענגטן געהער אויפצונעמען יעדן קלאַנג, יעדעס וואָרט, וואָס קומט פון דער סביבה. עס איז די סביבה פונעם לאָדזשער באַלוט מיט זיינע ענגע הייף, אין וועלכע עס לעבן צונויפגעפרעסט אין קליינע ענגע שטיבלעך אלערליי טיפּן און געשטאַלטן.

מיט אויסערגעוויינלעכע קינסטלערישע מיטלען האָט ישעיהו שפּיגל אַרויסגעבראַכט אין זיין בוך די טיפּן און געשטאַלטן, וועלכע זענען געבליבן בילדעריש איינגעקריצט אין זיין זכרון אין די קינדער־יאָרן. עס איז אַ רייכע גאַלעריע פון בילדער פון באַלוטער יידן פון פאַרשידענע שיכטן, געקומענע פון פאַרשידענע סביבות. זיי זענען צווישן זיך משפחה־דיק פאַרבונדן. אַלע זענען זיי פּעטערס און מומעס פון שאַיעלען, פון דעם קומענדיקן דיכטער — ישעיהו שפּיגל. דער דיכטער זעט זיי היינט אין זייער גאַנצער דערהויבנקייט און אויך מיט אַלע זייערע שוואַכקייטן. עס איז אַן אָפּוועקסלונג פון ליכט און שאָטן. דאָס ליכט פאַלט אויף פּנים־גרימאַסן און מאַכט זיי בולטער, דאָס ליכט וואָס צינדט און לעשט זיך אין אויגן־שימער און באַשטראַלט שטוב־חפצים, וואָס האָבן אַן אייגנאַרטיק לעבן.

נישט בלויז די באַלוטער יידן לעבן אין שפּיגלס בוך, נאָר אויך זייער אָרעמע שטוב־איינריכטונג: דאָס נאַפט־לעמפּל, וואָס האָט אין יענער צייט פאַרנומען אַזאַ וויכטיק אָרט אין דער שטוב־ווירטשאַפט, דער אַלטער פאַרצייטישער זייגער, וואָס האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו דערפילן ווי געהעריק זיין פונקציע, אָבער מען קאָן זיך מיט אים נישט שיידן, ווייל ער איז פאַרבונדן מיט ווייטע, ווייטע משפחה־זכרונות. עס איז די גרעסטע טראַגעדיע פאַר דער משפחה און באַזונדערס פאַר דעם קליינעם שאַיעלע, ווען דער זייגער ווערט פאַרקויפט אין אַלטוואַרג...



אין דער דערמאָנטער רייכער בילדער־גאַלעריע פון יידן פון אַמאָליקן לאָדזשער באַלוט, וואָס איז פאַראַנען אין י. שפּיגלס בוך, זעען מיר: די האָראָפּאַשנע וועבער, מיידלעך ביי שפּול־רעדלעך, די וועשינס מיט די פאַרהאָרעוועטע הענט, די סימבאָליש לעגענדאַרע שוועסטער אסתר, וואָס וויל „אַראָפּוואַרפן דעם קיסר", די פריילעכע מיידלעך, שיינהייטן, וועלכע

זענען אַוועק אויף זינדיקע וועגן און איבער זיי אַלע הויערט די ליכטיקע געשטאַלט פונעם מקובל שמואל — שאַיעלעס זיידע.

שפּיגל גיט אַזאַ בילד פון אַט דעם מקובל:

„דער זיידע שמואל פון די לענטשיצער וועלדער, אַ מילך־ווייסער אין זיין גראַקייט, אויפגעכאַוועט אין פּוילישן וואַלד ביי דער בזורע, צווישן זינגעוודיקע קוקאַווקעס, ווילדע טירקל־טויבן און שרייענדיקע וואַלד־סאַוועס — איז געווען געפאַנגען פון אַן אומבאַקאַנטן הימלדיקן שר, וואָס האָט געלייגט אויף זיין אַלט מויל דעם פייער־זיגל פון שתיקה און נזירות. די אויסטערלישסטע חלומות און פאַרבלענדענישן האָט ער געזען אויף דער וואָר. אין קרישטאַלענער קלאָרקייט באַשיינט מיט גישט־ערדישער ליכטיקייט זענען צו אים געקומען די משונהדיקע חזיונות. זיי זענען אַלע געלעגן פאַרבאָרגן אינעם בלעטער־שאָרך, צווישן די פאַרגעלטע קבלה־ספרים אויף זיין טיש. דער אַ טויטלעכער בלעטער־שאָרך האָט אים צוריק־געגעבן דעם אייביקן געפרעפל פון שוין לאַנג פאַרשטאָרבענע וואַלד־בלעטער. די הייליקע הימלבלויקייט צווישן די צווייגן.“

אין זיין בענקשאַפט צום וואַלד, קויפט אויף דער מקובל פריש געשניטן האָלץ, נאָר וואָס געבראַכטס פון פאַרשניטענעביימער, וואָס האָבן נאָך דעם וואַלד־ריח. מיט אַט דעם ריח קוויקט זיך דער זקן, דער מקובל און גיט דעם האָלץ אַ יידישן תיקון: ער האָט „פון די האָלץ־שייטלעך געשניצט טייטלעך פאַר די דרדקי מלמדים אין באַלוט און אין ווילקע און אַפילו פאַר וויטערע יידישע מקומות, האָלץ־טייטלעך, וואָס האָבן געדאַרפט פירן יידישע קינדער איבער די יידישע אותיות“.



עס איז אוממעגלעך אין די ראַמען פון דעם מאמר צו באַהאַנדלען ברייטער די 28 קאַפּיטלען פון ישעיהו שפּיגלס בוך א.ג. „שטיגן צום הימל“. יעדעס קאַפּיטל, יעדע געשטאַלט אַפילו פאַדערט אַ באַזונדערע אַפּשאַצונג. עס איז אַ וואַגיק קינסטלעריש פּראָזע־ווערק, וואָס איז דער־הויבן צו אַ פּאָעטישן חזיון. דאָס אָרעמע יידישע לעבן אין אַמאָליקן לאָדזשער באַלוט, איז דורך דעם דיכטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ העל צעשטראַלטן מיטאָס, וואָס רייצט און כישופט מיט זיין מענטשלעכער דערהויבנקייט.

„לעצטע נייעס“, 17.6.1966

**באַרווין פרענקעל** (1895—1984)

# געשטאַלטן און פּראָפילן

## ליטעראַרישע עסייען (באַנד 1) פון ישעיהו שפּיגל (פאַרלאַג „המנורה", 1971)

ישעיהו שפּיגל, געהערט היינט צו די באַדייטנדיקע יידישע דערציילער און עסייאיסטן. זיין ליטעראַרישע טעטיקייט וואָס ער האָט אָנגעהויבן נאָך אין דעם אַמאָליקן אַזוי פאַרויסגייענדיקן און יידיש שעפערישן לאָדזש, זיין ערשטלינג האָט ממש געהאַט אַ סימבאָלישן נאָמען: „מיטן פנים צו דער זון".

נאָך דעם נאַצי־גיהנום איז י. שפּיגל אָנגעקומען קיין ישראל, ווו ער איז ווייטער ממשיך זיין שעפערישן קאַפּיטל לטובות דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז פאַר אים ווי פאַר פיל אַנדערע יידישע פען מענטשן אַ מין פאָרם פון צוואה.

ביז איצטער זיינען דערשינען אַרום 12 ביכער. — אַ גרויסער טייל פון זיי געווידמעט דעם חורבן, דעם לאָדזשער געטאָ.

זיין לעצט בוך „געשטאַלטן און פּראָפילן" באַהאַנדלט אין אַ זייער קאָנדענסירטער פאָרם, געוויסע אַספּעקטן און כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אונדזערע קלאַסיקער, זיי פּרעטענדירן נישט אונדז צו געבן אַ גרויסע אַקאַדעמישע דיסערטאַציע וועגן די ריזן פון אונדזער ליטעראַטור, נאָר ער באַלויכט געוויסע שטריכן און אייגנאַרטיקע פּריזמען פון זייערע ווערק. אמת, בלויז פּראָפילאַרטיק, אָבער פון אַ פערזענלעכן און בולטן קוק־ווינקל.

די עסייען נעמען אַרום די שרייבער, ווי למשל: מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם, י. ל. פּרץ, ביאַליק, שלום אַש, יוסף אָפּאַטאָשו, שמואל ניגער, ה. לייוויק און פיל אַנדערע.

מיר וועלן זיך באַגנוגענען מיט אייניקע ציטאָטן.

אין זיין קוועד־שניט פון מענדעלען זאָגט י. שפּיגל צווישן אַנדערן:

„ביי אים זיינען געווען צוויי פּעריאָדן אין זיין שאַפן — דער פון משכיל, ראַציאָנאַליסט און סאַטיריקער און דער פון אַ טרוימער און קינסטלערישער ציליזירער הן פון שפּראַך יידישן לשון און הן פון דער לעבעדיקייט פון זיין גאַלעריע מיט כאַראַקטעריסטישע טיפּאַזשן — דער משכיל און דער שטראָפער, אַבראַמאָוויטש האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דעם פאָלקסטימלעכן „מענדעלע מוכר ספרים".

ביי שלום עליכם זעט ער צוויי פאָרמען פון זיין שעפערישער געשטאַלט. די פון אַ טשאַפּלינישער (פאַר דער צייט) ווי עס איז געווען מנחם מענדל, אַזוי צו זאָגן, די קאָמיטשעסקע אייגנשאַפט, און די פון טביה, אין וועלכן הומאָר און טראַגיזם שאַפן די סינטעז פון מאָדערנעם יידן.

דער אונטערשיד צווישן די צוויי פאָרמען איז לויט אים ענלעך אויף דעם ווי עס איז די השכלה און חסידיזם, דער ערשטער — יחידישער צוגאַנג, דער צווייטער — פאַרמאָגט אַ קאָלעקטיוון פאַרנעם.

אויך אין די עסייען וועגן פּרצן זאָגט ער צווישן אַנדערן:

„פּרצ'עס ניגון האָט אַדורכגעמאַכט אַ סך טראַגישע גילגולים ביז צו אונדזערע טעג. ער איז אָבער פאַרבליבן, דער ניגון פאַרגליט אין אונדזער באַוווסטזיין מיט אַ באַזונדערן כישוף. דאָס איז דער ניגון, וואָס אונדזער תקופה פון שווערן שוואַרצן יאָך, דורכן געטאָ חורבן ביז דעם העראָאישן נאַציאָנאַלן רענעסאַנס".

פון אַ גאַר גרויסן אינטערעס און ווערטפולקייט זיינען די עסייען וואָס נעמען אַרום די גרופּע יידישע שרייבער, דיכטער וואָס האָט גראַוויטירט אַרום דעם לאָדזשער „יונג יידיש", ווו מ. בראָדערזאָן איז געווען דער הויפּט־צענטער. די געשטאַלטן שרייבער־מאַרטירער וואָס ער האָט געקאָנט אין זייער אַמאָליקער יידיש גייסטיקער סביבה באַקומען אַן אַנדערע דימענסיע ווי די טראַגישע געשטאַלטן פון יצחק קאַצענעלסאָן אין זיין געשריי פון רעוואָלט צו די הימלען:

„וויינט נישט, טרערן, אָ, נישט וויינט, די טרערן,<br>
כאָטש שטילע,<br>
קענען נאָך חלילה<br>
אייך אין אויג פאַרפרוירן ווערן"... (דאָרט)

„דער מקוגן — זאָגט שפּיגל — דאַרף מער נישט די טרער, כדי איבערצוגעבן דאָס גיהנום".

צווישן די אַמאָליקע לאָדזשער יונגע, וואָס בלייבן צווישן די לעבעדיקע, גיט אונדז י. שפּיגל אַ רירנדיקן און מענטשלעכן אויסמעסט הגם אין אַ שקיצנהאַפטער פאָרם.

צום סוף פון דער כראָניק איז כדאי צו ציטירן אַ פּאָר זאַצן וואָס שליסן דעם ערשטן באַנד פון זיינע געשטאַלטן און פּראָפילן:

„גראָד ווי די געפאַלענע געטאָ־אויפשטענדלער האָבן אויך די געפאַלענע יידישע שרייבער, איבערגעלאָזט אונדז אַ צוואה. דאָס איז די צוואה פון דוד בערגלסאָן און פּרץ מאַרקיש, פון דוד האָפשטיין און משה קולבאַק, פון יצחק קאַצענעלסאָן, פון ישראל שטערן, מיט זייער מאַרטירער־טויט, האָבן זיי אונדז באַפוילן צו לעבן און שאַפן, צו ציען ווייטער דעם המשך פון אונדזער גרויסער ליטעראַטור אין יידיש".

„אונזער שטימע", דעצ. 1971

ב.

## וועגן באַנד 2 פאַרלאַג „ישראל־בוך", 1980

ישעיהו שפּיגל געהערט היינט צו טאָג צו די שעפערישע יידישע שרייבער. ער פאַרנעמט אַן ערשט־ראַנגיק אָרט אין דער יידישער פּאָעטיק, אַזוי גוט ווי אין דער בעלעטריסטיק און לעצטנס אין דער עסיי־אויסערונג... דער אורשפּרונג פון זיין שאַפן איז געווען דאָס ליד. נאָכן חורבן, אין יאָר 1947, איז דערשינען אַן אויפטרייסלענדיק בוך דערציילונגען אונטער דעם טרויעריקן נאָמען „מלכות געטאָ", אַ יאָר שפּעטער „שטערן איבערן געטאָ", „מענטשן און תהום" (נאָוועלן) און דער עיקר זיינע ראָמאַנען „פלאַמען פון דער ערד" און „שטיגן צום הימל" (די לעצטע זיינען אויך דערשינען אין דער פראַנצויזישער איבערזעצונג פון ראַשעל ערטעל און אויך אין עברית מיט אַריינפיר־ווערטער פון י. גלאַטשטיין און ד. סדן).

איך וועל נישט אויסרעכענען אַלע דערשינענע ביכער ביז איצטער, נאָר זיי זיינען געווען אַ ביז גאָר וויכטיקער בייטראָג צו דער שטערבלעך־

פאַרווונדעטער ליטעראַטור נאָכן חורבן. (אייגנטלעך איז פאַלש צו זאָגן „נאָכן חורבן" אין דער ליטעראַטור, ווייל די נאָך־ווייען האַלטן ווייטער אָן).

די פאַרשידנאַרטיקייט אין י. שפּיגלס ליטעראַרישן שאַפן: ליד, דער־ציילונג, צי עסיי, זייַנען כמעט אַלע פון זעלבן ליטעראַרישן גוס, אַרט און קוואַליטעט, דאָס מיינט, אַז זיין ציזילירט און לויטער וואָרט אין שעפערישער כתב־יד, זייַנען תמיד באַהויכט מיטן ליכט פון דערהויבנקייט. זיין ערשט בוך לידער, וואָס איז דערשינען אין דעם כמעט לעגענדאַרן, פאַר אונז שוין, יידישן לאָדזש אין 1930, האָט נאָך פאַרמאָגט דעם נאָך־בלי פון בראַדערזאַנס „יונג־יידיש", עס האָט געטראָגן דעם סימבאָלישן נאָמען „מיטן פנים צו דער זון". אָט די זוניקייט, הגם די שפּעטערדיקע טראַגישע און תהומישע איבערלעבונגען האָבן אין זיינע געטאָ־דערציילונ־גען און חורבן־לידער פאַרט פאַרבאַהאַלטן עטוואָס, עטוואָס, צי שפּליטער'ן אַפילו, פון דער אַמאָליקער זוניקייט, נישט, פאַרשטייט זיך, אין זיין געמיט און נשמה־קלאַריט, נאָר אין זיין פלאַמיקן וואָרט, לויכטנדיקן ווערב און אָט די סובטעלע, צי סובלימירטע ריינקייט און התלהבות פון זיין שרייב־אופן, ווו עס שלייכט אַדורך, ווי אַ גאָלדענער פאָדעם אין אַלע זיינע זשאַנערן (פּראָזע צי פּאָעזיע). קלאָרער אויסגעדריקט, איז עס תמיד דער פּאָעט שפּיגל וואָס שרייבט די דערציילונגען, פאַרפאַסט די לידער און מעדיטירט אויס זיינע עסייען.

דאָס זייַנען זעלטענע קוואַליטעטן פון שרייבערישער האָמאָגענישקייט, אָבער וואָס פאַרבאָרגן אויך געוויסע שאָטנדיקע זייטן (ווו עס איז פאַראַן זון, רופט עס אויך אַרויס שאָטנדיקע פלעקן, אַפילו ווען זיי זייַנען אימפּער־סיאָניסטיש וויאָלעט). אמת, די קאָנטראַסטן שאַפן דעם עקוויוואַלענט פון דערגענצונג און אַלזייטיקייט אין פּרינציפּ. נישט ווייניקער אָבער שטויסן מיר זיך אָן, טיילמאָל, אויף ראַציאָנעלע שטרויכלונגען, מחמת צופיל רייכקייט און צעפלאַמטן עקסטאַטישן איבערבוי... אַן עסיי ליגט אָבער מער אונטער אַ געוויסן ראַציאָנעלן אַנאַליטישן אַריינדרינג אין די שאַפונגען פון אַ מחבר, דאַקעגן י. שפּיגל, וואָס איז פול מיט ליבע, אַכפּערונג פאַר'ן דיכטער און מענטשן, קאָן בשום אופן נישט זיין אָביעקטיוו, ער וויל עס אויך נישט זיין. זייַנען דערפאַר זיינע עסייען אַ קוואַל פון פרייד, צוליב דער שיינקייט און מוזיקאַלישקייט פון זיין אַרט שרייבן, פון זיין

ווערב און סטיל, אַ מין הימן פאַר די, פון וועלכע ער שרייבט, צי זיי זיינען זייער גרויס, צי אַפילו נישט באַמערק־אַרטיק אין אונזער ליטעראַטור.

עס איז טאַקע זייער שיין און דערהויבן, אָבער אָפט באַשווערט צוליב דער אויסגעזוכטקייט פון מעטאַפאָרישן פאַרגלייך און בילדערישן אָרנאַ־מענט. ווי למשל, אין עסיי וואָס איז, דרך אגב, זייער אַ פאַרטיפטער וועגן דעם אָריגינעלן שרייבן א. מ. פוקס, שרייבט ער צווישן אַנדערן: „אויב אַפילו א. מ. פוקס עפּיש טייג איז נישט געקנאָטן פון דורכגעזיפּטן לויטערן זעמל־מעל, פאַרמאָגט אָבער זיין קינסטלערישער לאָבן ברויט דעם גוטן טעם פון קרישטאָלענעם זאַלץ...״

...איך ווייס, אַז שפּיגלס וואָרט איז זאַפטיק קלאָר און ממשותדיק און ער באַדאַרף נישט אָנקומען צו דעם מין אָרנאַמענטאַציע, וואָס פאַר־מאָגן אפשר זייער שאַרם און ראָמאַנטישע אַרכייאישקייט. און איך ווייס, אַז שפּיגלס וואָרט, ווי שוין דערמאָנט, איז קלאָר, זאַפטיק, איז זינגעריש און אויך זאָגעריש און קאָן אַליין זיך אויסלעבן.

די באַמערקונג האָב איך געמוזט מאַכן, כדי ווי געהעריק אָפּצושאַצן די ווערטן פון זיין צווייט בוך עסייען, באַזונדערס די עסייען געווידמעט דעם פּאָעט יעקב גלאַטשטיין, וואָס פאַרמאָגט נישט בלויז אַ מענגע פון ליבע און אכפּערונג פאַר דעם גרויסן פּאָעט, נאָוואַטאָר און אַוואַנגאַרדיסט אין זיין צייט; עס איז אויך אַ פאַרטיפטער אַנאַליז אין זיין שאַפונג פון די 18 פאַרעפנטלעכע ביכער פון י. גלאַטשטיין, וואָס שפּיגל פאַרגלייכט צו „18 קינסטלערישע גילדענע קאָוואַדלעס פון פּאָעזיע און בעלעטריס־טיק..״

אַנאַליזירנדיק גלאַטשטיינס שעפערישן וועג, זאָגט ער צווישן אַנדערן: „דער לובלינער כישוף־שמיד הערט אַלץ נישט אויף צו קאָוון זיין אייגענעם וווּנדערלעכן וואָגן, וואָס לויפט פון די אַמאָליקע תנ״כישע גרויס־טראַקטן... ביז איבער דעם קרעמאַטאָריע־וועג... ביז צו די געפלאָס־טערטע וועגן פון אונזער ניי היימלאַנד״... פאַר גלאַטשטיינען, מיין איך, זיינען „די געפלאַסטערטע וועגן״ פון אונזער היימלאַנד — געווען, מיין איך, אַ גייסטיקע ערד, אַ טרעד־אוניאָן צווישן לובלינער דורותדיקער גליבע און ירושלים של מעלה, פאַר זיין שעפערישן און וווּנדערלעכן וואָגן״.

אין זיין עסיי שטרייכט ער אונטער די פאַרדינסטן וואָס גלאַטשטיין האָט געהאַט צווישן אַנדערן פאַר דעם יידישן שרייבער, דעם אָנפאַנגער, וועלכן ער האָט תמיד סטימולירט צו ווייטערדיקער שעפע־רישקייט. גלאַטשטיין האָט פאַרמאָגט די גרויסע מידת הרחמים־אייגנ־שאַפט.

דער עסיי באַשטייט פון דריי טיילן, געשריבן אין פאַרשידענע עטאַפּן, אָבער עס איז פאַראַן אין זיי אַ בינד־שטריך פון אייגנאַרט און גרויסער אכפערונג. לויט אים, געהערט גלאַטשטיין צו דער פּלעיאַדע פון די יידישע קלאַסיקער. צום סוף פון דער וואָגיקער אַרבעט זיינען פאַראַן אייניקע לידער געווידמעט דעם אָנדענק פון דעם אייגנאַרטיקן, עפּישן, נאָבעלן פּאָעט, איך ציטיר אַ פערז פון די עפּיטאַפן־לידער:

„לובלין איז ווידער געשטאָרבן — דער חוזה קושט דיר דאָס פּנים,

ווײ, ווײ, יעקב, דיין קלאָגן
ווי וועלן מיר לעבן איצט אָן אים?
פאַרהאַקט האָסט די טיר, ס'איז נאַכט
און איך, ביי דיין ספר אַ מידער.
לובלין איז ווידער געשטאָרבן
דער חוזה תהלימט די לידער".

דאָס צווייטע בוך עסייען ווידמעט דער מחבר אַ רייע פון דיכטער און שרייבער, וואָס זיינען, צו אונזער גרויסן טרויער און אבידה פאַר דער יידישער ליטעראַטור, צו פריצייטיק געשטאָרבן.

אין אַ רעצענזיע איז שווער צו שרייבן אויספירלעך וועגן אַזעלכע קורצע, אָבער עיקרדיקע עסייען, הגם נישט אַלע, פון וועלכע עס זיינען די רייד, זיינען פון דער זעלבער שעפערישער מדרגה, אָבער י. שפּיגל שרייבט וועגן אַלע מיט דער זעלבער מאָס פון ליבע און רחמים, וואָס איז דורכאויס כאַראַקטעריסטיש פאַר י. שפּיגל, דעם קריטיקער און עסייאיסט פון די „געשטאַלטן און פּראָפילן", און אפשר ער אַליין, דער

מחבר, געהערט צו די י. ל. פרץ־געשטאַלטן פון דער מדרגה „אויב נישט נאָך העכער"...

„אונזער שטימע", פאַריז, 13.2.1981

ג.

# „פלאַמען פון דער ערד" פון י. שפּיגל

דער באַקאַנטער ראָמאַן פון ישעיהו שפּיגל „פלאַמען פון דער ערד" (וועגן וועלכן איך האָב געשריבן מיט אַ קורצער צייט צוריק) איז דער־שינען אין דער פראַנצויזישער איבערזעצונג (אין פאַרלאַג גאַלימאַר), וועלכן מיר פאַרדאַנקען רחל ערטעל.

מען מוז דערביי באַמערקן, אַז די איבערזעצונג איז פון אַ ביז גאָר גוטער קוואַליטעט, נישט נאָר פאַרמאָגט די איבערזעצונג פינעז און ליריזם פון י. שפּיגעלס פּראָזע, נאָר רחל ערטעל, האָט אויך באַוויזן צו איבערגעבן שפּיגעלס דערציילערישן ריטם, געפינען די אַדעקוואַטע פראַנ־צויזישע ניואַנסן פאַר י. שפּיגעלס עקספּרעסיוון און טיילמאָל אויסגעזוכטן יידישן לשון. און זייער אָפּט, האָט ר. ערטעל, און דאָס דאַרף געזאָגט ווערן צום שבח, געוווּיגן און געמאָסטן יעדן זאַץ און וואָרט, און איינ־האַלטנדיק דעם י. שפּיגלישן אייגנאַרט — באַוויזן אים איינצופּאַסן אין פראַנצויזישן לבוש. אַזוי אַרום קען דער פראַנצויזישער לייענער נישט בלויז זיך באַקענען מיט אַ וואַגיקן יידישן בוך פון דער אוממענטשלעכער צייט, מיט אַ ראָמאַן פון אַ טיפּן יידיש־מענטשלעכן אויסמעסט, מיט אַן אַפּאָקאַליפּטישער אַטמאָספער, פון אַ געטאָ־ווירקלעכקייט און אירע טיף־מענטשליכע און טראַגישע געשטאַלטן, נאָר אויך דערקענען דעם אָריגינעלן שרייבערישן אופן פון י. שפּיגעלס פּראָזע שעדעוור.

פּ. ס.: אומגעלומפּערטע דיאַגנאָזן.

לויבנדיק די איבערזעצונג און בכלל דאָס דערשיינען פון „די פלאַמען פון דער ערד" אין פראַנצויזיש, מוז מען אויסדריקן אַ פאַרוווּנדערונג, צוליב דער רעזומע פון בוך, וואָס געפינט זיך אויף דעם איינבונד־בלאַט.

עס איז נישט בלויז אַ רעזומע פון דעם טראַגישן ראָמאַן, נאָר אַ מין אָפּשאַצונג פון נשמה־צושטאַנד פון די העלדן פון בוך.

למשל, אַזאַ מין פעסטשטעלונג: „די אומטעכטיקייט פון יידן קעגן איבער זיין תלין, רופט ביי אים אַרויס אַ געפיל פון חרפה. חרפה צו זען, אַז מען האָט געלאָזט איינדרימלען אין זיך דעם דורשט פון גערעכטיקייט, בושה צו זיין אַ שלימותדיקער קרבן".

אַזאַ אָפּשאַצונג פון דעם נשמה־צושטאַנד פון קרבן — איז אַ פאַרמינערונג פון זיין ווירדע. אַ פעלשונג. אין דער צייט, ווען אין בוך גופא, איז פאַראַן דער ווילן און באַשטרעב צו ווידערשטאַנד.

און נאָך אַ מין בחינמדיקע פעסטשטעלונג אַנטהאַלט די רעזומע, אַז: — „די פלאַמען פון דער ערד" איז געווען דער „אַנזאָגער פון טויט" („פור קי סאָן לע גלא") פון דער יידישער ליטעראַטור".

אַזאַ מין זאָג איז אַ ווידערשפרוך צו דערווירקלעכקייט, מילד גערעדט. מען דאַרף זיך אויסהיטן פון אַזעלכע „פעסטשטעלונגען" און נישט באַגריגדעטע אורטיילן. און בכלל געהערט עס נישט צו דער קאָמפּעטענץ פון פאַרלאַג־לעקטאָרן וואָס קאָנען לחלוטין נישט די היינטיקע יידישע ליטעראַטור אַרויסצוטראָגן עפנטלעך, זייערע אומגעלומפּערטע דיאַגנאָזן.

„אונזער שטימע", פּאַריז

דער לעבעדיגער (חיים גוטמאַן) ( —1887)

## ישעיהו שפּיגלס „ווינט און וואָרצלען"

לייענט איר אונזער חורבן ליטעראַטור? איר שרעקט זיך געוויס פאַר ניט קענען שלאָפן?

איך לייען דוקא יאָ — און שלאָף טאַקע שלעכט. אָבער מיך אַרט עס ניט. איך לייען — און מיר דאַכט זיך, אַז איך זע אויג אויף אויג אונזערע מאַסן־קרבנות און איך לעב דורך מיט זיי צוזאַמען זייער פּיין און טויט.

יאָ, אונזער נייע בעלעטריסטיק האָט געקראָגען אַ נייע טעמע, אַ ריזיגע טעמע: דער גרעסטער אומגליק אין אונזער געשיכטע. מען קען דערציילען און דערציילען אָן אַ סוף. עס איז פון אונזער גרויל און שרעק, הונגער און ליידען, וואו דער איך פיגורירט שוין גאָר ניט ווי אַ מענש. איר לייענט דערציילונגען און זיי זיינען שוין ניט מער די דערציילונגען, וואָס איר האָט אַמאָל געלייענט. זיי, די היינטיגע, זיינען ניט אויסגעטראַכט. זיי זיינען פאַרקינסטלערטע פאַקטען. עס איז בעלע־טריסטיק מיט אַ באַשטעטיגונג. דער אמת שוועבט איבער זיי. די אוממענ־שליכע ווירקליכקייט שרייט אייך אַריין אין פנים אַריין. און איר גלויבט — לייענט און גלויבט — ווייל וועלכער קינסטלער, ווי גרויס ער זאָל ניט זיין, איז ביכולת אויסצוטראַכטען אַזעלכע דערציילונגען?

וואו זאָל אַ שרייבער נעמען אַזאַ ים מיט פאַנטאַזיע, אָדער גלויבען, אַז אַפילו דאַנטע מיט זיין גיהנום איז הילפלאָז, און וואָס גרעסער דער טאַלאַנט פון דעם דערציילער, איז אַלץ גרעסער דער גרויל...

יעדע דערציילונג איז אָנגעלאָדען מיט דער העכסטער דראַמע, מיט דער בלוטיגסטער טראַגעדיע.

אָט האָב איך ערשט פאַרענדיגט לייענען ישעיה שפּיגעל׳ס „ווינט און וואָרצלען״. אַ בוך מיט דערציילונגען, וועלכע גיבען קינסטלעריש איבער ווי אַזוי די געטאָ האָט געלעבט און געשטאָרבען, ווי אַזוי אידען האָבען זיך צוגעפּאַסט צו אָט דער אינקוויזיציע.

שפּיגעל פאַרצייכענט ווי אַ מייסטער די אידישע „אחדות״, ווי קלאַסען זיינען פאַרשוואונדען און אַלץ האָט זיך אויסגעמישט אין איין קלאַס פון געפּייניגטע און פאַר׳משפּט׳ע... שפּיגעל האָט מיט אַ קינסטלער־האַנט אַרויסגעפירט אַ גאַנצע ריזיגע מחנה פון אידישע קרבנות, פאַרצוקטע פון די נאַצי רוצחים.

דאָס רשעות פון די היטלעריסטען איז גאָר אָן אַ ברעג. יעדער איינער פון אָט די חיות האָט זיך זיין רשעות, אָבער דער גרעסטער רשע פון אַלע איז דער פון דער מעשה מיט די זיבען אידישע זקנות. דער קאָמענ־דאַנט בראַנדמייער האָט באַפוילען צו לייגען אויפ׳ן נאַקעטען שטיינערנעם דיל, אין אַ נאַסען קעלער, זיבען נאַקעטע זקנות און פאַרפּייניגט צום טויט אָט די דריי־פערטעל מתים...

אָבער אין דער וועלט פון חיות געפינט שפיגעל אויך מענשען מיט הערצער: דער דאָקטאָר סאָקאָלאָווסקי, אַ פּאָליאַק; און אַפילו אַ דייטש, וואָס גיט אַ קליין מיידעלע חוץ ברויט אויך אַ רפואה פאַר איר קראַנקער מאַמע.

עס איז דאָ אַ רוס, וואָס העלפט אַ אידען גיין אַהיים און טראָגט אַפילו זיין פּאַק...

שפיגעל האָט זיינע גרויל־מעשיות ניט אויסגעטאָן נאַקעט. ער זוימט זיי אַרום מיט נאַטור מאָלעריי. ער גיט חוץ סביבה און חורבן אויך סביבה פון וואַלד, פעלד, הימעל, זון און שטערן.

און דאָס פאַרגרינגערט אַ סך די גרויליגקייט.

שפיגל איז חוץ פּראָזאאיקער אויך אַ דיכטער. זיין „עפּיסטאָל פאַר זיין טויט טעכטערל" איז אַ פּאָעמע פון גרויסען פאַרנעם. ס'איז אַ געזאַנג לדורות, אַ טרויער־דאָקומענט פון אַ טאַטע־האַרץ.

„טאָג־מאָרגן־זשורנאַל", 1.6.58

ד"ר ל. זשיטניצקי (  —1894)

# י. שפיגלס אייגנאַרטיקער ראָמאַן „שטיגן צום הימל"

ישעיהו שפיגלס ראָמאַן „שטיגן צום הימל" לייענט זיך ווי אַ לעגענדע ווי אַ מעשהלע. דער ראָמאַן טראָגט אַן אויסשליסלעך אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער, אָבער געשריבן אויף אַזאַ שטייגער, אַז ס'ווערט אַ ראָמאַן פון אַ מיסטעריעזער סביבה, וואָס איז בשעתה דאָך געווען אַ רעאַליסטישע. דער מחבר דערציילט וועגן זיך, אָבער נאָר וועגן זיין קינדהייט. ער הייבט אָן כמעט מיטן מאָמענט, ווי ער איז געקומען אויף דער וועלט, האָט נאָך גאָרניט פאַרשטאַנען ביז עס הייבט זיך אָן בהדרגהדיק אַנטוויקלען זיין קינדישע פאַרשטענדעניש פאַר זאַכן און קינדישער באַוווסטזיין. אָבער נאָך אַ גרעסערע ראָל שפּילט זיין קינדישע אינטואיציע, ווי דער באַוווסטזיין.

שייעלע, ווי עס הייסט דער קינדישער פּערסאָנאַזש, איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ סביבה אויסשליסלעך פון גרויסע מענטשן. בלויז איין קינד קרייצט זיך אויף זיין וועג, — דאָס מיידעלע אַלטעלע פונעם קעלער. ער שאַיעלע דערשפּירט צו איר אַ סענטימענט, וואָס איז אים אַליין נאָך ניט קלאָר, אָבער ער האָט ליב איר שטים, בענקט נאָך איר ווען ער זעט זי ניט און איז מלא שמחה ווען אַלטעלע קומט און דריקט אים צו זיך. אָבער דער נחת האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אינגיכן פאַרשווינדט אַלטעלע פון זיין קינדישן האָריזאָנט און ער דערמאָנט איר נאָמען נאָר דעמלט ווען ער דערוויסט זיך, אַז די לוויה, וואָס ער האָט אָקאָרשט געזען איז געווען אַלטעלעס. —

י. שפּיגל האָט געשריבן מיט די בליקן צו אַ פאַרשווונדענער רעאַליטעט, און דורך די פּערסאָנאַזשן, וואָס ער פירט אַריין, אָנגעהעריקע

אגב צו זיין משפחה, איז ער אויסן דורך די פערסאָנאַזשן געבן אַ ראָ־דיאָגראַפיע פון לעבנס, פאַראודטיילטע צו וועגיטירן אין אַן אָרימער געגנט. דאָס איז דער באָרימטער באַלוט אינעם אַמאָליקן לאָדזש. דער באַלוט פון לאָדזש האָט זיין אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור, י. אָקרוטני האָט דעמזעלבן געשילדערט אין זיין ראָמאַן „באַלוטער וועבער". אָבער י. שפיגל שילדערט עס אויף אַ באַזונדער אייגנאַרטיקן אופן ביז אַרויס־ברענגען אַ צוגלידערטע פסיכאָ־סאָציאָלאָגיע פון מענטשן. דער פסיכאָ־לאָגישער עלעמענט פאַרנעמט בכלל אַן אָנגעזעענעם אָרט אינעם ראָמאַן, און אויף וויפל דער ראָמאַן דאַרף זיין די אויטאָביאָגראַפיע פון אַ קינד, טרעט אויף דאָס קינד ווי אַ באָאָבאַכטער, ווי אַן אָבסערוואַטאָר, דאָך ניט נאָר פון מענטשן, גאָר אויך פון זייערע גורלות.

אַזוי דעפילירן ממש אַ קאַליידאָסקאָפּ פון פערסאָנאַזשן. אַלע געהערן צו איין משפחה, אָבער ווי פאַרשידנאַרטיק איז זייער סאָציאַלע גלידע־רונג? דעם מחברס פאָטער און מוטער, די אַלטע דאָבעלע, די מומעס טויבע אוןביילע אין זייער קאָנטראַסט, דער קראַנקער משהלע מיטן פייפל; דער זיידע אַנטשל און די באָבע איטע־בינע, דער פעטער פישל און זיין כלה דאָס דאַרע מיידל, דער זיידע שמואל — דער לענטשיצער מקובל, דער פעטער כיל דער קברן און זיין פרוי, די מומע אסתר — די סאָציאַליסטקע, — אַ לייטער פון פערסאָנאַזשן, יעדער איינער אויף זיין שטאַפּל און י. שפיגל ווייזט ווי אַזוי דאָס אַלץ ברעכט זיך איבער אינעם פאָקוס פון קינדישן באַוווסטזיין.

ווי געזאָגט, איז דער ראָמאַן פון י. שפיגל געשריבן מיט בליקן צום רעאַליסטישן, אָבער מען שפירט ביים לייענען דעמזעלבן אַ מין פאַנטאַסטישע געשפּאַנטקייט. דאָס קינד שייעלע ווערט פון זיין גאָר פריער יוגנט אַריינגעפירט אין אַווירקלעכער מיסטעריעזער וועלט, וואָס רופט אַרויס חלומות, און ווי דאָס אַלץ זאָל ניט פאַרגעשטעלט ווערן אויף אַ פאַן פון אַ גוואַלדיקער אָרימקייט, ווירקט ביי אים אָבער דער חוש פאַר שיינקייט, ווי צום ביישפיל: „דאָס פינצטערע ליקל פאַרן פענצטער מיט די פאַרשטעלטע בלומען־טעפּ ווערט פאַר מיר פון איצט אָן דאָס שטילסטע און שענסטע אָרט אויף דער ערד. ס'איז דאָס ליקל פון די מלאכים, דאָס ווינקל ווו עס באַווייזן זיך זייער אָפט די זינגענדיקע שליחים פון גאָט.

„קיינמאָל זיצט נישט דער טאַטע מיט מיר לעבן פענצטער, אַפילו נישט די מאַמע, אַלטעלע טוט עס יאָ". אַזוי בינדן זיך ביי י. שפּיגל פאַנטאַזיע און אימאַזש, אַריינגעוועבט אין אַ שיינקייט און י. שפּיגל פאַרמאָגט אַ חוש פאַר אימאַזש: „אַז מען פאַרדעקט דעם טישס פּנים ווייס, איך אַז באַלד וועט אין שטוב ווערן שטאַרק העל. די מאַמע קריגט דעמאָלט אַ ליכטיק, ווייך פּנים, די מעשענע שעפּ גלאַנצט אַראָפּ שאַרפער אינעם וואַסער־עמער און ברענט ווי אַ קויל. איך מיין, אַז ס'איז די זון, וואָס איז אַרויס פון דער ליק פאַר אונדזער פענצטער. מיר איז אַזוי גוט פון דער העלקייט, פון די לויכטנדיקע שעפּ־פונקען און פון די טאַנצנדיקע ליכט־שפּליטערס. די לייכטער שטייען שוין אויסגעפּוצטע, טיף אַריינגערוקט אין שטוב־ווינקל שטייט דאָס פלאַכע, הילצערנע זאַמד־קעסטל, פון דאָרטן לויכטן נאָך אַרויס די רעשטלעך ווייסע זאַמד־בערגלעך".

י. שפּיגל קען פאַרשטעלן אַן אימאַזש, וואָס זאָל רעדן מיט פאַרבן און קען אויך צייכענען, ווען אַנשטאָט דעם אימאַזש איז ער נאָר אויסן אַ פאָטאָגראַפיע מיט דעטאַלן אויף אַ פּיטאָרעסקן אופן שילדערן דאָס באַלו־טער שול־הויפל: „די ביידע קרומע פאַציאַטקע־פענצטער בליקן צו דער שיל־וואַנט, ווו מען קען זען די לענגלעך־געשניטענע בלאָע שייבלעך. זיי ברענען די שייבלעך בייטאָג, מיט אַ בלאָ זוניק פייער. דער בנין איז פון אַלטן, פּרוכנעוואַטן האָלץ, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן דאַך — באַלקעס שיצן די געפלאַכטענע נעסטן פון וורובליעס, ביים אַריינגאַנג פירן באַ־זונדערע שמאָלע שטיגלעך אַרויף צו דער ווייבער־שיל, אונטן זיינען די שיל־טירן תמיד ברייט־אויפגעפּראַלטע, באַהאָנגען מיט אַ סך בלעכענע צדקה־פּושקעס. דאָס הויפל אַרום דער שיל איז ערדיק־שוואַרץ און ווילגאַטנע־ווייכלעך. ס'איז ניט אויסגעלייגט מיט שטיינער, און דערפאַר גרינען דאָרט קליינע צעטרעטענע גראָז־אינדעלעך צופוסנס פון דער שיל־מויער".

אַנדערש איז ווען י. שפּיגל גייט איבער פון אַן אַלגעמיינעם בילד צו שילדערן פּערסאָנאַזשן. דעמאָלט ווערט עס ביי אים קינסטלערישע פאָטאָ־גראַפיע, אָדער גראַווירטע צייכנונג: — „כאַטש ס'איז נאָך געווען די נאָכווינטערדיקע רעגנצייט — איז פייוויש געווען אָנגעטאָן בלויז אין אַ רויט־געקעסטלט העמד, מיט זייער קורצע, פאַרווירקלטע אַרבל. אין

סאַמע מיטן פון זײַנע יונגע־מאַנצבילשע ברוסטן זײַנען אויך געוואַקסן אַזעלכע רויט־ליכטיקע הערעלעך, זיי האָבן אויסגעזען ווי די דינע בלע־טער־אָדערלעך אויף אונדזערע בלומענטעפּ״.

ס'איז קלאָר, אַז פון צווישן אַלע פּערסאָנאַזשן ווײַזט אַרויס דער מחבר אַ באַזונדער באַציאונג צום ייִדן דעם לענטשיצער מקובל, און ער פאַרצייכנט מיט אַ באַזונדערער עקספּרעסיוויקייט די סצענע, ווו דער ייִדע, דער לענטשיצער מקובל בענטשט זײַן טאָכטער אסתרל, וואָס מוז עוקר זײַן פון פּוילן, ווײַל זי וועט פאַרפאַלגט, אַלע אַרומיקע נעמען אויף מיט אַ מורא אסתרלס סאָציאַליזם, הגם אַלע זײַנען גרייט זיך מקריב צו זײַן פאַר איר און זי ראַטעווען. אסתר פילט זיך פאַרלאָרן, „און בעת די מומע אסתר איז אַזוי געשטאַנען מיט איר פאַרבויגענעם קאָפּ אַ פאַר־לוירענע און פרעמדע מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ נעבן ייִדן — האָט דער ייִדע שמואל פּלוצים זײַנע ביידע ווײַסע הענט אַרויפגעלייגט אויף איר קאָפּ. ער האָט זיי דאָרט אַ ווײַלע געהאַלטן, בעת די פינגער זײַנען געווען פונאַנדערגעשפרייט. ער האָט שטיל און פאַרזיכטיק געפּרעפלט מיט פאַר־מאַכטע אויגן, נאָכדעם ווי ער האָט אַראָפּגענומען זײַנע הענט פון דער מומעס קאָפּ, האָט ער אויפסניי געעפנט זײַנע אויגן. „איצט, מײַן קינד, ביזטו שוין ניט אין מײַן רשות און נישט אין רשות פון קיין מענטש...

— האָט ער צו איר שוואַך גערעדט ווי צו אַ פרעמדער, — איצט ביסטו נאָר אין די הענט פון באַשעפער, — אין די הענט פון גאָט... אין רשות פון הימל אַליין...״

אסתר מאַכט אַ באַזונדערן אײַנדרוק אויפן זיבניאָריקן שאַיעלע. זי איז אַן אויסנאַם אין דער משפחה און שאַיעלע פילט אין איר עפּעס אַזעלכעס וואָס ער קען ניט באַנעמען מיט זײַן קינדישן שכל, — אויף אים ווירקט איר דורכזיכטיקע בלייכקייט און אין זײַנע פאַרבליפטע ייִנגלשע אויגן האָט זי אויסגעזען שיין בעת זי האָט גערעדט אירע אויסטערלישע רייד: „איר שיינקייט איז געווען גאָר אַן אַנדערע, ווי די שיינקייט פון אַלטעלען. דאָס איז געווען אַ שיינקייט, וואָס האָט מיך נישט אַזוי באַמרויקט און נישט געמאַכט אַזוי טרויעריק, ווי די שיינקייט פון אַלטעלען. צי מוז יעדע שיינקייט מאַכן טרויעריק דאָס האַרץ?״ פונ־דעסטוועגן האָט דער מומע אסתרס מיידלש פּנים אַרויסגערופן אין זײַן

יינגלש האַרץ אַ טריבן טרויער־שאָטן פון אַנגסט: „איך האָב זיך געקוועלט אונטער איר בליק פון עפּעס אַ שרעק, וואָרים ביז איצט איז בלויז אַלטעלע אַליין געווען די שענסטע אויף דער ערד״.

אין אַזאַ שטייגער שטעלט פאָר י. שפּיגל אַלע פּערסאָנאַזשן, וואָס בילדן די אַזוי גערופענע משפּחה זיינע; דורך די פּערסאָנאַזשן ברענגט ער אַרויס די אָרימקייט, די פּיין, די מיזעריע אין וועלכער די מענטשן האָבן געלעבט, — עס איז געווען אַ ריכטיקער „אָפּקומען אויף דער וועלט״. פונדעסטוועגן הערט מען זעלטן, אַז עמיצער זאָל זיך באַקלאָגן אויפן לעבן. אַזוי שטעלט דער מחבר פאָר די אַלע פּערסאָנאַזשן אין זייערע פּסיכאָלאָגישע אייגנשאַפטן, אין זייער סאָציאַלן שטאַנד, — ער שאַפט אַ ריכטיקע סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע ראַדיאָגראַפיע פון יחידים, — כדי נאָכדעם זיי פאַרשטעלן אין זייער מיסטעריעזקייט און אַלגעמיינעם בילד: „אין מיין אָרימער משפּחה זיינען די מענטשן אַלע שווייגנדיקע, פאַרשעמטע און פאַרשלאָסענע: דער מקובל — דער זיידע שמואל פון די לענטשיצער וועלדער, וואָס האָט מיך געלערנט הערן די נאַכט־סאָלאָווייען, דער זיידע אַנטשל — דער תהילים־זאָגער פון מאַגעלניצע, וואָס שפּילט ביינאַכט אויף דור המלכס פידעלע, די ביידע באָבעס, — איטע־בינע און פּערל־דבורה, אַלע פעטערס און אויך אַלע מומעס. מן הסתם קומט עס צו זיי פון די קליינע שטובן־קעמערלעך אין באַלוט, ווו זיי גייען אַרום דאָרט אַלע צוזאַמען מיט די ווילגאָטנע, צעבראָכענע ווענטשאָטנס. אפשר שווייגן זיי גאָרנישט, נאָר זיי רעדן צווישן זיך מיט אַזעלכע רייד, וואָס נאָר די פלאַטשיקע, קרומע שאָטנס פאַרשטייען זיי. איך האָב ניט איינמאָל געזען ווי די שאָטנס ענטפערן זיי אָפּ פון די בלאָלעכע ווענט־פּאַרטיפונגען, פון דער געבויגענער סטעליע און פון די צעשפּאָלטענע דילן מיטן זעלביקן פאַרשעמטן, קוים־פליסטערנדיקן שטום־לשון״.

עס איז מערקווירדיק, ווי ישעיהו שפּיגל גייט דאָ אַריבער פון פאָ־טאָגראַפיע צו עקספּרעסיוון אימאַזש; י. שפּיגלען העלפט אַרויס דערביי זיין שפּראַך־רייכקייט, וואָס פאַרמאָגט אַ סך ליריזם און אייניקע קאַפּיטלען אינעם בוך לייענען זיך ממש ווי גרויסע פּאָעמעס אין פּראָזע, און דער ראָמאַן גופא איז געשריבן מיט אַ באַשטימטן סאָציאַלן אונטערגרונט און אינטעלעקטיווקייט, אַזוי הויבט אָן י. שפּיגל דעם ראָמאַן מיטן קעלער־

שטיבל און ענדיקט מיט אַ בית־עולם, דאָס אָרט וואָס איז דער סוף פון יעדן מענטש: „צי זאָל איך איצט וויינען וואָס אַלטעלע איז געשטאָרבן? צי דאַרף מען וויינען, אַז אַ מענטש שטאַרבט? צי ווייס אַלטעלע, אַז זי איז געשטאָרבן? אַרום אונדז איז אַזוי שטיל, שטיל, שטיל. צווישן גידריקע קוסטעס פלאַטערט אַ קוועלעכל: ט־ר־רול... ט־ר־טרול... דאָס איז דאָס אָרט ווו מען לייגט נישט קיין געשטאָרבענע דערפאַר איז דאָרט אַזוי גרין, די קוסטע־בלעטער שפּרייטן זיך אַנטקעגן אָוונט נאָך גרינלעך".

לעבן־טויט־לעבן, — ס'איז דער אייביקער פּראָצעס; ס'איז קוועלעכל, וואָס פלאַטערט שטענדיק און מען דאַרף האָבן אַן אויער צו הערן דאָס פלאַטערן פונעם קוועלעכל. י. שפּיגעל ברענגט אַריין אין דעם אַ מיסטישן עלעמענט, וואָס פירט דעם זיבניאָריקן שאַיעלע צו אַ מיסטעריעז־מיסטישן אימאַזש: „איך פלאַטער דאָרט, אַרומגערינגלט פון אַ גרויסער שפּערל־קאַפּעליע. דאָס פאַרהוילענע וואַסער־קוועלעכל פליסטערט נאָך לאַנג פון דער ערד — ביז איך וועל מיט אַלע מיינע ייִנגלשע פאַרהוילנקייטן, רעטענישן און פאַרבלענדענישן דערגרייכן מיט די שטיגן דעם הימל".

ישעיהו שפּיגל האָט אויסגעוויילט אַן אָריגינעלע פאָרם פאַר אַן אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן, — צוזאַמען מיטן רעאַליזם געפינט מען אין דעם עלעמענטן וואָס דערנענטערן צו מיסטישע לעגענדאַרישקייט. און אין אַלגעמיין איז דער ראָמאַן אַ ראַדיאָגראַפיע פון אַן אַוועקגעגאַנגענעם, פאַרשווונדענעם לעבן, און פון אַ באַשטימטער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער און סאָציאָלאָגישער באַדייטונג.

„די פּרעסע", (אַרגענטינע), 27.12.66

**משה כץ** (1885—1960)

# לידער פון דער צעשטערטער געטאָ

זינט דעם סוף פון דער מלחמה באַגעגענען מיר ישעיהו שפּיגל׳ס נאָמען זייער אָפט אין די אידישע אויסגאַבן פון דעם באַפרייטן פוילן. פאַר די לעצטע דריי יאָר אַליין האָט דער שרייבער פאַרעפנטלעכט דריי בענ־דער נאָוועלן, וואָס האָבן אים געשטעלט אין די ערשטע רייען פון די היינטיגע פויליש־אידישע שרייבער. דער אינטערעס, וואָס ס׳האָבן אַרויס־גערופן י. שפּיגל׳ס דערציילונגען, געשריבן מיט אַ גרינטלעכער קענטעניש פון דעם אידיש־פּוילישן לעבן, ספּעציעל אין לאָדזש פון פאַר און נאָך דער מלחמה, האָט פאַרשטעלט פאַר אונז דעם פאַקט, אַז ער איז ניט נאָר אַ פיינער פּראָזאַאיקער, נאָך אויך אַ זייער טאַלאַנטפולער פּאָעט.

ווי אַ סך יונגע שרייבער האָט י. שפּיגל פאַקטיש אָנגעהויבן מיט דיכטונג. זיין ערשטער באַנד לידער איז אַרויס אין לאָדזש שוין אין יאָר 1930, דאָס הייסט מיט 20 יאָר צוריק, נאָך לאַנג פאַרן בלוטיגן מבול. די לידער, וואָס זיינען אַריין אין זיין נייער זאַמלונג („און געוואָרן איז ליכט״) זיינען, ווי מיר זעען פון די דאַטעס אונטער זיי און פון דעם שרייבער׳ס אייגענעם אַריינפיר־וואָרט אַלע געשריבן געוואָרן אין משך פון דעם גורלדיגן יאָרצענדליג, צווישן 1940—1949, און שליסן איין סיי לידער געשריבן אין געטאָ, אין שאָטן פון דער נאַצישער בעסטיע, ווען דער שרייבער און זיין גאַנצע סביבה האָבן יעדע מינוט געקוקט דעם טויט אין די אויגן און אפשר געוואונטשן זיך, אַז ער זאָל זיי שוין וואָס גיכער באַפרייען פון זייערע איבערמענטשלעכע ליידן; סיי שפּעטער, צווישן די יאָרן 1945—1949, אין דעם פוילן, וואָס איז באַפרייט געוואָרן אַדאַנק דער רויטער אַרמיי און האָט דערנאָך גענומען בויען זיין אייגענע פרייהייט.

„די גורל־יאָרן — באַמערקט דער דיכטער אין זיין אַריינפיר־וואָרט — האָבן יעדן אידישן דיכטער געמוזט פאַרוואַנדלען אין אַ ירמיהו... אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן וועט אין די אָדערען פון יעדן אידישן דיכטער זידן דאָס בלוט פון שנאה צו די פעלקער־מערדער".

און גערעכט איז דער דיכטער, ווען ער באַמערקט אין דעמזעלביגן אַריינפיר, אַז „די ליטעראַטור ביי אונז, אידן, און אויך ביי די אַנדערע פעלקער, וועט נאָך לאַנג מוזן זוכן די פאָרם און דעם אינהאַלט, כדי קינסטלעריש צו געשטאַלטיגן די פאַרגאַנגענע תקופה".

ישעיהו שפּיגל האָט עס געטאָן אין זיין פּראָזע. ער פּרואווט עס טאָן דורך זיין דיכטונג. האָט ער געפונען די געזוכטע פאָרם און אינהאַלט?

ס׳רוב לידער, וואָס זיינען אַריין אין דער זאַמלונג געהערן צו „גע־זאַנגען פון דער פינצטער". זיי דעקן די גאַנצע שרעקלעכע צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע פון פּוילן און פליסען איבער אויך אין די לידער, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין די לעצטע יאָרן, שוין אין דעם באַפרייטן פּוילן.

„נאַכט, ס׳ברענט אין שטאָט די לעצטע שול,
אָנגעצונדן האָט דער שונא צו גאָט די לעצטע טרעפּ,
איך גיי מיט זיי, מיט אַלע נע־ונד׳ניקעס אויף דעמער־וועגן.
...אין זייערע ווינקלען זיצט נאָך איצט די שרעק
פון גזירת ת״ח.
וואו וועל איך, גאָט, מיט אַלע די פאַרטריבענע
אַוועקלייגן דעם קאָפּ היינט ביינאַכט?"

(זייט 73)

דאָס דאָזיגע ליד איז דאַטירט מיטן יאָר 1940, דאָס הייסט קורץ נאָכדעם, ווי די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט פּוילן. דער טאָן פון אָט דעם ליד גייט דורך דורך אַלע געטאָ־לידער פון דעם דיכטער. פאַרן לייענער שווימען אויף הונגעריגע געטאָ־גאַסן, טויטע הייזער, אויסגעמאָרדעטע אַרום די דראָטן, מיט וועלכע די געטאָס זיינען אָפּגעצאַמט געוואָרן... ס׳רוב פון די אַלע לידער זיינען דורכגעזאַפּט מיט עפּעס אַ שטיל־פּראָטעסטירנ־דיגער האָפענונג־לאָזיגקייט, מיט אַ „פאַרוואָס?", אַף וועלכן דער שרייבער דערוואָרט ניט קיין ענטפער און מיט אַ טענה — צו קיינעם ניט. זעלטן כאַפּט זיך אַרויס צווישן די לידער אַזאַ ווי:

„פאַרוואָס זאָל איך נישט אויפהויבן די האַק
און אַראָפּלאָזן ווי ווינט איבער עמיצנ'ס קאַרק —
ס'זאָל רינען דאָס בלוט, ווי פון געשלאָגענע פערד,
ס'זאָל זידן און קאָכן פלאַמיג און שטאַרק?

— — — — — — — — — — — — — — — —

אָרימער ברודער, באַהאַלט ניט די שאַרף,
באַהאַלט ניט אונטערן מאַנטל די שטריק.
דער ווינט וועט אונדז העלפן גיין אין דער נאַכט,
דער ווינט וועט אונז ווייזן דעם וועג אויף צוריק."

(זייט 80)

אָבער אפילו פון דעם ליד פילט זיך מער נאָכצווייפלונג, איידער גרייט־קייט און אַנטשלאָסנקייט וואָס עס איז צו טאָן קעגן דעם „עמיצן".

נאָר די שרעקלעכע איבערלעבונגען הינטער דעם צוים פון דער געטאָ האָבן ביי דעם דיכטער פונדעסטוועגן ניט פאַרטריבן די דערמאָנונג און די בענקשאַפט נאָך דעם, וואָס ס'איז שוין מער ניטאָ:

„שוין ליג איך אויף דיין האַרץ און כ'ווייס,
ס'איז קילער טויט,
ערגיץ שפּילט דער וואַלד אין שיינעם מאָרגן־רויט,
אַ פאַסטעך־פייפל שאַלט, וואַסער רוישט אויף שטיין,
אַ מילנער האָט געלאָזט די מיל אין ווינטן גיין,
און אונטערן הימל הענגען טרעפּ צו ערגעץ־וואו,
וואָס פירן מיך צו שטילקייט, צו פרידן און צו רו,
און שוואַלבן זינגען דאָ, און זייער צוויטשער־ליד
לייגט זיך אויף מיין האַרץ און אונטער מיינע טריט.
און אָט איז אַלץ נישטאָ. נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ,
נאָר שוואַרצער פויגל־פלאַטער פון עדגאַר אַלען פּאָ..."

(זייט 89)

ישעיהו שפּיגל איז אַ ליריקער מיט אַ הויך־אַנטוויקלטן געפיל פאַר מאָס און קלאַנג און בילד. דערפאַר ווערן זיינע לידער ניט פאַרוואַנדלט אין קיין דאָקומענטירטן געוויין, אַפילו ווען יעדער טראָפּן בלוט אין אים וויינט. ווי שלעכט אים איז ניט אין דער געטאָ, קוקט ער פאָרט אויף דער וועלט מיט די אויגן פון אַ דיכטער און דריקט אויס זיין ווייטאָג אין דיכטערישע פאָרמען.

באַזונדערס געלונגען זײַנען י. שפּיגל׳ס „באַלאַדעס״: די „באַלאַדע פֿון טאַטע־מאַמע״, די „באַלאַדע פֿון דרײַ יאָדלעס״, די „באַלאַדע פֿון שוואַרצן אָדלער״, בונקער־באַלאַדע, באַלאַדע פֿון טויטן־הויז, און אַנדערע. ווען דער דיכטער וואָלט אָנגעשריבן בלויז אָט די באַלאַדעס אַליין וואָלטן זיי אים געשאַפֿן אַ בכבוד׳יגן אָרט אין דער אידישער ליטעראַטור. אין די באַלאַדעס איז דעם שרײַבער אין אַ זײַער הויכער מאָס געלונגען צו קאָמבינירן דעם לעגענדע־טאָן, דאָס רעאַלע בילד, וואָס קריצט זיך אײַן אין זכרון און דעם טיפֿן דיכטערישן פּאַטאָס. אפשר די שטאַרקסטע צווישן זיי אין די „באַלאַדע פֿון טאַטע־מאַמע״:

אין אַ ווינטערדיגער, ווינטיגער נאַכט וועקן אים פֿון שלאָף די שאָטענס פֿון די אומגעבראַכטע טאַטע־מאַמע:

„וואָס האַלטסטו אונז אויפֿן ווינט,
מיר דאַרפֿן דאָך גיין באַלד צוריק,
צי דערקענסטו ניט, זון, מער דאָס קול,
וואָס האָט דיך אין וויגל געוויגט?
ווי לאַנג איז דער שיר נאָך צו שטיין
הינטערן טיר דײַן אַלטער מאַמען?
דער טאַטע שטייט קוים אויף די פֿיס,
וואָס בריען אים נאָך פֿון די פֿלאַמען.״

און ווען ער לאָזט זיי אַרײַן צו זיך זײַנען זיי עס די, וואָס זײַנען געקומען אים טרייסטן און באַזאָרגן. זיי ווילן בלויז ער זאָל דערציילן דער וועלט „אין אַ שיין, הייליג ליד״, ווי מ׳האָט זיי אומגעבראַכט, אָבער זיי ווילן ניט ער זאָל וויינען:

ווּעסט לאָזן אויף אונז אַ טרער,
טאָ ווייס, מיר וועלן שוין קיינמאָל,
קיינמאָל נישט קומען אַהער...״

פּאָעטיש־רירנדיג איז די באַלאַדע פֿון די „דרײַ יאָדלעס״ — וועגן דרײַ בוימער, אונטער וועלכע עס ליגן דרײַ קרבנות פֿון די נאַציס, צוויי פֿרויען און אַ קינד. די יאָדלעס קלאָגן אויף דעם אומגליק, וואָס האָט זיי פֿאַרוואַנדלט אין קברים־מצבות, און איינע פֿון די אומגעבראַכטע, „מײַן שוועסטערל מרים״ — איר שאָטן —

מיט אַ קויבערל אין האַנט
טראָגט זי דאָרט ווייסוואַרג, תכריכים־געוואַנט.
„...איך האָב זיי פון שניי און גראָזן געשפּינט,
פון ערד, פון נעפּל, פון בלויען ווינט,
און אויך שוין איבער אַ האַלב יאָר
איך שפּין זיי פון מיינע ווייסע האָר.
איצט גיי איך זיי אָנטאָן, די שכנים צוויי,
מיט לייוונט, וואָס איז ווייסער פון שניי, —
די יאַדלעס וועלן מער ניט קלאָגן ביינאַכט,
אַז מ׳האָט זיי אויף אייביג אומגליקלעך געמאַכט...״



דאָס ערשטע לידער־בוך פון י. שפּיגל, וואָס איז אַרויס מיט 20 יאָר צוריק, האָט געטראָגן דעם נאָמען „מיטן פּנים צו דער זון״. דאָס איז זיכער געווען אַ פּראָגראַם־נאָמען, וואָס אַ יונגער דיכטער האָט אויס־געקליבן פאַר זיינע געזאַנגען. די נייע לידער־זאַמלונג רופט זיך „און געוואָרן איז ליכט״. דאָס איז אויך אַ פּראָגראַם־נאָמען, אַן אויסדרוק פון דעם דיכטער׳ס היינטיגן גלויבן און האָפענונג, אַז נאָך דער מפּלה פון די נאַציס איז „געקומען ליכט״. מען מוז אָבער ליידער צוגעבן, אַז אפילו אין די לידער, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן נאָך דעם יאָר 1944 און וואָס פאַרנעמען דעם גרעסטן טייל פון בוך, פילט זיך נאָך די „געקומענע ליכט״ שוואַך. דער זכרון און דאָס אויג פון דעם דיכטער זיינען נאָך אַלץ געפאַנגען פון די בלוטיגע געטאָ־שאָטנס און קאָנען זיך ניט אָפּרייסן פון „אַש און חורבות״. ווידער און ווידער קערט ער זיך אום צו די שרעקלעכע איבערלעבונגען פון דער געטאָ אונטער די נאַציס, פון דער פאַרניכטונג פון דער אידישער באַפעלקערונג, פון זיינע נאָענטסטע, פון אומשולדיגע קינדער, און ווען אפילו ער דערציילט שוין וועגן זיין קינד איצט, אַז

„...עס זיצט אויף שוועל,
זינגט צו זון און שטערן,
ס׳לייכט דער הימל אויסגעלייטערט,
ווי אַן אויג פון טרערן...״

פילט איר, אַז די זעאונג האָט נאָך ניט דורכגעדרונגען דעם שרייבער, ער פילט זיך נאָך אַלץ „היימישער" אין דער שוואַרצער פאַרגאַנגענהייט...

איך וויל דערמיט ניט זאָגן, אַז אין בוך זיינען ניטאָ קיין לידער פון האָפענונג און פון נצחון. זיי זיינען פאַראַן, און, למשל, אין „עפּיסטול צו פּאַבלאָ נערודאַ" שליסט זיך דער שרייבער אָן אין די, וואָס ווילן „אָפּהיטן די ערד פון שנאה און מלחמה" און באַגריסן „דעם נייעם פרילינג אויף דער ערד". דאָס איז גוט. דאָס ווייזט די באַוואוסטזיניגע אָנשטרענגונג פון דעם דיכטער אַרויסצורייסן זיך פון די שאָטנס, וועלכע מען קאָן גישט פאַרגעסן, אָבער וואָס טאָרן אים ניט אייביג באַהערשען. אָבער דאָ טאָקע דערמאָנט זיך די באַמערקונג פון דעם אויטאָר אין אָנהויב פון זיין בוך, אַז „די ליטעראַטור... וועט נאָך לאַנג מוזן זוכן די פאָרם און דעם אינהאַלט, כדי קינסטלעריש צו געשטאַלטיגן די פאַרגאַנגענע תקופה". פאָרם באַזיצט דער אויטאָר אָן שום צווייפל און ווייזט זיך אין איר אָפט ווי אַ מייסטער. אָבער וואָס איז שייך אינהאַלט, האָט ער אים גענומען פאַרטיגערהייט און האָט נאָך ניט באַוויזן צו שטעלן זיך איבער אים, דורכקוקן דורך אים און דערזען, אַז ער אין באַשטאַנען ניט נאָר פון די אומדערטרעגלעכע ליידן אַליין — און ניט בלויז פון דעם איינזאַמען ליידן, ווי ס'קומט צו אָפט אויס אין זיינע לידער. מיר ווייסן: אפילו אין דער געטאָ זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געקעמפט און געשלאָגן צוריק און געפונען אַ פאַרבינדונג — זאָל זיין אפילו ניט מיט קיין סך — פון די קאַמף־ברידער אויסער דער געטאָ; אַפילו אין געטאָ זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ניט געליטן, ווייל זיי האָבן זיך פאַרקויפט צו די דייטשע קאַניבאַלן פאַר ברעקלעך פון זייער טיש — און די שנאה און נקמה פון דער אידישער באַפעלקערונג איז געווען געווענדעט ניט נאָר קעגן די נאַציס, נאָר אויך קעגן זייערע אידישע אַרויסהעלפער. אויך אין געטאָ האָט מען דערהערט וועגן סטאַלינגראַד, געקוקט מיט האָפענונג אויף די מזרח־עראָפּלאַנען און דאָס האָט אין אַ גרויסער מאָס געגעבן דעם מוט צו אַנטשליסן זיך אויפן לעצטן געטאָ־אויפשטאַנד.

אָבער דאָס אַלץ פעלט כמעט אינגאַנצן אין ישעיהו שפּיגל'ס לידער. יאָ, „עס איז געוואָרן ליכט" און ער רייסט זיך טאָקע צום ליכט, אָבער דאָס ליכט באַלייכט אים נאָך ניט די שווערע פינצטערע פאַרגאַנגענהייט

כדי ער זאָל אין איר קאָנען געפינען מער ווי די אומדערטרעגלעכע שטומע ליידן.

לאָמיר האָפן, אַז אין זיין ווייטערדיגן שאַפן וועט י. שפּיגל דערזען ניט נאָר דאָס ליכט, וואָס איז געקומען, נאָר אויך דעם קאַמף, וואָס האָט געבראַכט צום זיג איבער דער נאַצישער פינצטערניש און דאָס נייע לעבן, וואָס שאַפט זיך אונטער דעם ליכט, וואָרום די נויטיגע דיכטערישע מיטלען צו ווייזן אונז דאָס נייע מיט אַלע זיינע ניואַנסן און קלאַנגען פאַרמאָגט ישעיהו שפּיגל אין דער פולער מאָס.

אגב: י. שפּיגל׳ס לידער־בוך איז אַרויס אין 5.000 עקזעמפּליאַרן אין דעם היינטיגן פּוילן מיט זיין קליינער אידישער באַפעלקערונג. אין וויפל עקזעמפּליאַרן גייען אַרויס אידישע דיכטונג־ביכער אין אונזער רייכער אַמעריקע?

„מאָרגן־פרייהייט״, מאַי 14, 1950

ל. דאָמאַנקעוויטש (1973—1899)

# שטיגן צום הימל פון ישעיהו שפּיגל

דער מחבר פונעם בוך „שטיגן צום הימל" באַצייכנט דעם דאָזיקן ראָמאַן אַלס אַ בוך „פון אויטאָביאָגראַפישער וואָר און דמיון" און ער האָט עס געהייליקט דעם אָנדענק פון זיין טעכטערל, עווא, וואָס איז אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ.

עס קען אפשר זיין, און עס איז צו באַגרייפן, אַז די טראַגישע רעאַליטעטן פונעם לאָדזשער געטאָ האָבן גורם געווען די געדריקטע שטימונג פון דאָזיקן פיינעם ווערק, טראָץ דעם וואָס די פאַקטן און שילדערונגען זענען סיטואירט מיט אַן ערך אַ דרייסיק יאָר פריער. און זיכער וואָלט אַן אַנדער געמיט פון ישעיהו שפּיגל אונז געבראַכט אַ בוך מיט אַנדערע שטימונגען, אַנדערע סיטואַציעס און די געשטאַלטן וואָס ער שילדערט דאָרט וואָלטן אַרויסגעקומען הייטערערע, ווען אַפילו די מיליע אין וועלכער זיי לעבן זיך אויס וואָלט געווען די זעלבע.

ישעיהו שפּיגל שילדערט דאָרט דאָס אָרעמע יידישע לעבן אין אַ לאָדזשער קוואַרטאַל וואָס מען רופט באַלוט, און ווו אָרעמע יידן האָבן געלעבט ביז צום לעצטן חורבן פילצאַליק און אין אַזעלכע מאַטעריעלע באַדינגונגען וואָס דער מחבר, האָט געקענט, נאָך זיינע פּערזענלעכע איבערלעבונגען, פאַרגלייכן מיטן געטאָ און עס האָט ערשט געמוזט קומען דאָס גרויסע פייער פון גיהנום אַז עס זאָלן מעגלעך ווערן אַזעלכע געשטאַלטן אין זיין בוך, וועלכע קייקלען זיך פון אומגליק צו אומגליק, ביז זיי דערשלעפּן זיך ענדלעך צום עלטער פון זיבן יאָר, ווי עס איז דער פאַל פונעם העלד, פון דאָזיקן ראָמאַן.

און אַזוי הויבט זיך טאַקע אָן דאָס זכרונות־בוך פונעם יונגן שאַיעלע. אַ קאַרג ביסעלע פרייד אָבער אַ סך צרות באַגלייטן זיינע פריסטע קינדער־

יאָרן אין דער ענגער באַלוטער שטוב. אוודאי איז פאַראַן אַ סך צאַרטקייט אויך מצד זיינע אָרעמע אָבער זייער איידעלע עלטערן, אָבער ווי טרויעריק זענען די דערמאָנונגען פון די אויסגערעכנטע, אינעם בוך געשעענישן.

אַט הערט זיך אין שטוב יעדן שפּעטן אָוונט קראַצן הינטער דער שאַנק. די מאַמע זאָגט, אַז דאָס איז דער „גאַסט" פון שכן. אין אַ מיטן־נאַכט ווערט דער „גאַסט" געפאַנגען אין אַ קליין דראָטן הייזעלע און ווען דער טאַטע האַלט עס ביים אַרויסטראָגן אין דרויסן פאַלט פּלוצים איין דער מאַמען, צו ווייזן דאָס דראָטענע, הייזעלע מיטן אַרומשפּריגנדיקן איינגעוויינקסטן „גאַסט" דעם יונגן שאַיעלע. דאָס קינד ווערט אַזוי פאַרכאַפּט אַז זיין חלום ווערט אויסגעפילט דורך דער דאָזיקער זעעניש:

„אין דער זעלביקער נאַכט זענען קליינע, גרויע, דראָטענע הייזלעך, אָן אויפהער געשווימען דורך מיין קינדערשן חלום. אַ דין פּישטשענדיק שאָרכעריי און שוואַך געוויין האָט זיך געטראָגן פון די פאַרמאַכטע, גרויע הייזעלעך. אַט ליג איך אַליין אויך אין אַזאַ פאַרצוימט הייזעלע און קען נישט אַרויס. איך לויף פון איין ווינקל צום צווייטן. פון אַלע זייטן הילכן בלויז אָפּ מיינע באַרוועסע פּיס אין געפאַנגענשאַפט".

ווען נישט די שפּעטערע געפאַנגענשאַפט אין געטאָ פון מחבר אַליין בין איך מסופק צי אַזאַ מין וויזיע וואָלט געקענט אַרויסגערופן ווערן אַפילו דורך דער רייכער פאַנטאַזיע פון ישעיהו שפּיגל.

ווונדערלעך איז דער געשילדערטער מאָמענט, ווען די שטוב וואַרט מיט האָפנונג אויף אַ שמחה, אויף דער אָפּוועזנדער מאַמען און ווען דער הויכער, דאַרער און קוים שמייכלנדיקער טאַטע קוקט אויף שאַיעלען און באַשליסט אים דערוויייל אויסצולערנען דערקענען אַן אַלף. ווען דאָס געלינגט אים פאַלט פון פאָטערישן אויג אויף דעם קינדס קעפּל אַ הייסע טרער.

אָבער עפּעס לאָזט די מאַמע אויף זיך לאַנג וואַרטן, און אַנשטאָט איר קומט אַריין אַ שכניש מיידעלע, אַלטעלע רוימען די שטוב און ברענגען אַ טעפּל וואַרעמס פאַרן יינגל מיטן פאָטער. בעת דער פאָטער גייט אָפּט אין שפּיטאָל זען די מאַמען בלייבט אַלטעלע אַליין מיט שאַיעלען. זי דערציילט, אַז דאָס קליינע שוועסטערל וואָס די מאַמע האָט געזאָלט מיט־ברענגען אַהיימקומענדיק איז געשטאָרבן, און אַז זי זעט שאַיעלעס טרויער

כאָטש ער פאַרשטייט נישט דאָס אויסטערלישע וואָרט „געשטאָרבן״, וויל זי פון היינט אָן ווערן זיין שוועסטערל.

ענדלעך ברענגען צוויי מומעס צו פירן אונטער די אָרעמס, די מאַמע, אַ צעבראָכענע, אַ שוואַכע. זי מוז זיך לייגן אין בעט. אַלטעלע גיסט אָן טעפּלעך טיי, די מומע ביילע, די אָרעמערע זאָגט, אַז צו דער טיי וואָלט גוט געווען פאַר „איר״ אַ שטיקל ציטרין, אָבער פונוואַנען נעמט מען דאַרויף? דאָס דערצערנט די פאַרמעגלעכערע מומע וועלכע שרייט אויס: „ציטרין, שמיטרין! אַז דער רבונו של עולם וויל העלפט ער אָן ציטרין אויך״.

און ווער איז אַלטעלעס משפּחה? איר פאָטער, חיים־יוסף, שטייט אַ גאַנצן טאָג פאַר דער שול מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. ער קומט אַהיים אין אָוונט באַלאָדנט מיט קליינע, גרינע, קופּערנע מטבעות וועלכע ווערן, מיט דער הילף פון אַלטעלעס שטום־טויבער עלטערער שוועסטער, אויסגעסאָרטירט אויפן הינקענדיקן טיש אין קופּקעלך און דערנאָך פאַר־פּאַקט אין פּאַפּירענע פּעקלעך. און עס איז פאַראַן איר ברידערל, משה׳לע, וואָס איז שטערבלעך קראַנק אויף „סוכאָטע״. ער ליגט אויף אַ ראַגאָזשע אין אַ ווינקל. צו זיין בלייכן האַלדז איז צוגעבונדן אויף אַ פאָדים אַ קליין פייפל און ווען דאָס פאַרשמאַכטע משהלע פאַרלאַנגט עפּעס, גיט ער אַ פייף ווייל ער קען שוין נישט רעדן.

אינעם באַלוטער הויז וווינען אַ סך לאָקאַטאָרן. עס גייט אויף אַ געזאַנג פון אַ קעלער־שטוב ווו עס וועבט אַ וועבער און זיינע גראָטענע, שיינע טעכטער זינגען ביי די שפּינד־רעדלעך:

„אָ, גוטער פריינט, ווען איך וועל שטאַרבן״.

דער צאַנקענדיקער, שווינדזיכטיקער משה׳לע האַלט ביים אויסגיין. כדי שאַיעלע זאָל נישט בייווווינען די יעלות און די לוויה, פירט אים די מאַמע אַוועק אויף עטלעכע טעג צום זיידן אַנשל, וואָס פאַרברענגט אַלע זיינע טעג אין דער פּאַציאַטקע מיט תהילים־זאָגן. ער בלייבט אַליין מיטן זיידן ווייל די באָבע האַנדלט מיט פאַרלעגענע פּרוכטן וואָס זי צעטראָגט אין די הייזער, כדי מפרנס צו זיין די שטוב.

דאָס קינד קוקט זיך אַרום אין דער פאַר אים פרעמדער שטוב פון זיידן. אויף די ווענט זענען צעהאָנגען פיל פאָטאָגראַפיעס פון דער משפּחה.

אויף איינער דערקענט ער באַלד די מומע ביילע נעבן אַ יונגן מאַן, זעלנעריש געקליידעט וואָס צעשטעלט ווילעריש זיינע גלאַנציק־באַשטיוול־טע פיס. אָט דאָס איז דער פעטער כאַסקל, דער מאַמעס ברודער וואָס דינט דעם קייסער פון באַלד נאָך דער חתונה אָן. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער מומע ביילע וועלכע איז געקומען פון אַ יתומים־הויז, ווו זי האָט זיך געכאָוועט נאָכן טויט פון אירע אומגעקומענע עלטערן אין אַ פּאָגראָם וואָס איז פאָרגעקומען אין אַ ווייט־אוקראַינער שטעטל. ער קומט נישט אַהיים, דער פעטער כאַסקל, ווייל דער קייסער וויל אים האָבן ביי זיך. ער ווערט אָנגעטאָן אין בלאָע בגדים ווי דער קייסער אַליין און אין שאַיעלעס פאַנטאַזיע אַפילו אַ קרוין מיט בלאָע שטיינער און ווערט „דער קייסער אין בלאָ".

די נאַכט פאַלט צו. די באָבע איטע־בינע קומט אַהיים אַ מידע, פאַר־גרייט וועטשערע און דערנאָך גייט מען שלאָפן. שאַיעלע, ליגנדיק מיט אָפענע אויגן, באַמערקט, הענגען אויף דער וואַנט אַ לענגלעכע, פון האָלץ געשניצטע אויסטערלישע זאַך, וואָס ער זעט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן. ער קוקט זיך לאַנג איין פאַרחידושט. דער זיידע, וואָס מיינט אַז ס'קינד שלאָפט, הויבט זיך שטיל אויף, נעמט אַראָפּ דעם קעגנשטאַנד פון דער וואַנט און אַזוי, אַ באָרוועסער, אָנגעטאָן אין זיין לאַנג, ווייס העמד, נעמט ער פירן מיט איין האַנט איבער די אָנגעצויגענע דראָטן אויפן קעגנשטאַנד. די דראָטן גיבן אַרויס דינע, וויינענדיקע קלאַנגען, וואָס פאַרכישופן דעם יינגלס זיך וועקנדיקע פאַנטאַזיע. אין אַ דערציילעריש־קינסטלערישער פאָרם פירט ישעיהו שפּיגל אַדורך פאַר די קינדערישע אויגן פונעם קליינעם שאַיעלע אַ גאַנצע גאַלעריע טיפּן פון באַלוטער יידן. אָבער דאָס יונגע קינד גיט זיך אָפּ אַ קנאָפּן חשבון פון די אויסטער־לישע פאַר אים געשעענישן וואָס אַרום אים. ער דערפילט מער די אַטמאָספער אין וועלכער זיי קומען פאָר. די דינע פעדער פונעם קינסטלער שרייבט: „אַז אַ ליידיקער שטוב־חלל, אָדער אַ פאַרשטויסן פינסטער ליקל, באַצויגן מיט ציטערנדיקע, זילבערנע שפּין פעדעם, אָדער גאָר אַ פאַרשלאָסן, אָפּגעגרענעצט שיפלאַד־ווינקל, טראָגן צו מיר תמיד זייער שיין שטים־לשון — האָב איך פון לאַנג אויפגענומען, באַלד פון די ערשטע אָנהויב־טעג פון מיין ערשטער יינגלשער דערקענטניש. איך פלעג טיילמאָל

איינהאַלטן אין זיך דעם וואַרעמען אָטעם, כדי זיין הויך זאָל נישט צערייסן די וויגנדיקע פּעדעם, וואָס האָבן געציטערט און געציטערט איבער די אַנטפּלעקונגען. וואַרעם אין דער אַ זילבערנער ציטערניש האָט פאַר מיר געפּאַליעט דער שענסטער אָטעם פון זייער פאַרשלאָסענעם לשון".

און אַזוי לעבט זיך דער יונגער שאַיעלע אויס אין אַ קרייז פון פעטערס, מומעס, זיידעס, באָבעס. אַלע זענען זיי זייער קאַלירפולע און זייער פאַרשידנאַרטיק. די אַליין געבליבענע מומעביילע וואָס ווערט אַ וועשין, איז פול מיט קוראַזש, מיט רחמים, מיט מסירות נפש און אָפּפער־וויליגקייט. איר לשון איז ספּאַנטאַניש און האָט דעם כאַראַקטעריסטישן רעליעף פון דער פאָלקסטימלעכער שפּראַך, וואָס זי באַנוצט צו זאָגן יעדן דעם אמת גלייך אין פּנים. זי איז פון אַלעמען אויסגעהערט, באַליבט און געשעצט.

ווען אַ צווייטע מומע מיטן נאָמען אסתר, די „וואָס וויל אַראָפּוואַרפן דעם קייסער" ווערט געזוכט פון דער פּאָליציי אין מיטן נאַכט אין שאַיעלעס היים, בעת זי ליגט באַהאַלטן אין אַ שכנישער, פאַרזיגלטער פון מלכות שטוב, לאָזט זיך די מומע ביילע אַרעסטירן אויף יענערס אָרט, אַזויאַנאַך צו פאַרפירן פּאַניעס זשאַנדאַרמען מיט אַנטבלויזטע שווערדן, וואָס האָבן שוין געהאַט אַדורכגענישטערט אַלע ווינקעלעך, און אַרויסגעוואָרפן פון דער שאַנק און פון די בעטן אַלע זאַכן, זאָגט דער דערשראָקענער טאַטע, נאָכן אָוועקפירן די מומע ביילע:

— אַ צדיקת... אַ צדיקת... די ביילע.

און אַזוי איז דער גאַנצער ראָמאַן פון ישעיהו שפּיגל געשריבן אין אַ בכיוון־תמימותדיקן סטיל, ווו אַלע פּערסאָנאַזשן, טיפּן און זיך פאַר־לויפנדיקע פאַקטן זענען אָבסערווירט דורך דער פּריזמע פון אַ קינד. און ישעיהו שפּיגל, ווי אַ געניטער קינסטלער ווייזט טאַקע אַרויס אַ סך טאַלאַנט און מייסטערשאַפט אויפן דאָזיקן געביט. ער פירט דעם קליינעם שאַיעלע אַרום אין פאַרשידענע היימען פון זיינע עלטערנס ברייט־צע־צווייגטער משפחה און ווייזט פאַר זיינע קינדערישע אויגן דאָס לעבן פון די דערוואַקסענע אַזוי ווי עס איז און אַזוי ווי דאָס קינד איז מסוגל עס אויפצונעמען.

נאָכן אַרעסט פון דער מומע ביילע, נעמען אויף זיך שאַיעלעס עלטערן

די מיסיע אַריבערצופירן תיכף איבער דער גרענעץ די באַהאַלטענע, הינטער דער פאַרזיגלטער טיר, מומע אסתר, די וועלכע „האָט געוואָלט אַראָפּוואַרפן דעם קייסער און איז שוין אויך געזעסן אין תפיסה״. מען מוז עס מאַכן זייער שנעל, איידער די פּאָליציי דערגייט איר טעות.

באַגינען קומט די מומע אסתר אַרויס פון באַהעלטעניש און אין אַ גרויען, שבתדיקן, נאָך פינסטערן פרימאָרגן, גייען אַלע פיר אַהין צום זיידן שמואל, דעם טאַטנס טאַטע, ווו די יונגע מומע אסתר דאַרף זיך געזעגענען אויף אייביק מיט אירע אַלטע טאַטע־מאַמע. און דער וועג צום זיידן אין דער פרימאָרגן־גראָקייט איז פול מיט שטימונגען פאַרן קינדס זיך וועקנדיקער פאַנטאַזיע: „דאָס ערשטע מאָל ווי איך גיי אין אַזאַ פריער מאָרגן־שעה דורך אונדזערע שמאָלע לידיקע געסלעך. דאָס איז אַ פרעמדע, גאָר אַנדערע שטאָט, מיט אַנדערע געסלעך, וואָס נאָר די נאַכט אַנטפּלעקט פאַר די, וואָס שלאָפן נישט. דאָס איז דאָס קעניגרייך פון אַלע נאַכט־וואָלקנס, וואָס שווימען אַזוי נידעריק איבער שוואַרצע דעכלעך און אויך דאָס קעניגרייך פון אַלע שלאָפלאָזע, קליינע נאַכט־פייגל״.

און ווייטער: „אונזערע טריט הילכן הויך אָפּ אין דער שטילקייט און אין דער האַלב־פינסטערקייט, הויך איבער אונז, אונטערן הימל טראָגן זיך קליינע זומער־וואָלקנס, וואָס וועלן אַוודאי באַלד ווערן דורכזיכטיק ווי גלאָז און צעגיין. ווי אויסטערליש שיין און פאַרכישופנדיק זענען די ערשטע באַגין־וואָלקנס, בעת די נאַכט גייט נאָך מיט זיי אין געראַנגל און וויל נישט פאַרלאָזן די ערד. פאַר וואָס מוזן איצט שלאָפן די מענטשן, פאַר וואָס שטייען זיי ערשט אויף דעמאָלט, בעת די גאַנצע וואָלקן־שיינקייט פאַרשווינדט״?

מען קומט אָן צום זיידן שמואל. עס איז פאַר שאַיעלען אַ נייע שטוב און עס עפנט זיך פאַר אים אַ נייע וועלט.

אָבער דערווייל קומט פאַר אַ רירנדיקע אָפּשייד־סצענע, ווו דער זיידע, דער „מקובל פון די לעבטשיצער וועלדער״ בענטשט דערביי זיין יונגע באַליבטע טאָכטער, די מומע אסתר, די רעוואָלוציאָנערקע, „מיט זיינע בלייכע אויסגעשפּרייטע הענט״. אין איין וועגס ווערט אויך שאַיעלע געבענטשט.

אָבער פאַר די־אָ בלייכע הענט שרעקט זיך שטאַרק דאָס זיבן־יעריקע יונגל. זיינע אויפגעוואַכטע טראַכטענישן זעצן פאָר: „מסתמא זענען גאָטס הענט אויך אַזעלכע ווייסע, דינע, שטילע, מיט גראָד אַזעלכע בלאָלעכע פאַרקרייזלטע אָדערן, ווי אויף די הענט פון מיין שוויגנדיקן זיידן שמואל. זייער שטילע בלייכקייט פליסט אַראָפּ צו מיר, פאַרגליווערט נאָך מער מיין יינגלשע דערשראָקנקייט. וואָרעם איך ווייס, אַז פון איצט אָן ליגט אויך מיין גאַנצע יינגלשע וועלט אויף אייביק געפאַנגען אין זיי — אין גאָטס הענט — ווי אין אַן אויסגעשפּרייטער, שיין געהעקלטער פישער־נעץ".

און בלעטערנדיק אַזוי ווייטער דאָס בוך פון ישעיהו שפּיגל קום איך צו צום קאַפּיטל וואָס הייסט: „אין וואַלד־פּאַליי פון אַ מקובל", וואָס מען קען דרייסט קוואַליפיצירן ווי איינס פון די שענסטע און זיך ווייניק ציילנדיקע אין דער וועלט־פּראָזע. דער מחבר האָט פאַר דעם קליינעם שאַיעלע, מיטן כוח פון אַן אמתן קינסטלער, אין דער באַלוטער גערוימער פּאַציאַטע פונעם זיידן שמואל וואָס קומט פון די לענטשיצער וועלדער, אויסגעבויט אַן אמתן וואַלדפּאַליי. דאָרט טראָגט זיך אייביק אין דער לופט, פון אויפן יאַריד אויפגעקויפטע, פאַרשיידענע האָלץ־שטשאַפּעס וואָס ליגן איינגעסדרט, אין אַ קופּע אונטערן פענסטער, אַן אייביקער וואַלד־ריח פון בזשאָזעס און דעמבעס, סאָסנעס און יאָדלעס, אָלכעס און קאַשטן־ביימער, יאַזשעמבינעס און טאָפּאָליעס. „וואָרעם צוזאַמען מיט דער ליבשאַפט, וואָס דער זיידע שמואל, דער מקובל, האָט געטראָגן צו אַלע סודותדיקע וועלט־רעטענישן, פאַרהוילענע ווי אַ ברונעם, פון וואַנען ער האָט געטרונקען דאָס קלאָרסטע געטראַנק פאַר זיין פויגלשער נשמה, האָבן אויך אין אים געפליסטערט ביז אין טיפער זיקנה די גרינסטע וואַלדיקע סודות פון אַלע פאַרשטאָרבענע ביימער אין לענטשיצער וואַלד. און „נישט אויפגעהערט צו בליען די זיסטע, פאַרחלומטסטע בענקעניש צו וואַלד־געהילץ, צו פאַלבּ־דיקע בלעטער, צו שלאָף־קעפּלעך, צו זיך שיילנדיקער בוים־קאָרע און צום ווינט־געפליסטער פון אַלע שוין לאַנג־געפאַלענעביימער־קרוינען".

און מיר ווערן געוווירער אַז בשעת די באָבע פערל־דבורה קלעפּט פּאַפּירענע טיטלעך צום פאַרקויפן, שניצט דער זיידע פון די העלצער קינדלעך און פאַרגרייט זיי אין פּעקלעך. פון ווינשל־האָלץ מאַכט ער

טייטלעך פאַר מלמדים. קינפּעקלעך צוזאַמען מיט אירע טיטלעך צעטראָגט די באָבע אין די קלייטן. דערנאָך קומט זי צוריק מיט קאַרטאָפליעס, ציבל און מיט אַ פולן בייטל צוקער־קלעצלעך וואָס זי לייגט אויס אויף אַ קרימער קאַמאַד, לעבן דער טיר אין אַ שערענגע. פון דאַנען האָבן זיי שפּעטער גענומען די אויסגעשטרעקטע הענט פון אָרעמע לייט. ווי מיר האָבן שוין אויבן געזען, האָט ישעיהו שפּיגל ליב צו שילדערן די עקספּרעסיע פון הענט. „זיי האָבן דורך דער קוים געעפנטער טיר אַריינגעלאָזט זייערע הענט און גענומען בלויז איין־איינציק צוקערקלעצל. זיי זענען אַוועק איבערלאָזנדיק אַ פלאַטערנדיקן קוש איבער דער מזוזה. איך האָב זיי געזען, די הענט, דורך דער טיר־שפּאַלט, זייער נידעריק אַראָפּפלאַטערן איבער דער קאַמאָד: הענט דינע, ווייסלעכע, אָדער פאַרטריקנט־אַלטע, געלע, פאַר־בויגענע ווי צעבראָכענע. ביי אַלע איז געווען אויסגעשטרעקט דער פינגער צום פּירקאַנטיקן, בלאַען צוקער־קלעצל אויף דעם קאַמאָד, לעבן דער טיר" עס באַקומט זיך אַ בילד ווו אַלע, די־אָ הענט וואָלטן געהאַט אַן אייגן אויטאָנאָמיש לעבן, מיטן איינציקן ציל צו דערגרייכן אַ צוקער־קלעצל.

ווען אין מיטן נאַכט ווערן דאָס אייניקל מיטן זיידן איבערגעוועקט דורך אַ מאָדנער „שאַרכעריי" און אַן אויסטערלישע דינע נאַכט־צוויטשעריי, וואָס קומען פונעם ווינקל מיטן זשיווּיצע־האָלץ, פאַרוויגט דער פּאַטישער זקן דעם קינדס האַלב־שלאָפעריק געמיט מיט מעשות וועגן בלעטער־געוויש אין גרינע וועלדער און מיט סאָלאָווייען־געזאַנג. ער זאָגט: — דאָס זענען, שאַיעלע, די גרינע וואַלד־סאָלאָווייען... זיי זינגען נאָר ביינאַכט... אין דער פינסטער... הערסט ווי זייער טרעלן ציטערט אַראָפּ פון די צווייגן? און פאַר וועמען זינגען זיי אַזוי — די סאָלאָווייען, אין מיטן נאַכט אין וואַלד, הע? דאָס זינגען זיי אַזוי פאַרן אייביקן מלך פון הימל און ערד. דאָס האָט ער אל רחום וחנון, אַוועקגעזעצט זיי אויבן, אויף די צווייגן, פאַר זיין פראַכט וועגן און פאַר אַלע מענטשן... זיי זאָלן האָבן הנאה צוזאַמען מיט זיינע מלאכים און שרפים... און אַלע העלפן זיי אונטערזינגען די סאָלאָווייען... דער גאַנצער וואַלד, אַלע ביימער, אַלע צווייגן, אַלע בלעטער... די גאַנצע ערד זינגט... השמים והאָרץ מספרים כבוד אל... ווא, ווא, ווא! הערסט ווי שיין זיי זינגען היינט, די סאָלאָווייען, אין וואַלד־פּאַליי?"... און בשעת עס דערגייט נאָך אַלץ צום

ייִנגלס אויערן דאָס גריזשעניש און פּישטשעניש שלאָפּט ער פּאַמעלעך איין נעבן דעם זיידנס וואַרעמער באָרד.

נישט בלויז וואָס דער מחבר נעמט אויף אַלע שיינע מאָמענטן נאָר ער באַשיינט אויך און באַהויכט מיט זיין קינסטלערישן אָטעם די וווּלגאַ־ריטעטן און גרויליקייטן פון אָרעמען יידישן באַלוטער לעבן. אַפילו די קאַפּיטלען וועגן פעטער פישל מיט זיין „כלה" און וועגן דער יונגער, פאַרפומירטער מומע לאה, וואָס וויל שאַיעלען „אין גיהנום אַריינגאַרן", זענען ריין דורכדיסטילירט. עס קומען אַרויס סובלימירטע זיידעס, מקובלים מיט הימלישע חזיונות, און באָבעס און מומעס אשת חיילס פול מיט צניעות און מסירת־נפש.

דאָס בוך איז געשריבן מיט ליבע צום יידישן עבר, צו דער נאַטור פון וועלכער דער איינגעמויערטער, צווישן די שטיינערנע אַלטע הייזער פון לאָדזשער באַלוט, שאַיעלע, זעט בלויז דעם הימל מיט די וואָלקנס, דעם פאַלנדיקן שניי, דעם רעגן וואָס „איז געוועזן אַ שטילינקער, אַ וואַרעמער אַזוי ווי אַ שבתדיקער", און די שפּערלען וואָס פליען מאַנ־כעסמאַל דורך דעם אָפענעם פענסטער איבער דער מאַמעס בלומענטעפּ.

ווען די מומעביילע, די וועשין ווערט געוויער אַז די וואַרשעווער מומע לאה, דעם טאַטנס שוועסטער, די טענצערין, געפינט זיך צוגאַסט, ביי אירע עלטערן, קומט זי צולויפן אַ פאַרסאַפּעטע און רייסט אַרויס שאַיעלען פון שטוב, כדי ער זאָל נישט חלילה אַריינפאַלן אין גיהנום. און פירט אים ווייט אַוועק, הינטער דער שטאָט, צו זיך אין אַ שטיבל ווו זי וווינט צוזאַמען מיט אַ ברודער, אַ חולה־נופל. און ווען די נאַכט פאַלט צו, קומט אַ נייער פעטער, דער גוטער פעטער כיל, וואָס טראָגט אים אַוועק אויף זיינע שטאַרקע שולטערן אַהיים צו זיך.

ער איז אַ קברן און וווינט אין אַן אייגנאַרטיקן הויז אויפן בית־עולם און ביי אים אין שטוב קומט גראָד פאַר אַ סעודה פאַר די פריילעכע חברה־קדישא. מען טרינקט גלעזער אַקעוויט און מען ווינטשט זיך צו דערלעבן צו באַגראָבן דעם מלאך־המוות.

אין איינעם אַ טאָג, בעת ער געפינט זיך גראָד אין וואש־קעלער פון דער מומע ביילע הינטער דעם פעטער כילס וווינונג, קומט אַריין דער טאַטע, וואָס איז די גאַנצע צייט „געזעסן" פאַרן איבערפירן די מומע

אסתר איבער דער גרענעץ. ער זאָגט אַז בקרוב ברענגט ער אויך די מאַמע פון שפּיטאָל און שאַיעלע ווייסט, אַז עס קומט צוריק די צייט פון ענדלעך זיין צוריק אינדערהיים צווישן טאַטע־מאַמע ביי די גרויסע בלומענטעפּ. נאָר בלויז אַלטעלע וועט מער נישט פּוצן דעם איין־איינציקן שבת לייכטער, ווייל זי איז מער נישט צווישן די לעבעדיקע.

„צי זאָל איך איצט וויינען וואָס אַלטעלע איז געשטאָרבן?"

„אַלע דריי, דער טאַטע, די מומע ביילע און שאַיעלע גייען אויף קבר־אבות. „אַרום אונז איז שטיל, שטיל. מען הערט ווי נישט ווייט פון אונז צווישן נידעריקע קוסטעס, פלאַטערט אַ קוועלכל, טריל־לו, טריל־לו".

אָ, גאָט, ווי אַלץ איז דאָ סימבאָליש ענלעך צום אויסגעייענדיק געטאָ.

„אונזער וואָרט", פּאַריז 6.10.66

ב.

# „געשטאַלטן און פּראָפילן"

## באַנד 1

ישעיהו שפּיגל, דער ניצל געוואָרענער פון דייטשן הענקער אין לאָדזשער געטאָ, לעבט און שאַפט מיט ברכה אין מדינת ישראל און האָט שוין באַוויזן אַרויסצוגעבן אַ צענדליק ביכער, דורך פאַרשידענע פאַרלאַגן, פון וועלכע אַ גרויסער טייל איז דערשינען אין תל־אביב. וועגן זיינע לעצטע ביכער: „פלאַמען פון דער ערד" און „שטיגן צום הימל", צוויי ראָמאַנען וועגן לאָדזשער געטאָ־אוניווערס, איז מיר אויסגעקומען צו שרייבן מיט פינף יאָר צוריק.

זייט דעמאָלט האָט ישעיהו שפּיגל זיך געגרייט אַרויסצוגעבן זיינע ליטעראַרישע עסייען, וואָס וועלן אַרומנעמען אַ ריי פון אַ שיינע פּאָר צענדליק שרייבער: דיכטער, פּראָזאיקער און עסעאיסטן, זייט די ראשונים פון דער יידישער ליטעראַטור ביז צו אונדזערע מיטצייטלער איינגעשלאָסן. נעבן יעדן שרייבער זענען אויך, פאַרשטייט זיך, דערמאָנט זיינע שאַפונגען.

איז איצט טאַקע אָנגעקומען זיין ערשטער באַנד מיטן נאָמען „גע־

שטאַלטן און פּראָפילן" מיט דרייסיק פּרעכטיקע ליטעראַרישע עסייען, אויס־געוואָרעמטע זייט פינף יאָר. דערשינענע איז ישעיהו שפּיגלס ערשטער בוך עסייען אין תל־אביב, דורך דעם פאַרלאַג „מנורה" דעם לעצטן פרילינג, דאָס הייסט נאָך אין יאָר תשל"א.

איז דאָך ישעיהו שפּיגל אויך מחבר פון צוויי בענד לידער פון וועלכע איינס איז בכלל זיין ערשטע יצירה און טראָגט אַזאַ גלויביקן, זוניקן נאָמען, ווי עס פּאַסט פאַר אַ צוואַנציקיעריקן דיכטער: „מיטן פּנים צו דער זון" דערשינענע אין פאַרלאַג „אַלפא", לאָדזש, אין ניינצן דרייסיק. ער האָט אויף זיין אַקטיוו זעקס בענד נאָוועלן און, ווי שוין פריער דער־מאָנט, צוויי ראָמאַנען. זענען טאַקע שפּיגלס עסייען אָנגעזאָפּט מיט זיין פּאָעטיש געמיט און איינגעפּאַסט אין אַ בעלעטריסטישער ראַם. שפּיגל אַליין גיט צו אַ נאָטיץ, איידער עס הייבן זיך אָן די טעקסטן, אַז זיינע עסייען אין דאָזיקן בוך פּרעטענדירן נישט אויף אַן אויסשעפּנדיקן אַנאַליז פונעם באַהאַנדלטן שרייבערס כוללדיקן שאַפן. זיי זענען געשריבן אין אַ גורלדיקער צייט סיי פאַר דער יצירה אין יידיש־לשון און סיי פאַרן מחבר. ער גיט נאָך צו אַ פּאָר ווערטער וועגן דער כוונה וואָס ער האָט געהאַט ביים שרייבן די עסייען, אַז אויף זיין „אינטימען גאַנג דורך די שרייבערישע עזבונות האָט ער געפּרוווט צוריק אויפלעבן דאָס האָב־און־גוטס פון די בעלי־יצירה און אויך אומקערן פאַרן טליענדיקן געדעכעניש דעם צוואַהדיקן רוף פון די אַוועקגעגאַנגענע, פאַרגעסענע און געפאַלענע". און אין זיין ערשטן באַנד גייען אַריין נאָר די „אַוועקגעגאַנגענע, פאַר־געסענע און געפאַלענע".

פון דער צווייטער זייט האָט די נויטיקע צייט־דיסטאַנץ פון די פינף יאָר אינטענסיווער שאַפונג איבער זיינע „געשטאַלטן און פּראָפילן" דעם מחבר דערוווייטערט פון דער חורבן טעמאַטיק וואָס האָט אים ביז איצט געהאַלטן אין אַן אויסמאַטערנדיקן טראַנס פון דער געטאָ־אַטמאָספער. בכדי אויפצושטעלן אַ בנין פון אַכט בענד נאַראַטיווע שאַפונגען וועגן געטאָ און אומקום האָט דער שרייבער ישעיהו שפּיגל כסדר נאָכאַמאָל איבער־געפּיבערט די געטאָ און אומקום־גרוילן, ביז זיי צו ברענגען צו קינסטלע־רישער געשטאַלטיקונג. האָט ער דערנאָך, אָדער מאַנכע מאָל סימולטאַניש, אַן אויסגעשעפּטער פון יעדער נאָכאַמאָל איבערגעלעבטער פּיין געמוזט

זוכן היילונג וואָס זאָל אים גייסטיק קרעפטיקן בכדי ווייטער קענען אָנגיין מיט זיין שפּעטערדיקער עבודה.

די טרייסט האָט ישעיהו שפּיגל געפונען אין די ווערק, און דער עיקר, אין די ביאָגראַפיעס פון די קלאַסיקער.

אַרויסכישופנדיק זייערע טייערע געשטאַלטן אין דריי לעבעדיקע בילדער: מענדעלע; דעם שליח ציבור פון „די טרוימער פון קאַבצאַנסק — די פאַרפּלאָגטע עלנטע און פאַרטאָרבעוועטע. די בעלי חזיונות פון טונעיאַדעווקע און גנילאָפּיעטעווקע, פון זייערע אייגענע פּאָלקסטיפּעניש, פון זייער ביטערער נויט און יידישער פאַרקלעמטקייט און ער איז געוואָרן פאַרזיוויגט און פאַרשמעלצט מיט אַלע שיכטן פון פאָלק דורך זיין גרויס, וואָך האָרץ, דורך יידישער מחשבה פון אַלע זיינע יצירהדיקע געביינן".

„שלום עליכם, וואָס פון זיינע שורות האָט אָנגעהויבן אויפגיין אין דער ליטעראַטור דער זיפץ פון דעם פאַרשעמטן יידישן פאָלקס־האַרץ, אויס־געדריקט אין דער עסענץ פון אַ ריינעם קינסטלערישן הומאָר. ער איז געוועזן דער, וואָס האָט מיט זיין באַפרייט געלעכטער געשטורעמט די שווערע אייזערנע טויערן פון דער יידישער סביבה, איר מעלאַנכאָליע און גראָקייט, וואַרפנדיק אויך אַ ניי קינסטלעריש ליכט, אויף די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון זיין תקופה", און יצחק לייבוש פּרץ — „דאָס גוטס פון גרויסע ברענליכט פון דער יידישער ליטעראַטור און יידישן שאַפונגס־גייסט". צו זיי דריי האָט ער זיך געטוליעט און געפונען שטאַרקונג הינטער זייערע פליגל.

באַלד נאָך די דריי תוכיקע עסייען וועגן די דריי אבות פון דער יידישער ליטעראַטור איז אין ישעיהו שפּיגלס בוך די ריי פאַר זיין עסיי וועגן אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן און צווייישפּראַכיקן דיכטער חיים נחמן ביאַליק, וואָס איז געקומען מיט די ווערטער: „דור אחרון לשיעבוד, דור ראשון לגאולה אנחנו".

און ישעיהו שפּיגל ווייזט אונדז ביאַליקן ווי דעם פּאָעטישן ריז, וואָס „האָט פון זיין ליד אויסגעוואָרצלט יעדן פונק פון רחמים. זיין גרויסע ליבשאַפט פאַר די צעבראָכענע יידישע הערצער האָט ביאַליק פאַרלאָגלט אין זיין צער־און־צאָרן־געזאַנג מיט אַ הייס און מעכטיק ניי געפיל, סיי אין יידיש און סיי אין העברעאיש". און מיר וועלן אַרויסנעמען נאָך בלויז

עטלעכע ווערטער שפּיגלס פון זיין ביאַליק־כאַראַקטעריסטיק: „ביאַליקס שאַפן איןביידע לשונות איז געוואָרן אַנגעגליט מיט אַ פייער, וואָס זוכט די דערלייזונג פון יידישן מענטש. אין זיין הערמעטיש־ציזיליִרטער ליריק, ווו דער עלעמענט פון יידישער וויזיע איז אַזוי פאַרוועבט אין אַן עקסטאַ־טישער ביאַליקישער עלעגישקייט איז ער אַוועק אויף גרענעצלאָזע רחבותן, וואָס שטייגן־איבער דעם תחום פון פּאָעטס אינדיווידועלע נסיונות. ער האָט זיך אויפגעהויבן אין זיין יצירה מיט אַ פלאַמיקן האַס צו אונדזער שפלות און אַפּהעטיקייט. ער האָט עס געטאָן מיט אַ זעלטענער שפּראַך־מייסטערשאַפט פונעם קלענסטן שיר ביז די גרויסע צער־און־צאָרן־פּאָעמען".

וועגן שמואל יוסף עגנונס „וויגנדיקער" פּראָזע איז אויף איין אָרט דאָ אין שפּיגלס עסיי וועגן אונזער גאָבל־געפרייזטן אַזאַ שיינער־זאַג:

„איך לייען זיינע אַזוי וויגנדיק ריטמישע, ווייכע האַרציקע פאָלקס־טימלעכע זאַצן, געבויט מיט די שענסטע פאַרבן פון עניוות, פון חכמה און מיט די אוצרות פון לשון קודש — און פונדעסטוועגן זיפּצט אַרויס — יאָ עס זיפּצט אַרויס — אָדער בעסער וועט זיין עס ניגונט אַרויס אַזוי שטיל און מתיקותדיק, אַזוי פאַרבענקט און אַלט היימיש, דאָס פאַרקליידטע און אויסבאַהאַלטענע יידיש־לשון פון זיינע געקרייזלטע און פאַרכישופטע העברעאישע פסוקים. איך הער אויפסניי הינטער זיינע שורות די יידישע רייד פון מענדעלע און פון שלום עליכם, דאָס וואָרט פון ר' נחמן בראַצ־לאַווער, פון אַלע מעשה־דערציילער און פון אַלע פאַרשניטענע פרומע יידישע דורות, וואָס האָבן זייער לשון יידיש פאַרווירצט מיט אַלע וואָרצלען, ריחות און גוטע זאַפטן פון לשון קודש כדי אויפצוהיטן די שיינקייטן, אַלע אוצרות, אַלע סודות פון יידישן קיום און פון דער יידישער פאָלקס־נשמה".

מיט שטאַרקער ליבע און גרויס פּיעטעט איז אויסגעפילט ישעיהו שפּיגלס מאמר וועגן דעם אומגעקומענעם מקונן פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק אין פוילן, דעם פּאָעט יצחק קאַצענעלסאָן. אין דעם דאָזיקן מאמר איז איינגעפּאַסט אַ קינסטלערישע שילדערונג, ווי אַן איידלשטיין אין אַ קעניגלעכער קרוין — אַ שילדערונג וועגן דעם פּאָעטס ליכטיקער היים, אין דער גרויסער, פון פאַבריקן־רויך פאַרנעפּלטער שטאָט לאָדזש. אַן

אידעאַלע, דינע צייכענונג פון דיכטערס טאַטע־מאַמע געשטאַלטן און זייער פּאַטעטישן זון.

אוממעגלעך אָפּצופּטרן אין איין קורצן אַרטיקל כאָטש מיט עטלעכע ווערטער, ישעיהו שפּיגלס דרייסיק „געשטאַלטן און פּראָפילן". וועלן מיר אין דעם איבעראָוואָכיקן שבת־נומער געבן דעם המשך. איבערהויפּט אַז נאָך די וווּנדער־געשטאַלט יצחק קאַצענעלסאָן קומט דער דיכטער ה. לייוויק, וואָס כאָטש אין טרעבלינקע נישט זייענדיק, האָט אויך געקלאָגט אויף אונזער גרויסן חורבן.

„אונזער וואָרט", פּאַריז 23.10.71

ג.

# עסייען וועגן יידישע שרייבער

ישעיהו שפּיגל, אין זיין מאמר וועגן לייוויקן, ברענגט כסדר אַרויס דעם דיכטערס הומאַניזם, אַנהייבנדיק שוין מיטן נאָמען: „ה. לייוויק — די הומאַנע פּערזענלעכקייט", ציט ער פון אַן אייניציקן זאַץ, וואָס ה. לייוויק האָט אַמאָל געזאָגט צו יעקב פאַט און וואָס פאַט האָט שפּעטער אַריינגענומען אין זיין בוך: „שמועסן מיט יידישע שרייבער". דאָרט קען מען לייענען אַזאַ שורה: „עס איז נישטאָ מער וויכטיקס, ווי איינצוהיטן די הייליקייט פונעם מענטש". שפּיגל האַלט אַז: „אַט אָ דער פּשוטער, שטילער זאַץ האָט אין זיך דאָס ריינע עטישע פייער פונעם גאַנצן לייוויק: דעם פּאָעט און דראַמאַטורג. די אידייאישע פאָרמולירונג — די הייליקייט פונעם מענטש, קייטלט אַרום לייוויקס גאַנץ לעבן: פון זיין סאַמע באַוווּסטזיניקן אָנהייב ביזן סאַמע סוף. אָבער נישט אַזוי גיך איז לייוויק דער פּאָעט צוריקגעקומען צום עיקרדיקסטן, וואָס דאַרף זיין דער יסוד פון יעטוועדער יצירהדיקער וויבראַציע. ער האָט ווי אַ דיכטער געהאַט זיינע טריבע, שווערע, פאַרוואָלקנטע הימלען, זיינע פינצטערע, תהומיקע לאַבירינטן, ווו זיין גייסט האָט זיך שווער געראַנגלט ביז ער איז לסוף דערגאַנגען צום ליכטיקן יאָדער און צום קרישטאָליקן אויסדרוק פון זיין הומאַנער און עטישער מחשבה".

מאַני לייבן רופט ישעיהו שפיגל „די צויבערפּלייט״, וואָס טרילט אויס ראָמאַנטישע געזאַנגען אין זיינע פאַרכישופנדיקע שורות. שפיגל שטעלט זיך פאָר אַז מאַני לייב האָט אַוודאי ליב געהאַט זיך איינצוקוקן אין דער אָוונט־זון איבער די אוקראַינישע סטעפּעס, אָדער זיצן ביים טייך נעבן אַ פאַרלאָזטער ווייַנענדיקער ווערבע, אָדער פאַרשעמטער בעריאָזע.

אויב אַזוי, איז שוין פון דאַנען געווען נאָר איין טריט צו דער יידישער לעגענדע און פאָלקס־נשמה, צו בעל־שם־טובי׳שער התגלות. צו תהי־לימדיק געפרעפל.

דעם דיכטער יצחק יעקב סיגאַל, וואָס האָט געלעבט אין קאַנאַדע און איז אַוועק אין זיין דריי און זעכציקסטן יאָר, באַצייכנט שפיגל אַלס דעם „בעש״ט פון דער יידישער ליריק״. דער פּאָעט סיגאַל האָט אממייסטנס געזונגען וועגן קאָרעץ, זיין פרום געבורט־שטעטעלע, וואָס ער האָט מיט־געפירט קיין מאָנטרעאָל און דאָרט געשטאָרבן „מיט קאָרעץ אויפן האַרצן״.

אוממעגלעך צו שרייבן איבער אַלע דרייסיק תוכיקע עסייען וועגן די דרייסיק אויפן עולם־האמת־זייענדיקע שעפער פון דער יידיש־ליטעראַ־טור. מיר מוזן זיך באַגרענעצן בלויז צו די, וועלכע זענען שפּיגלען געווען אַמנאָענטסטן און וואָס זייער געדעכעניש איז אים פאַרבליבן אַמטייערסטן.

דאָס איז די פאַר־מלחמהדיקע לאָדזשער שרייבער־גרופּע. צו זיי בינדן אים טויזנטער אומגעזעענע, סענטימענטאַלע פעדים. פון די אַנדערע ווילן מיר אויסרעכענען כאָטש בלויז זייערע נעמען מיט י. שפּיגלס צושריפטן, וואָס זענען אַ שאָד מיר צו פאַרשווייגן צוליב זייער טרעפלעכ־קייט. דאָס וואָלט געווען אַן אמתע עוולה:

„שלום אַש — דער אָדלער פון פוילישן מאַזאָוויע״, „דוד פּינסקי — אין דער גלאָריע פון י. ל. פּרץ״, „יוסף אָפּאַטאָשו — קלאַסיקער און קינסטלערישע מעטאָדן״. לאַמעד שאַפּיראָ׳ן רופט דער מחבר: דער „יידישער קאַפקאַ״, און שמואל ניגערן — „דער רש״י פון דער יידיש־ליטעראַטור״.

געפעלט עס מיר דווקא זייער און עס דערפרייט מיך גלייכצייטיק, ווייל איך האָב תמיד ש. ניגערן באַטראַכט ווי דעם פּירוש רש״י פון אונזער יידישער ליטעראַטור: ש. ניגערס ליטעראַרישע געבייען זענען פאָלקסטימלעכע, קלאָרע, לאָגישע, דידאַקטישע, סיסטעמאַטישע, מעטאָדישע.

יעקב זרובבלען זעט שפיגל — מיט רעכט — ווי אַ פּערזענלעכקייט, וואָס זיין שטאָלצער דעוויז איז געווען: „שפּאַנען און נישט קניען".

ישעיהו שפּיגל האָט פאַר יעדן פון די אַריינגענומענע געשטאַלטן אין זיין בוך אַ צוגעפּאַסטע באַצייכענונג.

אין ערשטן מאמר וועגן ישעיהו שפּיגלס בוך ליטעראַרישע עסייען האָב איך דערמאָנט זיין ביאָגראַפיש־ליטעראַרישע אַרבעט וועגן זיין גרויסן בן־עיר, יצחק קאַצענעלסאָן.

אַ גרויס אָרט גיט י. שפּיגל אָפּ דעם דיכטער א. גלאַנץ־לעיעלעס, וואָס האָט כסדר זיך געפונען אין קאַמף „צווישן אידייען און נסיונות".

פון קרושניעוויץ קומט דער יונגער לעיעלעס קיין לאָדזש און שפּיגל שרייבט וועגן לעיעלעסן נישט נאָר ווי אַן אָפּשטאַמיקער פון לאָדזש וועגן אַ צווייטן לאָדזשער, וואָס איז מגולגל געוואָרן פון לאָדזש, דורך לאָנדאָן ביז ניו־יאָרק און דאָרט פאַרענדיקט זיין „פּאָעטישן אַפּאָטעאָז", נאָר אויך ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער און ביאָגראַף וועגן אַ גרויסן דיכטער פון זיין היימשטאָט. עס איז אויך דאָ אין שפּיגלס עסיי וועגן לעיעלעסן דער אָפּשיי און דרך־ארץ צו אַן עלטערן שרייבער פון אַ יונגערן.

דעם עסיי וועגן יחיאל־ישעיה טרונק הייבט שפּיגל אָן מיט אַ ציטאָט פון טרונקס „דער דובנער מגיד", וואָס אילוסטרירט גוט טרונקס אייגענע סאָציאַלע איינשטעלונג:

„די ליבע צו מענטשן און דאָס רחמנות אויף זייער הילפלאָזן גורל איז דאָס העכסטע געבאָט פונעם עטישן מענטשן". און שפּיגל ברענגט אַרויס טרונקס הומאַניזם וואָס האָט אים געפירט צו דער ידישער אָרעמ־קייט פון לאָדזשער באַלוט, אים, דעם לאָדזשער נגידישן זון און תלמיד חכם. ער ברענגט אויך אַרויס טרונקס פיל־זשאַנערדיקייט און ווייזט אָן אַז טרונק האָט יעדן זשאַנער דערהויבן צו אַזאַ פּערפעקציע, אַז דער זשאַנער „איז אַ פולער, גאַנצער, שלימותדיקער טרונק". און אַז יידיש ווי אַ שפּראַך איז פאַר טרונקן געווען אַ מין „פעלד מיט הייליקע עפּל", אַ שפּראַך פול מיט סימבאָלן, מיט וועלכע טרונק האָט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן אָנגעקליידט „אַלע פאַרלאָשענע שאָטנס, אַלע אויסגעגאַנגענע

חלומות. אַלע שווערע ראַנגלענישן פון זיין פאָלק און אויך פון זיין אייגענער חרוב־געוואָרענער וועלט".

וועגן דער לאָדזשער דיכטערין און איר שאַפן, מרים אוליניאָווער, וואָס איז אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ און וועמענס שטוב איז געווען אַ היים פאַר דער לאָדזשער שרייבער־גרופע, זאָגט י. שפּיגל: זי האָט אין איר אָפּגעצוימטן פּאָעטישן אַלקער באַוויזן אַריינצוטראָגן דעם שטילסטן ניגון, די האַרציקסטע תפילה און דעם פרומסטן קרעכץ". און וועגן איר בוך „דער באָבעס אוצר", אַז זי האָט דאָרט צוריק אויפגעלעבט אונזערע באָבעס און מאַמעס פרומע וועלט „מיטן ערלעכן פייער פון איר יידישער טויבן־פּען, וואָס איז געוואָרן געפירט פון אַ גוטן פרומען מלאך".

דער דיכטערין ר. פּאָטאַש פון ירושלים, וואָס האָט פאַר איר עולה זיין געוווינט אַ צייט אין לאָדזש,ווידמעט שפּיגל אַ סך וואַרעמע ווערטער. אַלס ביישפּיל — אַ קליינער ציטאַט:

„די דיכטערין האָט געהערט צו יענער ליטעראַטור־עפּאָכע, ווו שפּילעוו־דיקע ראָמאַנטיק, חלום, גוטע מידות זענען נישט געווען קיין בושה. זי האָט איר פערזענלעכן פרויען־חן אַריינגעטראָגן אין אירע לידער. אירע הייסע תפילות, רחמנות און ירושלים־ליבשאַפט האָט זי פאַרגליט אין קאָנדענסירטע עפּישע ווערטער".

וואָלף יאַסני, יצחק בערליבער, יוסף זעלקאָוויטש, פּרץ אָפּאָטשינסקי געפינען אין שפּיגלס „געשטאַלטן און פּראָפילן" וואַרעמע אָפּרופן אין פיר תוכיקע עסייען.

ישעיהו שפּיגל האָט זיך אַנטפּלעקט דורך זיין ערשט בוך עסייען „געשטאַלטן און פּראָפילן" אין אַ נייער פאַר אים יצירה.

„אונזער וואָרט", פּאַריז 6.11.71

ד.

## „די בריק"

ווען לאָדזש־רבתי איז נאָך געווען די גרויסע טעקסטיל־שטאָט, די שטאָט פון יידישן שווייס און יידישן פלייס און אָה, גאָט פון פּאַראַדאָקסן! אויך די שטאָט פון יידישער ראָמאַנטיק. און געראַיעט האָט דאָרט פון

יידישע מעלאַמאַנען, אויסטערלישע כאַראַקטערן און משונהדיקע טיפּן, און ס'האָבן זיך אויך געפונען אין דער דאָזיקער קליינשטעטלדיקער גרויסער שטאָט יידישע דיכטער און יידישע מאָלער.

און ישעיה שפּיגל, מיין פריינט פון די יוגנט־יאָרן — איינער פון זיי.

שפּעטער איז געקומען די חשכות פון געטאָ, וואָס אַלע פעך־שוואַרצע קוימענס פון די לאָדזשער פאַבריקן האָבן געלויכטן ווי העלע זונען אין פאַרגלייך מיט איר.

און דער שוואַרצער תהום האָט איינגעשלונגען אין זיין פינסטערן חלל אַלע 300 טויזנט לאָדזשער יידן. צווישן זיי אַלע מיינע משפּחה־מיטגלידער און מסתם אויך די משפּחה פון דיכטער ישעיה שפּיגל.

בלויז אים אַליין, דעם דיכטער פון לאָדזש, האָט די תיבה, ווי אַ געראַטעוועטע האַלעוועשקע, אַוועקגעטראָגן מיט אַנדערע אַזעלכע איבער־זענקטע נישט דערברענטע האַלעוועשקעס קיין מדינת ישראל.

דאָרט, ווו אַלע רעשטלעך פון אַלע טויטן און פון אַלע חורבות, האָבן זיך געזאַמלט, האָט ישעיה שפּיגל זיין ליריק פון געזאַנג איבערגעגאָסן אין אַ ליריק פון געוויין. ער איז געוואָרן דער בעסטער דערציילער פון די אַנגסטן פון מלכות געטאָ, דער פאַרבנרייכסטער מאָלער פון די טרויע־ריקע איינטעניקייטן פון תהום, דער קאָלירפולסטער שילדערער פון אַ ווילדן געדריי פון די געטאָ־געשפּענסטער.

איצט איז ישעיה שפּיגל, מיין איך, שוין אַן ערך 15 יאָר אין יידישן לאַנד. פאַמעלעך, פאַמעלעך, לאַנגזאַם, לאַנגזאַם האָבן די פינצטערנישן פון די געטאָ־קאָשמאַרן אַנגעהויבן דורכרייסן שטראַלן פון העלן זוניקן לאַנד און עס איז געבוירן געוואָרן „די בריק״. נישט: אַמאָל איז געווען חשוך, קאָשמאַר, אַנגסט און איצט איז געבוירן געוואָרן דאָס ליכט.

דאָס וואָלט געווען ליגן אין לעבן און שקר אין דער קונסט. נישטאָ אַזאַ מחיצה צווישן תהום־איבערלעבענישן פון נעכטן און די שטראַלן־אַריינגעדרונגענע פון היינט. די קורטינע פון איבערלעבעניש איז נישט קיין טעאַטראַלע. זי הויבט זיך זייער פאַמעלעך און אַ לאַנגע צייט זענען אור וחושך משמשים בערבוביה.

מסתם וועלן מיר אַלע, די שוכני עפר אויך נאָך תחית המתים נאָך

ברויכן אַ סך צייט זיך צו קענען אויסטשוכען פון די אימהדיקע פינצטער־נישן און פחדימדיקעליידיקייטן פון שאול תחתית.

עס האָט געמוזט אַדורך אַ שפּאָר ביסל צייט, אַז ישעיה שפּיגל, דער קינסטלעריִשע רעסטאַווּרירער. דער פון יענעם חושכדיקן מלכות, זאָל קענען שאַפן אַ בריק צווישן טויט און לעבן און זאָל קענען אין דער פינסטערניש אַריינלאָזן טראָפּנס ליכט.

די שלווה פון געטאָ־געראָטעוועטן מוז שוין זיין אויף אייביק דורכגע־דרונגען מיט עכאָ פון גסיסה־אַנגסטן.

נישטאָ קיין איבערגאַנג, נאָר אַ באַהעפטונג; נישט קיין אַריבערפלי, נאָר אַ בריק. ישעיה שפּיגלס נייע בוך ישראל־נאָוועלן הייסט דעריבער „די בריק".

אין ישראל בויען אַרבעטער פון אַלע יידישע שבטים פון אַלע אימהדיקע גלותן אַ בריק צווישן בערג, אַ פּוילישער געטאָ־ייִד, אַ דייטשער פּראָ־פעסאָר, אַ מאַראָקאַנער פּליט בויען צוזאַמען די בריק. דער פּוילישער גראָבט, גראָבט־אויס זיין שפּאַדעל תהום־שוואַרצקייטן, גרוב־פינצטער־ניש. ער דערמאָנט זיך... און כאַפּט זיך ביים האַרץ.

אין טאָג ווען זיין ווייב גיט אים אַ ניי־געבוירענעם זון און אַלע ווינטשן אים מזל־טוב, באַקומט דער פּוילישער אַ האַרצשלאַק. ווען די אַרבעטער טראָגן אים אַוועק אַ טויטן אויף זייערע פּלייצעס, זעט עס אויס ווי אַ שוואַרצע בריק באַוועגט זיך. עס איז אויך אַ בילד, וואָס דער־מאָנט עקשנותדיק אין אַוועקטראָגן אַרבעטער־גופים אין די עבודת הפרך אין אומקום־לאַגערן.

„די בריק" הייסט די לעצטע נאָוועלע פון בוך און אויך דאָס גאַנצע בוך טראָגט דעם דאָזיקן סימבאָלישן נאָמען, וואָס מיינט: אַ בריק, איז געוואָרפן געוואָרן צווישן די טויט־קאָשמאַרן פון נעכטן און רענעסאַנס־וויזיעס פון היינט.

דאָס בוך מיט די ישראל־נאָוועלן פון ישעיה שפּיגל איז טאַקע אַ בוך, וואָס דערציילט פון נייע מענטשן, פון בוי, פון התלהבות, פון התפעלות, אָבער דורכגעקנעטן איז עס מיט שוואַרצע דערמאָנונגען, מיט דער בהלה פון פריערדיקע אימה־איבערלעבענישן.

אַנדערש דערציילן, וואָלט געמיינט נישט איבערלעבן, נישט זעען.

די ערשטע נאָוועלע אין בוך הייסט דער „פליענדיקער הירש". עס איז אַ זייער שיינע נאָוועלע, אַ בילד פון אַ געוועזענעם יידישן פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער אין מלחמה־צייט, וואָס פאַרלאָזט איצט נאָך דער מלחמה, פוילן. ער, בצלאל דער פּאַרטיזאַנער, וואָלט נאָך פאַרלאָזט דאָס לאַנד פון פורעניות און פון אומקום מיט אַ געפיל פון בענקשאַפט. סוף כל סוף דאָס לאַנד פון אבות אבותינו, אָבער די לעצטע קאָנטראָל, דאָס זוכן דאָלאַרן, דאָס צעשניידן די געפונענע פאָטאָגראַפיע פון דער טויטער מאַמען, טויט ביי אים אָפּ די לעצטע געפילן.

בלויז דער בריוו פון ישראל, פון פעטער שמואל מיט די אותיות „מדינת ישראל" מיטן פליענדיקן הירש אויף דער מאַרקע, זענען די פליגל, וואָס טראָגן אים.

עס זענען פאַראַן אין בוך פאַרשידענע סוזשעטן: פוילישע פרויען וואָס זענען נאָכגעפאָרן זייערע יידישע מענער. זיי זענען צווישן פרעמדע, צווישן יידן, ווערן אַפילו טיילמאָל דורך זיי באַליידיקט. אָבער די ליבע איז גובר. זיי באַטייליקן זיך אין דער שמחה פון נייעם לאַנד, אין דער שמחה פון זייערע מענער. און לעבן זיך איין אין נייעם לעבן.

אין דער נאָוועלע „כתר ישראל" זעען מיר אַפילו ווי אַ פרומע פוילישע קאַטאָליטשקע שטייערט ביי מיט איר גאַנצן פאַרמעגן, אַ קעסטל מיט זילבערוואַרג, צו בויען די שול „כתר ישראל". זי און איר מאַן, וואָס האָט זיך נאַר־וואָס אומגעקערט מיט אַ געגיפּסטן פוס פון מבצע סיני, געהערן טאַקע צו די בכבודיקסטע געסט פון דאָרף ביי די פייערונגען צו דער נייער סינאַגאָגע. און אַלע יידן טיילן אָפּ כבוד דער מאָדערנער פוילישער רות.

אין אַנדערע נאָוועלן פון בוך זענען עפּיזאָדיש אַריינגעוויקלט אונזער תימנער שבט, די האַרציקע עדה פון דאָרע יידן מיט געקרויזלטע פאות, שוואַרצע בערדלעך, וואָס מאַנעווורירן אַזוי גערן מיטן שפּאָדל און מיט דער ביקס.

אין בוך זענען פאַראַן אַלע טעמעס: באַציאונג צו פרעמדע, באַציאונגען צו געסט און באַציאונג צו נאָענטע.

אין אַלע דערציילונגען איז דער טרויער באַהאָפטן מיט דער פרייד,

אין אַ דינעם באַהעפט פון איבערלעבונגען מיט אַבסערווירונג, פון געפיל און דערמאָנונג, פון ליריק און נאָכטראַכטונג.

די שפּראַך איז אַ קערנדיקע, אַ שטאַרק־בילדערישע, דער פאַרגלייך אַ שאַרפער, דער סטיל אָן פּאָזע און איבעריקע קאָמפּליקאַציעס.

אַזעלכע ביכער ווי „די בריק" איז אַ נאַטירלעכע באַהעפטונג צווישן נעכטן און מאָרגן. זיי שטעלן צוריק די איבערגעריסענע קאָנטינואיטעט פון יידישן לעבן.

„אונזער וואָרט", פּאַריז 20.6.64

ה.

# לאָדזש של מעלה אין י. שפּיגלס קינסטלערישן תיקון

## וועגן ראָמאַן „פלאַמען פון דער ערד", וואָס איז אויך דערשינען אין אַ פראַנצייזישער איבערזעצונג פון רחל ערטעל אין פאַרלאַג „גאַלימאַר"

„פלאַמען פון דער ערד" איז דער לעצטער קאַפּיטל פון ישעיהו שפּיגלס ראָמאַן, וואָס טראָגט דעם זעלבן נאָמען. עס איז דער ראָמאַן פון אָפּשטאַרבנדיקן לאָדזש. איך זיץ, לייען און בין אַרומגענומען און אַריינגעטאָן אין גרויסן קינסטלערישן ראָמאַן, פון מיין גרויסער שטאָט, לאָדזש, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גוססדיקן געטאָ־באַלוט, וואָס איז מיט יעדן טאָג איינגעשרומפּן און איינגעגאַנגען, ביז זי איז אויסגעגאַנגען אין די פלאַמען פון דער ערד, וואָס האָבן אויפגעגעסן די רעשטלעך מעבל און די ספרים מחזורים און סידורים וואָס די לעצטע פון געטאָ האָבן איבערגעלאָזט.

דער ראָמאַן פון געטאָ? ראָמאַן פון אומקום? איז עס מעגלעך? יאָ, עס איז מעגלעך. עס איז דער ראָמאַן פון וואָר וווּ דער דמיון מישט זיך אַריין צו פאַראיידלען דעם אמת, צו אַנאַבלירן די געשטאַלטן, זיי מאַכן אָנגעמבאַר און אַקצעפּטירן דעם חושך און ליכט פון טרויער.

ישעיהו שפיגל האָט געפונען דאָס לשון וואָס פּאַסט דעם גרענעצלאָזן טויט, אַ שפּראַך וואָס דערנידעריקט נישט און פאַראומווירדיקט נישט, וואָס דערהאַלט אים אין לעבעדיקן צער פון די אַנטמענטשלעכדיקע גיהנום־יסורים, ווייל דער עיקר גיט ער אין דעם בוך ניט די כראָניק פון די יסורים, נאָר זייער הייליקע אַטמאָספער. אין די פלאַמען גייט לאָדזש של מטה אויף און אין אונזערע געפילן און געדעכענישן שטייגט אויף לאָדזש של מעלה, אויף אַלע אייביקייטן.

„שווער און קלעפּיק איז געווען דער שוואַרצער פלאַם, וואָס איז געגאַנגען פון די אויסגעהריכטע יידישע מלבושים און טויטער באַלע־באַטישקייט. דער שוואַרצער ספרים־אַש איז שוין געלעגן צופיסנס דעם באַרג און אים אַרומגעקרייזט ווי אַ געפאַלענע, שוואַרצע קרוין. די פלאַמען האָבן נישט געוואָלט אַרויפגיין העכער. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין דער נידער און נאָכאַמאָל אַדורכגעגאַנגען דעם צעפאַלענעם, שוואַרצן אַש. קיין פונקען זענען מער שוין נישט אַרויף צו דער הייך. פון מזרח האָט זיך געשפּינט אַ פאַרוואָלקנטער זונבאַגין. פאַרשעמטע און ציטערנדיקע זענען די ערשטע בלוטלאָזע שטראַלן געפאַלן אויף די נידעריקע פלאַמען ביי דער ערד".

אַזוי איז אונטערגעגאַנגען לאָדזש מיין שטאָט, וואָס די דייטשע חיהשע פאַרצוקערס האָבן אַריינגעפּאַקט אין די פאַרהויקערטע, קרומע געסלעך פון באַלוט, געמאַכט דערפון מלכות־חיים רומקאָווסקי, וואָס האָט געס־טאַיעט אויף 4 יאָר אומקום דורך הונגער, נויט און שווערד. און פאַר די אויגן פון מיין געדעכעניש שווימט אַרויף אַ מאָמענט פון מיינע יונגסטע יאָרן, וואָס איז געווען אָן ערך אין 1910. מיינע עלטערן ציען זיך איבער פון קליינעם שטעטל, נעבן קוטנאָ קיין לאָדזש.

איך געפין זיך אויפן וואָגן וואָס פירט איבער אונזער ווירטשאַפט. דער יידישער בעל־עגלה, אַ פריילעכער טביה. ווען ער פאַלט אַריין מיטן וואָגן אין טיפע בלאָטע, זאָגט ער צו מיר פריילעך: „האָסט מורא, לייזערקע, אַריין אין אַ גרויסן ברכי נפשי". ווען די רעדער פאַרטשעפּן זיך שפּעטער אין פלאַכערע קאָלוזשעס זאָגט ער: „יעצט שרעק דיך נישט, דאָס זענען קליינע שיר המעלות'לעך".

דער ייד האָט אין זיין גוטער שטימונג מיר נישט אויפגעהערט צו

דערציילן די נסים ונפלאות פון גרויסן לאָדזש וואָס וועלן זיך באַלד פאַר מיר באַווייזן. נאָך 24 שעה זיך שלעפּן די 50 קילאָמעטער וואָס האָבן אָפּגעטיילט אונזער שטעטל פון גרויסן לאָדזש בין איך געוואָרן גבהל ונשתומם פון גרויסן רעש, פון געפייף פון די פאַבריקן, פון די עלעקטרישע ליכטאַנאַנסן און פון דער פאַרהאָוועטקייט פון אונזערע יידן אין גאַס, וואָס האָבן געוועלטיקט און געקעניגט אין דעם דעמאָלטיקן לאָדזש.

און אָט איז געקומען דער גערמאַנישער פאַרצוקער. ער האָט פאַר־צוקט אַלע יידן, אַלט און יונג, קליין און גרויס, מיין טאַטן, מיינע שוועס־טערן מיט זייערע מענער און קינדער מיט זיי, מיט אַלע זייערע טועכצן און חלומות. און אָט דעם חורבן, אַ פראַגמענט פון גרויסן חורבן, יידיש פוילן איז עס געקומען דער קינסטלער שריפטשטעלער ישעיהו שפּיגל צו געבן אַ תיקון. און אים געגעבן ווי אַ גרויסמייסטער פון דערציילן יידיש אומגליק, אַזוי דין און אַזוי איידל, ווי רוי און גראָב עס איז געווען די לאַפּע פון דער חיה, און ווי שטיל און צעבראָכן עס זענען געווען די גופים פון די גוססדיקע גופים.

עס פרושעט, עס פרושעט מיט אַ נודנעם לאַנגווייליקן שניי אויפן וויסטן, טויטן שטח פון באַלוטער געטאָ. אין די פאַרהויקערטע געסלעך דרייען זיך אַהין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ, פאַרדאַרטע, ביינערדיקע גופים פון געטאָ־יידן, משוגענע פון פחד, פון הונגער און פון שרעק אויפגעכאַפּט צו ווערן. דאָס איז די אַטמאָספער פון ישעיהו שפּיגלס געטאָ־דערציילונג. אויך אַ ליבע גייט אַדורך אין דאָזיקן ראָמאַן פון טויט, טרויער און גסיסה. און פאַר דער דאָזיקער ליבע געפינט דער דער־ציילער, די געהעריקע פליסטערנישן אין זייער אינטימעט פון טרויער און אונטערגאַנג.

עס איז מיר אויסגעקומען מיט עטלעכע יאָר צוריק אין אַן עלעגאַנטן, פאַריזער קינאָ־זאַל, אין אַ ווייכן פאָטעל זיך צוקוקן צו אויטענטישע גרויל־סצענעס אין וואַרשעווער געטאָ. עטלעכע מאָל האָב איך אַוועקגעכאַפּט מיינע אויגן, זיי פאַרדעקט מיט מיינע אָפענע דלאָניעס, אָבער באַלד זיך אויפגעצוווּנגען צו קוקן מיט שוידער, מיט פאַרצווייפלונג ביז צו שגעון. עפּעס ענלעכעס איז מיט מיר פאָרגעקומען לייענענדיק „פלאַמען פון דער ערד". די אַטמאָספערע האָט נישט געקענט מאַכן פאַרגעסן די פאַקטן

און די קינסטלערישע דינקייט פון דעם געשילדערטן, האָט נישט פאַריאָגט די פינסטערניש פון דער שוואַרצער נאָכגייענדיקע פאַנטאַזיע.

ווידגער און גיטעלע צוויי הייליקע געשטאַלטן, ווייסע שניילעך אין שוואַרצן געווירבל באַגעגענען זיך אין געטאָ. עס איז אַ קאָנטשאַפט פון אַמאָל, ווען אַביגדור האָט ליב געהאַט זעלדען, גיטעלעס שוועסטער. איצטער טרעפנדיק אים וויל בלויז גיטעלע אַרויפנעמען ווידגערן אין דער פּאַציאַטקע צו זען נאָך איין מאָל די שטאַרבנדיקע פון שווינדזוכט, זעלדע. אינעם פּאַ־ציאַטקע־חדר׳ל פון די צוויי שוועסטערן גייען דורך מיסטעריעס. דאָרט, באַהאַלט אויס אַ מאַן זיין זעלטענעם פידל, אַ סטראַדיוואַריוס, דאָרט טרעפן זיך יידן, פון פאַרשידענע גלותן צוזאַמענגעיאָגט אין פינסטערן באַלוטער געטאָ, טשעכישע, דייטשע שלעכט צוגעווייִנטע צווישן זיך, אָבער טראַגיש־פאַרהיימישטע. אויך סתם יונגען פון באַלוט, אַמאָליקע גיבורים, וואָס יעדער פון זיי האָט באַהאַלטן, אויף אייגענעם באַראַט, דער אַ חלף פון אַוועקגעפירטן שוחט, אַ צווייטער אַ דראָנג פון אַ באַלעגאָלע, גרייט צו עפּעס וואָס קען אַמאָל נוצן... אָבער נישט אָרגאַניזירט פון אַ בשותּפותדיקער האַנט איז אַלץ געבליבן פאַרזשאַווערט און אומנוציק...

דאָ האָט מען אויך געהערט פאַרשידענע גייעסן, און פאַרנעפּלטע ידיעות פון אַנדערע געטאָס, און פון גרויל־טראַנספּאָרטן און ליקווידאַ־ציעס.

זעלדע שטאַרבט. צווישן גיטעלען און ווידגערן בינדן זיך פעדעם פון נאָענטקייט און פון מיסטעריעזן בונד. אַלץ איז דאָ, אַטמאָספערע און שטימונג. די פאַקטן זענען בלויז בולט צו מאַכן דאָס אויסטערלישע. דער איינציקער מענטש וואָס ווערט געהאַנגען עפנטלעך, און צוליב וואָס דער דייטש רופט צונויף די פויערים פון דער געגנט צו זען דעם ספּעקטאַ־קל, איז דער פרומער גלאָקנציער פון דער אַלטער קירך, וואָס איז נעבן געטאָ.

דער גלאָקנציער האָט געהאַט אויסבאַהאַלטן אַ ייד אין קעלער פון דער קירכע, פוילישע שכנים האָבן אים געמסרט. די פּאַליאַקן פון דער געגנט דאַרפן אַלע וויסן אַז דאָס האָט אַ פּאָליאַק, אַ קריסט זיך באַנוצט מיט די הייליקייטן פון דער קירך צו באַהאַלטן אַ ייד.

✶

ווען יידישע פרויען האָבן, לויט דער אייביקער אגדה פון שעבוד מצרים, געוואָרפן זייערע ניי־געבוירענע קינדער אין ים אַריין האָבן די מלאכים געווייגט, און זיי האָבן אויף גאָטס געבאָט, אַרויסגעשליידערט די קינדער אויף די פעלזן. פון די פעלזן האָבן געשפּראָצט בריסטן זיי צו נערן, דערציילט דער מדרש איכה. די קינסטלערישע געשטאַלטיקונג פון חורבן מצרים.

אין די יאָרן פון טעווטאָנישן שעבוד אין פוילן, זענען אונז געשען, לויט דער ווונדערלעכער אַגדה פון ישעיהו שפּיגל, גרעסערע ניסים. די פאַרדאַרטע, מיידלשע וואָרצלען פון דער געטלעכער גיטעלע האָבן גענערט דאָס עופהלע פון אַן אויפגעכאַפּט פאַר־פאַלק, מיטוווּינער אין דער פאַ־ציאַטקע פון גיטעלען און וויגדערן. וויגדער אַליין האָט, אין דער לעצטער פאַזע פון געטאָ־עקזיסטענץ, געלויערט אין בית עולם אויף פייגל, זיי געכאַפּט און מיט זיי געשפּייזט פאַרהונגערטע משפּחות, וועלכע זענען געבליבן אָן שפּייז, ווען די דייטשן האָבן אָפּגעשאַפט אַלע לעצטע קיכן און קאָכמכשירים.

מיט דער לעצטער עדה, מיטן פרעמדן עופעלע, באַהאַלטן הינטער די מלבושים, פאַרלאָזן גיטעלע און וויגדער די טויערן פון געטאָ און גייען זייער לעצטן וועג.



איך האָב אין מיינע לאָדזשער יאָרן געקענט יידן פון אַלע שיכטן, פון אַלע שטאַנדן, פון אַלע געגנטן פון שטאָט. איך האָב געקענט די שאַרפע קעפּ פון בחורים־לומדים פון די חסידים־שטיבלעך. איך האָב געקענט יידן אַנשי־מעשה, פאַבריקאַנטן, סוחרים, אייגנטימער פון פאַר־בערייען, וועבערייען, הענדלערס פון גארן, פון וואָל, פון בוימוואָל, פון וויגאָניע און באַהעמע־מענטשן, וואָס דאָס פּראַקטישע לאָדזש האָט געהאַט בשפע. איך האָב שפּעטער געקענט יידישע סטודענטן, נאָענטע פריינד פון די אוניווערסיטעטן פון וואַרשע, ווילנע און אין אויסלאַנד. מיר פלעגן זיך אָפט צונויפקומען אין לאָדזש, צו חברישע שמועסן און חסידישע ריקוד׳לעך.

און אַלע זיי האָב איך געזען אויפגיין אין די פלאַמען פון די ספרים

אין געטאָ און געהייליקט אין די געשטאַלטן פון וויגדער און גיטעלע און דורך זיי, אין זייער ליכט זע איך דיך, מיין פריינט פון די יוגנט־יאָרן, ישעיהו שפיגל. איך זע דיך אין דער שטילער, וואַרעמער שטאָט־ביבליאָטעק פון אַנדזשעיאַ גאַס, ווייט, אָפּגעזונדערט, אָן רויש און רעש, צווישן ביכער אויף איינעם פון די קליינע, באַלויכטענע טישלעך.

ביזט געווען שטיל, שמייכלענדיק, געלאַסן. ווער האָט געקענט וויסן, אַז דער גזר פון פאַרדאַרבונג איז געחתמעט און אַז דווקא דיך, דעם שטילן, ספּרימדיקן פּאָעט, האָט די השגחה באַשטימט צו בלייבן דער שארית צו געבן אַ קינסטלערישן תיקון דער פּאַראַייביקטער לאָדזש של מעלה.

„אונזער וואָרט", פּאַריז 25.6.1966

כיל אראָן

# דער געטאָ־ראָמאַן פון ישעיהו שפּיגל
# „פלאַמען פון דער ערד"

צום 60־טן געבוירנטאָג פון באַוווּסטן שרייבער ישעיה שפּיגל זיינען אין ישראל דערשינען צוויי ביכער זיינע. מיר ווילן היינט שרייבן וועגן זיין ראָמאַן „פלאַמען פון דער ערד", וואָס איז אַרויס אין פאַרלאַג „ישראל־בוך", אין תל־אביב און האָט 208 זייטן.

דאָס דאָזיקע בוך, וואָס באַשטייט פון אַכצן קאַפּיטלען, באַרייכערט די חורבן־ליטעראַטור אויף אַ וואָגיקן אופן.

„פלאַמען פון דער ערד" איז פאַר מיר דאָס ערשטע ספר פון דאָזיקן מחבר, ווערמענס שאַפן איז מיר געווען ביז איצט אומבאַקאַנט.

שוין פון די ערשטע קאַפּיטלען אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אַ מייסטער פון דער יידישער פּראָזע; נעמלעך, פון קאַלירפולן פּוילישן יידיש, וועלכען שלום אַש האָט דער ערשטער אַרויסגעבראַכט אין זיין „שטעטל".

דער ראָמאַן פון ישעיה שפּיגל שילדערט דעם פערטן געטאָ־ווינטער אין לאָדזשער באַלוט. ס'איז געווען אַ געפערלעך־קאַלטער ווינטער, ווי ס'קאָנען זיך פאָרשטעלן נאָר די, וואָס שטאַמען פון פּוילן:

„גאָר פרי האָט זיך דער ווינטער אַראָפּגעלאָזט איבערן איינגעשרומפּע־נעם שטח פונעם געטאָ. אין צפון־זייט פון שטאָט, איבער די קרומע, שמאָלע באַלוטער געסלעך ביז אַראָפּ צו די שוואַרצע, הינטערשטאָטישע פעלדער פון ראַדאָגאָשטש און ביז צו די ליידיקע זאַמד־פעלדער אַרום מאַרישינער באַנפלאַנט אויף מזרח, האָט זיך די לעצטע טעג געטראָגן אַ פראָסטיקער, בלאָלעכער שניי־ווינט. ער האָט געיאָגט קופּעס בלישטשענ־דיקן שניי איבער די שיפּע איינגעפאַלענע דעכלעך, פאַרשאָטן זייערע אָפּענע, טוכלע לעכער און די שפּאַלטן פון די איינגעפאַלענע ווענט".

אין אַזאַ מאָלערישן סטיל איז געשריבן דער גאַנצער ראָמאַן.

די הויפּט־געשטאַלט פון ראָמאַן איז וויגדער, וואָס שלעפּט זיך אַ

דערשעפטער פון לאַנג הונגערן דורך דער בריק אין געטאָ. אפשר וועט ער דאָרט געפינען אַ ביסל דערנערונג צו דערהאַלטן דאָס לעבן, וואָס טליעט נאָך אין אים:

„תמיד, בעת ער פלעגט גיין איבער דער בריק, האָט ער נישט געקאָנט אָפּיאָגן פון זיך די איבערלעבענישן פון די לעצטע יאָרן. פאַר זיינע אויגן זיינען אויפסניי פאַרבייגעשוווּמען די יידן־טראַנספּאָרטן, ריזיקע און אומ־צאָליקע וואָס זיינען ערגעץ־ווּ, באַלאָדענע מיט פּעק בעטגעוואַנט און שטוב־כלים, געגאַנגען איבער דער בריק. פון זייערע פּנימער האָט זיך נאָך געטראָגן אַ פאַרבאַהאַלטענער שיין פון גלויבן אין גערעכטיקייט פון דער וועלט. דורך די פאַר יאָרן האָבן די מענטשן ביסלעכווייז פאַרלוירן אין זיך דאָס ווידערשטאַנד־געפיל פון גוף און נשמה".

דאָ טרעפט ער אַ יונג מיידל, גיטעלע, אין וועלכער ער האָט זיך אַמאָל געליבט. גיטעלע פירט ווייגדערן צו דער שוועסטער אירער זעלדען, וועלכע היטט אויס די נשמה פון שווינדזוכט.

דאָס, וואָס דער מחבר שילדערט גיט אַ געטריי בילד, ווי אַזוי זיינט פיר יאָר געטאָ גייט אונטער אַ גרויסער יידישער ישוב. ס'איז דערשטוינט צו ווערן, ווי יידן קלאַמערן זיך אין לעבן ביז דער לעצטער מינוט. איך האָב געטראַכט: אפשר איז דאָ דער סוד פון דער יידישער עקזיסטענץ.

אין קאַפּיטל „די צוואה" ווערן מיר געוואָר, אַז זעלדע פאַרן שטאַר־בען פאַרלאַנגט פון ווייגדערן, ער זאָל זיך פאַרבינדן מיט גיטעלען און זי נעמען אונטער זיין שוץ.

וווּנדערבאַר זיינען די געדאַנקען פון מחבר איבער דעם הילפלאָזן, אָבער גרויסן יידישן בטחון.



מיינע אויגן האָבן אָפּט פאַרגאָסן טרערן, לייענענדיק דעם ראָמאַן. כ'האָב זיך דערמאָנט די יאָרן איידער כ'בין געקומען קיין פּאַריז, אין 1926, ווען לאָדזש האָט געשפּרודלט מיט אַן אינטענסיוו געזעלשאַפטלעך און קולטורעל לעבן. איך בין געווען באַפריינדעט מיט י. י. טרונק, משה בראָדערזאָן, מיט די מאָלער אברהם ניימאַן, מאַאוריצי טרעמבאַטש און מיט די יונגע מאָלער ברוינער, הירשפּאַנג, לייזעראָוויטש, שפּיגעל, מיט אונדזער באַליבטן פּאָלקס־קאָמפּאָזיטאָר הענעך קאָהן, מיטן שוישפּילער

יוליוס אַדלער. די דערינערונג וועגן זיי פילן אָן מיין נשמה מיט ליכט, וואַרעמקייט און — טרויער.

אָבער לאָמיר זיך צוריקקערן צום ראָמאַן. דער מחבר האָט אַריינגעפלאָכטן אַ געשיכטע וועגן דער קרעטשמע פון די קאַטשמאַרעקס, וואָס זיינען געבליבן אויפן דאָרף. די קאַטשמאַרעקס זיינען געווען אַנטיסעמיטן און די דייטשן האָבן געהאַט אַן אינטערעס זיי דאָרט אויפצוהאַלטן. אין דאָרף האָט זיך געפונען אַן אַלטע הילצערנע גאָטישע קירכע. דער גלאָקנציער פון דער קירכע, דער זקן ניקאָדעם זאַלוצקי, האָט באַדינט די הילצערנע קירכע פון די יוגנט־יאָרן אָן.

דער אַלטער גלאָקנציער האָט רחמנות אויף אַ פרעמדן וואָס קומט אין געטאָ און באַהאַלט אים אויס אונטערן דיל פון אַלטאַר, אין אַ קעלער. אָבער דער אַלטער גלאָקנציער שטויסט זיך אָן, אַז די קאַטשמאַרעקס האָבן אַנטדעקט די באַהעלטעניש. ער ראַט דעם פרעמדן צו אַנטלויפן. ווען די דייטשן פאַלן אַריין אין דער קירכע, איז שוין דער פרעמדער פאַרשווונדן.

דער צאָרן פון די דייטשן איז אומגעהויער. זיי רופן צונויף די פויערן פון אַלע אַרומיקע דערפער, כדי זיי זאָלן בייוווינען די שטראָף פאַרן „שרעקלעכן פאַרברעכן". דער אַלטער גלאָקנציער ווערט אויפגעהאָנגען.

מיר וועלן נישט איבערגעבן די געשיכטע מיטן ס.ס.־קאָמענדאַנט אָטאָ פראַנץ יעסיקאַ. אויך דאָ איז שפּיגעל אַ פרעכטיקער רעאַליסטישער שילדערער.

דער ראָמאַן ענדיקט זיך מיטן אַרעסט פון וויגדער דורך די נאַציס. פון אָנהייב ביזן סוף באַוווּנדערן מיר שפּיגעלס שילדערישע קונסט.

פאַראַן ביי מיר דער ווונטש, אַז אונדזער יוגנט זאָל דאָס בוך לייענען און די, וואָס וועלן קומען נאָך אונדז, כדי קיינמאָל נישט פאַרגעסן און קיינמאָל נישט מוחל זיין.

דאָס בוך איז מער ווי אַ ראָמאַן, ס'איז אַ טאַט.

„פרייע פרעסע", פאַריז, 29.10.66

**ע. פערשלייסער** (1959—1896)

# ישעיהו שפיגלס „מלכות געטאָ"

מלכות געטאָ הייסט אַ קליין ביכל נאָוועלן פון אַ יונגן דיכטער און דערציילער, ישעיהו שפיגל, וואָס האָט געלעבט אין לאָדזשער געטאָ אין די טרויעריקע יאָרן 1944-1940, ווי עס ווערט אַזוי פשוט געזאָגט אין דער קליינער הקדמה.* בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ האָט י. ש. זיינע דערציילונגען פאַרגראָבן אין אַ קעלער, און ווען ער איז צוריק־געקומען פון אָשוויענטשים אין 1945 האָט ער זיי אויסגעגראָבן און אָט ליגט עס פאַר אונדז. זייער פשוט.

נאָך אַ שטיקל אינפאָרמאַציע: דאָס איז דאָס ערשטע בוך פּראָזע, וואָס איז אַרויס אין פּוילן נאָך דער מלחמה...

פריער האָט מען נאָך געפרעגט (ווייל דער שכל האָט עס ניט באַנור־מען) ווי אַזוי האָבן מענטשן דערבנידריקטע, פאַרהונגערטע, געפּייניקטע מיט דעם טויט כסדר פאַר די אויגן, געקענט שרייבן לידער, דערציילונגען, שפּילן זיך מיט גראַמען, מיט ווערטער? אָבער היינט, נאָך סוצקעווערן, קאַצענעלסאָנען און אַנדערע, פרעגן מיר שוין ניט. אַזוי איז עס. דאָס איז דער כוח פון קינסטלער. דער כוח פון מענטש, דער זיג פון דער מענטשלעכער נשמה איבער טייוואָלאַנישער מאַכט.

ישעיהו שפּיגל איז בלי ספק אַ קינסטלער. ער האָט דעם כוח, דעם באמת אומפאַרשטענדלעכן כוח זיך אויפצוהויבן איבער דעם שוידערלעכן גיהנום אין וועלכן ער האָט געלעבט. ער גייט אַרום איבער דער געטאָ און קוקט זיך צו מיט אַ אָבזערווירנדיק אויג פון אַ רעאַליסט.

* דאָס ווערק איז דערשינען אין פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן". לאָדזש, 1947.

זיינע דערציילונגען זיינען רעאַליסטישע לעבנס־באַשרייבונגען, געטריי אָבזערווירטע בילדער פון טאָג־טעגלעכן געטאָ־לעבן. לעבן? גיכער איז עס אַ גסיסה, אַן אויסמענטש־ווערן. אַ קאַשמאַר, אַ דעגראַדאַציע און דיסאינטעגראַציע. אַ לעבן וואָס איז שוין מחוץ פון לעבן.

ביים לייענען די אַלע גרויליקע פּרטים וועגן צעפּייניקטע, הונגער־געשוואָלענע, גוססדיקע מענטשן איז מיין ערשטער רושם געווען, אַז דער שרייבער וואָס האָט זיך צוגעקוקט מיט אַזויפיל שרייבערישן נייגיר צו דעם אַלעמען האָט געטאָן עפּעס אַן אומנויטיקע, אַ ניט שיינע זאַך. ער באַשרייבט מיט רעאַליסטישן גלייכגילט זאַכן וואָס דאַרפן בלייבן אָדער באַהאַלטן (ווייל מיר וועלן אָפּגעטעמפּט ווערן און ניט פילן מער), אָדער מען דאַרף שרייען און שעלטן און וויינען. אָבער עס נעמט ניט לאַנג און דאָס געפיל לאָזט אָפּ. מיר דערפילן, אַז דער שרייבער פירט אונדז אַרום וויזן דאָס יידישע לעבן אין געטאָ און זאָגט צו אונדז: קוקט זיך צו! מען דאַרף עס אַלץ זען, אַזוי איז עס געווען. מיר גייען אים נאָך דער־שיטערטע און דערפילן עפּעס. דער שרייבער וואָס האָט זיך צו דעם אַלע־מען צוגעקוקט און וויזט עס אונדז אַזוי קלאָר, האָט זיך ניט אַזוי פאַר־לוירן, ניט מיאש געווען. אַ יעדע דערציילונג ענדיקט ער אויף אַ כמעט קונציקן אופן (אין דער אמתן — אַ טיף קינסטלערישן — ווייל ער הייבט די רעאַליסטישע באַשרייבונג אויף אַ העכערע מדרגה) מיט אַ ביסל ליכ־טיקער פאַרב, אַזוי אַז דאָס גיהנומדיקע, שוידערלעכע ווערט דורכגעלויכטן דורך אַ שטראַל ליכטיקן שיין. דער שרייבער הייסט אונדז קוקן אין אָפּגרונט, אָבער אין דער זעלבער צייט הייסט ער אונדז ניט פאַרצווייפלען. ער הייסט אונדז האָפן, כאָטש ס'איז באמת שווער צו זאָגן אויף וואָס, פון וואַנען צו שעפּן די האָפענונג אָדער אפשר בעסער געזאָגט, דאָס ניט פולשטענדיקע זיך מיאש זיין אין דער גרויליקער תהומיקער חשכות.

דעמדאָזיקן כוח פון שרייבער, וואָס איז אַוודאי אַ מאָראַלישער כוח, אַ קינסטלערישער כוח — וואָס איז אים בייגעשטאַנען — פילן מיר כסדר אין ישעיהו שפּיגלס בוך, און דאָס גיט די בעצם גאַנץ פשוטע רעאַליס־טישע בילדער זיינע (ווען זיי ווערן געמאָסטן מיט אַ ריין קריטישער מאָס) גרעסערע חשיבות און ווערט.

אפשר איז דער פאָעט דאָ צו הילף געקומען דעם פּראָזאאיקער (כאָטש

באמת איז די גאַנצע צעטיילונג נאָר אַ קינסטלעכע). אָבער אַז מען גריבלט זיך שוין אין דעם ענין (און דאָס איז דאָך די אויפגאַבע פון קריטיקער), ווען מען בלעטערט נאָך אַ מאָל און אַ צווייט מאָל דורך די דערציילונגען, געפינט מען, אַז דער שרייבער האָט געפילט שטאַרק דעם כוח פון לעבן — אַז דאָס לעבן איז אייביק. ער האָט געפונען טרייסט אין נאַטור ליבשאַפט, אין זיין באַהעפטן זיך מיט דעם אייביקן גאַנג פון דער וועלט, וואָס מאַכט פאַרגעסן און דערהויבן זיך איבער דעם יסורימדיקן, גרוילעכן, דעם פאַרגיילעכן...

אין כמעט אַלע דערציילונגען געפינט מען דאָס אוועקשפּאַנען פון דעם גרויל צו דעם אייביקן, צו דעם לעבן און צו דער וועלט וואָס זיינען אייביק.

אַט למשל דער סוף פון דער דערציילונג „שניי״, וואו אַן אַנטלויפֿנ־דיקער פון דער געטאָ וואָס איז שוין, דוכט זיך, פריי — ער האָט זיך שוין דורכגעריסן דורך די פאַרצאַמונגען פון שטעכיקן דראָט — ווערט אין דער לעצטער מינוט געטראָפן פון אַ דייטשישער קויל:

„ער איז שוין געלעגן איצט רואיק, דאָס פּנים פאַרגאָסן מיט בלוט. ער האָט נאָך געאָטעמט מיט קאַלטן ווינט און שניי אָבער באַלד איז אים דאָס אָטעמען געוואָרן שטילער און אויסגעגאַנגען. דער שניי איז דערווייל געפאַלן אָן אויפהער. אַ שטילקייט ווי זי וואָלט אַפּירגעהויבן זיך פון אונטערן שניי איז געהאַנגען אין חלל. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט ווי דער שניי האָט פאַרדעקט דעם מענטשן און ס׳האָט זיך מער ניט געזען ווי אַ פלאַך פעלד. טיף אונטערן שניי זיינען געשלאָפן די טויטע זייער ווייסן שלאָף. אָט אָט קומט אָן דער טאָג. אויף די מזרח ראַנדן פון הימל האָבן זיך באַוויזן גראָווייסע שיטערע פלעקן. דאָס האָבן זיך אַזוי צעשאַרט די לעצטע שניי וואָלקנס פאַרן קומען פון מאָרגן־ליכט, אָבער צווישן זייערע פאַלדן אויפן העל־בלוילעכן נאַכט הימל האָבן נאָך לאַנג געפינקלט די לעצטע נישט אויסגעלאָשענע שטערן״.

ישעיהו שפּיגל האָט ליב צו מאָלן דעם אָנקום פון אַ נייעם טאָג.

איז דער סוף פון דער דערציילונג „בליעכץ״ — אַ פאַרפייניקט יידיש געטאָ יינגל קריכט אויפן דאַך פון געטאָ־שטיבל און קוויקט זיך מיטן ביסל בליעכץ פון אַ בוים, וואָס האָט זיך צעבליט אויף דער אַנדער זייט

פון געטאָ מויער (אין געטאָ איז קיין גרין בוימל נישט געבליבן) און זיין מאַמע שרייט געוואַלט, ער וועט ברענגען אַן אומגליק אויף אַלעמען:

„מענדעלע האָט ניט געקאָנט אויפרייסן די אויגן. דעם פעטער מיכלס סאַד איז נאָך געלעגן אַ צעבליטער אין זיין שלאָף. ער האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס די מאַמע שעלט אַזוי באַלד פון פאַרטאָג אָן. איבערן געלע־גער האָט זיך וואָס אַמאָל מער אַראָפּגעלאָזט ווי אַ סטאַדע זילבערנע זומערפייגעלעך, אַ צעברעקלטע זון פון דרויסן. מענדעלע האָט אַלץ ניט געקאָנט אויפרייסן די אויגן. איבער זיין פנים איז לאַנג געהאַנגען אַ קילע לופט ווי אַ זיסער שיטערער נעפּל וואָס הויבט זיך אויף פאַרטאָג אויף אַ צעבליטער לאָנקע...״

און אָט איז אַ דערציילונג וואָס הייסט סימבאָליש „ליכט פון אָפּגרונט״. זעלדע וויל ראַטעווען אַ פרעמדן וואָס גייט אויס פון הונגער־געשווילעכץ און קעלט. זי צעהאַקט ס׳בעט און

„אין שטוב איז אויפגעגאַנגען אַ וואַרעמער טשאַד. ר׳ אָשר איז געזעסן אויף די פּאָר אויפגעשטעלטע ציגל און געזאָגט תהילים. זעלדע האָט צוגעשטעלט אַ טאָפּ וואַסער. זי האָט אויפגעהויבן אירע אויסגעלאָשענע אויגן און איר האָט זיך אויסגעוויזן אַז זיי זענען נייע וואונדערלעכע זאַכן. די שטוב איז געוואָרן פול מיט געזאַנג פון תהילים זאָגן. אויף די ווענט האָבן זיך צעבליטע בלומען געמיניעט מיט זומערדיקע טוי־פּערל, וואָס זאָגן אַן דאָס אויפגיין פון אַ ליכטיקן זומערדיקן טאָג. און פונעם אַלטנס תהילים זאָגן און פון די קאַלטע בלומען אויף די ווענט האָט זיך אין די ווינקלעך צעשאָרט אַ וואַרעמקייט ווי פלאַטערנדיק כישופדיק ליכט איבער אַן אָפּגרונט...״

אָט דאָס ליכט איבער אַן אָפּגרונט וואָס ישעיהו שפּיגל האָט געזוכט, דערהויבט זיינע דערציילונגען און זאָגט אָן אַז אַ חוץ דערציילערישן טאַלאַנט האָט ישעיהו שפּיגל אויך אַן אייגן פנים, שרייבערישע פּערזענ־לעכקייט, וואָס אַן דעם איז טאַלאַנט ווי אַ שאָף אָן אַ פּאַסטוך.

„פרייע אַרבעטער־שטימע״, 23.4.1948

ב.

# ישעיהו שפּיגל — דער קינסטלערישער שילדערער פון געטאָ־לעבן

ווען ס׳האָט גענומען דערשיינען די „חורבן־ליטעראַטור״, ווען פראָזאאיקער האָבן גענומען שרייבן דערציילונגען און פּאָעטן דיכטן לידער וועגן דער אומגעבראַכטער יידישער וועלט, האָט זיך אויפגעהויבן אַ דיסקוסיע: איז עטיש צו שפּילן זיך מיט גראַמען אָדער גראַבלען אין פּסיכאָלאָגיע, ווען מ׳שטייט פאַר אַזאַ אומבאַגרייפלעכער קאַטאַסטראָפע? איז דאָ ניט אַ חילול השם דער גאַנצער קאַזיאָנער קונסט שולחן ערוך; איז דאָ קונסט ניט פאַרשוועכונג? בפרט ווען זי ווערט פּראָדוצירט פון די וואָס זיינען „אין טרעבלינקע ניט געווען״ און קומען איצט פאַרגיסן ליטעראַרישע טרערן. ווען דאָס אומגליק איז אַזוי גרויס, איז ניט פּאַסיקער און דער איינציק מעגלעכער ענטפער: פאַרגראָבן דעם קאָפּ און שווייגן? ווער וועט גלויבן אין עכטקייט פון שרייבערס צער, אַז ער פאַרנעמט זיך מיט באַווייזן ליטעראַרישע קונצן?

פון דער צווייטער זייט האָט מען געפרעגט: וואָס דען זאָל דער שרייבער טאָן? ווייטער שרייבן ווי די פייגעלעך טרילערן?

אַ קלוג וואָרט האָט אַריינגעוואָרפן אין דער דיסקוסיע לאָמעד שאַפּיראָ. שאַרף־איראָניש ווי זיין שטייגער:

— „מעשה ידי טובלים בים ואתם אומרים שירה — דאָס איז אויך ליטעראַטור״ („דער שרייבער גייט אין חדר״).

דאָס מיינט: אמתע ליטעראַטור ווערט היינטיקע צייטן פּראָדוצירט (איבער דער גאַנצער וועלט) פון ליטעראַטן בעלי־מלאכות אַזוי, אַז דאָס וואָרט ליטעראַטור האָט שוין באַקומען אַ בייגעשמאַק פון ניט עכטקייט, פון עפּעס אַ געגאַרטער זאַך, דאַרף מען אָבער ניט פאַרגעסן אַז די קינות זיינען אויך ליטעראַטור און תהלים איז ליטעראַטור. מען האָט אויפגעוויזן אַז איכה האָט אַ קינסטלעריש־ליטעראַרישע פאָרעם.

דאָס עכטע, אמתע ווערק פון קינסטלער וואָס האָט איבערגעלעבט דעם ים פון פּיין און גרויל און אַרויסגעקומען מיט אַן עכט קינסטלעריש ווערק

איז דאָס איינציקע מעגלעכע פאַרן מענטשן צו טאָן. אָבער אַז אונדזער גרויסע פאָלקס־טראַגעדיע ווערט גענוצט פון שרייבער ווייל דאָס איז איצט די טעמע, איז דאָס אַ פאַרשוועכונג. יעדער שרייבער וואָלט זיך באַדאַרפט פרעגן צי בין איך ראוי, בין איך בכוח וועגן דעם צו שרייבן? איך האָב געהערט איינעם פון אונדזערע בעסטע פּאָעטן זאָגן: איך קען וועגן דעם ניט שרייבן. אַנדערע שרייבער פילן אפשר אַז זיי טוען זייער נאַציאָנאַלע פליכט. אָבער ליטעראַטור שרייבט מען ניט אויף באַפעל אַפילו ווען די כוונה איז די בעסטע.

וועגן שרייבער וואָס דערציילן וואָס זיי האָבן אַליין געזען און דורכגעלעבט איז אַן אַנדער ענין. זייער אַרבעט איז ווערטפול און וואָזשנע אַלס היסטאָרישער דאָקומענט ווי אומבאַהאָלפן זי זאָל ניט זיין, ווי ווייניק ליטעראַרישע כוחות דער שרייבער זאָל ניט פאַרמאָגן. צו די שרייבער פילט דער קריטישער לייענער, אַז ער טאָר ניט אָנווענדן דעם קריטישן מידת־הדין. ער לייענט זיי אַ פאַרציטערטער. ער פילט אַז ס'ניט שייך צו קומען דאָ מיט ליטעראַרישער שאַצונג. „דאָס בלוט פון דיין ברודער שרייט צו דיר פון דער ערד". מיר שטייען פאַר אַזאַ תהום אַז קונסט ווערט דאָ אָפּהענטיק, אַנמעכטיק. אַלץ וואָס דער עד־ראיה דערציילט אונדז איז ווערטפולע כראָניק, אַ דאָקומענט, אַ זכר לדורות.

קינסטלערישע שאַפונג פאַרלאַנגט אָפּווייטערונג, דיסטאַנץ, אָפּגעקילט־קייט, ישוב הדעת.

שאַיע שפּיגל איז אַ געבוירענער דערציילער. זיין בוך „מלכות געטאָ" איז געווען אַ ליטעראַריש געשעעניש. זיין צווייט בוך „מענטשן אין תהום", פון געטאָ לעבן (פון לאָדזשער געטאָ וואו ער האָט געלעבט) איז נאָך אַ בעסער בוך. ווען ס'קומט צו שפּיגלען דאַרף מען שוין גאָרנישט מינערן פון מידת־הדין. פאַרקערט מען טראַכט: וואָס פאַר אַ קראַפט איז אים בייגעשטאַנען אַז ער איז פון דעם תהום וואו ער האָט געלעבט מיט זיינע „העלדן" אַרויסגעקומען מיט אַזאַ גייסטיקער גבורה, אַז די יאָרן פון דער שוידערלעכער מאַרטיראָלאָגיע האָבן ביי אים ניט אָוועקגערויבט דעם כוח זיך צו קענען דערהייבן איבער דעם איבערגעלעבטן און פאָרמירן עס קינסטלעריש? לייענענדיק זיינע מייסטערישע בילדער פון געטאָ, זאָגט איר זיך מיט באַוואונדערונג: דאָס אומגלויבלעך־קאָשמאַריקע, גהינומדיקע

לעבן וואָס מאַכט אויך דעם לייענער אויפציטערן און אויפשוידערן, האָט ניט איינגעבראָכן דעם שרייבער, ניט צעקרישלט ביי אים זיין גלויבן וואָס ס׳איז נייטיק פאַר שעפערישער אַרבעט. דער דערציילער האָט אין ים פון פיין געמייסטערט זיין ווערקצייג, געפעסטיקט זיין גלויבן, אַרויסגע־קומען אַ רייכער קינסטלער, מיט אַן אייגענער פילאָסאָפיע, אַן אייגענעם קוק, וואָס שיינט אַרויס פון יעדער שורה זיינער.

אַנדערע געטאָ־דערציילער געבן אונדז לרוב פאָטאָגראַפישע, מיט גרוילדעטאַלן איבערגעלאָדענע בילדער, וואָס ווירקן פיזיאָלאָגיש אויף די נערוועז ניט אויף דער נשמה. דער שרייבער אַליין זאָגט אונדז גאָרנישט. די געשעענישן וואָס ער מאָלט בלייבן אומבאַגרייפלעך, ווייל זיי זיינען ניט מענטשלעכע; זיי זיינען פון „יענער זייט פון גוטס און שלעכטס״. שפיגל מיידט אויס דאָס צו שטאַרקע (וואָס ס׳איז ניט מעגלעך קינסטלעריש אויסצונוצן); צום טראַגישן בילד וואָס ער מאָלט גיט ער צו, אָדער בעסער געזאָגט, ס׳קומט אַרויס ווי ניט קיין באַוואוסטזיניקער פּראָצעס — דעם שרייבערס פּירוש. ניט מיט אַ מוסר־השכל וואָס אַן אַמאָליקער שרייבער פלעגט צולעגן צו זיין סיפּור, נאָר דורך זיינע ספּעציפישע פאַרבן, זיין אייגנאַרטיקער קאָמפּאָזיציע. עס קומט אַרויס ניט גלאָט אַ בילד פון געטאָ לעבן, נאָר אַ שאַיע שפיגל דערציילונג, וואָס האָט אַן אייגענע שפּראַך, טעם און פילאָסאָפיע.

דאָס אומדירעקטע, דאָס ניט אַרויסגעזאָגטע אָדער ניט דערזאָגטע, ווירקט שטאַרקער ווי דאָס דירעקטע. אין שפּיגלס צווייטן געטאָ־בוך איז דאָ אַ דערציילונג „ניקי״. ס׳איז הפנים דער אָנהייב פון דער ממשלת זדון, ווען דער דייטשער מערדער האָט ערשט אויספּרובירט זיינע מער־דערישע הענט.

די דייטשן האָבן געהייסן אָפּגעבן אַלע הינט פון געטאָ, ברענגען זיי צו פירן צו אַ זאַמל־פּלאַץ. אַן אַלטיטשקע, פּירט איר באַליבט הינטל צום אָפּגעצאַמטן פּלאַץ וואו ס׳זיינען פאַרזאַמלט די אַלע צום טויט פאַר־משפּטע הינט. ס׳איז ביי איר די גרעסטע טראַגעדיע. דאָס איז די גאַנצע דערציילונג. אָבער אין דער פּאָעטישער געשיכטע איז דאָ דער גאַנצער טראַגיזם פון גורל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער צום טויט פאַרמשפּטער געטאָ. שפּיגל באַווייזט עס מיט דער אַטמאָספער, וואָס מיט

איר פאַרוועבט ער דאָס בילד, מיט דעם ליכט וואָס ער באַלויכט דאָס גאַנצע, אין דעם מיטלייד־אויפּציטער, מיט וועלכן ער וועקט ביי אונדז די טיפע רעאַלקייט פון דער אַלטיטשקער. זי איז געמאָלן מיט רעמבראַנ־דישן פאַרטיפטן רעאַליזם. מ׳דערמאָנט זיך סעזאַנס אַ זאָג: „אַ מינוט פון לעבן וואָס גייט אַוועק אין זיין גאַנצער רעאַלקייט״. דאָס פילט איר, איז אויך שפּיגלס אַרטיסטישער קרעדאָ. די אויף זיך גענומענע מיסיע פון קינסטלער צו זען און איבערגעבן, האָט מסתמא שפּיגלען געגעבן דעם כוח אַלץ איבערצוטראָגן, אים פאַרפאַנצערט, דערהויבן איבער פער־זענלעכער טראַגיק.

אין קינסטלערישן בילד ווערט דאָס מיאוסע, גרויליקע, אומזיניקע, דערהויבן צום סימבאָלישן. דאָס מיאוסע ווערט טראַגיש שיין און זיין באַדייטונג — פול און סימבאָליש. דאָס גרויליקע ווערט ביים פיזיאָלאָגישן נאַטוראַליסט ניט אויסגעלייזט, ניט אַרויסגעהויבן פון דער ספערע פון גוף אין דער ספערע פון גייסט. אין שפּיגלס דערציילונגען איז דער שוידער און די מיאוסקייט באַשיינט מיט טראַגישער שיינקייט. איר זעט ווי דאָס מיאוסע און נידעריקערע איז געלייטערט געוואָרן אין האַרץ און נשמה פון שרייבער. ער דערציילט מיט איידלקייט וועגן גוואַלדטאַט. דאָס גהינומדיק־ברוטאַלע ווערט באַשיינט דורך יידישער רוחניות, דורך גלויבן און האָפענונג און מיטלייד און אין אומצעשטערבאַרן גלויבן. גלויבן אין וואָס? די פראַגע שטעלן מיר כסדר. מיר צו אים: דו האָסט פאַר אונדז אויסגעמאָלן אַזאַ תהום, אַזאַ דעגראַדאַציע און דיסאינטעגראַציע פון דעם, וואָס מיר רופן מענטשלעך לעבן, אַז מיר זוכן דעם ענטפער ביי אים. מיר זאָגן, פרעגן פאַרוואונדערטע: קאָן מען נאָך אין עפּעס גלויבן? פון שפּיגלס דערציילונגען פון תהום — דאָס איז זייער אַ גרויסער קינסטלערישער און מענטשלעכער אויפטו — שיינט אַרויס אַ ליכט פון גלויבן. גלויבן אין וואָס?

גלויבן אין מענטש, אין אייביקייט פון לעבן. די אייביקייט פון לעבן איז איבער דעם מענטשלעך־פאַרגענגלעכן, איבער אַלעם שלעכטן, צייט־ווייליקן.

דער יידישער גוף איז דערנידעריקט, פאַרמיאוסט, אויפגעשוואָלן פון הונגער. די דייטשן דערלאָזן ניט אַרומוואַשן, טאָן די לעצטע רעכט צו

די מתים — אָבער די צעבליטע, פרילינגדיקע וועלט שיט בלומען אויף די צעפייניקטע גופים, אויף זייער לעצטן וועג.

„דער איינציקער צעבליטער גרינער וועג אין געטאָ האָט געפירט דאָס לעצטע מאָל די געשטאָרבענע אויפן ריינעם פעלד אַרויס... דורך דעם דאָזיקן גרינעם וועג זיינען טאָג־איין טאָג־אויס, פון באַגינען ביזן אויפּגאַנג פון די שטערן געלאָפן די שוואַרצע וועגעלעך. קיין מלווים זיינען דאָ קיינמאָל ניט מיטגעגאַנגען — זיינען די וועגעלעך גיך, גיך געלאָפן מיטן שמאָלן איינזאַמען שטעגל אונטער די צעשפּרייטע און צעבליטע ביימער. אויפן וואָגן דעכל, וואו ס'זיינען געלעגן אונטער אַ גרויס שוואַרץ טוך די שפּיציקע פּנימער פון רונדיק אָנגעלאָפענע גופים, איז אָן אויפהער געפאַלן אַ ווייס און שיטער ביימער־בליעכץ, אָפּגעריסענע, גרינלעכע, נאָר וואָס געבוירענע קנאָספּן און העל־גרינע, יונגע בלעטער, וואָס דער ווינט האָט אין אַ רעגן פון ווייס בליעכץ אַראָפּגעטראָגן פון די ביימער. אינדרויסן, אויפן ריינעם פעלד האָבן די קברנים געמוזט גוט אויסשאָקלען דאָס שוואַרצע צודעק־טוך — אַזוי געדיכט זיינען אַלע פאַלדן געוועזן באַשיט מיט לופטיקן ביימער־בליעכץ״.

„דער פרילינג אין יענעם יאָר איז טאַקע געווען אַ קורצער און באַלד האָט זיך געשטעלט דער זומער. די יידישע קברנים האָבן דערזען, אַז איבער נאַכט איז אויפן פעלד אַלץ געוואָרן גרין. ווען זיי זיינען אַרויס פאַרטאָג אויפן פעלד צוגרייטן די טעגלעכע גריבער, איז דער גאַנצער שטח שוין געלעגן אין גרינס ווי ס'וואָלט שוין געווען העט נאָך שבועות. און אויסטערליש איז דאָס געווען, וואָס אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן זיך אויף די קשאַקעס לעבן די מצבות פלוצים באַוויזן, מתחילת בלאַסלעך גרינלעכע, דערנאָך שוין לייכט פאַררויטלטע די בית־עולם מאַלינעס... ס'האָט ניט לאַנג געדויערט ווי די מאַלינע־קשאַקעס זיינען אַלע געשטאַנען באַוואָרפן מיט אַ גרויס געבענטשט גערעטעניש...״

שפּיגל האָט ניט איינמאָל מעדיטירט וועגן דער דערהויבענער רוחניות, דער שיינקייט וואָס שטייט ביי דעם געפאַלענעם, דעם שוואַכן. ס'איז ביי אים ניטאָ די בטלנישע „אתה־בחרתנושקייט״, די קליינשטעטלדיקע, פון וועלט אָפּגערוקטע פאַנאַטישקייט פון „ס'איז גוט צו זיין אַ ייד״. ער וויל באַגרייפן, פאַרשטיין דעם זין פון קאַמף צווישן פאַרפאַלגער און

פאַרפאַלגטן, דעם דייטש און ייד, ווי עפּעס אַ צוזאַמענשטויס פון צוויי קעגנגעזעצטע כוחות.

„זיי זיינען געשטאַנען איינער אַנטקעגן דעם צווייטן אַ לאַנגע ווײַלע און טיף און דורכדרינגלעך אַריינגעלאָזט די בליקן איינער אינעם צווייטנס אויגען... דער ייד מיט דער צעשויבערטער רויטלעכער שוואַרצקייט פון זיין באָרד, מיט די געדיכט באַברעמטע יידישע ווייכע אויגן, מיט די אָנגעוואָקסענע ווילדע קופּקעלעך שוואַרצע האָר איבערן קאַרק און די גרוילעכע פּאה־פּאַסמעס און סתם באַוואָקסנקייט פון די אויערן־לעכער — בעת דער דייטש איז געשטאַנען אַ ווייסער, אַ דורכזיטיקער, אַ גליטשיקער, ווי אַ פיש און אַן אויסגעשטרעקטער מיט זיין הויכקייט איבערן ייד ווי אַ הילצערנער צעשפּרייטער צלם... זיי זיינען געשטאַנען איינער אַנטקעגן דעם צווייטען ווי טאָג און נאַכט, ווי צוויי באַשעפעניש פון צוויי פרעמדע פּלאַנעטן וואָס האָבן זיך דאָ פּלוצים געטראָפן אויף דער ערד... דער ייד האָט געזען אַז דעם דייטשס אויגן זיינען וואַסערדיק בלוי, ווי חלב און זיינע גלאַטיק בלוילעכע באַקן באַדעקט מיט דינע אָנגעלאָפענע בלוט־שנירלעך. פוןביידענס אויגן וואָס האָבן זיך דאָ אַזוי פּלוצים צוזאַמענ־געטראָפן איז אַנטשטאַנען אַ מין פייערדיקער פונק פון וואָס די ביידע מענטשן האָבן זיך אַ רגע אַ וואַקל געטאָן... אַרום דעם דייטשס חלבנע אויגן האָט ווי אַ מעסער אַ שניט געטאָן אַ צוק וואָס האָט געצאַפּלט מיט שפּאָט, גבורה און באַפעלערישקייט צום דערגעבן־שטייענדיקן ייד ווי איבער אַ פינצטערן קראַנקן וואָרעם... דער ייד האָט אָבער אויסגעהאַלטן דעם דייטשס בליק און נאָר אַ רגע אַ פינטל געטאָן מיט די געדיכט באַברעמטע אויגן... ער איז געשטאַנען לעבן אויסגעצויגענעם דייטש מיט יידישער געבראָכנקייט און הכנעה, אָבער מיט געצווימטער שטילקייט און רו, וואָס קומען פון דורותדיקער געפרואוווטקייט און מיט בטחון אין ענדגילטיקן נצחון פון גאָט אויף דער ערד... די ביידענס בליקן האָבן זיך געקרייצט, איינגעהאַלטן זיך אויף אַ ווייל און אין זייער צוזאַמענטרעף איז געלעגן דער צוזאַמענשטויס פון צוויי באַזונדערע געטער...“

וואָס ס׳איז נאָכמער כאַראַקטעריסטיש פאַר שפּיגלען ווי דאָס מעטאַ־פיזישע זוכעניש, איז אַ שטאַרק געפיל פאַר נאַטור. אפשר איז דאָס זיין ענטפער אויף זיינע פילאָסאָפיש־מעטאַפיזישע זוכענישן. אין זיינע נאַטור־

באַשרייבונגען, וואָס זיינען אַן אינטעגראַלער טייל פון אַלע זיינע דער־ציילונגען, איז דאָ פאַנטעאיסטישע רעליגיאָזיטעט, אַ מיסטיש אַריינלעבן זיך אין דער נאַטור און גלויביק איבערגעבן זיך אין אירע מאַמעשע אָרעמס. אין אַלע דערציילונגען זיינע איז די נאַטור ווי אַ ראַם אָדער הינטערגרונט אויף וועלכען עס שפּילט זיך אָפּ דאָס מענטשלעכע לעבן. דער מענטש איז ווי אַ קליין פליגעלע וואָס צאַפּלט זיך אין נעץ. ער פאַרגייט מיט זיין פּיין און פרייד און דאָס אייביקע לעבן פליסט ווייטער.

אין שפּיגלען וועקט ניט די גלייכגילטיקייט און אכזריות פון לעבן אַן אַכזריותדיקן אָפּרוף, ווי עס טרעפט אַמאָל ביי אַנדערע קינסטלער וואָס ענטפערן אַפילו מיט סאַדיסטישער אַכזריות אויפן אַכזריותדיקן שפּיל פון לעבן. זיין ענטפער איז פאַרשטענדעניש, רחמנות.

דער קברן, וואָס האָט שוין באַגראָבן אַ גאַנצע שטאָט מיט יידן, האָט זיין איינציקע שוועסטער וואָס איז געשטאָרבן אין געטאָ, אַריינגעשריען אין פּנים: „זיי רואיק, צירל, כ׳וועל זי אָפּהיטן דיין מינדלען... ער האָט אַפילו לייכט אַרויפגעלייגט זיין פינגער איבער איר האַלב אָפן אויג... פון אויג האָט אַרויסגעקוקט אַ פאַרגליווערטער און צעגאָסענער שוואַר־צאַפּל ווי אַ צעטרעטענע פלוים... דאָס אויג האָט צו אים אַרויפגעשמייכלט מיט טרייסט און פאַרבאָרגענער ליכטיקייט...״

דער קברן גייט מיט אַ טלית זעקל אָנגעפולט מיט מאַלינעס פאַר דער יתומה.

„אַ טונקעלע וואַרעמע בענקעניש האָט זיך געצויגן פון זיין פאַר־וואָקסן האַרץ צו די טויטן־בערגלעך וואָס זיינען געלעגן אַרומגערינגלט מיט בליעכץ... איצט איז דער וועג געווען משופּעדיק און אַריינגעפאַלן אין אַ שמאָל געסל. אויףביידע זייטן האָבן זיך געלעגט פּרוכנעוואַטע קראַנקע הייזעלעך. לעבן אַ שוועל זיינען געזעסן עטלעכע קינדער. אַז זיי האָבן דערזען דעם זקן מיט דער צעפּאַטעלטער באָרד זיינען זיי צו אים צוגעשפּרונגען, אַרומגעכאַפּט אים ביי די צעפלאַטערטע פּאָלעס און אויסגעשטרעקט זייערע דאַרע דורכזיכטיקע הענטלעך. די קינדערס אויגן גרויסע און אָפענע האָבן פון זיך געגאָסן אַ שאָטנהאַפטיקן, גרינעם שימער וואָס קומט פון הונגערגעשווילעכץ...״

שאַיע שפּיגל האָט זיך געראַטעוועט פון די מערדער און איז איצט אין ישראל. ער איז זייער אַ גרויס געווינס פאַר דער יידישער ליטעראַטור.
„פרייע אַרבעטער־שטימע״, 19.12.1952

**נח גריס** (1902—1985)

# דער זעלטענער דערציילער פון חורבן

ווען מען האָט אין מדינת ישראל געפייערט אין יאָר 1966 ישעיהו שפּיגלס 60סטן געבוירנטאָג, האָט שלמה ביקל, איינער פון די באַטייטיקסטע עסייִסטן פון אונדזער צייט, באַגריסט דעם יובילאַר מיט פּאַלגנדיקע ווערטער: „עס איז נישט בלויז שפּיגלס יום־טוב, נאָר אויך באמת אַ גרויסער יום־טוב פאַרן ייִדישן וואָרט. וואָרעם ישעיהו שפּיגל איז היינט־צו־טאָג איינער פון די סאַמע וויכטיקסטע פּראָזע־מייסטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור. הינטער שפּיגלס דערציילונגען מיט זייער לירישן ציטער פון סיפּור המעשה און מיט זייערע ווונדערלעכע נאַטורגעמעלן, שטייט אַ שרייבערישע פּערזענלעכקייט מיט אַן אַליין פאַרהאַרעוועטן בליק אויף לעבן, אויף מענטשן און אויף באַציִונגען צווישן מענטשן״. (ש. ביקל, „שרייבער פון מײַן דור״, באַנד 3).

אין דער דאָזיקער באַגריסונג איז געזאָגט געוואָרן דער עיקר. זייט דעמאָלט זיינען פאַרביי נאָך אַ פּאָר יאָר, בעת וועלכע ישעיהו שפּיגל האָט ווייטער געשאַפן, און אויב ביז דעמאָלט האָט ער געהאַט באַקומען עטלעכע, ערלעך פאַרדינטע, ליטעראַרישע פּרעמיעס, האָט ער אין 1972 באַקומען נאָך איינע, די דערהייבנדיקסטע, וואָס אַ ייִדישער שרייבער קאָן דערוואַרטן: די זייער חשובע מאַנגער־פּרעמיע.

---

פון בוך: נח גריס — „פון פינצטערניש צו ליכט״, ישעיהו שפּיגל אין זיין ווערק (עסייען), פאַרלאַג „ישראל־בוך״, 1974.

ישעיהו שפיגל איז אויך הויך אָפּגעשאַצט געוואָרן נישט בלויז אין ייִדיש און עברית. זיינע באַזונדערע דערציילונגען און לידער זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין מערערע שפּראַכן און אַריינגענומען אין פאַרשיידענע אַנטאָלאָגיעס. דער גרויסער, אָנגעזעענער פראַנצייזישער פאַרלאַג גאַלימאַר איז צוגעטרעטן אַרויסצוגעבן זיינע עטלעכע פּראָזע־ווערק. אָנהייב 1973 איז דערשינען זיין ראָמאַן „פלאַמען פון דער ערד" אין דער שיינער איבערזעצונג פון רחל ערטעל. די ווייטערדיקע ווערק דאַרפן זיין: דער ראָמאַן „שטיגן צום הימל" און אַ באַנד געטאָ־נאָוועלן.

ביי אונדז, אין פראַנקרייך, ווו דער שרייבער האָט זיך אויפגעהאַלטן, נאָך אַ קוראַציע אין דער שווייץ, אין האַרבסט 1972, איז ער ווייניקער באַקאַנט ווי אין מדינת ישׂראל, ווו ער לעבט און שאַפט זינט 1951 און ווו עס דערשיינען זיינע ביכער אין ייִדיש און אויך אין דער העברעיִשער איבערזעצונג. הגם מען מוז זאָגן, אַז אויך אין פראַנקרייך, און נישט בלויז דאָ, נאָר אויך אין דער גאַנצער ייִדיש־וועלט, ווו ס'איז נאָר פאַראַן דער אָפּנעמער פון ייִדיש־שאַפן, זיינען די ווערק פון ישעיהו שפּיגל גוט באַקאַנט און פאַרנעמען אַ גאָר הויכע פּאָזיציע אין דער ייִדישער ליטעראַטור נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מיר איז אויסגעקומען צו לייענען אַן אינטערעסאַנטן אינטערוויו מיט ישעיהו שפּיגלען פון אַ יונגן העברעיִשן שרייבער צי זשורנאַליסט יצחק לבטוב אין דער צייטונג „למרחב" (2.4.1971). ער שרייבט, אַז זייענדיק אַ סאַברע האָט ער זיך נישט שטאַרק געריסן צו לייענען די ייִדיש־שרייבערס. אָבער ווען ער האָט זיי געלייענט אין איבערזעצונגען און געזען זייערע נעמען אויך אין ענגלישע אַנטאָלאָגיעס, האָט אים אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק: אויב זיי, די ייִדישע שרייבערס, זיינען גוט פאַר פרעמדע, זיינען זיי אוודאי און אוודאי אויך גוט פאַר אונדז...

כּדי זיך צו פאַרבינדן מיט ישעיהו שפּיגלען האָט ער אָנגעפרעגט ביים אַמעריקאַנער רעדאַקטאָר פון אַן אַנטאָלאָגיע וועגן שפּיגלס אַדרעס. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז זיי ביידע וווינען גאָר אין שכנותדיקע גאַסן. און דער העברעיִשער שרייבער גיט צו: „ואני לא ידעתי!" — טייטש: „און דאָס האָב איך נישט געוווּסט".

דער „אני לא ידעתי" איז כאַראַקטעריסטיש און סימבאָליש.

כאַראַקטעריסטיש, ווייל לבטוב איז נישט דער איינציקער, וואָס זוכט אין חצות די זון. סימבאָליש, ווייל מיר זעען, אַז גוטע ליטעראַטור שלאָגט זיך פריִער צי שפּעטער דורך אַ וועג צום ערנסטן לייענער.

ווענדנדיק דערנענטערן ישעיהו שפּיגלען ווי אַ שאָפער צום לייענער דאַרפן מיר געבן ענטפערס אויף די פאָלגנדיקע פיר פראַגן: ווער איז ישעיהו שפּיגל? וואָס אַזוינס שטעלט מיט זיך פאָר זיין שאַפונג? וועלכער איז זיין גאַנג אין דער ליטעראַטור? וואָס פאַר אַן אָרט פאַרנעמט ער אין דער ייִדישער ליטעראַטור?

מיר ווען זיך באַמיִען, לויט אונדזערע מעגלעכקייטן, צו געבן באַשייד.

ווער איז ישעיהו שפּיגל? וועגן זיינע קינדער־יאָרן אין לאָדזשער אָרעמען באַלוט האָט ער אָנגעשריבן אַ וווּנדערלעך אויטאָביאָגראַפיש ווערק „שטיגן צום הימל", וואָס איז זיך אין דער העברעיִשער איבער־זעצונג פונאַנדערגעגאַנגען אין קרוב 30.000 עקזעמפּלאַרן. פון דאָזיקן בוך, ווי אויך פון זלמן רייזענס „לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַ־טור, פּרעסע און פילאָלאָגיע" (דערשינען אין יאָר 1927), דערוויסן מיר זיך אַז ישעיהו שפּיגל איז אַ קינד פון דער ייִדישער באַלוטער אָרעמקייט. בלויז אַדאַנק זיין שטאַרקן ווילן האָט ער באַוויזן שוין בעת זיין רייפער יוגנט אין אַ געוויסער מאָס צו שטילן זיין דאָרשט נאָך וויסן. ער איז געוואָרן אַ לערער אין אַ ייִדיש־שול.

זיין דראַנג צו שאַפן ווערט באַווירקט דורך דער אַטמאָספערע, וואָס האָט געהערשט אין הויז פונעם ייִדיש־העברעיִשן פּאָעט יצחק קאַצע־נעלסאָן. דאָרט טרעפט ער זיך מיט דיכטערס און שרייבערס, צווישן אַנדערע מיט י. י. טרונק. זעלטן־פּרעכטיקע, מיט וואַרעמע קאָלירן גע־מאָלענע געשטאַלטן פון יענער תקופה געפינען מיר אין זיין ערשטן באַנד ליטעראַרישע עסייען „געשטאַלטן און פּראָפילן" (דערשינען 1971), וואָס פאַרמאָגן אויך פיל אויטאָביאָגראַפישע עלעמענטן. דאָס עסייען־בוך „גע־שטאַלטן און פּראָפילן" וועלן מיר באַזונדער באַהאַנדלען.

פון אַ קורצער ביאָגראַפישער נאָטיץ ווייסן מיר, אַז בעת עס ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה ווערט ישעיהו שפּיגל פאַרשפּאַרט אין לאָדזשער געטאָ, וווּ ער פאַרבלייבט ביזן סוף. אין אויגוסט 1944, בעת

דער ליקווידאַציע פון געטאָ, ווערט ער טראַנספּאָרטירט קיין אוישוויץ. פון דאַנען ווערט ער איבערגעפירט קיין דייטשלאַנד אין אַרבעט־לאַגערן, ווו ער ווערט באַפרייט דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי אָנהייב מײַ 1945.

אין יוני 1945 קומט ישעיהו שפּיגל צוריק קיין לאָדזש, ווו ער אַרבעט אַלס לערער אין דער ניי־געשאַפענער יידישער פּרץ־שול. 1951 פאַרלאָזט ער פּוילן, כּדי זיך צו באַזעצן אין מדינת ישראל. דאָ אַרבעט ער אויף אַ רעגירונג־שטעל, ביז ער גייט פּריצייטיק אַוועק אויף עמעריטור.

נאָכן אויסשעפּן די ערשטע פראַגע זע איך, אַז זי איז נאָך נישט פולשטענדיק פאַרענטפערט. מיר האָבן ביז איצט גערעדט בלויז וועגן טרוקענע ביאָגראַפישע פאַקטן. אָבער אַ מענטש, און בעיקר אַ קינסטלער, לאָזט זיך דערקענען דורך זיינע מעשׂים און ווערק. מוזן מיר דעריבער ענטפערן אויף דער צווייטער פראַגע, כּדי אויך די ערשטע זאָל זיין פאַרענטפערט.

מיט איבער 50 יאָר צוריק, אין יאָר 1922, האָט דער דעמאָלט 16־יעריקער ישעיהו שפּיגל, אָפּגעדרוקט זיינע ערשטע לירישע לידער אין אַ לאָדזשער צייטונג. אין בוכפאָרעם איז זיין ערשטע לידער־זאַמלונג „מיטן פּנים צו דער זון" דערשינען אין יאָר 1930.

ישעיהו שפּיגל ווי אַ דיכטער שטרעבט אַקעגנצוגיין צו דער זון, וויסנדיק וויפל שוועריקייטן, וויפל צער ער וועט אָנטרעפן אויפן וועג. די זאַמלונג „מיטן פּנים צו דער זון" ענדיקט זיך מיט אַזאַ סטראָפע:

„אַצינד קאָן קיינער מיך נישט מער פאַרשטיין, אַ גאָט,
פאַרוואָס איך טראָג די קללה פון אָפּטריניקייט
און שפּאָט,
פאַרוואָס איך בין אַוועקגעגאַנגען פון מיין אָרעמען
און פראָסטן שטאָם
און ווי אַ בלינדער, וואָס גייט מיטן פּנים צו דער זון,
גיי איך אַהין, אַהין, ווו ס'איז קיין פרידן קיין מאָל
נישט פאַראַן".

די דאָזיקע סטראָפע איז אַ נביאישע, ווייל נישט רעכענענדיק ישעיהו שפּיגלס אָן איבערזעצונג פון לאָרד בייראָנס „קין", וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן אין פאַרלאַג „ליטעראַרישע בלעטער" אין יאָר 1939, ערב דעם

מלחמה אויסברוך, האָט זיין גאַנצע שאַפונג אין משך פון די מלחמה־יאָרן, און אויך שפּעטער, פאַר אַן עיקר־טעמע די דייטשע אָקופּאַציע, די ליידן פון אונדזער פאָלק בעת די יאָרן פון אומקום.

עס שטעלט זיך די פראַגע; צי קאָן מען ישעיהו שפּיגלס ווערק קוואַליפיצירן ווי אַ צוגעהעריקע צו דער אַזוי גערופענער חורבן־ליטע־ראַטור?

ישעיהו שפּיגל האָט ס'רוב פון זיינע דערציילונגען און לידער געשריבן אין געטאָ גופא. ער איז דאָרט געווען אויך צווישן די גרינדער פונעם שרייבער־קרייז, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דער דיכטערין מרים אולי־נאָווער. צוזאַמען מיט נאָך צוויי שרייבער איז ער געווען אין אַ דעלעגאַציע ביים ייִדן־עלטסטן רומקאָווסקי, ער זאָל, ווי עס שרייבט ישעיה טרונק אין זיין אַרבעט „לאָדזשער געטאָ", (אַרויסגעגעבן דורכן ייִוואָ אין 1962):
„נעמען אין שוץ אונדזער קליינע ליטעראַרישע משפּחה און זי פאַרהיטן פון וויטערדיקן נע־ונד, בכדי זי זאָל רויִק קאָנען טאָן איר אַרבעט".

ישעיהו שפּיגל האָט זיין אַרבעט געטאָן. אָבער דער „ייִדן־עלטסטער" רומקאָווסקי האָט געפּסלט צוויי וויגלידער פון שפּיגלען, נישט דערלויבט זיי צו זינגען אויף אַ קאָנצערט און אים געדראָט מיט רעפּרעסיעס, ווייל דער דיכטער האָט צווישן אַנדערס געשריבן:

„מאַך צו די אייגעלעך,
אַט קומען פייגעלעך,
און קרייזן דאָ אַרום צוקאָפּנס פון דיין וויג.
דאָס פּעקל אין דער האַנט,
דאָס הויז אין אַש און בראַנד —
מיר לאָזן זיך, מיין קינד, זוכן גליק".

אָט די ידיעה וועגן פאַרבאָט פון די לידער ברענגט שמערקע קאַ־טשערגינסקי אין זיין בוך „לידער פון די געטאָס".

פאַרן פאַרטרייבן אים קיין אוישוויץ האָט ישעיהו שפּיגל פאַרגראָבן אין אַ קעלער אַלע זיינע שריפטן, געשאַפענע אין געטאָ. דער גורל האָט געוואָלט, אַז צוריקקערנדיק זיך פון גלות דייטשלאַנד, האָט ער אויסגע־גראָבן אַ טייל פון די בלעטער און זיי פאַרעפנטלעכט אין אַ זאַמלונג נאָוועלן א. נ. „מלכות געטאָ". דאָס איז באמת געווען — ווי עס שרייבט

יעקב גלאַטשטיין — „אַ מעטעאָריש בוך" באַלד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. נאָך „מלכות געטאָ" זענען געקומען אַנדערע נאָוועלן־זאַמלונגען ווי: „שטערן איבערן געטאָ", „מענטשן אין תהום", „ווינט און וואָרצלען" און אַנדערע.

די אַלע דערציילונגען, ווי אויך דער געטאָ־ראָמאַן „פלאַמען פון דער ערד" (וואָס מיר וועלן באַהאַנדלען באַזונדער) געהערן נישט, לויט מיין מיינונג, צו דער א. ג. חורבן־ליטעראַטור — אויב מיר לייגן אַריין אין באַגריף „ליטעראַטור" עפּעס מער און גייסטיק־דערהייבנדיקס, אַזוינס, וואָס עס גיט אונדז די אמתע קונסט. פאַר חורבן־שריפטום, קאָן מען באַטראַכטן, לדעתי, אויסשליסלעך אַזעלכע ביכער, וואָס טראָגן אַ ריין־דאָקומענטאַלן כאַראַקטער ווי: זכרונות, כראָניקעס, גבית עדות, וואָס גיבן איבער די איבערלעבונגען פון אונדזער פאָלק אונטער דער נאַצי־הערשאַפט. צו דעם מין געהערן אויך די הונדערטער יזכּור־ביכער, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן דורך די לאַנדסמאַנשאַפטן פון די חרובע שטעט און שטעטלעך און די טאָגביכער פון אַננאַ פראַנק, דוד ראַבינאָוויטש, פּרץ גאָלדשטיין, עמנואל רינגעלבלום אאַ"וו.

ישעיהו שפּיגלס דערציילונגען געהערן שוין אָבער צו דער קינסט־לערישער ליטעראַטור אין עקזאַקטן זין פון דאָזיקן וואָרט, הגם פאַר אַ פאָן דינט אים די חורבן־תקופה. די שוידער־יאָרן זייבען פאַר אים בלויז דער היסטאָרישער שטאָף, פון וואָס ער קנעט־אויס זיינע קינסטלע־רישע דערציילונגען. פאַרן שרייבער־קינסטלער איז נישט פאַראַן קיין באַגרענעצונג אין דער טעמאַטיק און ישעיהו שפּיגל וואָלט פיל גליק־לעכער געווען ווען דער גורל באַשערט אים מיט אַן אַנדערער טעמאַטיק, וואָרעם דאָס פייער פון שאַפן האָט סיי ווי אין אים געגליט. אַ שרייבער קאָן אויסוויילן אַלס טעמע מלחמה, ליבע, גורל פון יחידים, משפּחה־באַציִונגען אאַ"וו. אָבער נישט די טעמע דעצידירט וועגן דער צוגע־העריקייט פון בוך צו דער שיינער ליטעראַטור. דאָ קומען שוין אין באַטראַכט גאָר אַנדערע אייגנשאַפטן פונעם ווערק.

אַזוי אַרום קומען מיר איצט צו דער דריטער פראַגע וועגן ישעיהו שפּיגלס גאַנג אין דער ליטעראַטור. מען האָט פראָבירט צו פאַרגלייכן ישעיהו שפּיגלען צו אַנדערע שרייבערס ווי: צו די אייראָפּעיִשע נאַטור־

ראַליסטן, צו ביאַליקן, אין שייכות מיט די קינדער־אַנטפּלעקונגען אין זייערע ווערק, צום ענגלישן שרייבער דזשויס און אַנדערע. די אַלע פאַרגלייכן זיינען גאָר נישט בכּוח אונדז אויפצוקלערן. אמת, יעדער שאַפער קאָן פאַרמאָגן באַשטימטע עלעמענטן און אייגנשאַפטן וואָס זיינען אויך אייגן אַנדערע שרייבערס. דאָס וויל אָבער נישט זאָגן, אַז זיי זיינען צו זיך ענלעך. עס זיינען פאַראַן אַלגעמיינע, אָביעקטיווע ענלעכקייטן ווי למשל: באַנוצן ענלעכע אויסדרוקן, קאָנווענציאָנעלע פאַרגלייכן, אימאַזשן, כדי צו שאַפן די אַטמאָספער פון קונסט — צי הייסט דאָס, אַז די שרייבערס זיינען זיך ענלעך?

ריידנדיק וועגן דער יצירה פון ישעיהו שפּיגל מוזן מיר דערמאָנען זיינע אייגענע, קרישטאַליקע שורות פון זיין עסיי: „די לעגענדע פון דער געטאָ־יצירה", אַז „די מענטשלעכע פּעדער און דאָס האַרץ זיינען נישט בכּוח אויסצוטראָגן און איבערצוגעבן דעם טראַגישן היקף פון עם אומגליק. עס זיינען פאַראַן געשעענישן און אַזעלכע נאַציאָנאַלע קאַטאַ־קליזמען, וואָס שטייגן איבער יעדן מענטשלעכן דמיון. די ליטעראַטור פון דער געטאָ־תקופה, איר סטיל אָדער סטיללאָזיקייט, איר טרייסטנדיק וואָרט אָדער פינצטער שווייגן, איר פאַרשעמט ליכט אָדער גיפטיקער שאָטן — דאָס אַלץ האָט נישט געהאַט קיין שום פאָרגייער, קיין שום „ערשטע", וואָס זאָלן מיט שפּראַך אָדער וויזיע קאָנען עפענען די טויערן פון יידישן גיהנום. דער געטאָ־שרייבער האָט דעריבער נישט געקאָנט זיין קיין עפּיגאָן (אונטערגעשטראָכן דורך ג. ג.), וואָרעם דאָס ערשטע מאָל איז דאָ זיין שאַפערישער איך געבליבן שטיין פאַרבליפט און דערשראָקן, פאַרלוירן אין זיין אוממעכטיקייט, אַנטקעגן דעם אומבאַ־שיידבאַרן און איראַציאָנעלן". (פאַרעפנטלעכט אין „ישראל־שטימע" 15 יוני 1966).

עס ווערט דערפון קלאָר, אַז ישעיהו שפּיגל לאָזט זיך נישט פאַר־גלייכן צו קיינעם. ער איז אייגנאַרטיק אין זיין אופן פון באַנעמען די וועלט, פון זיין רעאַגירן אויף דערשיינונגען און ממילא — אין זייער קינסטלערישער פאַרווירקלעכונג און אינטערפּרעטאַציע.

מען וואָלט באַדאַרפט אַנאַליזירן אַ גאַנצע ריי עלעמענטן פון ישעיהו שפּיגלס קונסט אויפן סמך פון זיינע ווערק: די וווּנדערלעכע געמאָלטע

נאַטורבילדער ווי באַגלייטנדיקע באַשטאַנד־טיילן פון זיין סיפּור־המעשה. דער ריטעם פון זיין דערציילן איז אַ באַדאַכטער, אַ פּאַמעלעכער, מיט אַן אינערלעך האַרמאָנישער גאַנצקייט, וואָס שפּיגלט־אָפּ דעם שרייבערס געמיט און אַזוי אַרום שאַפט ער די שטימונג, אַטמאָספער און טעמפּע־ראַטור ביים לייענער. דאָס בכּיוונדיקע אויסמיידן ברוטאַלע, דראַסטישע אָדער מאַקאַברישע סצענעס, ווייל זיי אַלע פאַרמאָגן אַן אַנטי־הומאַניטאַרן כאַראַקטער און זיינען פרעמד ישעיהו שפּיגלען אַלס שרייבער. ער איז דורכויס פון זיין נאַטור אַ הומאַניסט. אַנשטאָט צו ווייזן, למשל, ווי מען שיסט אַ מענטשן, באַגנוגנט ער זיך בלויז מיט אַן עכאָ פון אַ שאָס, ווי צום ביישפּיל אין דער נאָוועלע „פאַרן זונאויפגאַנג״ און אויך אין פיל אַנדערע נאָוועלן.

עס בעט זיך ממש אַן אויספירלעכע שטודיע וועגן דער קינדער־טעמאַטיק אין ישעיהו שפּיגלס געטאָ־שאַפן. גענוג בלויז צו דערמאָנען די דערציילונג „וואָס וועט זיין מיטן בוים״ (פון בוך „ווינט און וואָרצ־לען״, ציקאָ, ניו־יאָרק 1954), ווו אַ ייִדיש קינד זאָרגט זיך וואָס וועט זיין מיטן שאָטן פון אַ בוים, וואָס פאַלט אויף דער וואַנט פון זייער געטאָ־שטוב. בעת דאָס ייִנגעלע גייט מיט זיינע עלטערן צום אומקום־גורל, לעכצט ער נאָך אַ לעבעדיק געוויקס — זאָל עס אַפילו זיין בלויז אַ שאָטן פון אַ בוים. נאָר דאָס פאַרנעמט דעם קינד זיינע לעצטע מחשבות: די בענקעניש נאָכן בוים און דער גורל פונעם בוים־שאָטן. (זע אויך די נאָוועלן „ברויט״, „בליעכץ״ — א. א., וואָס זייער טעמע איז די קינדערוועלט בעתן חורבן).

ישעיהו שפּיגלס קוק אויף גערעכטיקייט און זיין טיף־מענטשלעכער, ייִדישער הומאַניזם איז נישט אויסגעקרומט געוואָרן דורך זיינע פּערזענלעכע גרויל־איבערלעבונגען. להיפך: די ליידן האָבן אויסגעלייטערט זיינע געפילן און נאָך מער פאַראיידלט די דיכטערישע נשמה. מיר געפינען אויך אַ גאַנצע גאַלעריע פון נישט־ייִדן אין זיינע ווערק, פּאָלאַקן און דייטשן, וואָס האָבן נישט פאַרשעמט דעם מין מענטש מיט זייערע האַנד־לונגען. ווי אַ ביישפּיל קאָן דינען די דערציילונג „די משפּחה ליפּשיץ גייט אין געטאָ״ (פון בוך „ליכט פונעם אָפּגרונט״ ציקאָ־פאַרלאַג, 1952),

ווי מיר באַגעגענען די פּוילישע דינסט מאַריאַננאַ שיוועק: זי וויל זיך נישט שיידן מיט אירע ייִדישע באַלעבאַטים, גייט צוזאַמען מיט זיי אין געטאָ אַריין, נייט זיך צו אַ געלן מגן־דוד אויף איר מלבוש און טיילט מיט זיי דעם ביטערן גורל. כדאַי אויך צו דערמאָנען די נאָוועלע „אין טירינגער וואַלד", ווו אַ דייטשע פרוי פאַרבעט אַן אַנטלאָפענעם „העפטלינג" צו זיך, וואַשט זיינע וווּנדן, גיט אים ריינע וועש פון איר געפאַלענעם מאַן, לאָזט אים איבערנעכטיקן און צום אָפּשייד גיט זי אים אַ רוקזאַק צוגערויבטע ייִדישע חפצים און צירונג, וואָס איר זון האָט „מיטגעבראַכט" פון פּוילן. זי קאָן נישט רויִק לעבן, וויסנדיק אַז ביי איר אין שטוב געפינען זיך זאַכן, וואָס שטאַמען פון אומרייניע קוועלן. ווי אַ לעצטן ביישפּיל איז כדאַי צו דערמאָנען די נאָוועלע „קאַלציום": אַ דייטשער סאָלדאַט — פון די געטאָ־שומרים — באַזאָרגט קאַלציום פאַר אַ שווינדזוכט־קראַנקער פרוי, וואָס געפינט זיך אין געטאָ, ווו דער דאָזיקער מעדיקאַ־מענט איז נישט בנמצא.

ישעיהו שפּיגלס אַלע דערציילונגען פון חורבן זיינען אינטערעסאַנט און באַלערעוודיק אויך פון ריין־היסטאָרישן, טראַגישן אמת, פּונקט ווי עס זיינען אינטערעסאַנט און באַלערעוודיק די הונדערטער אַנדערע ביכער, וואָס שילדערן פאַר אונדז די שוידערלעכע אומקום־תקופה. מיר האָבן אָבער דאָ אַ וועזנטלעכע באַוואָרעניש: הינטער ישעיהו שפּיגלס דערציילונ־גען געפינט זיך אַ זעלטענער שרייבער, וועלכער איז באַשאָנקען מיט אַזאַ פונק, וואָס פאַרוואַנדלט די טראַגישע פּאַסירונגען אין גרויסע קינסטלערישע ווערק. די פּשוטסטע געשיכטע אָדער פּאַסירונג, באַקומט אין שפּיגלס שילדערונג גאָר אַנדערע אויסמעסטן. ביי אים איז תמיד פאַראַן אַ דינאַמישע, טיפע פילעוודיקייט אינעם סאַמע טראַגישסטן — און דעריבער איז אַלץ ביי אים צאַפּלדיק און לעבעדיק, אַפילו ווען סיי די געשטאַלטן און סיי די דוממים — שיינען צו זיין שוין לאַנג טויט און געהערן שוין לחלוטין נישט צו אונדזער ערד.

די קינסטלערישע מיטלען, מיט וועלכע דער שרייבער באַנוצט זיך, זיין וואַרעמע און רייכע שפּראַך, די פּרעכטיקע נאַטור־בילדער, די דער־הויבענע געפילן — דאָס אַלץ איז צו געפינען אין יעדער דערציילונג

זייַנער און יעדע דערציילונג פֿאַרדינט מען זאָל וועגן איר שרייַבן באַזונדער.

בלייַבט די פּערטע פֿראַגע, וועגן ישעיהו שפּיגלס אָרט אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

ביז איצט האָט ישעיהו שפּיגל פֿאַרעפֿנטלעכט צוויי זאַמלונגען לידער, איין בוך ליט. עסייען און 9 פּראָזע־ביכער. ער איז פֿון די גאָר געציילטע שרייַבערס, וואָס האָט דורכגעמאַכט געטאָ־גיהנום און לאַגער־גיהנום און וועלכער באַזיצט די קינסטלערישע מיטלען צו שילדערן דאָס דאָזיקע גיהנום אויף אַזאַ הויכן ניוואָ.

ס׳איז כדאי לסוף צו דערמאָנען דאָ אַ ציטאַטע פֿון איינעם פֿון אונדזערע בעסטע ליטעראַטור־קענער און עסייִסטן־קריטיקער — יעקב גלאַטשטיין, וועלכער ציטירט אַ פֿראַגמענט פֿון שפּיגלס אַ דערציילונג אד׳ט „דער ייִד פֿון בית־עולם”. יעקב גלאַטשטיין פֿאַרענדיקט זיין עסיי וועגן דער אַ נאָוועלע מיט די ווערטער „אַז דער דאָזיקער פֿראַגמענט אַליין ווייַזט שוין סימנים פֿון מענטשלעכער און קינסטלערישער גרויס־קייט. ער וועקט אין אונדז אויף אַ געפֿיל פֿון דאַנקבאַרקייט צו די טראַגישע באַדינגונגען, וואָס האָבן אָפּגעראַטעוועט פֿאַר אונדז אַזעלכע ייִדישע ווערטער. ווערטער, וואָס וועלן געלייענט ווערן מיט אַ הייליקן ציטער אַזוי לאַנג ווי דאָס ייִדישע פֿאָלק וועט לעבן”. (אין תוך גענומען, ניו־יאָרק 1956).

די דאָזיקע ווערטער יעקב גלאַטשטיינס וועקן־אויף אין ייִדישן לייענער אַחוץ דאָס געפֿיל פֿון דאַנקבאַרקייט צום גורל, וואָס האָט פֿאַרשוינט דעם מענטשן און שרייבער פֿון פֿאַרטיליקונג, נאָר מיר שטייען פֿאַרבליפֿט פֿונעם גרויסן עפּישן כוח, וואָס דער דאָזיקער ניצול־געוואָרענער שרייבער האָט אונדז צוגעטראָגן מיט זיינע געטאָ־נאָוועלן, צוזאַמען מיטן ליכט, וואָס האָט זיך נישט איינגעלאָשן אין דער טיפֿסטער פֿינצטערניש בעתן חורבן.

ב.

# אין פאַרפישופטן קינדערלאַנד *

קיין איין בוך פון ישעיהו שפּיגל האָט נישט גורם געווען אַזוי פיל ספקות בנוגע דער קלאַסיפיקאַציע פון ליטעראַרישן מין ווי זיין ווערק „שטיגן צום הימל".

אין דער ווידמונג פאַר זיין „טעכטערל עווא, וואָס איז אויסגעגאַנגען אין געטאָ" באַצייכנט דער מחבר אַליין די „שטיגן צום הימל" ווי „אַ בוך פון אויטאָביאָגראַפישער וואָר און דמיון". דורך דער דאָזיקער באַצייכענונג ווערן צעשטערט אַלע אָנגענומענע כּללים וועגן ליטעראַרישער צוגעהעריקייט.

„אויטאָביאָגראַפישע וואָר" — וויל זאָגן, אַז דאָס האָבן מיר צו טאָן מיט אַ בוך וועגן רעאַלע פּאַסירונגען אין לעבנסגאַנג פון שרייבער.

און „דמיון"? דאָ מישט זיך שוין אַריין די מוזע, דעם שרייבערס אינספּיראַציע און באַגייסטערונג און זיי דיקטירן די בילדער, פּאַרגלייכן, סיטואַציעס, וואָס זיינען ווייט פון רעאַליטעט.

צי איז דאָס אָבער אויך נישט קיין וואָר? דיכטערישע וואָר?

די „שטיגן צום הימל" פאַרמאָגן אָן אַ שיעור עלעמענטן, וואָס דער־לויבן אונדז צו באַטראַכטן דאָס בוך ווי אַ ראָמאַן.

דער פאַקט פון אַרויסרוקן דורכן מחבר דעם עמאָציאָנעלן מאָמענט און דורכפלעכטן אים מיט עראָטישע, הגם זייער דיסקרעטע, ריינע און אומשולדיקע איבערלעבונגען; דאָס פאַראַנען־זיין פון אַ העלד, וועלכער טרעט אויף פון אָנהייב ביזן סוף און אַרום וועמען עס שפּילט זיך אָפּ דער גאַנצער סיפור־המעשה; די ברייטע סאָציאַלע קאַנווע פון דער דערציילונג — אַלץ דאָס צוזאַמען און מעגלעך, אַז נאָך אַנדערע עלעמענטן, זאָגן עדות, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ ראָמאַן אין פולן זין פון וואָרט לויטן אָנגענומענעם קלאַסישן מוסטער.

---

* וועגן „שטיגן צום הימל", ראָמאַן, י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, 1966, ז. 329. אויך דערשינען אין העברעיש, פאַרלאַג „עם־עובד" — ספריה לעם; איבער־זעצונג: א. ד. שפיר, 1970.

עס דאַרף אונדז נישט וווּנדערן — וואָרעם אַ לעבן קאָן זיין אויך אַ ראָמאַן, פּונקט ווי אַ ראָמאַן שפּיגלט אָפּ דאָס לעבן גופא.

אַלע אין בוך באַריִרטע פּראָבלעמען זיינען אָפּט וויכטיק, אָבער אין אונדזער פאַל האָט דער מחבר, אַדאַנק זיין קינסטלערישער קראַפט, שאַפע־רישער פאַנטאַזיע און טיפן אַריינדרינגען אין דער קינדער־פּסיכאָלאָגיע, אויפגעבויט אַ ליטעראַרישן בנין, וואָס איז איינציק אין זיין מין. מען האָט דעם איינדרוק, אַז פּאַר אונדז געפינט זיך אַ ווערק פון אַ יאַנוש קאָרטשאַק, וועמענס טיפע קענטעניש פון דער קינדערשער נשמה האָט דיקטירט זיינע בעלעטריסטישע ווערק, ווי זיי וואָלטן געווען דערציילט פון די קינדער גופא.

בעת ער האָט זיך אַריינגעלעבט אין דער נשמה פון קינד האָט ישעיהו שפּיגל אַרויסגעוויזן אַן אומגעהייער שטאַרקע אינטויִציע, וואָס ווערט באַשטעטיקט דורך די אומצאָליקע פראַגן, ווי דאָס טוען די קינדער, כדי צו דערגיין די סודות פון דערוואַקסענע. פאַרן קינד איז אַלץ געווען ניי און די שאלות האָבן געהאַט פאַר אַ ציל צו באַקומען אויפקלע־רונגען מצד די דערוואַקסענע וועגן אַלץ, וואָס טוט זיך אַרום אים.

און געטאָן האָט זיך זייער אַ סך.

פאַר אונדזערע אויגן וויקלט זיך פונאַנדער אַ פילם פון אַ גראַנדיעזער דלות־עפּאָפּעע, וועמענס „העלדן" עס זיינען די קנאַפּע דריי צענדליק קרובים און שכנים פון זיבן־יעריקן שאַיעלע. ווען מיר זאָלן קוקן מיט די זעלבע אויגן ווי דער פאַרחלומטער שאַיעלע, וואָלטן מיר געזען אַן אידילישן לעבן. ער איז, למשל, „געווען זייער צופרידן וואָס דער רעגן גייט דורך דער סטעליע. דאָס ערשטע מאָל זע איך אַ רעגן זאָל פאַלן אין שטוב פונעם פולאָפּ און נישט פון הימל. אַראָפּפאַלנדיק פון דער הייך אין די אונטערגעשטעלטע טעפּ און שיסלען, האָבן די רעגן־טראָפּנס אַרויסגעגעבן פון זיך אַ זעלטן־שיינעם פּליעסק. דאָס איז אָפּט מאָל געווען ענלעך צום פּישטש פון אַ פויגל, אָדער צום טרעלן פון אַ פּייפל... ער האָט שוין אויסגעזען, דער פולאָפּ, ווי אַ הימל, וואָס פאַרציט זיך זומער־צייט מיט שוועבנדיקע רעגן־וואָלקנס..." (ז' 197).

אַזעלכע בילדער באַגעגענען מיר אין בוך אָן אַ שיעור. שאַיעלע

זעט די שייַנקייט פון געשעענישן בעת מיר באַקומען אַ בילד פון דלות, פון מאַטעריעלער ירידה, פון אַ מצב אָן אַן אויסוועג.

ווער זייַנען די פּערסאָנאַזשן, וואָס רינגלען אַרום שאַיעלען? פון וואָס לעבן זיי? וועלכע זייַנען זייערע פריידן, דאגות, מנהגים, געוווינהייטן?

זייַן פאָטער משה און זייַן מוטער שרה־גיטעלע וווינען מיט אים אין אַ פינצטערער שטוב, וואָס פאַרמאָגט בלויז איין בעט און אַנדערע אָרעמע מעבל. ווען די מוטער געפינט זיך אַ קראַנקע אין שפּיטאָל, קויפט דער פאָטער אַ וועבשטול און זאָגט דעם קינד, אַז „פון דער מיל וועט שוין זייַן ברויט". פאַר שאַיעלען איז דאָס ממשותדיק אַ מיל.

ווען ער זיצט צוזאַמען מיט דעם שכנס טאָכטער אַלטעלע ביים אויפגעפּראַלטן פענצטער און קוקט אַראָפּ אין ליקל „פון וואַנען ס'שווימט אַרויף די אָנגעהיצטע וואַרעמע לופט פון דער קעגנאיבערדיקער וואַנט און פון דער באַהאַלטענער זון", איז ווייט פון אים דער געדאַנק, אַז ער וווינט אין אַ שמאָל, פינצטער געסל און אַז אין זייַן צימער שייַנט קיין מאָל נישט אַריין אַ שטראַל פון דער זון.

זייַן פאָטערס שוועסטער, די מומע אסתר, קומט איין אָוונט זיך אויסבאַהאַלטן: זי וויל אַראָפּוואַרפן דעם קייסער און דעריבער ווערט זי געזוכט דורך די זשאַנדאַרן. אין אַ פאַרזיגלטער שטוב פון שכן חיים־יוסף, וועלכער איז אַריבער וווינען אין הקדש מיט זייַנע צוויי טעכטער זלאַטע און אַלטעלע, האָט זי דער פאָטער אויסבאַהאַלטן. די זשאַנדאַרן האָבן זי נישט געפונען, אָבער מיטגענומען די מומע ביילע, וועמענס מאַן, דער פעטער כאַסקל, דינט דעם קייסער. צו אסתרן ווייזט שאַיעלע אַרויס פאַרערונג און ליבשאַפט. ער געדענקט ווי די מומע ביילע פרעגט אסתרן צי זי וויל פוילן אויף קאַטאָרגע און דעם ענטפער אירן: „בעסער פוילן איידער אַזאַ לעבן". אסתר האָט אים געגלעט און געזאָגט: „ווען דו וועסט אויסוואַקסן... וועט שוין ניקאָלאַי נישט זייַן!... ס'וועט זייַן ברויט... און פרייהייט... פאַר יעדן אַרבעטס־מאַן..."

פאַר טאָג איז דער פאָטער אַוועק מיט זייַן שוועסטער און זי באַגלייט ביז צו דער גרענעץ, פאַר וואָס ער איז שפּעטער „געגאַנגען זיצן", און

שאַיעלע האָט אַריבערגעוואַנדערט צום זיידן אַנטשל און צו דער באָבע איטע־בינע.

אין קינדס מוח וואַקסט אויס אַ רעטעניש, וואָס לאָזט אים נישט צו רו און אויף וועלכן ער באַקומט נישט קיין באַשייד: ווי אַזוי קאָן דאָס זיין די מומע אסתר זאָל וועלן אַראָפּוואַרפן דעם קייסער, ווען עס דינט דער פעטער כאַסקל?

ס'איז, אגב, נישט די איינציקע דילעמע, וואָס פייניקט שאַיעלען. אָט געפינט ער זיך ביים זיידן אַנטשל.

איידער ער איז אַהער געקומען האָט אים די מאַמע אָנגעזאָגט ער זאָל זיך פירן ווי אַ מענטש. אָבער דאָ, ביים זיידן אַנטשל, שטויסט ער זיך אָן אויפן פעטער פישל, זיין מאַמעס און כאַסקלס ברודער, וועלכער פירט אַריין צום זיידן אין שטוב אַ „כלה" רוכטשע. פישל זאָגט אים אויך, ער זאָל זיך אויפפירן ווי אַ מענטש, און נאָך דעם ווי שאַיעלע האָט אים נישט געשטערט ווען פישל האָט זיך פאַרמאַכט אין קעמערל מיט רוכטשען, גיט ער אים אַפילו אַ שאָקאָלאַד. פישל גייט אַוועק און רוכטשע בלייבט הינטער דער קאַמערטיר אויף דער ראַגאָזשע, האַלב אויסגעטאָן. זי רופט אַריין שאַיעלען, פאַרפירט מיט אים אַ שמועס און טוליעט אים צו אירע בריסט. פאַרן אַוועקגיין זאָגט זי צו אים: „האָסט זיך אויפגעפירט ווי אַ מענטש... ווי אַ גאַנצער מענטש". צי איז נישט נאַטירלעך דער כאַאָס, וואָס שאַפט זיך אין מוח פון אַ קינד, וואָס וויל פאַרשטיין, ווי אַזוי פירט זיך אויף אַ מענטש.

מיט אַ צייט שפּעטער קומט אויס שאַיעלען צו זיין ביים זיידן שמואל פון לענטשיץ, דעם מקובל, וועלכער איז פאַרליבט אין וועלדער, הערט ביי זיך אין שטוב דאָס געזאַנג פון סאָלאָוויי און קאָן פאַרכישופן מיט זיינע וואַלד־מעשיות אַזוי, אַז דאָס קינד פילט זיך ווי אין אַ וואַלדפאַליי.

מיט אַ מאָל קומט צו פאָרן די מומע לאה, דער שטרויספויגל. איר פירעכץ איז נישט צום האַרצן דעם זיידן און בכלל דער גאַנצער משפחה. זי איז עקסצענטריש אין איר גאַנץ באַנעמען און גראָד דאָס געפעלט שאַיעלען, וועלכער פאַרשטייט נישט פאַר וואָס די באָבע און די מומעביילע זאָגן, אַז זי איז מטמא די שטוב. אין אים, אין קינד, איז פאַרבליבן דאָס פליסטערן צו אים: „זע, וואָס ס'איז פון מיר געוואָרן". (ז' 243).

די מוטער איז געווען אין שפּיטאָל, דער פֿאָטער אין תּפֿיסה. די מומע ביילע האָט אַוועקגעפֿירט אונדזער קליינעם העלד צום פֿעטער כּיל, דעם קבֿרן. אויפֿן וועג האָט זי אָפּגעטראָטן אין איר ביידל הינטער אַ פּלויט אויף אַ פֿעלד, לעבן דער ציגעלניע. זי וווינט דאָרט מיט איר ברודער פּייוויש, אַן עפּילעפּטיקער. פֿאַר אַ שטול דינט זיי אַ מאַראַנצן־קעסטל. ענדלעך פֿירט אים די מומע צום פֿעטער כּיל.

ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען, פֿון אַלע הייזער, וואָס זײַנען באַשריבן אין בוך, איז דאָס פֿריילעכסטע דאָס הויז אויפֿן בית־עולם, אָדער ווי שאַיעלע רופֿט עס: דאָס פֿעלד פֿון פֿאַרלאָשענע שטערן. דאָרט עסט מען צו דער זעט, די בית־עולם ייִדן האָבן אַ שטענדיקע פּרנסה און דער פֿעטער כּיל אַליין איז אַ פֿריילעכער און אַרבעטס־זאַמער מענטש. דאָ, אויפֿן בית־עולם, האָט זיך שאַיעלע אויפֿגעהערט צו פֿאַרכטן פֿאַרן טויט. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אויב די בית־הקבֿרות לייט זינגען מיט אַ הילכיקער פֿריילעכקייט, דאַרף ער נישט „מורא האָבן, פֿאַרן אָפֿענעם שוואַרצן טויער, ווו ס'רוען אין נידעריקן גראָז אַלע פֿאַרלאָשענע שטערן". (ז' 293). דאָ שפּרינגט פֿריילעך איבער די קבֿרים זײַן קוזינקע מינדל. זי האָט זיך אַפֿילו אַרײַנגעלייגט אין אַן אָפֿן קבֿר צוזאַמען מיט אים, אים אַרומגענומען, ווי אַמאָל זײַן ערשטע „ליבע", אַלטעלע, און דערנאָך אויפֿגעשטאַנען „תּחית המתים". אָט דער דאָזיקער אָפֿענער קבֿר איז געווען צוגעגרייט פֿאַר... אַלטעלען, וועלכע איז אויסגעגאַנגען אין הקדש און געקומען צו קבֿורה גראָד דעמאָלט, ווען שאַיעלע איז געווען ביים פֿעטער כּיל.

אַזוי האָט זיך געשלאָסן דער קרייז פֿון שאַיעלעס געפֿילנוועלט; דאָס איז געווען זײַן ערשטע גרויסע, טראַגישע ליבע, וואָס אין שפּאַנונג און אויפֿריכטיקייט טרעט זי נישט אָפּ פֿון דער ליבע פֿון דערוואַקסענע. וועגן דאָזיקן ענין וואָלט מען געקאָנט פֿיל זיך דערוויסן ביי פּרוידן, דאָס איז אָבער נישט אונדזער ציל. אונדז אינטערעסירן צוויי אַספּעקטן פֿון דאָזיקן ראָמאַן: ווי אַזוי זעט אונדזער העלד זײַן אַרום און וועלכע ליטעראַריש־שפּראַכלעכע מיטלען באַנוצט דער מחבר?

דער יונגער שאַיע זעט די געשעענישן קאָנקרעט, אַזוי ווי זיי קומען פֿאָר; ער באַמערקט אַלץ און טיילט זיך מיט אונדז מיט זײַנע אָבסער־

וואַציעס. צווישן אים און די דערוואַקסענע איז אָבער פאַראַן אַן אונטער־שייד אין דער אינטערפּרעטאַציע פון די פּאַסירונגען.

ער באַשרייבט ווי זיין פאָטער נעמט אַרויס די זילבערנע שבת־לייכטער אין מיטן וואָך. ער פאַרשטייט אָבער נישט, אַז מען גייט זיי פאַרמשכּונען, כּדי די „מיל" זאָל קאָנען געבן ברויט. אַ צווייט מאָל זעען מיר אין קעלערשטוב, ביים וועבער־ייִד דעם שוואַרצן רחמיאל, וועמענס טאָכטער שיינדל הייבט אָן איר נאַכטאַרבעט מיטן געזאַנג: „אָ, גוטער פריינד, ווען איך וועל שטאַרבן".

פאַר וואָס מוז שיינדל שטאַרבן, פרעגט זיך שאַיעלע, בעת זי הייבט אָן צו אַרבעטן און ווער איז דאָס דער גוטער פריינד, צו וועמען זי רעדט?

אַן אַנדערש מאָל זעט ער ווי דער שכן חיים יוסף ציילט מטבעות. אַלטעלע שעמט זיך שטאַרק וואָס איר פאָטער „שטייט" אין גאַס, לעבן דער שול. שאַיעלע האָט נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס אַלטעלע שעמט זיך.

ערב שבת טראָגט די מאַמע אַ שיסל מיט קאַרטאָפל־שאָלעכטס, וואָס זי זאַמלט אַ גאַנצע וואָך, צום „קאַצאַפּ" און דערפאַר גיט ער איר ווייסן זאַמד אויף צו שיטן איבערן דיל. „נאָר איידער די מאַמע טראָגט אָפּ די שיסל... זוכט זי דאָרט מיט די פינגער אַ לאַנגע צייט. זי וואַרפט איבער די שאָלן אומצאָליקע מאָל אין דער הייך. איך ווייס נישט פאַר וואָס טוט זי דאָס אַזוי". (ז' 45).

ס'איז אמת, שאַיעלע ווייסט נישט פאַר וואָס, אָבער ער האָט אונדז דערפאַר געגעבן אַ גענויעם באַגריף פון דער אָרעמקייט, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט.

אַזוי געפינען מיר אומצאָליקע אָבסערוואַציעס און באַמערקונגען פון אונדזער העלד, וואָס גיבן הערלעכע באַשרייבונגען און לאָזן אונדז די פרייהייט פון אינטערפּרעטאַציע.

שאַיעלע אַליין גיט זיך אָפּ אַ חשבון פון די אומפאַרשטייענישן זיינע. ער ווייסט, אַז „די גרויסע רעדן תּמיד סודותדיק צווישן זיך, כּדי איך זאָל נישט פאַרשטיין... וואָסערע סודות באַהאַלטן זיי אויס, די גרויסע? זיי מיינען, אַז איך זע גאָרנישט און הער גאָרנישט".

צו הילף שאַיעלען קומען זיינע פראַגן. דער פאַקט פון שטעלן פראַגן

איז באַוווסט אין דער קינדער־פּסיכאָלאָגיע. דאָס איז אַ באַווייז פון זייער אַנטוויקלונג, ווייל זיי באַגערן צו וויסן און פרעגן זענען דער מיטל צו דערגרייכן דעם ציל.

אין די „שטיגן צום הימל" געפינען מיר פראַגן פון צוויי מינים: אַזעלכע, וואָס פאַרלאַנגען אַן אויפקלערונג און אַזעלכע, וואָס פאַרלאַנגען אַ באַשטעטיקונג.

צו די ערשטע פאַררעכן איך, למשל, אַ פראַגע: „ווי פאַרשווינדט די פינצטערניש בעת מען צינדט אָן אַ ליכט?" (112).

בעת די מומע אסתר באַהאַלט זיך אויס, פרעגט שאַיעלע זיך אַליין: „וועמער זוכט עס די מומע אסתר? צי גרויסע מענטשן, און נישט בלויז קינדער, זוכן אויכעט איינער דעם צווייטן ווי אין באַהעלטעניש?" (152) דאָ גייט אין וואָרט „זוכן", וואָס איז אים אומפאַרשטענדלעך, פונקט ווי ער פאַרשטייט נישט, פאַר וואָס דער טאַטע ברענגט די מאַמען פון שפּיטאָל. „צי קען זי אַליין נישט גיין?" (40) דער קליינער פאַרשטייט אויך נישט, וואָס עס מיינט, אַז דער געלער דאָקטער האָט אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט (102) אַלטעלעס ברודער.

כּמעט אויף יעדער זייט פון בוך טרעפן מיר אָן דעם מין פראַגן, אַ באַווייז אויף אַ דאָרשט צו וויסן אַלץ, וואָס רינגלט אים אַרום.

מער קאָנטעמפּלאַטיווער זיינען אָבער די מחשבות, וואָס דער מחבר דריקט אויס אין דער אינטעררעגאַטיווער פאָרעם, ווי ער וואָלט זוכן אַ באַשטעטיקונג פאַר זיינע טראַכטענישן. איך וועל ציטירן אַ פּאָר פון זיי, אָפּגעריסן פון קאָנטעקסט, כּדי נישט צו באַשווערן די אַרבעט מיט צו פיל סיפּור־המעשׂהס. „צי אַלע זאַכן אויף דער וועלט זיינען שיין און טראָגן כּישוף נאָר דעמאָלט, בעת מען דערווייטערט זיך פון זיי?" (ז' 53); „צי קאָן זי נישט, די מיל, געבן ברויט אָן געוויין, אָן סודות צווישן טאַטע־מאַמע?" (ז' 84); „צי פליסט תּמיד די טרער פונעם האַרץ און נישט פון אויג?" (ז' 112); „פאַר וואָס מוזן אַלע אַדורכגיין דאָס הויכע טויער [פון בית־עולם]? און וווּהין גייען אַלע, ווען זיי גייען אַדורך דאָס טויער מיט די אויפגעהויבענע, שפּיציקע קראַטן? פאַר וואָס איז אַזוי פינצטער דער הימל אויף יענער זייט טויער?" (284); „פאַר וואָס האָט די מומע ביילע געזאָגט, אַז אַלע, אַלע מענטשן זיינען פון ליים?" (305).

דער כּוח פון שרייבער באַשטייט אין פאַקט, וואָס געוויינטלעכע פראַגן, וואָס דרינגען אַרויס פון טאָג־טעגלעכן לעבן, וואַקסן אויס צו סימבאָלן, צו וועלט־פּראָבלעמען, צו אַ פילאָסאָפישער מדרגה, צו אַ כּלל־ענין. עס וואָלט מיך נישט געוווּנדערט, ווען אַן אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר באַנוצט די „שטיגן צום הימל" ווי אַ שטודיר־מאַטעריאַל פאַר זיינע סטו־דענטן פון פילאָסאָפישן אָדער פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט.

מיט וועלכע מיטלען דערגרייכט ישעיהו שפּיגל די הויכע שטיגן, וואָס פאַרבינדן ליטעראַטור מיט וויסנשאַפט?

איידער מיר וועלן דאָ באַרירן דעם צווייטן אַספּעקט פון ראָמאַן: די ליטעראַריש־שפּראַכלעכע מיטלען פון מחבר, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די גרעסטע ראָלע שפּילט דאָ זיין פיינפילנדיקע, טיפע אינטויציע, וואָס דערלויבט אים זיך אַריינצולעבן אין דעם גייסטיקן און עמאָציאָנעלן מצב פון פּערסאָנאַזשן אין יעדער עלטער. אויף וויפל מיר ריידן וועגן אַ קינד דאַרף אויך גענומען ווערן אין באַטראַכט דער זכּרון פון מחבר, וועלכער איז אין שטאַנד צו רעקאָנסטרויִרן פיל אויטענטישע סיטואַציעס, געבן זיי אַ באַשטימטע באַאַרבונג מיט דער הילף פון די דערמאָנטע שוין ליטעראַ־ריש־שפּראַכלעכע מיטלען.

אַ זייער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון ישעיהו שפּיגלס שאַפן איז דער אויסמייד פון ווערטער, וואָס רופן אַרויס נישט אָנגענעמע אָדער אומעסטעטישע אַסאָציאַציעס. ער באַשרייבט אויך נישט קיין דראַסטישע און נישט קיין שוידערלעכע געשעענישן. זיי ווערן פאַרטראָטן דורך סצענעס, וואָס גיבן צו פאַרשטיין אין וואָס עס גייט, פאַרמאָגן אָבער נישט דעם נעגאַטיוון אויסקלאַנג.

מיר לייענען צ. ב. וועגן אויסטערלישע אַרבעטן, וואָס דער טאַטע פלעגט קיין מאָל נישט טאָן און מיט אַ מאָל נעמט ער זיך צו זיי: ער צענעמט די שאַנק, די בעטן און „מיט אַ גרויסער, ווייסער, געגנדזענער פעדער האָט ער געטונקט אין אַ טעצעלע און מיט איר געשמירט אַלע שפּאַרעס פון די בעטן און פון דער שאַנקטיר. אין שטוב־חלל איז געהאָנגען אַ רייסנדיקער נאַפט־ריח, וואָס איז לאַנג געלעגן מיט זיין זיסלעכן טעם אויף מיין קינדישן גומען". (53). די באַשרייבונג וויל זאָגן, אַז דער פאָטער האָט אָפּגערייניקט די שטוב פון וואַנצן...

שאַיעלע גייט מיטן פעטער כיל פון דער מומעביילע צום בית־עולם „דורך ווייך־איינגעפאַלענע פעלדער און דורך שטאַרק פאַרשליימיקטע פינצטערע סטעזשקעס. איך האָב עס דערקענט אין מיינע לויזע, ייִנגלישע שיך, וואָס זיינען יעדע רגע געבליבן פאַרהאַלטן אין דער נידער פון עמעצנס פאַרכּישופטע הענט״. (278) די פאַרכּישופטע הענט הייסן אויף פּראָסט ייִדיש: בלאָטע.

און אַזוי בלײַען אויף די בלעטער פון דעם בוך, ווי פון מחברס אַנדערע ביכער, עאופעמיזמען, וואָס באַצירן מיט זייער ווייכער און וואַרעמער פאַרב די האַרטע, האַמעטנע און עקלדיקע רעאַליטעט.

דער פעטער כיל מיט שאַיעלען דערנענטערן זיך צום פעלד. „אַט איז שוין דאָס טויער — זאָגט דער פעטער — זעסט דאָס הויכע טויער? יעדער מענטש מוז אַדורכגיין דאָס הויכע טויער... יעדער מענטש״ (ז׳ 283).

וואָס פאַר אַ הערלעכער מעטאַפער! דער פעטער כיל וויל נישט זאָגן, אַז יעדער מענטש מוז שטאַרבן, וואָס פאַרמאָגט אַ נעגאַטיוון בייגעשמאַק. איז דען נישט שענער און בעסער אויסצודריקן זיך דורך אַ פּאָזיטיוון ניואַנס?

דאָס אויסמײַדן פון קאָנטיקע פּראָזן און שפּיציקע אויסדרוקן און דאָס אַריינהויכן אין זיי נשמהדיקע וואַרעמקייט איז נישט קיין צופאַל. ישעיהו שפּיגל, דער ערלעכער, אומגעפעלשטער הומאַניסט, ווייסט, אַז פאַרשאַפן אַ ווייטיק אַ גאַענטן קאָן מען נישט בלויז דורך פיזישע קלעפּ. אויך ווערטער און זשעסטן טוען וויי און רופן אַרויס עגמת־נפש. און על אחת כמה וכמה דאַרפן זיין אָפּגעהיטן די שרייבערס, וועמענס ווערטער און בילדער פאַרמאָגן אַ סוגעסטיוון כּוח און קריצן זיך איין טיף אין לייענערס מוח, איבערלאָזנדיק דאָרט זייערע אומפאַרגעסלעכע שפּורן.

ישעיהו שפּיגל וויל נישט פאַרווונדיקן זיינע לייענערס אַפילו מיט אַ וואָרט און ער לאָזט פריי אַ פעלד פאַר עסטעטישע איינדרוקן און פאַר עטישע עמאָציעס.

שפּיגל איז אַ גוטער פּאָרטרעטיסט. מיט עטלעכע שטריכן שילדערט ער אַ געשטאַלט. עס פעלט נאָר דער שם המפורש און דער מענטש זאָל זיך נעמען באַוועגן.

אין שילדערן האָט דער מחבר זיין אייגענעם מעטאָד: ער מאָלט נישט דורך ווערטער, וואָס האָבן זייער אָביעקטיוון ווערט, נאָר דורך טוונגען, אין וועלכע ער אַליין איז דער סוביעקט און דער אָביעקט. ער זאָגט צ. ב. וועגן דער מומע לאה, דעם שטרויספויגל, „מיט איר נאַקעטן, ווארעמען אָרעם נעמט זי אַרום מיין דערשראָקענעם, פאַרקראַמפּטן האַלדז. מיין קעל ווערט הייס, גליטשיק פון איר ווייסן, שמעקעדיקן אָרעם. מיט אירע פינגער, קורצע און אַ ביסל דיקלעכע, באַזעצט מיט שימערנדיקע רינגלעך, קרייזלט זי מיינע האָר לעבן די שלייפן. איך זע, אַז דער שטרויס־פויגל האָט גראָד אַזעלכע אויגן ווי דער זיידע, דער מקובל... גרויסע, פויגלשע, אַ ביסל איבערגעשראָקענע" (ז' 236).

מיר דערוויסן זיך דאָ, ווי אַזוי אירע הענט זעען אויס, וואָס זיי טוען, ווי אַזוי זיי לעבן און פילן און ווי אַזוי זיי ווירקן אויפן יונגיטשקן העלד אונדזערן. אונטער אירע וואַרעמע באַרירונגען און בליקן קומט צום מחבר די וויזיע, אַז „דאָס איז גאָרנישט די מומע לאה, דאָס איז אַ פאַרכּישופטע, שיינע, נאַקעטע שדיכע, אַזאַ שטרויספויגל, וואָס איז פאַרפלויגן פון די ווייטסטע הימל־מקומות" (237).

אָט די וויזיאָנערישקייט איז אַ גרונטשטריך אין ישעיהו שפּיגלס בוך. ער גייט אַרויס פון קאָנקרעטע סיטואַציעס און בהדרגהדיק, אַדאַנק אַריינוועבן זיך אין זיי מיט האַרץ און מוח, זעט ער זייער עוואָלוציע, זייער אַנטוויקלונג און מעטאַמאָרפאָזע. ער קוקט צוריק צו זיינע זיבן יאָר און אַנטפּלעקט דאָרט פאַר אונדז די שליסלען צו זיין הייַנטיקער שאַפונג. איך וועל באַרירן בלויז אַ פּאָר מאָמענטן, וואָס קלערן אויף געוויסע שטריכן און טעמעס ביים שרייבער ישעיהו שפּיגל, אַזאַ ווי ער האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק.

מיר האָבן דערמאָנט דעם פעטער כּיל. דאָס איז דאָך דער זעלבער, וואָס אין „דער ייִד פון בית־עולם", אַ מייסטערישע דערציילונג, פון דער דייטשער אָקופּאַציע. דער פעטער קומט־אום ווי אַ העלד, דערפילנדיק ביזן סוף זיין חוב, ווי אַ מענטש און ייִד.

ווען דאָס קינד געפינט זיך ביים זיידן שמואל, דעם מקובל, וועלכער זאַמלט אין זיין שטוב האָלץ־קינדלעך פון פאַרשיידענעביימער, וואָס פילן אָן די שטוב מיט וואַלד־ריחות, איז דאָס אַ פאָרבילד פון די שפּעטערדיקע

געטאָ־דערציילונגען וועגן קינדער, וועלכע חלומען פון ביימער און קוויקן זיך מיט אַ שאָטן פון אַ בוים, וואָס קוקט אַריין דורך זייער פענצטער.

אַזוי לאָזט זיך אויסגעפינען נאָך מער קוואַלן צו דער שפּעטערדיקער שאַפונג פון שפּיגלען.

איך וויל זיך אָפּשטעלן נאָך אויף איין מאָמענט, וואָס וועט אונדז קלאָר מאַכן די ראָל פון יידיש, ווי אַן עלעמענט אין דעם מחברס דער־ציילונגען.

ער באַשרייבט זיינע באַזוכן אין קעלער־קלייטל ביי דאָבעלען, זייער שכנה. זי פלעגט אים מהנה זיין מיט אַ מאָן־בולקע. ער האָט זי פריער נישט איינגעביסן „ביז דאָבעלע פלעגט נישט מאַכן מיט מיר די ברכה. איך האָב פאַרשטאַנען די ברכה, וואָרעם נאָך דעם ווי איך האָב אָפּגע־זאָגט אַלץ... האָט נאָך דאָבעלע אַריינגעלייגט מיר אין מויל אַ פּאָר פּסוקים פון פּראָסט יידיש, וואָס האָט מיר קלאָרער געמאַכט די ברכה איבער דער שיינער, כּישופדיקער בולקע”. (63).

אַן אַנדערע סצענע אין דאָזיקן בוך. די מומעביילע טראָגט אויפן האַרץ אַ בינטל בריוו פון איר כאַסקלען. זי האָט זיי נישט געלייענט. ווען שאַיעלע געפינט זיך אין איר קעמערל ביי דער ציגעלניע, קומט צווישן זיי פאָר אַזאַ דיאַלאָג:

— אַז ׳עסט ווערן גרעסער, שאַיעלע... ׳עסט אויפוואַקסן, מירצע־שעם — ׳עסטו זיך אויסלערנען לייענען יידיש... גוט? דעמאָלט ׳עסטו מיר איבערלייענען אַלע בריוו פון פעטער כאַסקל, אַלע קאַרטלעך... גוט?

— יאָ, מומע ביילע...

— ׳עסט נישט פאַרגעסן?

— ניין, מומע ביילע...

ווי מיר זעען איז יידיש די שפּראַך, צו וועלכער זיין באַציִונג וואָרצלט אין די קינדער־יאָרן. דער אָפּקלאַנג פון דער דאָזיקער צוגע־בונדנקייט רופט זיך איבער מיט אַנדערע דערציילונגען פון די שפּע־טערדיקע יאָרן. געניג צו דערמאָנען בלויז די נאָוועלע „די שבועה” אין דער זאַמלונג „די בריק”.

אויסשעפּן די קינסטלערישע ווערטן פון דאָזיקן אויטאָביאָגראַפישן ווערק געמישט מיט דמיון איז נישט לייכט. מיר שטויסן זיך כּסדר אָן

אויף עלעמענטן, וואָס וועקן אין אונדז בילדער, געפילן, רעפלעקסיעס, באַוווּנדערונג. מיר נעמען צ. ב. פאַרגלייכן:

דער דיל, אין שאַיעלעס שטוב, איז ערב שבת באַשאָטן מיט זאַמד און זעט אויס ווי ער זאָל זיין באַדעקט מיט אַ זילבערן טישטעך; (45) דאָס קנויטל פון נאַפט־לאָמפּ איז „אַ שמאָל צינגל צווישן קליינע געעפנטע ליפּן" (80); וויפל פאַנטאַזיע און אָבסערוויר־פעיִקייט פאָדערט אַזאַ פאַרגלייך!

אויף דעם שטיקל וואַנט, ווו ס'האָט אַ מאָל געהאַנגען דער פאַר־קויפטער, אָפּגעשטאָרבענער וואַנטזייגער, איז געבליבן אַ ליכטשאָטן. „מסתמא איז דער ליכטשאָטן אויף דער וואַנט די נשמה פונעם פאַרשווּנ־דענעם זייגער" (101). דאָ האָבן מיר שוין צו טאָן מיט אַנימיסטישער גלייבונג, וואָס איז אייגן פּרימיטיווע פעלקער און מענטשן מיט פאַנטאַזיע.

אין דעם פעטער פישלס באַקן זיינען געזעסן צוויי טיפע שניטן „אַזוי ווי די פאַלדן ביי אַן איינגעקוועטשטער פּרי" (ז' 138).

פאַרן זיבן־יעריקן קינד איז די וועלט „אַ גאַר הויכע הילצערנע קאָמאָד, וואָס גרייכט ביז צום הימל, מיט אירע אומצאָליקע, פאַרשלאָ־סענע קליינע טירעלעך און שופלעדלעך. יעדעס מאָל עפנט זיך פאַר מיר אַ ניי טירעלע, ווו ס'זיינען פאַרבאָרגן די שענסטע אוצרות פאַר מיין אומרויִק ייִנגלש הערצל" (203).

דער דאָזיקער פאַרגלייך רופט אַרויס ביים מחבר רעפלעקסיעס. ער פרעגט זיך, וויפל טירעלעך זיינען נאָך פאַרשלאָסן און וועקט אַ האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך אַליין עפענען „ווי ס'עפנט זיך אַ בלעטל אויף אונדזערע פאַרלאָזטע, שיינע בלומענטעפּ אין דער היים". (דאָרט).

אין גאַנצן ראָמאַן פילט זיך אַ מין נאָסטאַלגיע, אַן אונטערהויטיקע הייסע בענקשאַפט.

דער מחבר באַנוצט אָפט דעם אַדיעקטיוו „פּוילישע": פּוילישער פראָסט, פּוילישעביימער, פּוילישע שטערן, פּוילישע וואָנצעס... ווייל די פּוילישע לאַנדשאַפט האָט זיך טיף איינגעקריצט אין זיין געמיט. מען קאָן פאַראַפראַזירן דעם זאָג: די לאַנדשאַפט — דאָס איז דער שרייבער.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס זיינע קינדער־יאָרן זיינען געווען שווערע, זעען מיר זיי אָבער מיט די אויגן פון קינד און דיכטער. מיר

וואָגלען אַרום איבער די זייטן פון בוך ווי איבער ווייכע טעפּעכער אין אַ פאַרכּישופטן שלאָס, ווו די טריט ווערן פאַרשטומט. די ליכט פון דרויסן טריפט אַריין דורך פאַרביקע וויטראַזשן און פאַרצויבערט מענטשן און זאַכן. אַלץ באַוועגלעכע שוועבט אין דער לופט ווי ס׳וואָלט געווען באַשאָנ־קען מיט פליגל. דער מחבר אַליין זעט אין די קברים־בערגלעך נידעריקע שטיגן, וואָס הייבן זיך אַרויף מיטן באַרג־שיפּוע אַלץ העכער „ביז איך וועל אין אַלע מיינע ייִנגלשע פאַרהווילנקייטן, רעטענישן און פאַרבלענדע־נישן דערגרייכן מיט די שטיגן דעם הימל״.

אַזוי פאַרענדיקט זיך דער ראָמאַן פון אַ באַלוטער קינד, וואָס האָט מיטן כּוח פון זיין וויזיאָנערישער אינטויִציע פאַרוואַנדלט זיין גרויע ווירקלעכקייט אין אַ צויבער־מעשהלע, וואָס איז באַהויכט מיט אַ דיכטערישן חן און דורכגעפלאָכטן מיט שטילער לעבנס־חכמה.

„שטיגן צום הימל״ איז אַ ווערק, אַרומגערינגלט מיט אַן אָרעאָל פון קינסטלערישער שיינקייט, פאַרחלומטקייט און מיט אַן עלעגישן רייץ, וואָס רעדט צו אונדזער האַרץ ביז אין די טיפענישן. און דערפאַר איז דאָס דאָזיקע בוך איינס פון די אָריגינעלסטע און זעלטענסטע פּראָזע־ביכער אין אונדזערע יידע ליטעראַטורן.

ג.

## דער גייסט פון ווידערשטאַנד אין י. שפּיגלס ערשטן ראָמאַן „פלאַמען פון דער ערד״

„פלאַמען פון דער ערד״, איז דער טיטל פון לעצטן קאַפּיטל פון ישעיהו שפּיגלס ערשטן ראָמאַן.* אויף צו שרייבן אַ ראָמאַן וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין פערטן געטאָ־ווינטער דאַרף מען האָבן ניט נאָר ווילן נאָר טאַלענט און... קאָמפּעטענץ. עס איז נישט גענוג אָנצוזאַמלען אַ דאָקו־מענטאַציע, אויספרעגן עדות און... לאָזן לויפן די פאַנטאַזיע. על כל פנים נישט אין פאַל פון געטאָ, וואו אַלס טעמעס ווערט באַרירט דער

* פאַרלאַג „ישראל־בוך״, תל־אביב, 1966.

נאַצי־רעזשים פון געפלאַנטן מאַסנמאָרד, אָפיציעלער הפקרות און באַלויטע שטראָפלאָזיקייט פאַר באַגאַנגענע פאַרברעכנס לגבי יידן.

דער רעזשים פון די נאַציס, וואָס האָט אויפגעלעבט און באַפרייט די נידעריקסטע רויבערישע אינסטינקטן פון די דייטשישע סאָלדאַטן און זייערע אוקראַינישע, ליטווישע, פוילישע און אַנדערשנאַציאָנאַלע אַרויס־העלפערס האָט אויך געמוזט אַרויסרופן ביי די קרבנות עלעמענטאַרע פאַרטיידיקונגס־אינסטינקטן און פסיכאָלאָגישע רעאַקציעס, וואָס קאָנען נישט געמאָסטן ווערן מיט נאָרמאַלע מאָסן און קאָנווענציאָנעלע געזעצן. דאָס איז די סיבה פאַר־וואָס עס פאָדערט זיך קודם־כל אַן אומגעהייער אויטאָריטאַטיווע קאָמפּעטענץ פון אַ שרייבער, וואָס באַרירט די יידישע מאַרטיראָלאָגיע־טעמע אין אַ קינסטלעריש ווערק.

שפּיגל איז צו אַזאַ שאַפונג באַרופן. ער האָט פּערזענלעך דורכגע־לעבט די געטאָ־תקופה און געווען איינער פון דער קליינער צאָל קרבנות, וואָס איז על פּי צופאַל געבליבן לעבן.

ער האָט איצט פאַרעפנטלעכט אַ קנאַפּע צענדליק ביכער, וואָס די מערהייט פון זיי זיינען דערציילונגען פון לאָדזשער געטאָ, דערציילונגען אין וועלכע דער מחבר ווייזט זיך אַרויס פאַר אַן אומפאַרגלייכלעכן שיל־דערער פון מענטשן אין זייער גאַנצער גרויסקייט נישט געקוקט אויף די אוממענטשלעכע באַדינגונגען. ער גיט אויך געטרייע באַשרייבונגען פון פאַקטן און פאַסירונגען אַזוי ווי זיין עמפּינדלעך אויג האָט זיי געזען.

צוועלף יאָר האָט שפּיגל אויסגעטראָגן אין זיך דעם ראָמאַן ביז ער האָט אים געגעבן זיין ליטעראַרישע פאָרם. דערנאָך האָט ער געוואַרט נאָך צוועלף יאָר, מחמת דער גרויסער אחריות וואָס ער טראָגט פאַר זיינע ווערטער און מיינונגען. דער מחבר איז מער אויסגעהאַלטן פון האַראַציוס, וואָס עצהט צו וואַרטן בלויז... ניין יאָר מיט פאַרעפנטלעכן אַ שאַפונג.

„פלאַמען פון דער ערד" איז קודם־כל אַ ראָמאַן אין זין פון אַ ליטע־ראַרישער קאַטעגאָריע מיט אַלע פאָרמעלע אייגנשאַפטן און וועזנטלעכע פּראָבלעמען.

איידער מיר וועלן אָבער באַרירן די פּראָבלעמען, אַ פּאָר ווערטער וועגן דער ליטעראַרישער טעכניק פון דאָזיקן ראָמאַן.

שפיגל איז אַ דערציילער און זיין ראָמאַן באַשטייט פון אַכצן דער־ציילונגען. יעדע פאַר זיך איז אַ גאַנצקייט מיט איר טעמאַטיק, פערסאָ־נאַזש, אַקציע און קינסטלערישער פולקאָמענקייט. די שפּראַך שפּיגלס איז רייך און אָפּגעהיטן. דער מחבר געפינט אַ פּאַסיקן אויסדרוק פאַר די מאַקאַברישסטע געשעענישן אַזוי ווייט, אַז דער עסטעטישער פּרינציפּ פון אַ קינסטלערישער שאַפונג ווערט רעספּעקטירט און דער לייענער מיידט אויס אַן אומאַנגענעמע, ברוטאַלע עמפינדונג.

א דאַנק אָבער דעם טיפן אַנאַליז פון די פּערזאָנען צו וועלכן ער דערפירט אונדז בהדרגהדיק, טריט ביי טריט, נישט פון דער זייט נאָר פון שטאַנדפּונקט פון דער געשילדערטער געשטאַלט, איז שפּיגל ביכולת אונדז צו געבן אַ פּילזייטיק, קאָמפּלעט בילד פון זיינע העלדן. מיר פאַר־שטייען גוט זייערע מאָטיוון פון האַנדלונג וואָס הייסט נישט אַז מיר מוזן זיי אָפּראָבירן.

אָט די מעסיקייט אין באַנוצן שאַרפע אויסדרוקן, טיפקייט און אַלזייטי־קייט פון באַשרייבן, בילדן דעם מאַגנעטישן כוח פון שפּיגלס דערציילונגען.

די אַכצן דערציילונגען זיינען אָבער פון אַ באַזונדערן מין: זייער רעפלעקסיווער טייל דינט ווי אַ באַגרינדונג און אויפקלערונג צום סיפור־המעשה און די אַלע אַכצן סיפור־המעשיות שפּילן זיך אָפּ אין איין צייט, אויף איין אָרט און אַלע זיינען פאַרבונדן מיטאַנאַנדער טעמאַטיש.

דאָס געזאָגטע מיינט, אַז דער ראָמאַן איז אַ פּאָטענציעלע דראַמע און פאַקטיש איז דער אינהאַלט אַזוי דראַמאַטיש, אַז ער לייענט זיך מיט גרויסער שפּאַנונג, וואָס ווערט געמעסיקט בלויז דורך די פּאָעטישע, האַרציקע אינטערמעצאָס אין וועלכע דער מחבר גיט אויסדרוק פאַר זיינע אימפּרעסיעס דורך אַ גאַנצער ריי פאַרגלייכן, מעטאַפאָרן און אַ גאַנצער, רייכער גאַמע פון קינסטלערישע מיטלען.

די דראַמאַטישקייט פון ראָמאַן באַשטייט אויך אין די קאָנפליקטן, וואָס בילדן דעם עצם מהות פון אַ דראַמע, ווי אויך אין זייער לייזונג. פון דעם קוקווינקל וואָלט אפשר געווען אַ גליקלעכער אויפטו צו באַאַרבעטן דעם ראָמאַן פאַרן טעאַטער און פילם.

די מעלה פון ראָמאַן שטעקט אָבער נישט בלויז אין זיין טעכנישער פולקאָמענקייט און אין זיין כאַראַקטעריסטישער פעאיקייט צו האַלטן דעם

לייענער אין שפּאַנונג. דעם מחברס וויזיאָנערישקייט דורכגעזאַפּט פון טיפן הומאַניטאַריזם מאָלט בילדער, וואָס רופן ביי אונדז אַרויס פאַר־שטענדעניש, מיטלייד, פאַרערונג. ער ווייזט אונדז די גרויסקייט פון פּשוטע מענטשן וואָס גיבן זיך נישט אָפּ קיין חשבון פון זייער העלדישקייט, ווייל זיי דערפילן נאָר זייער מענטשלעכן חוב.

דער עיקר וואָס שפּיגל באַווייזט אַדאַנק זיינע שילדערונגען אויפ־צוּוועקן אין אונדז געדאַנקען און אַוועקשטעלן פּראָבלעמען, וואָס זיינען שטענדיק אַקטועל, פּראָבלעמען, וואָס זיינען שאַרף אַרויסגערוקט געוואָרן לעצטנס אין שייכות מיט אַ פּאָלעמיק אַרום אַ בוך פון אַ פּראָנצויזישן שרייבער וועגן טרעבלינקע.

איך וויל זיך באַגרענעצן צו דריי טעמעס, כדי נישט איבערלאָדן די אָפּהאַנדלונג. כ׳בין דאָך נישט אויסן איבערצודערציילן דעם אינהאַלט פון ראָמאַן, כדי איינשפּאָרן די לייענער אים צו לייענען, נייערט אַרויסרופן צו אים אינטערעס און משפּיע זיין דער לייענער זאָל נאָך טיפער איבער־לעבן, דורכפילן דאָס, וואָס דער מחבר אויף אַ קאָנקרעטן, זאַכלעכן אופן הגם נישט מיט אומפּערזענלעכער אָביעקטיווקייט. די דריי טעמעס זיינען:

א. גייסט פון ווידערשטאַנד,

ב. אַרישע שכנים,

ג. ליבע אין אַנבליק פון אומקום.

## א. גייסט פון ווידערשטאַנד

פון סאַמע אָנהייב ביזן סוף פון ראָמאַן גייט אַדורך אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס דער געדאַנק פון קאַמף קעגן אויפגעצוואונגענער דערנידע־רונג, קעגן אַכזריותדיקער אונטערדריקונג, קעגן זינלאָזער פאַרשקלאַפונג. ווי אַן אריאַדנע־פאָדעם שלענגלט זיך דורכן ראָמאַן די פּראָבלעם פון די וואָס „ווילן נישט שטאַרבן ביים דייטש ווי שעפּסן" (ז׳ 55).

איך באַנוץ בכיוון די דאָזיקע ציטאַטע, ווייל זי דערמאָנט זייער אָן ענלעכע אין שוין דערמאָנטן בוך וועגן טרעבלינקע.

ווי זעט אויס די פּראָבלעם ביי שפּיגלען?

וויגדער, דער העלד פון ראָמאַן, „האָט געוואָלט דערגיין די סיבה פון דער יידישער געליימטקייט אין די יאָרן פון דערנידערונג און בושה.

ער האָט געוואָלט דערגיין דעם זין פון דער יידישער גלייכגילטיקייט און תהום פון געטאָ... פאַרוואָס האָט מען מיט אַזאַ הכנעה געטראָגן דאָס געשוואָלענע האַרץ און אונטערטעניק זיך געבוקט פאַר אַ ביסל גראָ, וואָסערדיק געקעכטס? צי איז דאָס געווען די אייביקע מענטשלעכע שרעק פאַרן טויט?" (ז' 16).

דער מחבר שטעלט זיך די אַלע שאלות, ווייל אין אים איז פאַראַן דער כוח זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם צוואַנג, ווייל ער גלויבט אין מענטשן און אין אַ בעסערער צוקונפט. ער האָט נישט פאַרלוירן זיין פערזענלעכקייט און נישט די פעאיקייט צו טראַכטן. דער עצם פאַקט פון ווען באַנעמען דאָס אַלץ וואָס קומט פאַר איז שוין דער ערשטער שריט צו ווידערשטאַנד.

וויגדער איז נישט געווען פאַראייַנזאַמט אין זיין ווילן זיך נישט צו לאָזן איינברעכן.

ביים טויטנבעט פון זעלדען, די נשמה פון אַן אונטערערדישער גרופּע האָט ער באַגעגנט אַ פּראָגער יידן אַנטאָן קראַפּט. אַנטאָן האָט אַ נדר געטאָן נישט אָפּגעבן דעם דייטש זיין סטראַדיוואַריוס. נישט האָבנדיק אים וואו צו אויסבאַהאַלטן ברענגט ער אים צו זעלדען צוזאָגנדיק „יעדע וואָך... נאָך דער שפּייז־צעטיילונג... אַרויפברענגען... נישט, חלילה, אומזיסט... אַ שטיקל ברויט... אַ ביסל צוקער" (ז' 32).

אויך דאָס אָפּזאָגן זיך פון נעמען ברויט און צוקער איז אין די געטאָבאַדינגונגען געווען אַ העלדישער שריט.

און אין נאָמען פון וואָס? פון מענטשלעכער בושה!

צו דער גרופּע האָבן אויך געהערט באַלוטער טרעגעריונגען, באַלעגאָלעס, וואָס זיינען על פּי נס נישט אַרויסגעשיקט געוואָרן. דאָס זיינען געווען אַמאָליקע פּוילישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן „נאָך אין די ערשטע געטאָחדשים... אויסבאַהאַלטן אַ סך... שווערע אייזנס... שאַרפע מעסערס און העק... אַ פּאָר חלפים... אַלטע פּוילישע ביקסן... און באַגנעטן" (ז' 35). קיינער האָט זיי נישט געהייסן דאָס טאָן, אָבער יעדער באַזונדער האָט אינסטינקטיוו געגרייט געווער.

אָט די מענטשן האָבן זיך געמוזט היטן אַזוי גוט פאַרן דייטש ווי פאַר יידן. און צו היטן זיך זיינען געווען נישט ווייניק סיבות: אַ גאַסט „פון דרויסן", ד. ה. פון אויסערן געטאָ איז געקומען צו זעלדען און מען האָט

אים געמוזט ביינאַכט אַרויסבאַגלייטן צו די דראָטן הינטערן בית־עולם; עס פלעגט זיך באַווייזן אַן אַנטלאָפענער פון אַן אַרבעטס־לאַגער אָדער פון אַ טראַנספּאָרט און דערציילן די גרוילקייטן פון דייטש; מען האָט געהאָרכט ראַדיאָ־איבערזענדונגען פאַרוואָס ס'איז געקומען טויטשטראָף...

דאָ, אין שטוב פון דער גוסטדיקער זעלדע איז פאָרגעקומען אַ דער־נענטערונג צווישן דער מערב־אייראָפּעאישער יידישער אינטעליגענץ און די באַלוטער האָרעפּאַשניקעס מחמת דעם מצב אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען.

דער צוזאַמענטרעף מיט די דאָזיקע מענטשן, גלויביקע, שטאַרקע, גרייטע אויף אַלץ האָט ממילא צוגעגעבן וויגדערן כוח אויסצוהאַלטן. ער וואוינט ביי אַ קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונג, וואו דער אַנפירער חיים ווידאווער רופט צו פאַרזיכטיקייט.

„היינט, תחילת פעברואַר גיינצן הונדערט פיר און פערציק שטייען מיר גראָד אַזוי פאַראייניזאַמט ווי אין פריערדיקע יאָרן... אונדז דערוואַרט פאַרטיליקונג... סיידן עפּעס אַ נס... אָבער פון וואַנען?... צי האָבן מיר נאָך די גייסטיקע גבורה זיך צו ראַטעווען?... דערווייל איז נאָר געבליבן איינס... נישט פאַלן ביי זיך... יעטוועדן טאָג קאָן עפּעס געשען" (ז' 100־101).

די דייטשן גרייטן אַ פרישן טראַנספּאָרט. די גרופּע ווייסט אַז דאָס איז דער וועג צום טויט. אָבער „וואָס טוען מיר אַנטקעגן דעם אומגליק? מיר וואָס ווייסן יאָ דעם גאַנצן אמת! — די קומענדיקע דורות וועלן אונדז קיינמאָל נישט מוחל זיין... צי האָבן מיר געטאָן דאָס וואָס מענטשן דאַרפן טאָן?... זיי וועלן אונדז נישט גלייבן אונדזער אומבאַהאָלפנקייט און אַליינקייט... די נסיונות פון אונדזער צייט — דאָס איז דאָך איינמאָליק אינעם קיום פון אונדזער פאָלק... צי זיינען אונדזער נשמה און אונדזער גוף צוגעגרייט פאַר אַזעלכע נסיונות? (ז' 101). „פונדעסטוועגן... איז... פאַרבליבן... בטחון... די איינציקע האָפענונג: אונדזער קעסטעלע... אַזוי לאַנג ווי מיר הערן דעם דרויסן — הערן מיר די וועלט... כאָטש מיר ווייסן, אַז די וועלט איז טויב צו אונדז... אפשר וועט געלינגען עמעצן אַריין צו אונדז... פון דרויסן... מיר זאָלן וויסן וואָס צו טאָן... וואו ס'איז אונדזער הילף... צי איז מעגלעך, אַז מען האָט אונדז פאַרגעסן?" (ז' 102).

איינער פון די באַטייליקטע שטעלט די פראַגע: „אפשר איז גאָר דער דייטש גאָטס פאַרכטיקע האַנט אונדז צו שטראָפן? גאָט האָט אויס־געקליבן דעם דייטש, כדי זיין אויסדערוויילט פאָלק צו פאַרפייניקן... ס'איז אומזיניקייט, וואָס קומט פון יאוש... מיר זיינען... אַ שפּענדל אין אַ רציחהדיקער וועלט... מיר יידן... זיינען נישט מער ווי אומגליקלעכע מענטשן אין דער גרויסער אומגליקלעכער מענטשן־משפּחה אויף דער ערד...

— און דער דייטש, איז דער דייטש אויך פון דער מענטשלעכער משפּחה?

— אויך דער דייטש איז נישט מער ווי אַ שפּענדל אינעם ווינט פון שלעכטס און רציחה... אמת מיר יידן זיינען די שוואַכסטע... די שינאה איז נישט געשיקט פון גאָט... די שינאה קומט פונעם מענטש... און דער מענטש מוז בעסער ווערן אין זיין קורץ, פאַרשווינדנדיק לעבן...

— און וואו איז די אויסדערוויילטע שליחות פון אונדזער פאָלק?...

— שליחות?... אפשר איז אויך דער יידן־עלטסטער מרדכי־חיים גאָטס שליח? (ז' 103) צי האָט אַ מענטש דאָס רעכט אַ צווייטן מענטשן צו שיקן צום טויט? אויב ס'איז ניט פאַראַן אַ רעטונג פאַר אַלע — צי דאַרף מען ראַטעווען נאָר אַ הייפל, די אויסדערוויילטע פון גורל? וואָס וועלן זאָגן די קומענדיקע דורות?... צי דאַרפן מיר נישט אַלע אַנטקעגנגיין דעם טויט — אויב ס'איז נישט פאַראַן אַ רעטונג פאַר אַלע? דאָס גוטוויליקע, שטאָלצע, גבורהדיקע שטאַרבן פון אַ מענטשן אין שווער געפּרואווטע צייטן גיט אים מער כבוד ווי אַ שרצימדיק לעבן... ס'וועט קומען אַ טאָג נאָך אונדזער חורבן, אַז נאָר דער טויט וועט זיין דער איינציקער סימן פון אַ ריין יידיש לעבן... מיט חשד וועט מען קוקן אין די אויגן פון יעטוועדן איבערגעבליבענעם נאָכן חורבן... אַפילו פון די ריינסטע און אומשולדיקסטע... (ז' 104).

די דיסקוסיע האָט זיך ווייטער געצויגן און וויגדער האָט אָפּגעפונען אין די אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען און ווערטער זיינע אייגענע פּראָבלעמען און ספקות. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר מאָמענטן פון שוואַכקייט.

„אָט דאָ איז צו אים אַנטקעגנגעגאַנגען דער ליכטיקער זין פון גורל: די סכנה, וואָס הענגט איבערן מענטש פון אייביקע צייטן און די גרויסע

פרייד פון געמיינזאַמקייט און מענטשלעכער נאָענטקייט, כדי צו באַצווינ־
גען דאָס אַל דאָס בייז... (ז' 106).

איצט האָט וויגדער און אַנדערע „דערפילט איבער זיך די גבורה
פון אַ פאַרבאָרגענעם, ליכט־שטראַלנדיקן גייסט" (ז' 107).

און הגם מען איז געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, אָן קאַנאַלן
וואו זיך אויסצובאַהאַלטן, אָן אַ נאָענטן וואַלד און אָן יידן־פריינד אין
דער נאָענטסטער סביבה, אָנגעוויזן אויף איינזאַמקייט און גבורה — איז
וויגדער נישט געפאַלן ביי זיך. בפרט אַז ס'האָט זיך געלאָזט הערן אַ
שטימע אין ראַדיאָ, וואָס האָט גערופן צו ווידערשטאַנד די יידן אין די
געטאָס, ווייל די הילף איז נאָענט. די שטימע האָט געפאָדערט נקמה פאַר
טרעבלינקע, אוישוויץ, פאָנאַר און סאָביבאָר.

אָבער אין געטאָ פון לאָדזש איז קיין אויפשטאַנד נישט געווען. דער
געהאָפטער שליח פון דרויסן איז געקומען מיט דער הילף פון פוילישן
גלאָקנציער, נאָר דער יידישער יודן־עלטסטער האָט אים אַרויסגעגעבן
די דייטשן.

נישט געווען קיין אָביעקטיווע געגעבענע פאַר אַן אויפשטאַנד, דערפאַר
אָבער וויפל סוביעקטיווער ווילן און גרייטקייט אויף טויט, כדי אויס־
צוקעמפן אַ גערעכטיקייט אין לעבן?

פון שטאַנדפונקט פון מענטשן משפט מען נישט די רעזולטאַטן נאָר
די כוונות און וועגן זיי זאָגט אויטענטישע עדות דער מחבר פון ראָמאַן.

## ב. אַרישע שכנים

עס זיינען פאַראַן שרייבער, וואָס כדי צו כאַראַקטעריזירן אַ סאָציאַלע
גרופע פירן זיי אַריין אין ווערק מאַסן, וויקלען פאַנאַנדער די געשעענישן
אויף אַ ברייטן פאָן און איבערצייגן דעם לייענער דורך קוואַנטיטאַטיווע
מיטלען, די כמות. פאַראַן אָבער שרייבער, וואָס כאַראַקטעריזירן אַ גרופע
דורך פאַרטיפן געשטאַלטן וואָס רעפּרעזענטירן זי. פאַרשטייט זיך, אַז דער
צווייטער מעטאָד פאָדערט אַ געניטעם אָפּקלייב און אַ באַגאַבונג צו
געפינען די עיקרדיקע שטריכן און ספּעציפישקייטן, וואָס דערלויבן אַז
איין מענטש זאָל זיין אַ פּערסאָניפיקאַציע פון זיין סאָציאַלער, עטנישער,
רעליגיעזער צי קולטורעלער גרופע. אַזאַ טיפ מוז ווערן פּסיכאָלאָגיש

באַגרינדעט, זיינע רעאַגירונגען — אויפגעקלערט. די קוואַליטעט פון שילדערונג דאַרף באַפרידיקן די פאָדערונגען פון רעאַליזם, פון אָביעק־טיוון אמת.

שפיגל געהערט צום צווייטן טיפ שרייבער. ווי אַ סקולפּטאָר מאָדעלי־זירט זיינע פערסאָנאַזשן, באַטראַכט זיי פון אַלע זייטן איידער ער נעמט אין האַנט זיין האַמער און דלאָטע, אַזוי פירט שפיגל אַריין זיינע העלדן, וויזנדיק אונדז זיי פון ווייטנס, דערנענטערט זיי צו אונדז, אַנטפּלעקנדיק פאַר אונדז זייער עבר, זייערע געדאַנקען און געפילן, לאָזנדיק אונדז הערן זייערע מיינונגען וועגן אַקטועלע פּאַסירונגען ביז זיי ווערן מיט אונדז אַזוי היימיש, אַז דער איבערגאַנג צו אַקציע אין סיפור המעשה איז פאַר אונדז קיין איבעראַשונג, נייערט אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכע האַנדלונג. מיר האָבן פון זיי עפּעס אַנדערש נישט דערוואַרט. די אַזוי גערופענע אַרישע זייט רעפּרעזענטירן ביי שפּיגלען פון איין זייט די משפּחה קאַטשמאַרעק און פון דער צווייטער — דער גלאָקנציער און זיין פריינד אַנטאַני.

די ברידער סטעפאַן, אַדאַם און זייער שוועסטער מאַרטאַ קאַטשמאַ־רעק, האָבן פאַר זייער לעבנס־דעוויז געהאַט דעם שפּרוך פון זייער פאָטער אויפן טויטן־בעט: „כדי אונדזערס אַ מענטש זאָל מאַכן אַ לעבן — דאַרף ער תמיד זיך האַלטן נאָענט ביי יידן". די קינדער האָבן פאַרלאָזט די ערד, גענומען זיך צו מסחר און זייער קרעטשמע איז שטענדיק געווען פול מיט יידישע באַלעגאַלעס, דאַרף־מעקלערס, ירידים־פאָרער או"וו. זיי זיינען געווען קוני הכל און משא ומתן געמאַכט האָבן זיי דווקא מיט יידן.

ווען די דייטשן האָבן פאַרשלאָסן די יידן איז לאָדזשער געטאָ און די פּוילישע שכנים האָבן אויסגעוואַנדערט, האָבן די קאַטשמאַרעקס נישט פאַרלאָזט זייער הויז, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צום געטאָ. נאָר אַנשטאָט צו האַנדלען מיט יידן האָבן זיי גענומען האַנדלען מיט יידישע זאַכן. אין זייער בוידעם־שטיבל זיינען געווען אָנגעהויפט יידישע מלבושים, זיידענע שאַלן, קאָלירטע האַנטעכער, כלים, קרישטאָלן, לולקעס, טיי־טשייניקעס, זילבערוואַרג, שבת־לייכטער, חנוכה־לעמפּלעך, פוטערוואַרג.

די ברידער זיינען געווען געגנוג פיפיק, כדי די דייטשע מאַכט זאָל

זיי לאָזן צורו. דאָרט וואו די ברידער האָבן זיך נישט געגעבן אַן עצה — האָט געפועלט זייער שוועסטער...

פאַר די קאטשמארעקס איז געלט געווען דער איינציקער ציל פון זייער לעבן. זיי זיינען געווען גרייט צו דינען אַפילו דעם טייוול. גאַרנישט האָט אויפגעהאַלטן אַ קאטשמארעק פון שפּיאָנירן דעם גלאָקנציער און אים מסרן אַז ער באַהאַלט אויס יידן, אַבי זיך איינצוקויפן דייטשע גינציקייט.

רייכטום איז געווען דער לייטמאָטיוו פון זייערע האַנדלונגען. בפרט נאָך, ווען עס קומט אַן אַזוי לייכט, ווי באַרויבן יידן, איז דער יצר־הרע זייער גרויס און ס'איז שווער זיך אַנטקעגן צו שטעלן.

האָבן זיך אָבער געפונען פּשוטע מענטשן, וואָס זייערע האַנדלונגען און טראַכטענישן זיינען געווען פון גאָר אַן אַנדערן מין.

אַנטאָני, דער פויער פון הינטער גלאָוונע, פירט פאַר זיין פריינד, דעם גלאָקנציער, קאַרטאָפל און קרויט. ער פאַרשטייט נישט פאַרוואָס דער גלאָקנציער ניקאָדעם זאַלוצקי ברויכט אַזוי פיל שפייז, אָבער אַז זיין פריינד בעט אים קאָן ער נישט אָפּזאָגן און לאָזט זיך איינער אַליין אין אַ געפערלעכן וועג אַריין.

אַגב, פאַרנדיק אַזוי דערמאָנט ער זיך, ווי בעתן שאַפן די געטאָ האָט קיין פויער פון דאָרף נישט געוואָלט פירן די יידן, וואָס האָבן געוואָלט אַריבערפאָרן מיט זייערע משפחות אין גרעסערע שטעט. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט אַנדערש געהאַנדלט. „און ווי אַזוי האָט מען געקאָנט דעמאָלט אַנדערש טאָן ?... אַז אַלע זיינען זיי געשטאַנען און געבראָכן די הענט — דאָס גאַנצע יידן־געסל... דייטשן מאַכן אַ געטאָ... אַז אונדזערע יידן ווייסן זיי שוין פאַרוואָס... און אַממייסטן טוט ווייי וואָס אונדזערע מענטשן... אַפילו פרומע פויערים האָבן מיט אַ מאָל זיך אָפּגערוקט, שטייען פון דער ווייטנס מיט די הענט אויף די באַקעס... אמת, מענטשן האָבן נישט גערן צו שטיין נאָענט פון אַן אומגליק. אָבער ווי קאָן מען דאָס שטיין אַזוי גלייכגילטיק און זיך צוקוקן ? זיי בעטן דאָך בלויז, די זשידעס, אַ פורמאַנקע... נאָר קיינער פון אונדזערע רירט זיך נישט פון אָרט, סוקינסינעס...

— צאַ פּראַוודאַ, טאַ פּראַוודאַ — טאַקע געווען גוטע און קלוגע שכנים, די זשידעס, נאָר ווער וויל דאָס אַוועקלייגן דעם קאָפּ? און ווען ס'וואָלט געווען פאַרקערט — מיר גייען אין געטאָ אַריין נישט זיי, ווי וואָלטן זיי, די קלוגעטשקע, געטאָן? מיטגעגאַנגען?... (ז' 67־68).

די לעצטע פראַגע אין מויל פון ערלעכן, גלויביקן קריסט, כאַראַקטע־ריזירט דעם מחבר גופא, זיין ערלעכקייט. ער מיידט נישט אויס קיין האַרבע קשיות.

אַנטאַני האָט נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער. זיין אויספיר איז: „ס'איז פינצטערע וועלט ס'איז געוואָרן!... ס'איז גיהנום אויף דער ערד... העטא! וויא!״ (ז' 68).

אויך הײנט טוט ער זיין מענטשלעכן חוב, ווי ער האָט אים געטאָן בעת די יידישע משפחה האָט אים געשטופּט צירונג פאַר שפּאַנען די פערד און ער האָט עס נישט געוואָלט נעמען. „און ווען מען זאָל אים עפענען אַלע אוצרות פון דער וועלט — וואָלט ער גענומען אַ שטויבעלע?״ (ז' 68).

אַנטאַני קאָן נישט פאַרגעסן ווי אַזוי מאַשקאָווע, די קינדער אירע און צולעצט מאַשעק אַליין „פאַלט אויף אים אַרויף... און קושט אים די וואַנצן... עפעס אַזאַ פייכטלעכער, וואַרעמער יידישער קוש...״ (ז' 70).

דער פויער פאַרענדיקט זיינע מעדיטאַציעס און באַטראַכטונגען מיט אַ ברכה אַז יעזוס זאָל זיי נעמען אין שוץ, ווען דער יידישער גאָט האָט זיי פאַרלאָזן.

שפּיגל קען דעם סוד פון שאַפן אַ טעמפּעראַטור פון האַרציקייט און אינטימקייט. ער רופט אַרויס די פאַרבאַרגנסטע געדאַנקען און די קאָמפּ־ליצירטסטע פּראָבלעמען, גיט זיי אָבער איבער אויף אַזאַ אופן, אַז די שפּיציקסטע פאָרמולירונגען באַקומען אַ מילדן אויסדרוק, נישט פאַרלירנדיק זייער וואָגיקייט און ערנסטקייט. דער מחבר ווייסט ווי אַזוי צו זאָגן דעם ביטערסטן אמת, נישט אַרויסרופנדיק קיין אויפטרייסלונג. די גרעסטע פאַרביטערונג ווערט אויפגענומען באהבה, ווייל זי רייצט נישט אויף. זי הערט אָבער נישט אויף צו מאָנען...

צי איז דען נישט די שאַרפסטע מאָנונג, וואָס באַגייט זיך אָן ווערטער, דער פאַקט אַז דער גלאָקנציער ווערט עפנטלעך אויפגעהאָנגען צוליב אַ

מסירה פון אַ קאַטשמאַרעק, אַז ער באַהאַלט אויס אַ יידן? אַז ער פאַרשוועכט די רעליגיע?

דער זעלבער גלאַקנציער, וואָס האָט נישט איבערגעריסן זיין דינסט צו גאָט אין קירכעלע אויפן ראַנד פון געטאָ, הגם קיין גלויביקע זיינען נישט געקומען טאָן תפילה און נישט קיין גלח איז פאַרבליבן אויפן אָרט. דער אַלטער ניקאָדעם איז געשילדערט ווי אַ הייליקער. זיין ערלעכקייט און טיפער גלויבן דיקטירן אים זיינע האַנדלונגען: ער נעמט אויף אַ פרעמדן, אַ שליח פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָס וויל זיך אַריינבאַקומען אין געטאָ, כדי אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט דער גרופּע, וואָס וואַרט אויף אָנווייזונגען פון דרויסן.

זיין פריינד אַנטאָני, וואָס האָט ערשט איצט פאַרשטאַנען נאָך וואָס ניקאָדעם ברויכט אַזוי פיל פּראָדוקטן, פרעגט אים, דעם גלאָקנציער, צי ער ווייסט וואָס עס דראָט אים פאַר אויסבאַהאַלטן דעם פרעמדן.

„כ'ווייס... צו זיבעציק איז לייכטער אַ מאָך צו טאָן אויף אַלץ מיט דער האַנט, נאָר נישט אויף דעם וואָס הייסט געוויסן... און פאַטערלענדישע פליכט פון מענטש צו מענטש? און דאָס געוויסן פון אַן ערלעכן פּאָליאַק?... זעסט דאָס אייל־לעמפּל?...

— כ'זע... ס'ווערט באַלד אויסגיין... דאָס קנייטל רויכערט זיך...

— און אַז מע וועט צוגיסן אַ ביסל אייל, וואָס דעמאָלט, האַ? — דעמאָלט וועט נאָך ווערן ליכטיק, וואָס? איך און דו און טויזנטער אַנדערע... אַלע דאַרפן זען אַז דאָס לעמפּל זאָל נישט אויסגיין... אַז ס'וועט אויסגיין — וועט די וועלט פאַרזינקען אין אייביקער פינצטערניש"...
(ז' 91).

דער מחבר האָט אונדז דורך די געשטאַלטן פון די צוויי אַרישע גרופּעס באַרירט די טיפסטע סטרונעס פון מענטשלעכן געוויסן און געווויסנלאָזיקייט.

קאַטשמאַרעק באַשולדיקט דעם אַלטן ניקאָדים אין גאָטלעסטערונג, ווייל שפּיאָנירנדיק האָט ער געפונען די פלאַשן פון הייליקן וויין אין קעלער, וואו דער פרעמדער האָט זיך אויפגעהאַלטן.

ס'אַ פּאַראַדאָקס! קאַטשמאַרעק איז געוואָרן דער פאַרטיידיקער פון קלעריקאַלער כשרות און דער פרומער, ערלעכער גלאָקניצער, וואָס האָט

טיף באַנומען דעם תוך פון זיין רעליגיע, נישט בלויז איר אויסערלעכע פאָרם, מוז ווערן אַ קרבן מחמת זיין געוויסנהאַפטער, מענטשלעכער האַנדלונג.

שפיגל האָט אונדז דאָ געשילדערט אויפן ביישפיל פון די עטלעכע מענטשן צוויי באַציאונגען צו די זעלבע פּראָבלעמען: געלט און געוויסן. די קאַטשמאַרעקס יאָגן זיך נאָך דעם ערשטן, ווייל עס פעלט זיי דאָס צווייטע; אַנטאָני און ניקאָדעם ווילן נישט קיין פרעמדס, ווייל זייער געוויסן איז אומפאַרדאָרבן.

אין דער שילדערונג פון מחבר וואַקסן זיי אויס צו סימבאָלן, בפרט דער גלאָקנציער, וועמענס טויט איז געווען אַ נאַטירלעכע לייזונג פון דעם דראַמאַטישן קאָנפליקט, וועגן וועלכן מיר האָבן אין אָנהייב גערעדט.

זיין גורל איז געווען אַ טראַגישער, אַ יידישער.

### ג. ליבע אין אַנבליק פון אומקום

אַ ראָמאַן אָן ליבע איז געגליכן צו אַ הגדה אָן די אַרבע כוסות: עס פעלט אַ הויפּט־עלעמענט, וואָס גיט דעם ראָמאַן קאָליר און שטימונג, ליידנשאַפט און אינטערעס. איז דען אָבער מעגלעך אַ ליבע אין געטאָ, בעת מען קוקט אַרויס אויף ביינער ווי אויף אַ זעלטענעם אוצר, ווען מען איז כסדר באַהערשט פון מורא־געפילן און דער טויט איז אַן אָרגאַנישער טייל פון אַזוי געראָפענעם לעבן?

הונגעריקע מענטשן מאָביליזירן זייערע אינסטינקטיווע כוחות צו באַ־קומען דערנערונג, נישט צו ליב האָבן. ווייל דאָס געפיל פון ליבע — ליבע, אָבער נישט געשלעכטלעכער אינסטינקט — איז אייגן פאַר מענטשן, וואָס זיינען אין שטאַנד זיך צו דערהייבן צו אַלטרואיזם, צו האָבן אין זין נישט בלויז דאָס שטילן פון אייגענע עלעמענטאַרע באַדערפעניש.

אַזעלכע מענטשן זיינען געווען אין די געטאָס, אין די טויט־לאַגערס, אין די וועלדער. מיר טרעפן זיי אויך אין די „פלאַמען פון דער ערד".

עס איז נישט קיין צופאַל וואָס גראָד די מענטשן פון קאַמף און גרייטקייט אויף קרבנות זיינען אויך געווען די, פאַר וועלכע ליבע — די איידלסטע, די סובלימירטע, — איז געווען אַ באַדערפעניש.

גיטעלע גיט זיך אָפּ מיט האַרץ אַ פרעמד קינד, וועמענס עלטערן

זיינען אויפגעכאַפּט געוואָרן אין דרויסן און וועלן שוין נישט צוריקקומען. גיטעלען האָט באַהערשט נאָך אַ גרויסע, ערדישע פרייד.

„וויגדער... כ'על... כ'על באַלד זייגן דײַנס אויך... זאָל נאָר אַדורכגיין דער זומער.

וויגדער האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם און זי אָנגעקוקט. ער האָט געזען, אַז אירע קליינע פּאָקנגריבלעך איבערן פּנים זיינען געווען אָנגע־גאָסן מיט ליכט" (ז' 196).

צו אַזאַ פרייד זיינען געווען פּעאיק די פּשוטע מענטשן, וואָס שפּיגל האָט אונדז פאַרגעשטעלט מיט גרויס ליבשאַפט, מיט געוויסנהאַפטער ער־לעכקייט און פולקומענער מייסטערשאַפט.

דאָס בוך איז אַ דענקמאָל, געשריבן מיט בלוט, וואָס קאָן נישט רוען, אַפילו אין רוטאָג, ווי די וואַסערן פון סמבטיון.

„די צוקונפט" אַפּריל 1967

ד.

# אין פאַנטעאָן פון דער יידישער ליטעראַטור*

עס איז שווער צו שרייבן וועגן אַ צווייטן באַנד נאָכדעם, ווי וועגן ערשטן האָסטו שוין געהאַט אָפּגעדרוקט אַן אָפּהאַנדלונג און דער עיקר איז שוין דיין מיינונג געזאָגט געוואָרן.**

אין אַרטיקל וועגן ערשטן בוך איז געווען פאָרויסגעזען אַז אַ צווייטס וועט דערשיינען. און אָט ליגט עס פאַר מיר, שוין איבערגעלייענט און פאַרשטאַנען, אַז צו דער פריערדיקער אָפּשאַצונג איז פאַראַן וואָס צוצו־געבן. עס איז פאַרשטענדלעך. פון ערשטן בוך ביזן צווייטן זיינען דורכגעפלויגן ניין יאָר. פאַר דער צייט האָט דער מחבר געהאַט נייע

* צום דערשיינען פון: ישעיהו שפּיגל „געשטאַלטן און פראַפּילן". צווייט בוך. — תל־אביב, „ישראל־בוך" 1980. — 150 זייטן.

** נח גריס: פון פינצטערניש צו ליכט. ישעיהו שפּיגל און זיין ווערק. עסייען. — תל־אביב. „ישראל־בוך" 1974.

דערפֿאַרונגען, פֿאַרטיפֿט זיין קוק אויף פּראָבלעמען, אויסגעברייטערט און מעגלעך דערגאַנצט זיין וויסן און אפֿשר געביטן זיין קוק אויף דערשיינונגען אין אונדזער לעבן, געזעלשאַפֿט, אַנדערש אָפּגעשאַצט פֿאַקטן... אויסער דעם זיינען די שרייבערס, וועלכע בילדן דעם אינהאַלט פֿון איצטיקן בוך ניט די זעלבע און פֿאָדערן אַן אַנדערע באַהאַנדלונג.

איך האָב אַ געוווינהייט אַנצוהייבן לייענען אַ בוך פֿון די פּאָר ערשטע און לעצטע זייטן, פֿון וועלכע מע דערוויסט זיך עפּעס וועגן מחבר גופֿא. אין דעם געגעבענעם פֿאַל זעען די אינפֿאָרמאַציעס אויס אַזוי: שפּיגל פֿייערט אַ טאָפּלען יובילײ, ער ווערט אַלט פֿינף און זיבעציק יאָר און עס דערשיינט זיין פֿינף און צוואַנציקסטע בוך; זעכצן זיינען יידישע, זיבן־העברעאישע און צוויי אין פֿראַנצייזישער איבערזעצונג.

איבער ס'איז דערלויבט אַריינצופֿירן אַ פּערזענלעכן טאָן אין אַן עסיי, ווינטשט איך דעם בעל־יובל אין נאָמען פֿון מיינע לייענערס פֿון דאָזיקן אַרטיקל און אין מיין אייגענעם ער זאָל נאָך אַ סך ביכער אָנשרייבן ווי ביז איצט: לידער, פּראָזע און עסייען און די ביכער זאָלן דערוועקן אין די לייענערס געדאַנקען און געפֿילן, וואָס שפּיגל לייגט אין זיי אַריין מיט אַזוי פֿיל האַרץ, וויסן און טאַלאַנט.

אין די ערשטע זייטן ווערט אויך געזאָגט אַז דאָס בוך איז געהייליקט דעם אָנדענק פֿון יעקב גלאַטשטיין, וועמענס צענטע יאָרצייט פֿאַלט אויס אין יאָר 1981.

אין בוך געפֿינען זיך 16 עסייען וועגן שרייבערס. היות אין מיין אַרטיקל וועט אפֿשר נישט אויסקומען צו דערמאָנען אַלע האַלט איך פֿאַר נייטיק און בכבודיק צו געבן אַלע נעמען אין דעם סדר ווי דער מחבר האָט זיי אָוועקגעשטעלט: יעקב גלאַטשטיין (1971־1896), אהרן צייטלין (1973־1898), אליעזר גרינבערג (1978־1896), אפֿרים אויערבאַך (1973־1892), י. י. שוואַרץ (1971־1885) ל. דאַמאַנקעוויטש (1973־1899), ב. דעמבלין (1973־1897), אריה שמרי (1978־1907), א. מ. פֿוקס (1974־1890), יואל מאַסטבוים (1957־1884), פּערל האַלטער (1975־1913), בערל מאַרק (1966־1908), מאיר ווייסגאַל (1977־1894), ירחמיאל בריקס (1974־1912), לייב מאָרגענטוי (1979־1905), אברהם זאַק (1980־1891).

צו יעדן פון די נעמען שטעלט דער מחבר צו אַן אונטערקעפּל, וואָס דריקט אויס דאָס עסענציעלע פון געגעבענעם שרייבערס כאַראַקטעריסטיק. אַזאַ באַצייכענונג דאַרף דינען דעם מחבר פאַר אַ קאָמפּאַס, וואָס ווייזט אים אין וועלכער ריכטונג ער דאַרף ממשיך זיין דאָס באַהאַנדלען די טעמע, כדי נישט אַראָפּצוגיין פון דורך אים באַשטימטן וועג. ווי אַ ביישפּיל וועט דער לייענער דאָ געפינען אַ פּאָר ביישפּילן: יעקב גלאַטשטיין — דער שומר און מבשר, אליעזר גרינבערג — פּאָעט און עסייִסט, אפרים אויערבאַך — אַ גרויס לעבן צווישן גרויע טאָוולען, ב. דעמבלין — דער שרייבער פון אויסגעלאָשענעם דור, בער מאַרק — דער אומבאַקאַנטער, אברהם זאַק — שטילע ליריק פון אַ ראָמאַנטיקער אא״וו.

ווען מע לייענט זיך אַריין אין די עסייען דערפילט מען אַז דער מחבר האָט פיל מער צו זאָגן, אָבער ער באַגרענעצט זיך, כדי די גערדאַנקען וועגן אַנגעמערקטן אַספּעקט זאָלן זיך באַקומען קלאָרער, בולטער, קאָנדענסירטער.

צו יעדן עסיי גרייט זיך שפּיגל געוויסנהאַפטיק: ער דערלערנט די ביאָגראַפיע פון שרייבער און זיינע ווערק מיט זייערע קינסטלערישע, סטיליסטישע מעלות, פּסיכאָלאָגישע און סאָציאַלע יסודות אא״וו. פון דעם גאַנצן באַגאַזש טיילט זיך ביי שפּיגלען אויס אַ קאָנטור פון דער פּערזענ־לעכקייט, אַן אַלגעמיין בילד, דער פּאָרטרעט. האָבנדיק דעם סינטעז טרעט דער מחבר צו צו שרייבן די אַרבעט.

ער הייבט אָן פון אַן אַלגעמיינער טעזע, פון אַ טעאָרעטישער הנחה, פון אַן אויסגאַנגספּונקט, וואָס ער וועט אין לויף פון אַרטיקל ברייטער אינטערפּרעטירן אויף קאָנקרעטע ביישפּילן. צום סוף וועט די געשטאַלט אַרויסקומען אַן אינטעגראַלע, אַ פולע.

מיט זיינע עסייען איז שפּיגל אויסן צו פאַרווירקלעכן צוויי צילן: ריידנדיק וועגן אַנדערע אַרויסזאָגן אייגענע געדאַנקען און אויפשטעלן מצבות־עפּיטאַפן פאַר מענטשן, וועמענס שריפטן זיינען ציגל אין פּאַלאַץ, וואָס רופט זיך יידישע ליטעראַטור.



שפּיגל הייבט אָן זיין ערשטן עסיי פון ציטירן דעם פאָטער פון ליטעראַרישן זשאַנר, וואָס רופט זיך עסיי, דעם פראַנצייזישן דענקער מישעל מאָנטיין (1592-1533), וועלכער זאָגט אַז „איך לאָז דאָ ריידן אַנדערע,

נישט לויט מײַנע מחשבות, נײַערט בלויז דורך מײַן אָפּקלײַב, אַז זײַ זאָלן מיר העלפֿן אין דעם, וואָס איך קען נישט אַזוי גוט זאָגן" (זײַט 9). שפּיגל ציטירט אויך אַן ענלעכן געדאַנק פֿון ל. דאָמאַנקעוויטש: „פֿאַר מיר אַליין איז קריטיק אַ ליטעראַטור־פּרעטעקסט, אַן אויסרייד, דורך יענעם צו זאָגן אײגנס" (ז' 65). עס איז געװנג, הגם מע װאָלט געקאָנט ברענגען נאָך מער אַרויסזאָגן אין דעם זעלבן גײַסט.

דער ערשטער ציל, דאָס אײגנס פֿון מחבר, געפֿינט אַ פֿאַרווירקלע־כונג כמעט אין אַלע קאַפּיטלעך פֿון דאָזיקן באַנד.

דרײַ עסייען און פֿינף לידער האָט שפּיגל געווידמעט דעם אָנדענק פֿון יעקב גלאַטשטיין. פֿון זײַן כּישוף קאָן זיך דער מחבר נישט באַפֿרײַען, נישט „פֿונעם יונגן לעבעדיקן אָטעם, פֿון זײַן וואַרעמער האַנט, וואָס פֿירט דיך, איבער אַלע נצחונות און אויך ביטערע שטרויכלונגען אין אונדזער פֿאַרגאַנגענער און קעגנוואַרטיקער ליטעראַטור" (ז' 22). גלאַטשטײנס מיינונגען און ראיות ווערן געבראַכט נישט בלויז אין אים געווידמעטן אַרטיקל, נײַערט כמעט אין אַלע אַנדערע עסייען קאָנען מיר לייענען, וואָס ער האָט וועגן דעם אָדער יענעם געשריבן. פֿאַר שפּיגלען איז גלאַט־שטיין אַ מאָדעל מיט זײַן באַציאונג צו יידישע שרײַבערס, מיט דרך־ארץ פֿאַר די, וואָס מיט זײער אַרבעט און שאַפֿונג באַשײנען זײ אונדזער לשון.

ביים באַטראַכטן די ווערק פֿון „פּאָעט און עסייִסט" אליעזר גרינבערג גיט אונדז שפּיגל צוערשט אַ מין אוווערטורע אד"ט „עסיי, ווי אַן אַלטע ליטעראַטור־פֿאָרעם", כּדי שפּעטער, ביים אַנאַליזירן גרינבערגס אַרבעטן איבער מ. ל. האַלפּערן, ה. לייוויק און יעקב גלאַטשטיין, צו קומען צום אויספֿיר, אַז ס'איז פֿאַראַן אַ שײַכות צווישן פּאָעזיע און עסייִסטיק: „ביידע מוזן פֿאַרמאָגן יצירה־טעמפּעראַמענט, אוממיטלבאַרקײט, סענסי־טיוו־שאַפֿעריש געמיט, קלאָרע שפּירונגען, בילדלעכקײט, אַטמאָספֿער פֿון תּוכיקע קונסט־אמתן געגעבן מיט צימצום, מיט שוווּנג און חן". (ז' 42).

לייענענדיק די דאָזיקע פֿאָדערונגען און פֿאַרגלײַכנדיק זײ מיט די עסייען פֿון בוך קומט מען צו דער איבערצײַגונג אַז דער מחבר האָט דאָ כאַראַקטעריזירט זיך אַליין.

אויב מע זאָל נאָכגיין דעם געדאַנקען־גאַנג פון שפּיגלען וואָלט אויס־געקומען אַז עסייען מעגן און דאַרפן שרייבן נאָר פּאָעטן.

אין קעגנזאַץ צו אַזאַ קריטיק רוקט ער אַרויס די א. ג. „רשי־קריטיק" (ניגער, מוקדוני), און דאָס נישט צום ערשטן מאָל. יענע קריטיק באַשטייט פון „פּאַרטייטשן און אויסטייטשן, אַ מין פּאַלמעסונג פונעם ווערק, אַן דער לעבעדיקער אַטמאָספער, און אָן דער שאַפערישער טעמפּעראַטור" (43).

דאָס אייגנס פון שפּיגלען שטעלט מיך אַוועק אין אַן אומזיכערער לאַגע: איך בין נישט קיין פּאָעט, כ'באַזיץ נישט די אַלע מעלות, וואָס אַ דיכטער־עסייִסט פאַרמאָגט; צי האָב איך אַ רעכט צו שרייבן עסייען און קריטיק?

כאָטש צוריק גערעדט: מיט רשין איז זיך אויך נישטאָ וואָס צו שעמען!

דער מחבר האָט פאַרשטאַנען צו דערנענטערן אונדז צו דער דיכטונג פון אהרן צייטלין אַ דאַנק דעם פּאַרטייטשן און אויסטייטשן זיין פילאָ־סאָפיע פון לעבן און טויט, זיין קאָסמישן מאַניזם. מיט אַ פּעדאַגאָגישער געניטקייט שטעלט שפּיגל אויף אַ פּאַראַלעל צווישן די חורבן־לידער פון אהרן צייטלין און יצחק קאַצענעלסאָן. „ביידע קומען זיך צונויף צווישן 'גאַזקאַמער און גאָט' אין זייער דיכטערישער לעסטערונג. בעת אָבער אינעם לעבעדיקן צייטלין־פערז ליגט פאַרלייגט אַ שפּליטער פון גלויבן — איז יצחק קאַצענעלסאָנס חורבן־געזאַנג דאָס געשריי פון איוב, וואָס וועט שוין קיין מאָל זיך נישט אומקערן פון טאָל צלמוות". (ז' 37). אַזוי אַרום האָט אונדזער פיינפיליקער מחבר דורך אַ פּאַסיקן פאַרגלייך געגעבן צו פאַרשטיין דעם עיקר פון צייטלינס וועלטבאַנעם און דורך זיינע אַנאַליזן מיט קאָמענטאַרן אונדז געפירט איבער די פאַרחושכטע שטעגן אין געדיכטן וואַלד פון צייטלינס פּאָעטישער וועלט, אין וועלכער עס הויערן קאָס־מאָלאָגיע, מעטאַפיזיק און פּאַראַפּסיכאָלאָגיע.

אין יעדן עסיי געפינט זיך עפּעס אייגנס פון שפּיגלען. זאָל דאָ דערמאָנט ווערן וואָס ער שרייבט אין שייכות מיט א ווערק נישט פון אַ דיכטער און נישט אַ פּראָזאַאיקער; ער שאַצט אָפּ די אויטאָביאָגראַפיע פון מאיר ווייסגאַל. דער מחבר מיינט, אַז „איינע פון די צום מערסטן קאָמפּליצירטע שאַפונגען אין דער ליטעראַטור איז... דער אויטאָפּאָרטרעט...

אַנשרייבן אַ ראָמאַן איז לייכטער ווי מאָלן אַ געטרייען ביאָגראַפישן איכ־פּאָרטרעט... וואָס זאָל זיך אויך קוואַליפיצירן ווי ריינע יצירה". (ז' 122)
עס פאָדערט זיך דאָ עפּעס וואָס וועגט איבער „יעטוועדן ליטעראַרישן רייץ, דהיינו, דאָס אינטים־פּערזענלעכע און גרויס־מענטשלעכע, דאָס נאַקעטע הומאַנע און אָפּנהאַרציקע — דער שטראַלנדיקער, שיינער אמת — אַנטקעגן דער קינסטלערישער פיקציע". (דאָרט).

פון שפּיגלס אייגענע אַרויסזאָגן לאָזט זיך צונויפשטעלן אַ קאָמפּע־נדיום פון ליטעראַטור־טעאָריע, געשריבן אין געלייטערטער שפּראַך, וואָס רעדט נישט בלויז צום מוח, צום האַרצן אויך.



דער צווייטער ציל פון מחבר איז, ווי שוין דערמאָנט, אויפשטעלן מצבות פאַר זעכצן שרייבערס, וועלכע ער האָט אַריינגענומען אין זיין פאַנטעאָן.

אַ טייל פון זיי האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער ליטעראַטור, אַנדערע האָבן מיט זייערע ווערק געגעבן אַ קלענערן צושטייער, האָבן אָבער אַ דאַנק זייער באַציאונג צו חברים געשאַפן אַ גייַסטיקע אַטמאָספער פאַר אַ שאַפערישן אויפשטייג אא"וו. דער אויטאָר האָט געפונען פאַר יעדן איינעם אַ זכות, וואָס באַרעכטיקט זיין געפינען זיך אין דער זאַמלונג; ער דריקט אויס זיינע געפילן אין אַ רייכער שפּראַך, וואָס שאַפט אַ טעמ־פּעראַטור פון אויטענטישער פריינדשאַפט און אויפריכטיקער אַנערקענונג.

אין דער מאָלעריי אונטערשיידט מען צווישן קאַלטע און וואַרעמע פאַרבן. קאַלט איז גרין בלוי, צו די וואַרעמע פאַרבן, וואָס שאַפן די נאָענטקייט־אילוזיע געהערט צ"אנד רויט, געל. שפּיגל, אַליין אַ מענטש אַ סענסיטיווער, באַניצט וואַרעמע פאַרבן און מיט זיי מאָלט ער זיינע געשטאַלטן. אויף אַזאַ אופן דערנענטערט ער זיי צו אונדז און וועקט אַ סימפּאַטיע צו זיי אין די הערצער פון לייענער. אַ פּאָר ביישפּילן וועלן דאָס אילוסטרירן.

פּערל האַלטער: „די אַמייסטן 'זאָרגפעליק' פאַרשוויגענע יידישע דיכטערין". אין אירע לידער געפינט ער אַן אָנדייט אויף איר באַשיידנ־קייט:

נאָר איך קלעטער, כאָטש כ'וויס אַליין
איך וועל נישט דערגיין (ז' 110)

שפּיגל טרייסט זי, אַז איר ייאוש איז געווען אַן אומזיסטער.

ירחמיאל בריקס: „זיין שיין, אָפן פּנים, די מילדע אויגן זענען שוין געווען פאַרוועבט ביסלעכווייז מיטן טראַגישן ליכט פון ערב־אָפּגרונט. און דער דאָזיקער תהום, וואָס האָט אים בנס אַרויסגעוואָרפן פון זיך, האָט אים אויך מיטגעגעבן כוחות, כדי מיט יאָרן שפּעטער צו דערציילן, דערציילן — מיט זיין אייגן לשון און ריינעם פאָלקסהאַרץ די שווער־געפּרוווטע יאָרן פון יידישן אומגליק. וועגן י. בריקס ביכער איז פיל געשריבן געוואָרן — און אויך מער פאַרשוויגן געוואָרן". (ז' 136/7)

„אינעם פּנקס פון יידישן חורבן האָט ירחמיאל בריקס, אַ קינד פון לאָדזשער געטאָ... געשריבן מיט דער פאָלקספעדער פון אַ טרייען עדות און שווער־געפּרוווטן קרבן". (140).

א. מ. פוקס: „זיין טראַגיק איז... געלעגן אין דעם, וואָס ער האָט ,בלויז' געקענט שרייבן יאָדערדיקע, גוטע יידיש פּראָזע — אָבער נישט מער. און דאָס איז, זעט אויס, וויניק אין אונדזער תקופה".

שרייבנדיק וועגן יואל מאַסטבוים אַקצענטירט שפּיגל זיין מליץ־יושרדיקייט, דרך־ארץ פאַרן עלטערן שרייבער און אַן אויסגעשטרעקטע האַנט צום ייִנגערן.

ב. דעמבלין: „ער האָט אין זיין לעצט ווערק („אויף אייגענעם באַראָט" — ב. ג.) אָפּגעהיטן... דעם הייליקסטן געבאָט פון ליטעראַטור: איר מאָנונג פאַר דערהויבנקייט, פאַר ריינקייט, פאַר מענטשלעכער ליכטי־קייט". (ז' 74).

אברהם זאַק: וועגן אים שרייבט שפּיגל, אַז ער פאַרמאָגט אַ קלאָרע לעקסיק, וואַרעמע פאָלקס־פּשטות, אַ גוט־געצוימטן פערזנבוי. זיינע פערזן רירן מיט באַשיידנקייט און אויפּברויז פון דיכטערס נשמה. (ז' 148).

שפּיגל איז מספּיד יעדן פון די זעכצן נפטרים ווי אַ בויער פון טייערסטן, וואָס ער פאַרמאָגט, פון דער יידישער ליטעראַטור. ער שאַצט אָפּ דעם בייטראָג פון יעדן איינעם פון זיי און גיט זיי דעם פּלאַץ וואָס קומט זיי אין פּאַנטעאָן פון דער יידישער קולטור.

„די צוקונפט", נאָוו. 1981

לייזער אייכענראַנד / ציריך (1912—1985)

# צווישן איצט און קיין מאָל ניט

פאַר ישעיהו שפּיגל
צו זיין געבוירן־טאָג

**א**

דערזע
דעם אויגנבליק
בשעת
די שלמותדיקע
טרער
צעשפּאַלט
דעם פעלדז
פון דײַן געבוירן.

**ב**

צעווישן מיר און דיר
דער זײַל פון שווײַגן:
זײַלנטענצער,
טאַנץ דעם טאַנץ
פון אינעווייניק
און אויסנווייניק
כּל־זמן שטויב פון ערד
רעדט ניט
צעווישן מיר און דיר.

**ג**

פון ערשטן אָנהייב אָן
מיט ווייטן פּונעם ליכט
צום שאָטן צוגעבונדן:
דו און איך,
וואָס איז אמתדיקער
פון אונדז
פון ערשטן אָנהייב אָן?

**ד**

אין מידבר־זון
בלײַבט דיר גאָרניט,
אַפילו ניט דער אַש
פון דײַן זכּרון:
מיט וואָס ווילסטו
פּותר־זײַן
די שאָטנס
פון דײַן שווײַגן
אין
דער מידבר־זון?

**ה**

אין מיטן
פון דײַן שרײַ
האָסטו געזאָגט:
די שרעק
טראָגט מיר
מײַן לעבן נאָך;
די שרעק
איז שפּיגעלונג
אָן לופט,
דער רעגן־בויגן —
טויט:
דער רעגן־בויגן
און מײַן לעבן.

**ו**

איצטער און אַ מאָל:
די צווישנצײַט
פון שרײַ צו שרײַ
און מער גאָרניט.

„די גאָלדענע קייט" 104

ד״ר יעקב י. מייטליס (1985—1900)

# פורעניות און ליכטיקייט אין ישעיהו שפּיגלס שאַפונג

"...und wenn du das nicht hast
dieses Stirb und Werde,
bist du ein trueber Gast
auf der dunklen Erde..."

**I. W. Goethe, West-Oestlicher Divan**

דאַכט זיך, אַז מ׳קאָן נישט אַנדערש צוגיין צו דער וואָגיקער און קינסטלעריש־אויסגעשטאַנענער יצירה פון ישעיה שפּיגל, דעם פײַנעם און אײגנדיקן פּראָזאַיקער און אונדזער הײַנטיקער בעל־יובל, ווי פון אַ קוקווינקל פון פּאָלאַריטעט אין לעבן פון ייִדישן פאָלק. דיביידע פּאָלוסן אין אַ בולטן און כּסדרדיקן ווידעראַנאַנד, אַ מין טראַנסצענדענטאַלע געשפּאַנטקייט צווישן חורבן און אויפריכטעניש, מוראדיקע יסורים אויף דער איינער זײַט און האַרציקע טרייסט מיט אַ ליכטיקן אויסבליק אויפן מאָרגן אויף דער אַנדערער זײַט. אָט די פּאָלאַריטעט ציט זיך ווי אַ רויטער פאָדעם דורך דער ייִדישער געשיכטע פון דעם ווײַטן אַמאָל ביז אין אונדזערע טעג. זי איז אויך פאַרוועבט אין שפּיגלס אײַגנאַרטיקער שאַפונג. דער שטילער, גרויסער בעל־יסורים און בײַ גלײַך דער סובטיל־צעשײַנטער דערציילער, שטעלט אַנטקעגן אין זײַן גערעכנגל און אומגעשטילטער זוכעניש די גרוילן און אַכזריותן פון אומקום מיט אַ פאַרצערטן און פאַרווייַנטן ליכטל פון מענטשלעכער גוטסקייט און פאַרקלעמטער האָפענונג וואָס שײַנט נאָך ניסימדיק אַרויס פון דער טאָטאַלער פינצטערקייט אינעם ייִדישן אָרום.

---

פונעם בוך : „פון ווייטן אַמאָל ביזן היינט״.
(פאַרשונגען און עסייען), פאַרלאַג „ישראל־בוך״ 1981.

אונטער דער קינסטלערישׂ געניטער האַנט פֿון דיכטער, צעוואַקסן זיך זײַנע מיַיסטערישע שילדערונגען, שפּראַכיק און סטיליסטיש אויסגעצײַטיקט, וואָס מאָלן בילדעריש־נאַטוראַליסטיש מיט אַ ניואַנסירטן קאָלאָריט די שווערע נסיונות און אימהדיקע איבערלעבענישן פֿון פֿאַרהונגערטע און אויסגעלאָשענע ייִדן אין לאָדזשער געטאָ און דערנאָך אינעם אוישוויצער גהינום. ווי אין גריכישן מיטאָס, האָט דאָס דײַטשישע „קולטור״־פֿאָלק אויפֿגעעפֿנט דאָס פֿינצטערע פֿאַנדאָראַ־קעסטל מיט אַלע זײַנע בייזע אַנשי־קעניש און אומגליקן, וואָס האָבן זיך גורלדיק און אומברחמנותדיק אַ גאָס געטאָן איבער די קעפּ פֿון כּלל־פֿאָלק. הויערט טאַקע אַ טיפֿע אימת־המוות שטימונג אין שפּיגלס מיט אויפֿבראויז אַנגעלאָדענער דערציילערישקייט. מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם לעבן מיר איבער די מוראדיקע קאָנפֿראָנטאַציע פֿון די כּוחות פֿון טומאה אויף דער אײנער זײַט און האַרציקע ליבשאַפֿט מיט קדושה און ליכט אויף דער אַנדערער זײַט, אַ פּראָבלעם מיט וואָס עס האָבן זיך געראַנגלט די גײַסטער אין דער מענטשלעכער געשיכטע. שפּיגלס ווערק איז נישט קיין טעאָדיצעע, ער זוכט נישט מצדיק צו זײַן דעם דין. ס׳טראָגן זיך אַפֿילו דאָ און דאָרטן ווערטער פֿון שטומען צער, צאָרן און מרידה פֿון דעם פֿאַרקלעמטן מויל פֿון זײַנע העלדן. ווי אַנדערש קאָנען פֿאַרשפּלטע, געפּײַניקטע מענטשן רעאַגירן, כּדי גובר זײַן דעם גרויל און די אוממענטשלעכע יסורים? אָבער דער דיכטער ישעיה שפּיגל איז מצרף מיט זײַן געלײַטערטער הומאַניטעט און גרויס אַהבת־ישׂראל, דעם מידת־הדין מיט אַ ביסל מידת־הרחמים, און זעט אין דער פּײַן פֿון זײַן אומגליק־לעך פֿאָלק אַ שטראַל פֿון חסד און רחמנות, שיינקייט און גוטע מידות, וואָס לײַכטן ווי שטערן אויפֿן הימל, און באַלײַכטן דעם פֿינצטערן תּהום מיט זייער וואַרעמען אָפּשײַן. אַזוי למשל פֿירט זיך אויף דאָס פֿאַראומערטע און פֿאַרהונגערטע פֿאָרפֿאָלק איטשע־בער און זײַן שׂרה־לאה אין דער נאָוועלע „ייִדן״, וואָס זעגנען האַרציק מקרבֿ די פֿאַרטריבענע, אָפּגעפֿרעמדטע דײַטשישע פּליטים, ווען יענע זוכן אַ דאַך איבער זייער קאָפּ. צו דעם געזעמל ווילע, גוטע ייִדן קערט זיך אויך אָן דער זעלטענער ווינער ייִד, אָנקל טעאָדאָר, דער שטערן־קוקער, — אַ ביז גאָר סובטילע דערציילונג „דער הימל פֿון אָנקל טעאָדאָר״. ווי אַ פֿאַרכישופֿטער שטייט ער בײַ נאַכט בײַ דעם פֿענצטער פֿון זײַן ענג שטיבל מיט זײַנע „סודותדיקע מעכאַ־

ניזמען" און קוקט אַרויס פון דער חושכדיקער געטאָ אויפן אויסגע־שטערנטן הימל, וואָס זאָל אָפּטאָן פון אים די באַפאַלענע אומרו. אין דער אויסטערלישער נויט פון הונגער און דעפאָרטאַציעס, דערנענטערט ער זיך ביסלעכווייַז צו דער פאַרלוירענער און פאַריתומטער פייגעלע, כּמעט אַ קינד, וואָס טוליעט זיך ליבלעך צו אים, בשעת ער דערציילט איר דעם סודותדיקן גאַנג פון די הימל־קערפּערס און די ווייַטע, קאָסמישע גלגלים, אין וואָס ביידע געפינען אַ נחמה ביז עס קומט דער טראַגישער סוף פון דער „אויסזידלונג".

אָדער אַ שטייגער, די מוראַדיקע שילדערונג „אין דער פינצטער" — פּחדימדיקער מאַרשרוט פון זייערע אַלט־אייַנגעזעסענע, שטעטלדיקע היימען אַרויסגעטריבענע עדה יידן מיט ר' בונים בראש. ווערן זיי מיט זעץ און קלעפּ געשלעפּט פון דייַטשישע רוצחים, ביַי נאַכט אין שניי און קעלט, צעניזקטע און אויסגעלאָשענע צו דעם בית־מדרש אין געטאָ, אָנגעפּאַקט מיט גלייַכע, פאַרחושכטע קרבנות. ערשט אין דעם פינצטערן בית־מדרש דערהערט זיך מיט אַ מאָל אַ ווילדע יללה פון די פאַרקלעמטע מייַלער, וואָס רייַסט אייַן די וועלט. פרומע, גוטע יידן נעמען זיך זאָגן תּהילים און תּחנונימדיק גיסן זיי אויס זייער צעבראָכן האַרץ פאַרן בורא־עולם. פּלוצים הערט זיך דער אויסגעשריי פון דעם צעבייַלטן און פאַרבלוטיקטן ר' בונים, וואָס קאָן שוין נישט מער דערטראָגן די עוולות און אויסטערלישע פּייַן, און מיט אַ ווילדן כּוח שרייַט ער אַ געפּייַניקטער: „יידן, זאָגט נישט קיין תּהילים מער! גאָט איז מיט אונדזער שונא! גאָט איז מיטן דייַטש!"

די בהלה איז גרויס, ווייַבער ברעכן אויס אין אַ געוויין, בעת ר' בונים פאַלט אַוועק און בלייַבט ליגן אַ פאַרחלשטער אויף זייַן שווער־סאָפּעדיקן האַרץ. ס'זענען האַרטע, ביטערע מרידה־ווערטער, וואָס רייַסן זיך אַרויס פון אַ טיף־צעווייטיקט און פאַרייַאושט האַרץ, אַ קאָשמאַר ליכטיק אַרומגע־זוימט פון אַ צעפּייַניקט און געלייַטערט דיכטעריש געמיט.

ס'מוז דערמאָנט ווערן שפּיגלס ווונדערלעכע דערציילונג, „די קרוין" מיט איר מייַסטערישער בילדלעכקייט, אָנגעלאָדן מיט אַ לירישן ציטער, אַ שעדעוור אין דער יידישער ליטעראַטור. ס'איז אַן אויפטרייסלענדיקע מעשה, ווי אַזוי פאַרשוואַרצטע און פאַריסורימטע יידן פון געטאָ מוזן

גראָבן אונטער זייערע רוצחישע אויפזעערס, אין דער וויסטער מפּולת פון דער אויפגעריסענער און פאַרבערענטער שול „כּתר ישראל", צו געפינען אויסבאַהאַלטענע ייִדישע אוצרות. זיי ציִען אַרויס פונעם באַרג שטיינער און פון האַרטער ערד, אַ צעקנייטשטע און צעקנאָדערטע אַלט־זילבערנע, ייִדישע קרוין, וואָס האָט אַ מאָל באַקרוינט אַ ספר־תורה. מיט אַ ציטער אין הארץ האַלטן די ייִדן אַ ווײַל דעם הייליקן חפץ וואָס האָט געליכטיקט מלכותדיק מיט זײַן פאַרצײַטישן בליאַסק, און זייערע פריידיק פאַרווײנטע אויגן גלאַנצן מיט פאַרבאַרגענעם שטאָלץ. דער אָנפירער פון די דײַטשן, דער דיסלדאָרפער מוזיקאַנט, שטייט אַ פאַרחידושטער און קוקט אָן דאָס אויסטערלישע געפינס און ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט דעם דאָזיקן שטיק בראָכוואַרג. גיך אָבער האָט דער פּיפּיקער דײַטש אַ קלוגן אײַנפאַל. אַ פריילעכער און אַ גוט־אויפגעלייגטער גייט ער מיט זײַן עולם דײַטשן צוריק אין געטאָ. דאָרט האָט ער דעם מטורפדיקן זקן, „אַ קליינער אײַנגעפאַלענער אַלטער מאַן" מיט זײַן צווייגשטעקן אין האַנט, ערשט אַרויסגעלאָזט פון פינצטערן קעלער. שטייט ער איז זײַן לאַנגן רבישן ראָק, אַ צעטראָגענער און אַ פאַרקלעמטער, און אים טוט דער דיסלדאָרפער אָן אויפן קאָפּ די קרוין ווי אַ סימן פון אַ ייִדישן קעניג מיטן שטעקן ווי אַ סצעפּטער אין האַנט. די אַרומיקע דײַטשן האָבן געכיקעט און געלאַכט אויפן קול, אָפּגעחוזקט און זיך געקוויקט מיט גרויס תּענוג פון דעם אויסטערלישן פאַרזעעניש. אַ קאָמעדיע וואָס האָט פאַר זיי קיין גלײַכן נישט געהאַט!

עס איז אַ שווער, טרעומאַטיש איבערלעבעניש וואָס קומט צום אויסדרוק אין דער נאַטוראַליסטיש־קראַפּטיקער דערציילערישקייט פון שפּיגלען, אַ טעמאַטיש פאַרטיפטע דימענסיע פון שילדערונגען פון יסורים און אומקום. אויף דער איינער זײַט דער אין תּפיסה צעפּײַניקטער בנימין מיט זײַן אַלטער, האַלב־צעבראָכענער פידל, פאַרוויקלט אין טאַטנס איבערגעלאָזטן טלית, וואָס ער היט אָפּ ווי אַן אבן־טוב, און אויף דער אַנדערער זײַט, דער פאַרדולטער און פאַרשטומטער זקן, וואָס אויף זײַן קאָפּ גליט מיט אַ שטילן, פאַרהוילענעם שײַן די אויסגעגראָבענע הייליקייט, די צעקנאָדערטע, אַלטזילבערנע קרוין, — אַ לײַטיש געלעכטער פאַר דעם עולם דײַטשן!

אויב דער דײַטש־ייִדישער דיכטער און פילאָסאָפישער עסייִסט, טעאָ־

דאָר אַדאָרנאַ, וואָס האָט אין זײַן געראַנגל בײַ קיין שום אופן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַז גאָט האָט געשוויגן בשעתן אומקום פון ייִדישן פאָלק, איז געקומען צום אויספיר, אַז נאָך אוישוויץ קאָן מען שוין מער נישט שרײַבן קיין לידער, קומט אונדזער ייִדישלעכער דיכטער, ישעיה שפּיגל, און לערנט אונדז אַן אַנדערן פּשט. ער באַווײַזט אונדז, אַז אַ דערהויבענע קינה, אַ צאַרטע און שטילע, מיט איר עלעגישן ציטער און קול־דממה־דיקן אויפגעשריי קאָן מרעיש עולם זײַן סײַ דעם בורא און סײַ זײַן פאַריתומט פאָלק. מיט זײַן צעפּײַערטער קינה האָט שפּיגל אומ־געקערט די קרוין פון דער אַלטער, ייִדישער קינה פון דאָסגײַ פאַר־ניגונט צו איר אַמאָליקן גלאַנץ.

איז טאָקע ישעיה שפּיגל, ווי מיר באַקענען אים אין זײַנע פּערלדיקע נאַראַציעס, פון אַ גאַנץ אַנדערן טייג געקנאָטן. אין דעם ים פון צרות און עינוים פאַרלירט ער נישט זײַן אויסגעשטאַנענע, קינסטלערישע גלײַכוואָג. ער בלײַבט געטרײַ זײַן הייליקער פּען־שליחות. אין דעם חשכותדיקן תהום זעט ער נישט בלויז פּײַן און אומגליק, נײַערט עס שײַנען פאַר אים פון דאָרטן אַרויס פאַרבאָרגענע, ליכטיקע פונקען וואָס שטייען אים בײַ אין דעם גרויסן נסיון. מיט געצווימטער לײַדנשאַפט, אַ געלײַטערטן פּאַטאָס און אַ דערהויבענער, פּאַעטישער רו, וואָס איז אגב דער סימן־מובהק פון יעדער גרויסער קינסטלערישער שאַפונג, דערגייט שפּיגל צו אַ הויכער, דיכטערישער מדרגה, אויב נישט נאָך העכער.

אין דער אמתן איז דיכטונג פאַר שפּיגלען אַ קאַטאַרסיס אינעם סטיל פון דער אַלטער, גריכישער טראַגעדיע, וואָס לײַטערט און באַפרײַט דאָס נפש פון דיכטער פון אַלע פּסולתן אין לעבן. אויף אַזאַ אופן איז ער בכוח איבערצוקומען אין זײַן סובלימירטער און קוואַליקער יצירה, אין דער מיט פון דעם אימהדיקן פאַרגיי פון זײַן פאָלק.

האָט שוין נישט אַמאָל, דער ראַדיקאַלער דענקער און איקאָנאָקלאַסט, פרידריך ניטשע, מיט גרויס לײַדנשאַפט באַטאָנט, אַז נאָר אין אַ גײַסטיקן מן־המיצר, אין טראַגישער אומרו און טיפער געשפּאַנטקייט ווערן געבוירן און וואַקסן גרויסע, תוכיק־תמציתדיקע קולטור־ווערטן. דער גײַסטיק־זוכערישער מענטש מוז אַדורכגיין די שבעה מדורי גהינום, כּדי צו דער־גרייכן אַ מדרגה פון עכט־איבערלעבטער און שלמותדיקער שאַפערישקייט.

פון זײַן שווערער נויט און ביטערער פּאַרצווייפלונג דערהערט זיך דעמאָלט דאָס געפּײַניקטע קול פון בעל־יצירה אין אַלע זײַנע אייגנדיקע גיזאַנסן און דראַמאַטישער תוכיקייט, וואָס דערהייבט און באַשײַנט די פּנימיות־דיקע נקודה פון אַ דיכטער. ווי האָט שוין דער ווײַמאַרער גאון, געטהע, מיט זײַן צײַטיקער און באַזונטער חכמה געזאָגט: „די נאַכט איז מאַכטיקער פאַר דעם טאָג, און אַ טומאַן פון וואָלקנס האָבן מיך באַווירקט... די קלאָרע קייט פון באַנעם און מחשבה מוזן פאַרטרײַבן דאָס טריבע און קויטיקע, דאָס חיצוניות פאַר דעם פּנימיות". אויף דעם וועג פון אָלימפּישן פּאָעט גייט אויך אונדזער יִדישלעכער, אמונהדיק־צעשײַנטער ישעיה שפּיגל, און קומט אַרויס פון זײַנע נסיונות און פּײַן אַ געלײַטערטער און באַפרײַטער אין זײַן ליכטיקער יצירה, אין זײַן דערהויבענער אַרײַנגעטאָנקייט און באַנעמיקער התבוננות אין דעם עצם פּראָבלעם פון קיום און מענטש־לעכע לײַדן, וואָס ער קריסטאַליזירט עמאָציאָנעל־באַוואָרנט און שטילט אויף אַזאַ אופן די גהינום־יסורים אין זײַן אַנטמענטשטן אַרום. ער שאַפט אַ מײַסטעריש־האַרמאָנישן סינטעז פון עינוים און שגעון אויף דער איינער זײַט, און פון ליכט און הומאַניטעט אויף דער אַנדערער זײַט, וואָס פּאָס־צינירט און באַגליקט דאָס צעבראָכענע האַרץ, און זאָגט בפירוש עדות אויף זײַן גרויס קינסטלעריש יכולת.

בײַם אָנהייב פון אונדזער באַטראַכטונג, האָבן מיר אָוועקגעשטעלט ווי אַ מאָטאָ געטהעס פערז אין איינער פון זײַנע־פּנימיותדיקע לידער אינעם „וועסט־אָסטליכן דיוואַן". דער אַקצענט ליגט אין זײַן סודותדיק־דיכטערישן זאָג „שטירב אונד ווערדע", וואָס דער פּירוש דערפון קאָן נאָר זײַן אַז דער „טריבער גאַסט אויף דער טונקעלער ערד" מוז צוערשט פּאָטענציעל אָפּ־שטאַרבן כּדי פון דאָס נײַ גײַסטיק אויפלעבן אינעם אייביקן פּראָצעס פון פאַרגיי און אויפגיי. דער מוזישער מענטש מוז זײַן ביכולת זיך צו באַפרײַען פון אַלע זײַנע אַרומיקע מאַטערנישן און פּײַן, כּדי אַרויס פון דעם מן־המיצר און זיך מיט אַלע כּוחות דערהייבן צו אַ העכער, שאַפע־רישער מדרגה. ער מוז זײַן בכּוח אָפּצוטויטן זײַנע באַטריבטע מחשבות און טריוויאַלע לײַדנשאַפטן, גובר און מתקן זײַן דעם פּגם פון זײַן פיזישן עגאָ, כּדי צו באַנײַען און אַנטוויקלען זײַנע גײַסטיקע כּוחות צו דער הייך פון שאַפערישער שלמות.

דער דאָזיקער פאַרזונט־געהויבענער אָנזאָג פון דעם גאונישן געטהע, פּאַסט זיך ווי זעלטן אין טאָן און אופן פון ישעיה שפּיגלס געלײַטערטן װעלטבאַנעם און זײַן קינסטלעריש־אויסגעצײַטיקטן צוגאַנג אין זײַן (אויס־נעמיק)־ליכטיקער יצירה. מיט זײַן צעשײַנטן שם־המפורש איז ער אַ דיכטעריש־דערהויבענער אַרויס פון דעם פינצטערן תהום, און אַן אָפּגעזונקטער שייט פון דער גרויסער פאָלקס־שריפה, איז ער אַ באַנײַטער און שלמותדיקער אַרײַן אין דער יידישער ליטעראַטור. זײַנע װערק טראָגן אויף זיך דעם בולטן חותם פון פּנימיות און עכטקייט, מוח און האַרץ, פון שווערע, אײַנגעטיפטע איבערלעבענישן, מיט זייער גרויל און פּײַן, און בײַ גלײַך באַשטראַלט מיט אַ זעלטענעם ליכט פון נחמה און גוטסקייט, וואָס זייער שורש ליגט אין די סודותדיקע טיפענישן פון אייביקן, יידישן וועלט־אויסקוק. מיט זײַנע בילדעריש־פּרעכטיקע שילדערונגען, עלעגיש אײַנגעטיפטע דערציילונגען, האָט ער געשאַפן אַ וווּנדערלעך־צעשײַנטן מאָנומענט פאַר דורות. אשרי שככה לו!

לאָנדאָן, שבט תשמ״א

ב.

## י. שפּיגל, דיכטער פון אומקום און באַשטאַנד

(צו זיין 75סטער יונגקייט)

צווישן די סאַמע פּראָמינענטע פּראָזאאיקערס פאַרנעמט ישעיה שפּיגל מיט זיין מייסטערישער פּראָזע אין אַ ביז גאָר צעשיינטן אויבנאָן אין דער יידישער ליטעראַטור ביי היינטיקן טאָג. ער איז איינער פון די ווייניקע יידישע שרייבערס וואָס איז יאָ געוועזן אין דעם גיהנום פון אוישוויץ, איבערגעלעבט דעם אימהדידיקן נסיון פון אומקום, און אַרויס אַ גאַנצער אין זיין צעווייטאָגטן אָבער קינסטלעריש געלייטערטן נפש. דאָס אויס־נעמיקע און יחיד במינודיקע פון זיין קוואַליק־תוכיקער שאַפונג איז וואָס ער האָט אין זיינע קראַפטיקע שילדערונגען מיט אַ זעלטענעם ליטע־ראַרישן ציטער און קול־דממה־דקה׳יק בילדעריש איינגעטיפט און פאַר־

אייביקט די אימת־המוות איבערלעבענישן פון פאָלק, און געשאַפן אַ גרויסע קינסטלעריש־ליטעראַרישע יצירה פון אַ בלייביקן ווערט.

שפּיגל, אַן אַפּגעזונקטער שייט פון דער מוראַדיקער פאָלקס־שריפה, האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען און געווען אַ לעבעדיקער עדות פון די עינויים און גרויל וואָס זענען באַפאַלן זיין פאָלק, און דאָס אַלץ געמאָלן סענסיטיוו־דראַמאַטיש מיט אַ סך בילדעריש־פּאָעטישער יכולת. די סדרה פון זיין שוידערלעכן גאַנג הייבט זיך אָן אין דעם פאַרפּייניקטן און פינצטערן לאָדזשער געטאָ פון וואַנען ער ווערט פאַרשיקט אין דעם אוישוויצער גיהנום מיט זיינע צעבאַלעוועטע נאַצישע מלאכי־חבלה, און צום סוף דורכגעמאַכט אַ געמאַטערטער און אַ צעניזוקטער דעם לאַנגן אויס־טערלישן מאַרשרוט איבער די לאַגערן אויף דער דייטשישער ערד, ביז עס איז געקומען, די מזלדיקע שעה פון באַפרייונג.

דעם לאַנגן, פינצטערן וועג איז שפּיגל געגאַנגען אַ פאַר־יסורימטער און אַ פאַרקלעמטער אָבער זיין אויפגעציטערט־וואַכיק האַרץ און שאַרף אויג האָבן אַלץ אויפגענומען, פאַרטראַכט, פאַרזיכרונט און פאַרשריבן אַז עס זאָל בלייבן פאַר דורות. ער דערציילט און שילדערט איינגעהאַלטן און שפּאַרעוודיק, תוכיק נאַטוראַליסטיש מיט אַ שלל פון פאַרבן די אויס־טערלישע אומרו און טראַגישע געשעענישן, יעדן ציטער און וויי־געשריי פון די דערשלאָגענע און אַנטמענטשטע קרבנות, וואָס דערמאָנט דעם היסטאָרישן „איכה" פון דעם גרויסן מקונן פון דער ווייטער יידישער אַמאָליקייט. הגם פאַרניגונט מיט דעם אייביקן יידישן איכה־ניגון, איז אָבער שפּיגלס קינה אַרומגעזוימט מיט אַ שטילער ליכטיקייט פון שיינקייט און דערהויבענער קדושה, וואָס קוואַליקט אין זיין צעברויזט און גע־לייטערט האַרץ.

ישעיה שפּיגל, דער באַהאַרצטער און סובטילער דיכטער, איז פון אַ זעלטענעם טייג געקנאָטן, סאַמע זעמלמעל. אין דעם ים פון יסורים און עגויים פאַרלירט ער נישט זיין קינסטלעריש מישקולת. ער בלייבט געטריי זיין צעשיינטער פּען־שליחות. אין דעם אַרומיקן חשכות און פאַרלוירנ־קייט דערזעט ער פאַרבאָרגענע, הייליקע פונקן וואָס ער צעוואַרעמט רחמימדיק אין זיין צעברויזט האַרץ צו אַ שטילן פלאַם פון דערהויבענער פנימיות. אַזוי ציט זיך אָט דער ליכטיקער פאָדעם אַדורך אַלע זיינע ווערק,

אָנגעהויבן מיט זיין „מלכות געטאָ", אַריבער צו די „שטערן לייכטן אין תהום" ביז צו דער מייסטערישער סאַגאַ „די קרוין" און ווייטער. שוין דער נאָמען „מלכות געטאָ" איז אַ טראַגישער סימבאָל פון פחד און נויט, פון בהלה און פּיין, אַ וועלט פון רציחה און שגעון, וואָס האָט איר גלייכן נישט. עס איז אויך די שווערע און מוראדיקע תהום־פינצטערקייט וואָס הויערט איבער שפּיגלס אַנדערע מיט קאָשמאַר און טראַגיזם אָנגעלאָדענע דערציילונגען, וואָס קוואַליקן אָבער מיט אַ שטילן שיין פון חסד און דערבאַרעמקייט, פון געטריישאַפט און ליבשאַפט פון איין ייד צום אַנדערן אין נויט. דער רוב פאַרהונגערטע, צעביילטע, אויס־געלאָשענע מענטשן, אָפט נעבעכדיקע, האַלב־מטורפדיקע געשטאַלטן, עולם־התוהודיקע שאָטנס אין אַ חרובער וועלט, אָבער מיט קדושה באַקרוינטע, הימלדיקע יידן.

דער אין זיך אַריינגעטאָנענער גרויסער דערציילער־מקונן ווייסט דעם סוד פון פורעניות און אויפקום, פון חורבן און אויפריכטעניש. ער זעט אין דעם אימהדיקן אומקום אַ קאָנפראָנטאַציע פון צעיושעטן בייז מיט דעם אייביקן גוטס, כוחות פון טומאה און קדושה וואָס ראַנגלען זיך כסדר אין דעם וועלטישן אַרום. איז ער דערפאַר מצרף צו דעם האַרבן מידת הדין אַביסל מידת הרחמים, וואָס העלפט גובר זיין דאָס אימאַנענטע שלעכטס אין מענטשלעכן לעבן. ליידן, האָבן מיר אַן אַלטן כלל, פאַראייד־לען דאָס צעפּייניקטע נפש, לייטערן און דערהייבן. האָט שוין ניט אַמאָל דער ראַדיקאַלער דענקער און איקאָנאָקלאַסט, פרידריך ניטשע, געזאָגט, אַז נאָר אין אַ גייסטיקן מן־המיצר אין אַ טיפער אומרו און טראַגישער געשפּאַנטקייט ווערן געבוירן און וואַקסן גרויסע, תוכיק־תמציתדיקע קולטור־ווערטיקייטן. דער גייסטיק־זוכערישער מענטש מוז אַדורכגיין די שבעה מדורי גיהנום כדי צו דערגיין צו אַ מדרגה פון אַן עכט־איבער־לעבטער און שלימותדיקער שאַפערישקייט. דאָס איז דער וועג פון דעם באַהויכטן און דערהויבענעם קינסטלער ישעיה שפּיגל אין אַלע זיינע פיל־צאַליקע, תוכיק־אויסנעמיקע ווערק.

פאַר שפּיגלען איז דיכטונג אַ קאַטאַרסיס אינעם סטיל פון דער אַלט־גריכישער טראַגעדיע, וואָס לייטערט און באַפרייט דעם קינסטלער פון אַלע מיאוסקייטן און פסולתן אין לעבן. אויף אַזאַ אופן איז ער בכוח

איבערצוקומען אין זיין קוואַליקער און ליכטיקער יצירה, אַלדאָס בייז אַרויס פון דעם גורלדיקן פאַרגיי מיט אַ שטילער בשורה אויף זיינע ליפּן פון יידישלעכער נצחיות, אַרומגעזוימט פון אַ זעלטענער ליכטיקייט פון יידישע מידות און מעשים טובים.

אויף דעם פּנימיותדיק־צעשיינטן דיכטער, ישעיה שפּיגל, פּאַסט זיך אַקוראַט דער פּלאַדיקער זאָג „שטירב אונד ווערדע״ פון דעם גאונישן געטהע אין איינער פון זיינע סימבאָלישע פּאָעמעס (וועסט־עסטליכער דיוואַן). עס הייסט פּשוט, שטאַרב און ווער ניי־געבוירן. אין געטהעס דיכטעריש־איינגעטיפטן מיין הייסט דאָס, אַז דער מוזישער מענטש „אַ טריבער גאַסט אויף דער טונקעלער ערד״ מוז צוערשט פּסיכיש־אינדיווידועל אָפּשטאַרבן, כדי פון דאָס ניי מהותדיק און גייסטיק ווידער אויפצולעבן. ער מוז זיין ביכולת זיך צו באַפרייען פון די טריבע מחשבות, מאַטערנישן און יסורים וואָס רינגלען אים אַרום, כדי זיך צו דערהייבן צו אַ הויכער און שעפערישער מדרגה פון שלימות.

דאָס האָט שפּיגל אין זיין ליכטיקער יצירה באַוויזן צו טאָן. אין זיין מייסטעריש־לירישער פּראָזע שטייט ער אויף אַ ביז גאָר הויכן, קינסטלעריש־איינגעטיפטן שטאַפּל, אויב נישט נאָך העכער. ווי האָבן דאָס אַ מאָל חז״ל געזאָגט, אויב מען מעג זיי פּאַראַפראַזירן: „אשרי מי שבא לכאן ויצירתו בידו״. הלוואי לאורך ימים טובים פאַר אונדזער שיינעם בעל־יובל און זיין אייגנדיק קוואַליקער יצירה!

**לאָנדאָן, אדר א׳, תשכ״א.**

(„חשבון״, ז. 67, 68)

**שלמה רויטמאַן** (1985—1913)

# מיטן געדעכעניש פון די פֿאַרפּייניקטע

דער וועג פון תּוו צו אַלף — ס׳הייסט פונעם סוף צום אָנהייב — ווען דער אָנהייב איז אַפילו טראַגישער פון דעם סוף, איז דער מוטיקער גאַנג פון מענטש, וואָס אים האָט אַזוי פֿאַרכּישופט דאָס געזאַנג פון לעבן, אַז אויך זײַן גרויסער טרויער איז זינגעוודיק געוואָרן.

צווישן תּו און אַלף, ווי דער פּאָעט ישעיהו שפּיגל רופט אָן זײַן פּאַרסך־הכּלדיק בוך לידער — איז ניט גלאַט קיין צוריקגעציילטע כראָנאָלאָגיע פון זײַן דיכטערישן שאַפן און אויך ניט קיין פֿאַרבענקט־פּרוסטיאַנישע „זוכענישן פון פֿאַרלוירענער צײַט", צו דער אידילישקייט צו וועלכער עס ווילט זיך אַזוי אומקערן כאָטש אין דער אילוזיע — להיפּוך, ווונדיקשווער איז דער וועג צווישן תּוו און אַלף, ווײַל דאָס איז דער „שוועב צווישן טאָג און נאַכט", דער שווים צווישן דער וועסלע וואָס שלעפּט צום טויט און דער שטראַליקער וועסלע, וואָס פירט צום לעבן, דאָס איז אַ מין זײַן „צווישן אומרו פון פלאַנץ פאַרן שטאַרבן" און „געדולדיקייט פון פלאַנץ פאַרן געבוירן". עס איז אַ זײַן צווישן „ברונעם פון שוואַרצן טויט" און „קינדס שוואַרצאַפּל, ווו ס׳גליט גרינער טרוים", דאָס איז אַ מין הענגען „צווישן דאָ און דאָרט".

דער פּאָעט איז געווען צווישן לעבן און טויט, אויף דער עלטער, אין שפּיטאָל, („שפּיטאָל־לידער"); צווישן לעבן און טויט איז ער געווען אין די יונגע יאָרן אין געטאָ, אין לאַגער, און ווי אויסגעמאָגערט ביז דער לעצטער דינקייט עס זאָל ניט ווערן זײַן גוף, איז אים שווער דורכצוגיין דעם לעצטן טויער, וואָס ווערט אַלץ ענגער און ענגער; גייט טאַקע אָן

ישעיהו שפּיגל: צווישן תּוו און אַלף. געזאַמלטע לידער. פֿאַרלאַג „ישראל־בוך", תשל״ח 1978.

אַ ביטער גראַנגל צווישן פּאָעט און דער קרענק, וואָס קומט צו אים פון אַ קראַנקער וועלט, אַ געראַנגל מיט פאַרחלשטער פאַרלוירנקייט, מיט נעפּלען פון שלאָפגעטראַנק און מיט רויך פון קרעמאַטאָריעס, מיט שווערע זעונגען אויפן אָפּעראַציע־טיש און קאָשמאַרן אויף דער לאַגער־נאַרע.

דער פּאָעט וויל גאָרנישט ניט פאַרגעסן. פאַלן אין לעצטער פאַר־געסנהייט הייסט ביי אים געראַנגל פאַר אויפגעמונטערטן, ווידער אויפ־געוועקטן ליכט פון באַוווסטזיין. אין אָט דעם געראַנגל וועט זיין פאַר אים „די שאַרפסטע שווערד" דאָס וואָרט און בפרט דאָס צעפּייניקטע יידישע דיכטערישע וואָרט. בלויז די פּיין פון וואָרט איז דער קאַטאַרסיס פון דער פּיין פון לעבן אין שפּיגלס פּאָעזיע. ער פרעגט פּאָעטיש — „איז נאָך דאָ אַ וואָרט, וואָס איז נישט דערמאָנונג" — און דערמאָנונג פירט פון טויט צום לעבן, אָדער ווי דער דיכטער רופט עס אָן — אומקער אהיים. „גוטע מענטשן, / פירט מיך אהיים, / אהיים, / כ'האָב פאַרגעסן / דעם וועג / צו טאַטע־מאַמע" (ז' 33).

ביי נאָוואַליס באַטייט „היימקער" אומקער צו אייביקער נאַכט און טויט; ביי שפּיגל להיפוך, איז דער אומקער צו פאַרברענטע אין אוישוויץ טאַטע־מאַמע דער אומקער צום לעבן, ווייל פאַרגעסן אין זיי הייסט שוין פאַר אים „זיין אַן אויסגעלאָשן האַרץ", און אָנצינדן דאָס האַרץ קען נאָר דאָס וואָרט. דאָס קינסטלערישע וואָרט איז שפּיגלס העכסטער קולט, ווייל עס איז די קרוין פון מענטשלעכן באַוווסטזיין, ווייל נאָר אין דעם קען ווידער אויפלעבן דאָס געדעכעניש פון פאַרפּייניקטן דור, פון אַ פאַרשניטן פאָלק. פונקט ווי דער פּאָעט ראַנגלט זיך מיטן טויט, וואָס מאַכט אָפּהענטיק דעם מענטשלעכן גייסט, פאַרפרירט די קוואַלן פון שעפע־רישקייט, פאַרלעשט דאָס ליכט פון זכרון, אַזוי אויך ראַנגלט זיך זיין פּאָעטיש וואָרט מיט געדיכטע נעפּלען, וואָס עס טרייבט אויף דעם אַן אַ וויסטע און קראַנקע רעאַליטעט („מיר קלייבן יעדעס אות פון נעפּל").

טראַגיש פילט דער פּאָעט: „כ'בין אַרויסגעפאַלן / פון שטערנקרייז, / פון ריטמישן מזלות־גאַנג" (ז' 32). ער ווייס גוט אַז דאָס לעבן איז אין זיין יסוד ריטמיש; אַריטמיש איז אַלץ וואָס פירט צום טויט. ער ווייס אַז דער אומקער צום לעבן איז געזאַנג, ווי הויך עס זאָל ניט זיין דער קרעכץ פון לעבנס־ליידן.

גייט ער פון תּוו צו אַלף, אַנזאָגנדיק דערמיט ווי שטאַרק עס איז דער בורא אין מענטשן, ווי הייליק עס איז די שעפערישע קראַפט, ווי נצחונדיק עס איז דער אומקער צום געזאַנג, און אַזוי ווי דורך אַ צעפאָרן לייטערל מיט זיך וואַקלענדיקע טרעפלעך, וועט ער זיך אומקערן פון זיין פרייען פערז צו דעם קלאַסישן האַרמאָנישן פעסטגעבויטן ליד, וואָס האָט אין זיך אַזאַ אייביקן יוגנטלעכן רייץ; אָבער אויך אין דעם געגראַמטן סטראָפישן ליד וועט שפּיגל געבן אָנצוהערן ווי איינגעבראָכן ס'איז דער ריטעם פון אַ וועלט, וואָס איז געוואָרן אַ טויטלאַגער.

ישעיהו שפּיגלס ליד וויגט זיך צווישן רעציטאַטיוו און מעלאָדישקייט, סילאַבאָטאָנישן און אַקצענטירטן פערז, צווישן זינגעוודיקן און זאָגעוודיקן, צווישן ליריזם און עפּיש־דערציילערישן. פונקט ווי זיין פּראָזע פאַרמאָגט פּאָעטישע בילדערישקייט און ריטמישקייט, אַזוי פאַרמאָגט זיין ליריק דערציילערישקייט, וואָס קומט צום אויסדרוק אין באַלאַדישן און ציקלישן געבוי פון לידער; זיין ליריק וואַקסט אַריבער אין עפּאָס פון דער סאַמע טראַגישסטער תּקופה אין דער מאַרטיראָלאָגיע פון אונדזער פאָלק.

פאַר שפּיגלען איז דאָס וואָרט סיי דער בית־המיקדש סיי די תּפילה. דער עפּיטעט „הייליק" איז דאָ צונויפגעוואַקסן מיט „וואָרט", ווייל הייליק איז דאָס וואָרט־שליחות פונעם פּאָעט, וואָס ריידן דאַרף ער מיט דעם זכרון פון קדושים. שפּיגל האַלט אַז טרויער געבירט פאַרשטאַנד און די טרער געבירט דאָס ליכט פון וואָרט, ווייל די טרער איז אי געוויין, אי געזאַנג. פון געפיל גייט אין ליידן אויף די מחשבה און דעמאָלט ווערט דאָס וואָרט אַנטפּלעקונג. די איינהייטלעכקייט פון געפיל און געדאַנק ברענגט די אָנגעוויטיקטע האַרמאָניע פון דעם געזאַנג אין פּאָעזיע און זי ווערט די היילנדיקע קראַפט פאַר אַ צעריסענער וועלט.

דער טרויער —
איז לויטערער פאַרשטאַנד...
פון יעדער טרער
געבוירן ווערט
אויף ס'ניי
דאָס ליכט פון וואָרט.

צווישן קהלתדיקן און שיר־השירימדיקן גייט אַ געראַנגל; מנצח איז דאָס שיר־השירימדיקע, אָבער דער טרויער וועט שוין אויף שטענדיק בלײַבן זײַן באַגלייטער. ליכט קומט ביי שפּיגלען ניט פון דער זון צי פון די שטערן — ליכט דאָס איז מענטשלעך־האַרציקער, טרויעריק־פריידיקער באַוווּסטזײַן. אין צענטער פון זײַן פּאָעזיע איז דער פילנדיקער און מיטפילנדיקער, דער לײַדנדיקער און מיטלײַדנדיקער, דער דענקענדי־קער און קעמפנדיקער מענטש.

צוויי מאָלערישע עלעמענטן זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר שפּיגלס פּאָעטישן סטיל, עלעמענטן וואָס שאַפן אַן אינהאַלטלעכע איינהייט אין זייער קאָנטראַסט: קרישטאָליקע אויסדרוקן פון וואָרט און שאָטן־פאַרטרעטן אין פּראָפיל. די קרישטאָליקייט באַקומט סײַ דאָס ליכט סײַ דאָס זאַלץ פון דער מענטשלעכער טרער. די וואָרטבילדער האָבן „בליץ און בלענד" אין זייער פּלאַסטישקייט און דורכזעיִקייט; זיי זענען „פאַרשטיינערט פײַער", זיי קוקן מיט די אויגן פון די אומגעבראַכטע. אָט די בילדער זענען ווי כּישופדיקע קליינע קריגעלעך, וואָס קענען טראָגן אין זיך אַ ים איבערלעבענישן. זיי זענען אַזוי קאָנדענסירט אַז זיי לאָזן ניט די עמאָ־ציאָנעלקייט זאָל זיך צערינען אין סענטימענטאַלישקייט. שפּיגל האָט ליב שטאַרק קאָנצענטרירטע מעטאַפאָרן: „יעטוועדער שוועל וואַרפט צו מיר אַ חלף". איר האָט דאָ פאַר זיך אַ גאַנצע געשיכטע פון אַ היימלאָזן מענטש אין אַ מערדערישער וועלט.

אין זײַנע קרישטאָליקע וואָרטבילדער זענען פאַראַן ווײַטע אַסאָציאַ־ציעס, אַרויסגעריסענע רינגען פון אַ לאָגישער קייט, אַ לאָגיק אין אַ וועלט פון צעריסענע פאַרבינדונגען און אַבסורדאַלע שײַכותן. ליכטיק איז אָבער שטענדיק אין זײַנע בילדער דאָס געדעכעניש פון די פאַרפײַניקטע. אַ פּאָעט וואָס רופט אַן זײַן ליד „אַ געזאַנג אין דער פינצטערניש" מוז שטרעבן אַז זײַן וואָרט זאָל האָבן וואָס מער ליכט.

דער צווייטער סטיל־עלעמענט אין ישעיהו שפּיגלס פּאָעזיע איז דער שאָטן־פּראָפיל. דער שאָטן איז שווערער פונעם לײַב, שווערער ווי דער טויט. ער פאַרמאָגט זײַנע אַטריבוטן, ער קען, דאַכט זיך, אָטעמען נאָר מיט רויך, ווײַל ער איז דער שאָטן פון פאַרברענטע אין קרעמאַטאָריע; דער שאָטן קען האָבן „שטראַלנדיקע הענט"; פון אַ שאָטן קען רינען בלוט; ער

קען הונגערן און קרעכצן: „קראַנקע שאָטנס שאָרכן תהילים". דאָ זענען פאַראַן „טויטע יידישע פנימער", אָנמויליקע פנימער, ליפּן אָן אַ פּנים, אַ האַלדז אָן אַ קאָפּ, אַ באָרד אָן אַ קין, אַ נאָז אָטעמט אַליין... און פון דעסט־וועגן איז דאָס ניט קיין פאַנטאַסטיש־ראָמאַנטישער גראָטעסק, ווי ביי ע.ט.א. האָפמאַן למשל, נאָר אַ קאָשמאַרישער פּאָרטרעט, דאָס בילד פון אָן אכזריות־דיקער קאָנצענטראַציע־לאַגער־וועלט, וואָס וואַרפט צו דעם טויט צאַפּלענ־דיקע שטיקער פון מענטשלעכע לייבער.

שטייט טאַקע דער פּאָעט ביים ראַנד פון לעצטן בוים, פון לעצטן מענטש, פון לעצטן וואָרט. אין שווערן גאַנג פון תּוו צו אַלף ווערט דאָס לעצטע וואָרט פאַרוואַנדלט אין ערשטן. אָט דער כּוח צו פאַרוואַנדלען איטלעכן סוף אין אָן אָנהייב איז כאַראַקטעריסטיש פאַר שפּיגלס בילדע־רישקייט. זיין גאַנג צום „גרויסן שטערן־וואָגן" — דער נאָמען פון אַ גאַנצן לידערציקל — וואָס סימבאָליזירט די לעצטע נסיעה פונעם מענטש אין דער אייביקייט אַריין, קלינגט ביי אים ווי מעשׂה־בראשית, ווי דער אומקער צו קינדהייט, ווי דאָס אַרויסרייסן זיך פון „כּישוף־קרייז פון שטאַרבן":

כ׳בין צוגעקומען
צו דיין לעצטער שוועל:
אַ פעלדז.
דאָ קלאָגט
אָן אַלטער שטורעם.

און צום סוף פון דעם ליד גייען ווידער אויף
זריעות פון די לידער —
פסוקים הייליקע
פון אַלטן שטורעם
און פון אונדזער פּראַכט.
(זז׳ 11־13)

ישעיהו שפּיגל האָט דעם כּוח צו שרייבן זיין „צוואה פון ליכט"; ער קען פון טויטלאַגער גיין „מיטן פּנים צו דער זון"; ער קען זינגען „דאָס ליד קעגן טויט"; און נאָך וווּנדערלעכער איז דאָס „ליד פון זינגענ־

דיקן טרויער, אַ מין זינגערישער אַפּאָטעאָז אין זײַן שירה, אַ פֿרייד פֿון זינגענדיקן טרויער, אַ פֿאַרליבטע דאַרשטיקייט פֿון זיך קושנדיקע גראַ־מען, אַן אומקער דורך טויט צו ליד און לעבן.

מיט זײַנע זע־בילדער מאָלט שפּיגל דעם אומזיניקן טויט; מיט זײַנע הערבילדער פֿירט ער אַרויס פֿון טויט, צוריק צום לעבן. זײַן גאַנג צוריק צו די גרויל־יאָרן איז ניט כּדי זיך אַליין צו פּײַניקן, נאָר כּדי זיך צו לײַטערן. דאָס איז בעצם ניט קיין צוריקגאַנג, נאָר אַ פֿאָרויסגאַנג, ווײַל לעבן מיט דעם געדעכעניש פֿון אַן אויסגעהרגעטן דור הייסט זאָרגן פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון דעם איצטיקן דור.

שוין אין די לידער פֿון 1921—1930, „מיטן פּנים צו דער זון", איז דער יונגער פּאָעט פֿול מיט שווערע פֿאָרויסגעפֿילן — טאָקע דערפֿאַר ווײַל ער וויל פֿרייד פֿאַר די עלנטע, ווײַל ער פֿאַרטרויט אַזוי הייס דאָס האַרץ זײַנס דעם לעבן, ווײַל ער באַזינגט דעם טאָג וואָס „הייליקט אים מיט ווײַסקייט פֿון שניי". ער קומט ווי אַ גאַיִוו־קינדישער גאָטזוכער, נאָר די האַנט וואָס ער שטרעקט אויס צו גאָט בלײַבט הענגען אין דער לופֿטן, ער בלײַבט עלנט און פֿאַרלוירן. דאָס איז אַ פֿאַרלוירנקייט פֿון אידעאַלן און צילן, אַ צעוואַקלטקייט פֿון ערד אונטער די פֿיס און פֿון הימל איבערן קאָפּ.

ניט נאָר די אויגן פֿון זײַן שוועסטער זענען „מעוברת מיט טרויער", דער פּאָעט זעט זיך אַליין אין יענעם דרויסנמענטש וואָס שטייט הינטער זײַן נאָכטפֿענצטער. שוין דעמאָלט, אין די פֿריִע לידער, ווערט געבוירן דאָס בילד פֿון אַ צעשרויפֿט לעבן און אַ צעשרויפֿטן מענטשן אין אַ וועלט וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט שׂינאה. אומעטום לאָקערן שוין די שוואַרצע גרוילן און די איינציקע טרייסט פֿון זײַן יוגנט איז די מאַמע, וואָס איז נאָך „יונג און פֿריידיק ווי שׂרה בת־טובֿים"; און דער טאַטע, וועמעס אויגן טריפֿן נאָך „מיט זאַפֿט פֿון בוים", און ער טראָגט אין זיך דאָס עקשנות פֿון זיידן ר' שײַעלע, דער וועבעריונג. דערפֿאַר ווערט טאָקע דער אומקום פֿון טאַטע־מאַמע אין אוישוויץ די קולמינאַציע פֿון זײַן פּאָעטישן אויסדרוק.

אין דער „באַלאַדע פֿון טאַטע־מאַמע" ווערט דערציילט ווי דער פֿאַר־ברענטער טאַטע פֿירט בײַ דער האַנט די בלינדע טויטע מאַמע, בעטנדיק

דעם זון ער זאָל זיי עפּענען די טיר, ווײַל זיי קענען אין אָט דער קאַלטער נאַכט פֿאַרפֿרוירן ווערן. טאַטע־מאַמע זענען ניט געקומען מאַטערן זייער קינד מיט קאַשמאַרן, ס'איז ניט קיין שרעק־באַלאַדע. זיי ווילן אויך ניט ער זאָל לאָזן אַ טרער, זיי בעטן נאָר בײַם זון דעם זינגער: זיי זאָלן בלײַבן אין זײַן געזאַנג.

זיי גייען אַוועק אין דער נאַכט זאָגנדיק דעם זון „אַ גוטן טאָג, מײַן קינד". מיר שטייען דאָ בײַם סאַמע קוואַל ווו עס ווערט געבוירן זינגענדיקער פֿאָלקס־עפּאָס.

אַ קלאַסישע דוגמה פֿון דעם טיפּ איז די „באַלאַדע וועגן די דרײַ יאָדלעס", ווו די שוועסטער בייט תּכריכים פֿון ווינט, שניי, נעפּל און רעגן פֿאַר דער געהרגעטער מומע פּעסל, וואָס ליגט בײַ אַ יאָדלע, פֿאַר איר קינד און אויך פֿאַר זיך אַליין. זי טוט דאָס אויך כּדי די „יאָדלעס זאָלן ניט יאָמערן". די נאַטור דאַרף בלײַבן אַ טרייסט פֿאַר די לעבעדיקע. די באַלאַדע טיילט זיך אויס מיט איר רײַכן ריטמיש־זינגענדיקן געמעל; זי איז ניט אויסן צו דערדרדיקן, זי קומט נאָר לײַטערן דורך איר גרויסן טרויער. רירנדיק איז די באַלאַדע אויך דערמיט וואָס זי איז געבויט אין דער פֿאָרעם פֿון אַ דיאַלאָג צווישן דער טויטער שוועסטער און דעם לעבעדיקן ברודער. מיר פֿאַרנעמען דאָס קול פֿון די פּאַרטיליקטע ווײַל אַזוי וויל דער פּאָעט. ער וויל אַז די וועלט זאָל זיי אייביק הערן.

די לידער וועגן די אומגעקומענע טאַטע־מאַמע און שוועסטער, וועגן זײַן מיידעלע עוועלע זענען די סאַמע רירנדיקסטע אין שפּיגלס גאַנצער שאַפֿונג. ער צעברעכט ממש דאָס האַרץ מיט זײַנע וויגלידער צו עוועלען. יעדעס וואָרט איז סײַ אַרויסגעכליפּעט פֿון אַ קינד, סײַ אַרומגעוואַשן מיט דער ריינקייט פֿון אַ פֿאַרבאָרגענער מאַנסבילישער טרער.

אין אונדזער צעבראָכענער און געלעסטערטער וועלט זוכט ישעיהו שפּיגל אייביקע ווערטן און ער געפֿינט זיי אין דער נאַטור, אין ליבע, אין פֿאָלק און אין פּאָעזיע. ער וויל ניט תּפֿילה טאָן צו אַ בייזן גאָט און ער קען אויך ניט פֿאַרענדיקן זײַן טראַגישן עפּאָס מיט אַ גוטן סוף, ווי אין איוב. ער וויל זיך אַרײַנטאָן אין שאָטן פֿון זײַן געקוילעטן פֿאָלק, כּדי צו ירשענען זײַן ליכט.

אין די לידער וועגן אונדזערע גרויסע ייִדישע פּאָעטן, וואָס זייער

גורל איז אויך געווען אַ טראַגישער, מאָלט שפּיגל די נשמה פון אונדזער פאָלק. פּרץ איז פאַר אים דער שענסטער חלום פון דורות; מאַרקיש רופט ניט מוחל זײַן, ניט שענקען; גלאַטשטיין איז אונדזער טרייסט און טרוים; מאַני לייב איז ווי דער גוטער ווינט פאַר די קינדער אין געטאָ, זיי זאָלן האָבן מיט וואָס צו אָטעמען.

ישעיהו שפּיגל בלײַבט געטרײַ זײַן ליכטיקן, הומאַניסטישן וועלטבאַנעם. שטייענדיק בײַ תּוו, אין די צײַטיקע יאָרן פון זײַן לעבן — נאָך דעם ווי ער איז דורכגעגאַנגען די שוידערלעכע עינויים אין איינעם מיט זײַן דור, האָט דעם מוט און דעם מענערשן כּוח צו טרייסטן.

דער זינגענדיקער פאָלקספּאָס צו וועלכן שפּיגל איז דערגאַנגען דורך גרויסער טראַגיק דערמאָנט וואָס די חסידים האָבן געלערנט: מיט ניגונים קען מען היילן די שווערסטע ווונדן פון דער נשמה. מיט זײַן הייליקן ייִדישן וואָרט, רופט שפּיגל אַרויס דאָס געדעכעניש פון אַ דור, „פון זײַן לעצטן פּײַן, פון זײַן לעצטן צאַרן". מיט דעם זכּרון פון די פאַרפּײַניקטע שאַפט ער זײַן ליד פון לעבן און ליכט.

„די גאָלדענע קייט"

ד. ספֿאַרד (1905—1981)

# „מלכות־געטאָ"

וועגן די איבערלעבונגען פֿון די יידן אין דער צייט פֿון דער דייטשער אקופּאַציע און וועגן זייער שוידערלעכן סוף, האָבן שוין פֿיל געשריבן און נאָך מער וועלן נאָך שרייבן. אָבער מערסטנטייל פֿון דעם, וואָס איז ביז איצט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אויף דעם געביט, באַהאַנדלט אויסשליסלעך די גרויליקע טאַטן פֿון היטלעריסטישע חיות לגבי די יידן, און ווען אַפֿילו צייטנווייז די ליידן פֿון די יידן גופֿא, איז בלויז פֿון זייער אויסערלעכער זייט, פֿון דער זייט פֿון בלויזן איבערדערציילן די שרעקלעכע פֿאַקטן.

די פֿאַרשידענע גבית־עדותן, זאַמלונגען פֿון דאָקומענטן, פּרוּוון פֿון סינטעטישע געשיכטלעכע איבערזיכטן און פּערזענלעכע זכרונות פֿון דער דאָזיקער שוידערלעכער אומקום־צייט האָבן בלתי־ספק אַ קאָלאָסאַלן ווערט פֿאַר דער געשיכטע. זיי גרייטן צו דעם מאַטעריאַל פֿאַר דעם צוקונפֿטיקן יידישן און נישט יידישן היסטאָריקער און אויך פֿאַר דעם יידישן קינסטלער, וועלכער וועט וועלן צוריקשטעלן אין זיין פֿאַנטאַזיע די דאָזיקע גרויל־צייט אין דער געשיכטע פֿון פֿאָלק.

פֿון אָט דער פֿאַרצייכענונגס־ליטעראַטור איז נישט אָפּגעשטאַנען די יידישע דיכטונג, וועלכע האָט פֿון דער ערשטער מינוט זיך באַמיט איבער־געבן די פּיין פֿון פֿאָלק. איר אוממיטלבאַרער ווייטיקלעכער אויסגעשריי האָט זיך דערהערט גלייכצייטיק פֿון אומעטום, ווו נאָר אַ יידישער דיכטער האָט נאָך געלעבט, און דאָס יידישע וואָרט האָט געהאַט די מינדעסטע מעגלעכקייט קומען צום אויסדרוק. פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס וואַרפֿן פֿאָר, אַז די יידישע דיכטונג האָט נישט געפֿונען די געהעריקע פֿאָרם פֿאַר אָט דעם גרעסטן אומגליק, וואָס האָט געטראָפֿן דאָס פֿאָלק, אָבער צי איז דען דאַן געווען אַ צייט פֿאַר פֿאָרם־זוכענישן? דער גרויסער ווייטיק רעדט

תמיד מיט דעם סאַמע פּשוטסטן לשון, און דער יידישער דיכטער האָט קודם כל אויסגעשריגן דעם וויטיק פון זיין פאָלק פּראָסט און אוממיטל־באַר. דאַקעגן האָט די יידישע פּראָזע, ווי געשראָקן זיך צוצוטרעטן צו דער דאָזיקער טעמע. די מערהייט פּראָזאיקער האָבן זיך פאַרענטפערט דער־מיט, וואָס פּראָזע, לויט זייער מיינונג, דאַרף האָבן אַ געוויסע פּערספּעק־טיוו און צייט, כדי צו קאָנען געבן אַ קינסטלערישן תיקון דעם אַלץ, וואָס איז געשען. די באַענטקייט פון צייט פאַרוואַנדלט די געשעענישן אין סוביעקטיווע איבערלעבונגען פון שרייבער, וועלכע ווענדן אים שטערן צו געבן אָביעקטיווע און רעליעפע שילדערונגען, וואָס איז דער אייגנט־לעכער מהות פון פּראָזע. אַנשטאָט קינסטלערישער שטאָף פון אַ דויערהאַפּ־טיקן ווערט, וועלן זיך באַקומען באַשרייבונגען פון פּערזענלעכע געפילן מיט אַן אויבערפלעכלעכער סענטימענטאַלער באַאַרבונג.

ישעיהו שפּיגל האָט מיט זיין בוך „מלכות געטאָ" באַוויזן, אַז די דאָ־זיקע מיינונג איז נישט אינגאַנצן קיין ריכטיקע.

איבערלעבנדיק אַליין דעם גיהנום פון היטלערישער אָקופּאַציע און פאַרשידענע היטלערישע טויט־לאַגערן, האָט שפּיגל, דער שרייבער, אויף אַ וווּנדערלעכן אופן אויפגעהיט די שרייבערישע פעיקייט פון קאָנען גלייכצייטיק מיט אַ קינסטלעריש און אָביעקטיוו אויג באַאָבאַכטן ווי מן־הצד סיי זיך, סיי אַנדערע. שפּיגל דאַרף נישט אָנקומען צו ספּעציעלע וויכטיקע געשעענישן, כדי דורך זיי אויפצודעקן דעם שוידער פון דער צייט, דער דאָזיקער שוידער קומט אויף ביי שפּיגלען פון יעדן מינדעסטן שטייגערישן דעטאַל, וועלכן ער שילדערט מיט אַן אינערלעכן געצוימטן וויטיק און אויסערלעכער כמעט עפּישער רויִקייט, קומט אויף פון יעדן מינדעסטן פאַקט, וועלכער האָט אין פלוג קיין שום דירעקטע שייכות נישט מיט די גרויליקאַטן פון יענער צייט. דער דאָזיקער עכטער פּראָ־זאַישער מעטאָד אַרויסצוהייבן דאָס וועזנטלעכע אַלגעמיינע בילד דורך אַן איינצעלנעם כאַראַקטעריסטישן דעטאַל, אַ מעטאָד, וועלכער איז אייגן יעדן אמתן קינסטלער, איז דיווירקלעכע סיבה דערפון, וואָס אין בוך גייט אויף פאַר אונז נישט נאָר דער אויסערלעכער אויסזען פון יענער צייט, נאָר אויך די אינערלעכע איבערלעבונגען פון יעדן מענטש און די הערשנדיקע שטימונגען פון יענע טעג, גייט אויף די אַטמאָספער פון

געטאָ, אין וועלכער די יידן האָבן געלעבט טאָג טעגלעך און נישט נאָר בעת אַן „אַקציע", די אַטמאָספער, וועלכע ס'האָט אונז נישט געקאָנט געבן קיין שום גבית־עדות, קיין שום פֿאַרצייכענונג פֿון יענער צייט און וועלכער האָט געוואָרט אויף איר תיקון דורך אַ קינסטלערישער פֿעדער.

די דאָזיקע אַטמאָספער פֿילט אויס, ווי לופֿט, אַלע עלף דערציילונגען, וועלכע גייען אַריין אין דעם בוך, פֿון דער ערשטער דערציילונג „ערד", אין וועלכער עס קומט אַזוי בולט צום אויסדרוק די ערשטע בהלה מיטן אָנקומען פֿון די דייטשן און די ריינדיקע צוגעבונדנקייט פֿון אַ יידן צו דער פּוילישער ערד, ביז דער לעצטער דערציילונג „מלכות געטאָ", וועלכע איז אייגנטלעך אַ מין אייגנאַרטיקע פּאָעמע, אין וועלכער עס פֿלעכטן זיך צוזאַמען רעאַלע עלעמענטן פֿון געטאָ־לעבן מיט וויזיעס און פֿאַנ־טאַזיעס פֿון צעווייטיקטע קראַנקע געמיטער.

דאָס וואָס רודערט אונז אויף ספּעציעל אין דעם דאָזיקן בוך, וואָס דרינגט אַדורך מיט אַזאַ טיפֿן אומעט אונזער גאַנץ געמיט, איז דער אייגנאַרטיקער באַהעפֿט צווישן דער אויסערלעך באַהערשטער, שיר נישט קאַלטער, פֿאָרם און אינערלעך טיפֿן שטאַרק־צעווייטיקטן געפֿיל. עפּעס דאַכט זיך אונז אויס, אַז מיר זען דאָס אַלץ, וואָס איז דאָרט פֿאַר־געקומען, דורך אַ גרויסער און קלאָרער קינדערישער טרער, וועלכע דער אויטאָר באַמיט זיך די גאַנצע צייט איינצוהאַלטן אין זיך, כדי נישט צו פֿאַרשטעלן דאָס לעבן, וואָס ער לאָזט פֿאַר אונז אויפֿגיין, מיט דעם מינ־דעסטן שאָטן פֿון אייגענער באַציאונג. דאָס מאַכט נאָך וויכטיקער און פּייערלעכער יעדע מינדעסטע געשעעניש און הילט זי איין גלייכצייטיק אין אַן אויסערגעוויינלעכער צאַרטקייט און שטילקייט. די געשיכטעס, אין פֿלוג אומבאַדייטנדיקע, וועלכע שפּיגל דערציילט, ווערן אונז מיטאַמאָל אין איינער און דער זעלבער צייט, אַזוי נאָענט און ווייט, אַזוי וואָכעדיק און הייליק, ווי די געשיכטעס פֿון דער ביבל.

דער פֿאַרגרעבטער, מגושמדיקער ייד יאָסי בער, וואָס וויל נישט פֿאַרלאָזן זיין ערד, דער דעמביק־צעוואָקסענער יונג סענדער, וועלכער פֿאַר־שטייט מיט זיין געזונטן פּראָסטן שכל, אַז מען דאַרף זיך ראַטעווען, די ריינדיקע צאַרטע קינדערלעך, אומעלע, פֿערעלע און סענדערל, וועלכע קוקן אַרויס בגנבה מיט גרויסע פֿאַרבענקטע אויגן דורך די מינדעסטע

שפּעלטעלעך אין בוידעם אויף דער גרויסער פרייער וועלט און חלומען אויס אין זייער קינדערשער צעהיצטער פאַנטאַזיע אַ פּיצעלע ברויט און אַ צווייגעלע גרינס, דער פאַראייביגאַמטער יידיש־דייטשער מוזיקער היינץ פרידריך לעווי, ווי אויך די אַלע איבעריקע מענטשן, וועלכע ווערן אַרויס־געבראַכט אין דעם בוך, טוען אין פלוג געוויינלעכע, אונז אַלעמען פאַר־שטענדלעכע זאכן, גייען אַרום אין אונדז אַלעמען נאָענטע און היימישע גאַסן, און דאָך זעען מיר באַשיינפּערלעך זייער וועלט אַזאַ אויסטערליש ווייטע און פרעמדע, אַן אַנגעפולטע, מיט גאָר אַן אַנדער ליכט און גאָר אַן אַנדער לופט, ווי דאָס לאַנד פון סדום ועמורה אין אונדזערע קינדער יאָרן.

דערגרייכנדיק דאָס, האָט י. שפּיגל דערגרייכט דאָס עיקרדיקע. ער האָט אונז דערמעגלעכט צו דערזען די פולשטענדיקע אַנדערשקייט פון געטאָ, צו דערפילן איר ספּעציפישן ריח, צו דערהערן איר באַזונדערן אָטעם.

מיר קענען ישעיהו שפּיגל, ווי אַן אייגנאַרטיקן צאַרטן פּאָעט, וועלכער האָט נאָך אין זיין ערשטן לידער בוך „מיטן פנים צו דער זון" אַנגעצייכנט פאַר אונז זיין אייגנטלעכן וועג, דעם וועג פון אַרויסברענגען די שטילסטע און אינטימסטע מענטשלעכע געפילן, וועלכע ליגן ביי דער זייט פון ברייטן לעבנס־שליאַך. שפּיגל טוט דאָס מיט אַ באַזונדערן חן, מחמת דעם, וואָס זיין פּאָעטישע אויפריכטיקייט איז אויף אַ נאַטירלעכן אופן פאַרבונדן מיט אַן איינגעבוירענעם חוש פאַר געשמאַק און עסטעטישן אָפּקלייב. אַ צאַרטע פּאָעטישע שטימונג גייט טאָקע אויף פון שפּיגלס פּראָזאישע שאַפונגען, זיינע בילדלעכע זעונגען זיינען אָנגעפולט מיט אַ טיפן לירישן אינהאַלט, אָבער אין זיינע דערציילונגען פון „מלכות געטאָ" ווייזט שפּיגל אַרויס אויך די פעיקייט פון טרעפלעכער באַאָבאַכטונג, פון קאָנען זען די אָרומיקעווירקלעכקייט נישט בלויז דורך דער פּריזמע פון סוביעקטיווער ליריש־קייט, נאָר אויך אָביעקטיוו, מיט עפּישער רויִקייט, איינהאַלטנדיק דערביי דעם גאַנצן פּאָעטישן הויך פון זיינע דיכטערישע שאַפונגען.

דער דאָזיקער פעיקייט שפּיגלס האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דאָס דאָזיקע זייער טרויעריק, נאָר שיין בוך, וואָס הייסט „מלכות־געטאָ".

„דאָס נייע לעבן" נר. 46

ב.

# טרייסטנדיקע שטערן

צום דערשיינען פון ביכל נאָוועלן „שטערן איבערן געטאָ"

פון ישעיהו שפיגל

ווי קאָמפּליצירט עס זאָל נישט זיין אַ געוויסער מעכאַנישער אָביעקט, איז דער אופן און סכום פון לייסטונגען, וועלכע ער איז בכוח אַרויסצו־ברענגען, אויסגעמאָסטן און באַשטימט. דאָס איז גורם דערצו, אַז ווי נאָר מיר דערקענען אים ביז אין סוף, אַזוי ווערן מיר לגבי אים רויִק און אין אַ באַשטימטן זין גלייכגילטיק.

דאקעגן שטראַלט אויס פון זיך יעדע לעבעדיקע דערשיינונג, ביי איר גאַנצער ספּעציפישקייט און אייגנאַרטיקייט, ביי דער גאַנצער זעלבסטבאַ־שטימונג פון איר אייגענעם כאַראַקטער, אַ געוויסע ספערע פון אומ־דערוואַרטקייטן און שיינבאַרע צופעליקייטן, וועלכע וועקן אומאויפהער־לעך אונזער אויפמערקזאַמקייט צו איר מיט אומרויִקער שפּאַנונג און מאַכן זי אונדז עמאָציאָנעל נאָענט.

דער סוד פון יעדער קינסטלערישער איבערצייגונג און באַווירקונג ליגט אין דער פעיקייט פון קינסטלער די דאָזיקע ספערע, וועלכע איז פאַרשידן פאַר יעדער דערשיינונג באַזונדער, אוממיטלבאַר אַרויסצוהייבן, ווי די כאַראַקטעריסטישע אַטמאָספער פון דער געגעבענער דערשיינונג.

אין זיינע דערציילונגען פון געטאָ האָט ישעיהו שפּיגל רעאַליזירט אָט די וועזנטלעכע קינסטלערישע אייגנשאַפט אין אַ טעמע, וואָס איר אויסטערלישע אויסערגעוויינלעכקייט האָט שוין נישט איינעם פאַרפירט אויף דעם וועג פון לייכטסטן ווידערשטאַנד, ווען דער שרייבער פאַרלאָזט זיך אויף דער בלויזער באַרעדעוודיקייט פון פאַקטן. כ'מיין, אַז ס'וועט נישט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז י. שפּיגל איז איינער פון די געציילטע, נישט בלויז אין דער יידישער ליטעראַטור, וועמען ס'האָט זיך איינגעגעבן שוידערלעכע פאַקטן, וואָס גייען אַרויס פון יעדן גדר פון מענטשלעכע באַגריפן, קינסטלעריש גובר צו זיין, דערהויבן צו אָביעקטן פון קינסטלערישער שילדערונג.

יעדע קינסטלערישע דערהויבונג פון פאַקטן און געשעענישן קען זיין, אין אַלגעמיין גענומען, אַ צווייאיקע. זי קען דערהויבן די איינצל־דער־שיינונג פון איר שיינבאַרער צופעליקייט און בלינדער גורלדיקייט צו געזעלשאַפטלעכער און געשיכטלעכער נויטווענדיקייט, אַנטפּלעקנדיק פאַר אונז די וואָרצלען און דעם צוזאַמענהאַנג פון געשעענישן.

זי קען אויך אויפדעקן אין דער איינצלדערשיינונג גופא פאַרהוילענע פאַר אונז שטריכן, וועלכע זיינען נישט בלויז די וועזנטלעכסטע פון דער געגעבענער דערשיינונג, נאָר וואָס דערהויבן זי צו טיפּישער פאַר־אַלגעמיינערונג, צו אַן אויסדרוק פון אַ גאַנצן כלל.

פאַר י. שפּיגלס נאָוועלן איז ספּעציעל כאַראַקטעריסטיש דאָס לעצטע. דורך אַ טיפערן אַריינבליק אין די איבערלעבונגען פון יחיד גיט זיך י. שפּיגלען איין אויפצודעקן געפילן טיף מענטשלעכע, וואָס כאָטש זיי זיינען נישט אָפּט שכיח אין דער געגעבענער צייט, זיינען זיי דאָך אַ פיל טיפערער אויסדרוק פאַר אַ באַשטימטן געזעלשאַפטלעכן שיכט, אָדער פאַר אַ גאַנצן נאַציאָנאַלן קאָלעקטיוו, פון אַ ווייטערער, מער אָביעקטיווער פּערספּעקטיוו.

אַזאַ איז די עלטערע גלויביקע הויז־דינערין מאַריאַננאַ שיוועק אין דער שיינער מענטשלעך־דערהויבענער און קינסטלעריש וואָרהאַפ־טיקער נאָוועלע „די משפחה ליפשיץ גייט אין געטאָ". דער שווערער אינערלעכער געראַנגל אין דער נשמה פון דער דאָזיקער טיף גלויביקער קריסטין צווישן די פאַרשטעלונגען וועגן יידן, וועלכע עס האָבן איר איינגערעדט פון דער קינדהייט די פאַרשטייער פון דער קירך און דער הפקרער דרויסן, און צווישן דער ווירקלעכקייט, אין וועלכער זי לעבט, רופט אַרויס אין איר פשוטן מוח ווייטיקלעכע מחשבות. איר ערלעך האַרץ רעאַגירט אוממיטלבאַר אויף די ליידן פון די אַרומיקע יידן, מיט וועלכע זי האָט זיך צונויפגעלעבט, און ביי וועלכע זי האָט קיין שום שלעכטס נישט געזען. זי קען בשום אופן נישט פאַרשטיין די סיבה פון די אַלע ווילדקייטן. אין איר פּרימיטיווער נאַיווטעט אידענ־טיפיצירט מאַריאַננאַ די ליידן פון איר באַלעבאָס ליפשיץ מיט די ליידן פון קריסטוסן. דער טרויעריקער גאַנג פון די יידן אין געטאָ זעט אויס אין אירע אויגן, ווי אַ הייליקע פּראָצעסיע, אין דער שפּיץ

פון וועלכער עס גייט ער אַליין, גאָטס זון, אין דער געשטאַלט פון איר באַלעבאָס יצחק ליפּשיץ.

אין דער טיף פון איר האַרצן פילט זי, אַז זי קען נישט, אַז זי טאָר נישט פון די דאָזיקע יידן אַוועקגיין. זי באַשליסט צו בלייבן אין געטאָ און כמעט אין דער פינצטער אין נייעם ענגן שטיבל פון דער געטאָ־וווינונג זיצט זי איינגעבויגן איבער אירע אַלטע מלבושים און נייט צו די געלע לאַטע צו יעדן איינעם פון זיי. דער דאָזיקער באַשלוס פילט אָן אַלע אירע גלידער מיט אַ גרויסער ליכטיקער פרייד.

אין דער פרעמדער פינצטערער שטוב פון זיין געטאָ־וווינונג שטייט דער ייד ליפּשיץ איבער זיין דינסט און וואָרנט זי:

— גיי אַהיים... גיי צוריק אין שטאָט אַריין... מאַריאַננע... דער דייטש מיינט נישט דיך... ער מיינט בלויז אונז... אונז יידן...

אָבער דער דינסט דאַכט זיך, אַז „פאַר איר האָט זיך אַוועקגעשטעלט די געשטאַלט פון הייליקן זון און מיט אַ פאַרטרערט פּנים עפּעס צו איר גערעדט. אויף זיין ברוסט האָט געלויכטן אַ גאָלדענער יידישער שטערן, פון וואַנען ס'זיינען זיך צעגאַנגען פייערלעך און ליכט־ שטרייפן. די דאָזיקע רויטע ליכט־שטרייפן האָבן זיך אָנגעהויבן אויספורעמען אין געשטאַלט פון אַ האַרץ, פון וואַנען ס'זיינען גערונען טראָפּנס בלוט. דער יידן־שטערן האָט אָבער ווייטער געלויכטן און אַרומגעזוימט זיין פּנים מיט אַ בלאַס, גרין ליכט".

וואָס פאַר אַ טיף מענטשלעך געפיל אַנטפּלעקט פאַר אונז שפּיגל אין דער דאָזיקער פּוילישער פאָלקס־פרוי, און ווי אמתדיק עס גייט אויף פאַר אונז, אַ דאַנק דער פאַרבילדלעכונג און כאַראַקטעריסטישע פאָרשטעלונגען, וועלכע אַנטשפּרעכן דער סביבה און דערציונג פון דער דאָזיקער פרוי! דאָס דערהויבט די נאָוועלע, ביי דעם פולשטענדיקן מאַנגל פון אַ וועלכער ס'איז ספּעציפישער טענדענץ, צו אַ קינסטלערישער און במילא אמתער אין טיפערן זין פון וואָרט אַפּאָלאָגעטיק פון פּוילישן פאָלקס־מענטש, פון מענטש בכלל.

די זעלבע נישט צוגעשפּיצטע פון זיך זעלבסט אויפקומענדיקע מענטש־ לעכע דערהויבונג אַנטפּלעקט פאַר אונז די דערציילונג „דער הימל פון אָנקל טעאָדאָר".

אַ שטילע ליכטיקייט גייט נאָך שפּיגלס העלדן אויף דעם וועג פון אומגלויבלעכער מענטשלעכער געפאַלנקייט. ביים ראַנד פון טיפסטן אָפּ־גרונט, ווו די פאַשיסטישע בלוטדורשטיקע היטלער־חיה פאַרניינט איר אויסערלעכע מענטשלעכע געשטאַלט דורך מעשים פון גרויזאַמען און ווילדן שגעון פינקלט אויף, ווי אַ ווייטער, ווייטער ליכט־שטראַל אין אַ פינצטערער עלנטער נאַכט אַ שיין פון אמתער מענטשלעכקייט.

פון די פּוסטע חרובע גאַסן פון געטאָ האָט דער ווינט שוין בלויז „אַהערגעטראָגן אַ דין ווידערקול פון יידישער יללה" פון איינציקע צע־שראָקענע מענטשן, וועלכע די דייטשן האָבן אַרויסגעשלעפּט פון די פאַראיינזאַמטע באַהעלטענישן — און אין דער קעלערדיקער פינצטער־ניש האָט דער אָנקל טעאָדאָר מיט אַ רויקער שטים אַריינגערעדט אין דער זעכצניעריקער, פון הונגער און שרעק־דערשלאָגענער פייגעלען, אַז „זי דאַרף נישט מורא האָבן, וואָרעם ס'איז קיין טויט נישטאָ אויף דער ערד, נישטאָ קיין שטאַרבן פאַר די, וואָס טרינקען דאָס ליכט פון די שטערן". און אַז די היטלעריסטישע בעסטיעס האָבן סוף־כל־סוף אויך זייער באַהעלטעניש געפונען און אַרויסגעפירט אויפן הויף, „זיינען זיי ביידע געגאַנגען אַרומגענומען פאַר די הענט ווי קינדער"... און „זייערע קעפּ זיינען געווען אויפגעהויבענע און געקוקט פאַרויס צום שיינעם פּיצל הימל, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אויף יענער זייט מויער".

אין אַרומיקן גרויל, אין דער אויסטערלישער סביבה פון אומהיימלעכע פינצטערע שרעקן, וועלכע ווערן אַזוי נאַטירלעך און באַגלויבלעך געשיל־דערט אין די נאָוועלן „אַ קאָטש פאַרט אויף אַ חתונה", „אין דער פינצטער", „אין אַ טויטן געסל" א.א. לויכטן אויף אַזעלכע טיף מענטש־לעכע אויסלייטערונגען ווי מאַריאַננע און אָנקל טעאָדאָר מיט אַ באַ־זונדערער שיין פון טרייסטנדיקער גנאָד און שטילער האָפענונג. עס ווערט טיפער, גאָר העלער דער טרויער, אַזוי, אַז עס זעט זיך דורך אים אַ שטראַל פון קומענדיקער הילף און אויפריכטונג פאַר דעם מענטש.

דעם דאָזיקן שטראַל האָט שפּיגל מיט עכטע, קינסטלערישע מיטלען באַוויזן אַרויסצושלאָגן פון דעם חושכדיקן „מלכות געטאָ", ווי פונקן פון פינצטערן שטיין, און אין טרייסנדיקע שטערן צעהאַנגען איבער אונזער גרויזאַמער נאַכט.

פון דעם גאַנצן ציקל נאָוועלן, וועלכע קומען אַריין אין דעם ביכל „שטערן איבערן געטאָ" טיילט זיך אויס באַזונדער, סיי לויט דער טעמע, סיי לויטן סטיל די נאָוועלע „אַ פאַרשווונדן לעבן", וועלכע שילדערט אונז דער עיקר דאָס לעבן פון אַ וועבער־משפּחה פון פאַר דער מלחמה. די דאָזיקע נאָוועלע איז ספּעציעל באַלערנדיק פאַר דערקענען שפּיגלס פּראָזאַישן טאַלאַנט. דער ליריש־דערהויבענער, אָדער טרויעריק־פאַרחלומ־טער טאָן פון שפּיגלס געטאָ־דערציילונגען, וועלכער שטאַמט פון טיפע פּערזענלעכע איבערלעבונגען, פאַרשווינדט דאָ אינגאַנצן. אויף זיין אָרט קומט אַ ניכטערער בצמצומדיקער סטיל פון אָביעקטיווער און קאָנצענט־רירטער באַאָבאַכטונג, וועלכער דערמעגלעכט שפּיגלען אין קורצע נאָר קרעפטיקע און רעאַליסטישע שילדערונגען אַרויספירן אַ גאַנצע גאַלעריע פון לעבעדיקע אינדיווידואַליזירטע טיפּן.

סאָנעלע, די מומע זעלדע פון אָפּאַטאָוו, איר טעכטערל שיינדעלע, רוכטשע, סאָנעלעס זין, די פאַרבינדונג און אויפבינדונג פון דער אַקציע ווי אויך די שטייגער און כאַראַקטערן־שילדערונגען קומען אויף בולט און רופן אַרויס ביי אונדז אַ קלאָר בילד פון אַ „פאַרשווונדן לעבן". ס'איז דערפרייענדיק אין דער נאָוועלע דער קערנדיקער רעאַליסטישער סטיל, דער טרעפלעכער, פּסיכאָלאָגיש און שפּראַכלעך ריכטיקער דיאַלאָג, די אמתדיקייט פון די אינערלעכע פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונגען פון יעדן העלד, די קאַרגשאַפט פון וואָרט און געפרעסטקייט פון דער שילדערונג. די אַלע מאָמענטן צוזאַמענגענומען דייטן אָן אויף דער מעגלעכקייט פון ברייטערע פּראָזאַישע לייוונטן פון אַ פּילזייטיקן, טעמאַטיש פאַרשידנ־אַרטיקן כאַראַקטער.

„פאָלקסשטימע", וואַרשע

ג

# די געטאָ־טעמע אין די שאַפונגען פון ישעיהו שפּיגל

„דער נאָמען מענטש קלינגט שטאָלץ" — וויפיל אַנטוישונגען האָבן שוין איבערגעלעבט די מענטשן פון אונדזער דור אין דער הינזיכט?

אָבער צו זיין טראַגישסטן קעגנזאַץ איז דער דאָזיקער שטאָלצער

און הומאַניטאַרער גאַרקישער דעוויז דערגאַנגען אין די קאַשמאַרע יאָרן פון דער היטלעריסטישער ממשלה, ווען דער נאָמען מענטש האָט שוין נישט בלויז נישט געקלונגען שטאָלץ, נאָר באַדעקט מיט בושה דעם גאַנצן מין.

אָבער ווי אויסטערליש דאָס זאָל נישט אויסזען, האָבן בשעת און נאָך דער גרויל־צייט די גרויסע פאַרשעמונג געטראָגן נישט די רוצחים, נאָר זייערע קרבנות.

זייער פיל מענטשן, וואָס האָבן אַליין איבערגעלעבט יענע שוידער־לעכע יאָרן, ווי אויך טויזנטער אויטענטישע דאָקומענטן, האָבן אַרויס־געבראַכט אַזוי בולט די אוממענטשלעכע מעשים פון די „אויבערמענטשן", אַז נישט בלויז דער אורטייל איבער זיי, ווי נידערטרעכטיקע באַשע־פענישן און ווילדע רויב־חיות, קאָן נישט ווערן פאַרטונקלט דורך קיין שום מילדערנדיקע אומשטענדן, נאָר אויך די טיפסטע פאַראַכטונג צו זיי, ווי צו קליינמוטיקע דעגענערירטע פחדנים, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן זייער בעסטיאַלישע גבורה בלויז אין רציחות פון שוצלאָזע זקנים, פרויען און קינדער.

און דאָך האָט אַ בייזוויליקער פאַרוואורף פון „גיין ווי שאָף צו דער שחיטה" געשאַפן ביי פיל אַ ספּעציפישע אַטמאָספער לגבי די אומגעקומענע. די נאַטוראַליסטישע און פּאַטעטישע באַשרייבונגען פון די קאַשמאַרע געשעענישן זענען געווען מסוגל צו דערפירן דעם לייענער צו אַ צושטאַנד פון יאוש, ווייטיק און פאַרצווייפלונג אָבער נישט דערמעגלעכט צו באַנעמען די אייגנאַרטיקע גבורה פון קידוש־השם, פון איינהאַלטן דאָס פּינטעלע מענטש ביים ראַנד פון אַלערליי מיתות־משונות, ווען אַפילו בלויז ביי איינצלנע.

דערגלייכן איז דאָס פּינקטלעכע רעגיסטרירן דעם אויסערלעכן פאַר־לויף פון די קאַשמאַרן מיט אַלע פרטים און די בעסטיאַלישע מעשים פון די רוצחים נישט געווען אימשטאַנד צו געבן אַן אַדעקוואַט בילד פון יענער שוידערלעכער צייט מיט איר גאַנצער פינצטערער אומהיימ־לעכקייט.

זעט אויס, אַז די דאָזיקע גרויל־ווירקלעכקייט, וועלכע האָט צו

זיך קיין גלייכן נישט, פֿאַדערט גאָר אַן אַנדער אופֿן פֿון באַנעמען און גאָר אַן אַנדער אופֿן פֿון שילדערן.

ישעיהו שפּיגל, וואָס האָט אַליין דורכגעמאַכט דעם דאָזיקן גיהינום, האָט אָנגעהויבן פֿון אַ גאָר נייעם אופֿן פֿון שילדערן די איבערלעבונגען פֿון יענער צייט דורך ווייזן אונדז אין דער אַלגעמיינער פֿאַרווילדונג און דעגענערירונג, וועלכע האָבן דאַן געהערשט, פֿונקען פֿון מענטשלעכער ווירדע און איידלקייט. דאָס האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן דעם שוידער, געמאַכט אים פֿיל שטאַרקער און בולטער, פּונקט ווי אַ בליץ שטרייכט נאָך מער אונטער די פֿינצטערניש פֿון נאַכט.

דער דאָזיקער אופֿן פֿון באַנעמען און שילדערן, וועלכער איז טיף יידיש — אויסצוגעפֿינען כאָטש צען צדיקים אין סדום — איז געוואָרן דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פֿון ישעיהו שפּיגלס שאַפֿן, אָנהייבנדיק פֿון זיין ערשטן בוך נאָך דער באַפֿרייונג — „מלכות געטאָ“. אין דער וועלט פֿון כולו פֿאַרברעכנס און רציחות און אַלגעמיינער דעגענערירונג דערזעט שפּיגל מאָמענטן פֿון טיפֿער מענטשלעכקייט און ער שילדערט זיי מיט אַזאַ עכטער איבערלעבונג און מייסטערשאַפֿט, אַז זייער קינסטלערישער אמת אַנטפּלעקט דעם תוך פֿון דעמאָלטיקן לעבן.

אין דעם זין איז שפּיגל איינער פֿון די סאַמע געטרייסטע און דרייסטע פּרציאַנער. דאָס אויסזוכן איינצלנע פֿונקען אין תהום פֿון פֿינצטערניש איז פֿון י. ל. פּרצן אַן געוואָרן אַ וועזנטלעכער שטריך פֿון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

שפּיגלס געשטאַלטן פֿאַרמאָגן אַ נשמה יתירה, אַן אינערלעכן דראַנג צו אויסגעלייטערטקייט און ליכטיקייט, נאָר נישט אַזעלכע, וועלכע געפֿינען זיך ערגעץ אויסער דעם תחום פֿון לעבן. פֿאַרקערט, אַן אויסגעלייטערטקייט און ליכטיקייט, וועלכע געפֿינען זיך אין לעבן גופֿא, וואָס גייט דורך אַלע מדרגות פֿון פּיין און דערנידעריקונג און גייט אַרויס דערהויבענער און לויטערער.

דאָס באַדינגט די פּאָעטישקייט פֿון שפּיגלס שפּראַך, זיין צאַרטע און איידעלע בילדערישקייט, נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס געשילדערטע לעבן אַרום איז כולו גרויזאַמקייט און רשעות.

שפיגלס געטאָ־שאַפונגען זענען אַ קינסטלערישער קדיש און אַ דער־הויבנקייט פאַר די מיליאָנען אומגעקומענע, אַ דאַנק די נאָבעלע גע־פילן, שטרעבונגען און חלומות, וועלכע ער ברענגט אַרויס אין שויס פון גיהינום. אין זייער אידעלער שיין דערזעען מיר נאָך טיפער און ווייטיקלעכער די ליידן פון די אומגליקלעכע, אָבער אויך נאָך מער אָפּ־שטויסנדיק און געשפּענסטיק די געפאַלנקייט פון די רוצחים און דעם גרויל פון זייערע אוממענטשלעכע פאַרברעכנס.

גלייכצייטיק איז די דאָזיקע שיין, וועלכע לייכט אַרויס פון שפּיגלס געשטאַלטן אַ באַשטעטיקונג דערפון, אַז קיין שום מחבל איז נישט אימשטאַנד אומצוברענגען דאָס מענטשלעכע, ווען אפילו עס גיט זיך אים איין אַראָפּצושטויסן עס אין שאול־תחתיה פון פּיין און אומקום.

„ישראל־שטימע", 29.4.70

ד.

## וועגן „געשטאַלטן און פּראָפילן"*

ליטעראַטור־וויסנשאַפט, וואָס זוכט דער עיקר אַלגעמיינע געזעצן, אַבסטראַקטע ענלעכקייטן צווישן ווערק פון אַזאַ אָדער אַנדערן זשאַנער און וואָס מאַכט אויף דעם סמך פון איינצלנע, דורכויס זיך אונטערשיידנ־דיקע שאַפונגען, אַלגעמיינע אויספירן, איז אָן שום ספק אַ נוצלעכע טעטיקייט פאַר דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע, צי סאָציאָלאָגיע, אָבער זי דערנעענטערט אונדז נישט צום קוואַל פון קינסטלערישן שאַפן. אויף דעם געביט פון קונסט, ווי באַוווּסט, איז ווערזנטלעך און כאַראַקטע־ריסטיש גראָד דאָס אינדיווידועלע, דאָס, וואָס טיילט פונאַנדער איינס פון אַנדערן. מיט דעם פאַרנעמט זיך די קינסטלערישע קריטיק, וועלכע אויפ־נעמענדיק יעדע שאַפונג דורך אַ סוביעקטיווע איבערלעבונג, אַנטדעקט דאָס אייגנאַרטיקע אין דער דאָזיקער שאַפונג.

צו דער דאָזיקער קינסטלערישער קריטיק געהערט אויך דאָס בוך עסייען „געשטאַלטן און פּראָפילן" פון ישעיהו שפּיגל.

---

* ישעיהו שפּיגל: „געשטאַלטן און פּראָפילן", עסייען. פאַרלאַג „המנורה" 1971, ערשטער באַנד.

מיר קענען ישעיהו שפיגל פון זיינע פראָזע־שאַפונגען, וועלכע צייכע־נען זיך אויס, חוץ מיט זייער אייגנאַרטיקער פסיכאָלאָגיש־עטישער אויפֿ־פאַסונג פון די געשטאַלטן און טיף הומאַניטאַרן קינסטלערישן לעבנס־באַנעם, אויך מיט זייער ספּעציפֿישער בילדלעכקייט, וועלכע גיט אַ פּלאַס־טישע פאַרשטעלונג פון די העלדן און סיטואַציעס גלייכצייטיק מיט דער פּסיכישער שטימונג און אַטמאָספער, אין וועלכער זיי זענען איינגעפּאַסט.

אונדז איז אויך באַקאַנט שפיגלס דיכטונג, וועלכע אַנטהאַלט ביבלישע געמיט־צושטאַנדן, דורכגענומענע מיט תמימות און אומעט, מיט אַן אומ־מיטלבאַרן ליריזם און נאַטירלעכער אָפנהאַרציקייט.

אין דעם בוך „געשטאַלטן און פּראָפילן" באַקענען מיר זיך צום ערשטן מאָל מיט שפיגלען דעם עסייאיסט אויפן סמך פון אַ גאַנצער זאַמלונג, וועלכע גיט אונדז די מעגלעכקייט צו דערזען אויף אַן אייגנאַר־טיקן אופן נישט בלויז די באַהאַנדלטע שרייבער, נאָר נישט ווייניקער אויך דעם אויטאָר גופא.

אין די עסייען טרעפן מיר זיך אַן אין פיל ערטער אויף שפיגלס אויבנדערמאָנטער ספּעציפֿישער בילדלעכקייט. די שרייבער, וועלכע ווערן באַהאַנדלט אין דעם בוך, ווערן לעבעדיק פאַרגעשטעלט, אָבער גלייכצייטיק באַקומט זייער שאַפן אַ ביאָגראַפישע און צייטלעכע באַגרינדונג. יעדער עסיי לעבט ווי אַ דאָפּלט לעבן. ער באַקענט אונדז מיט אַ יידישן שעפער און אין דער זעלבער צייט איז עס אַ בעלעטריסטיש ווערק אַן און פאַר זיך. פיל פון די עסייען פאַרמאָגן אַ טיפן לירישן אונטערטעקסט, וועלכער קומט צום אויסדרוק אין אידעלע שילדערונגען, שאַפנדיק קליינע נאָוועלן וועגן מענטשלעכע גורלות, אָנגעלאָדענע מיט אומעט און געמיט, וועלכע פליסן אַרויס פון אַן עכט שעפערישער נאַטור.

אַ דאַנק דער דאָזיקער לירישער אָנלאָדונג גרייכן פיל פון די עסייען צו אונדזער הארץ, און זייערע געשילדערטע געשטאַלטן ווערן אונדז, ווי אין יעדן קינסטלערישן ווערק, אינטים נאָענט און אייגן.

די עסייען פאַרמאָגן אויך אַ שלל איינפאַלערישע און אָריגינעלע פאַרגלייכן, טרעפלעכע באַצייכענונגען און כאַראַקטעריסטיקעס און אייגנאַר־טיקע אויספירן.

אַזוי, למשל, פירט דורך שפיגל אַן אינטערעסאַנטן פאַרגלייך צווישן

דעם ציידן מענדעלע און רב נחמן בראַצלאַווער און כאַראַקטעריזירט טרעפֿלעך מענדעלעס שרייבן, ווי די „באַנייונג פֿון יידישן געפֿיל", „תחית המתים פֿון דער נאַטור", „פענאָמענאַלע שפּראַכלעכע דערפינדערישקייט", „פאַרברידערונג פֿון דער יידישער און העברעישער שפּראַך" און דעס־גלייכן.

וועגן שלום עליכם שרייבט שפּיגל בילדעריש, אַז „אין דער צייט ווען דער ציידע האָט סאַטיריש געשמייכלט מיט איין אויג, האָט דאָס אייניקל אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך שקאַציש דאָס פּולע, לויטערע געלעכטער פֿון אַ גאַנצער תקופֿה און אַ לעבעדיקן יידן־דור".

שפּיגל שטרייכט ריכטיק אונטער, אַז שלום עליכם האָט געשאַפֿן דעם קאָלעקטיוון לייענער.

פּאַרטיפּט און פּאָעטיש שטעלט פֿאַר שפּיגל י. ל. פּרץ, זאָגנדיק, אַז „זיין וויזיע איז ווי אַ קוזשניע פֿון צעשפּרייטע פֿליענדיקע פֿייערדיקע אותיות", זיין וואָרט „אַ רוף אין דער צוקונפֿט פֿאַר הויכער שליחות פֿון יידישן שאַפֿן" און „זיין ניגון באַגלייט אונדזער תקופֿה — פֿון שווערן שוואַרצן יאָך — דורכן געטאָ־תהום — ביז צום העראָישן נאַציאָנאַלן רענעסאַנס".

אין די שורות פֿון חיים נחמן ביאַליק, וועלכער איז געווען „דער ריזיקער קוואַל פֿון געפֿיל פֿון פֿאָלקישער אחריות און פֿון גאָר אינטימער נאַקעטער מענטשלעכער וידוי" זעט ישעיהו שפּיגל ווי „ס'האָט זיך אָפּ־געקליבן דער פֿאַרגליווערטער פּלאַם פֿון זיין דיכטערישער לאַווע, שוין אַ גראַניטענער, אַ קילער, אָבער מיט אַלע אויסגעגאָסענע פֿייערן און אויפֿברויזן, מיט אַלע פֿריילינגען און שחיטות אין יידישן לעבן".

אַ קינסטלעריש געמעל איז די אימפּרעסיע וועגן ש. י. עגנון. „פֿון צווישן עגנונס געקרייזלטע און פֿאַרפּישופּטע שורות — זאָגט י. שפּיגל — ניגונט אַרויס אַזוי שטיל און מתיקותדיק, אַזוי פֿאַרבענקט און אַלט־היימיש דאָס פֿאַרקליידטע און אויסבאַהאַלטענע יידישע לשון — דער שרייבער עגנון ווערט פֿאַר מיר דער אַממיינסטן יידישער אויסדרוק און באַוועלטיקער פֿון דער אומגעבראַכטער יידיש־שפּראַך, הגם זי, די שפּראַך, איז ביי אים אָנגעטאָן אין אַ העמדל פֿון לשון־קודש — דאָס כתונת־פּסים פֿון שמואל יוסף — אָבער אונטערן ציידן־העמדל פֿון דעם דערהויבענעם

און געקרוינטן יוסף שלאָגט שטאַרק און וואַרעם דאָס אַלטע יידישע האַרץ, מיט פיל בענקעניש צו זיינע ברידער״.

אַ סינטעז פון אַ טיף ליריש געפיל און פּלאַסטישער שילדערונג איז די אָפּהאַנדלונג וועגן יצחק קאַצענעלסאָן, וועמענס געשטאַלט שפּיגל שטעלט אונדז פאַר מיט קינסטלערישן צימצום און בולטקייט, וואָס דער־גרייכט אַ הויכע מדרגה: — ,,אויגן גרויסע, אַ ביסל אַרויסשטייגנדיקע, לייכטנדיק־העלע און מיט דינע בולטע אָדערלעך. בעת ער פלעגט קוקן אויף מיר, האָב איך תמיד געהאַט דאָס געפיל, אַז כ׳שווים אַריין דורך זיין אויגן־אַרביטע אין אַ צעשמייכלטן בלאָען הימל״.

כ׳האָב געבראַכט בלויז אייניקע שפּריצן פון די צוויי און דרייסיק עסייען, וועלכע גייען אַריין אין דעם בוך. זיי זענען נישט אין שטאַנד צו געבן אַפילו דעם מינדעסטן באַגריף וועגן דער געדאַנקלעך־פּאַרטיפטער און בילדעריש־בולטער שילדערונג פון יעדער איינער פון די באַהאַנדלטע פערזענלעכקייטן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אַזעלכע מייסטער פון דער יידישער ליטעראַטור, ווי שלום אש, ה. לייוויק, יוסף אָפּאַטאָשו, מאַני לייב, לאַמעד שאַפּיראָ, א. קאַגאַנאָווסקי, שמואל ניגער, בעל־מחשבות און פיל ענלעכע.

אָבער אויסער די אַלע אויבן אויסגערעכנטע אייגנשאַפטן, פאַרמאָגן די עסייען פון ,,געשטאַלטן און פּראָפילן״ נאָך איין וווּנדערלעכן שטריך. דאָס איז אַ מין נאָבעלע עטישקייט און פאַרטיפטער פּרעציאַנישער הומאַניזם, וועלכע שאַפן דעם פאָן פון אַלע זשאַנערן פון ישעיהו שפּיגלס ליטעראַ־רישער טעטיקייט און שטראַלן אַרויס פון זיין יעדן וואָרט מיט אַ שטילער דיסקרעטער שיין.

אַלץ צוזאַמען איז גורם דערצו, אַז ,,געשטאַלטן און פּראָפילן״ זאָלן פאַרנעמען אַ חשוב אָרט נישט בלויז אין דער אייגנאַרטיקער שאַפונג פון ישעיהו שפּיגל, נאָר אין דער יידישער ליטעראַטור בכלל.

,,ישראל־שטימע״, 12.12.71

ה.

# וועגן „שטערן לייכטן אין תהום"

מען קאָן אונטערשיידן צוויי מינים פון הומאַנישקייט: אַ מאָראַלישע און פילאָזאָפישע. די ערשטע האָט צו טאָן מיט דער באַציונג פון איין מענטש צום צווייטן, פון איין פאָלק צום צווייטן און זי איז זייער קורץ און בולט אויפגעפאַסט אין הלל הזקנס באַקאַנטן אַפאָריזם — „מה דעלך סני לחברך לא תעבוד" — „וואָס דיר איז דערווידער, זאָלסטו צו דיין חבר נישט טאָן". און ס'איז אויך פאַראַן אַן הומאַנישקייט, וועלכע איך וואָלט אָנגערופן פילאָזאָפישע. איר וועזנטלעכער תוך איז גלויבן אין דעם מענטשן, אין דעם זין, אַז ווי נידעריק ער זאָל ניט זינקען צוליב פאַר־שיידענע סיבות אין אַזעלכע אָדער אַנדערע באַדינגונגען — דאָס מענטש־לעכע וועט קיין מאָל נישט ווערן פאַרניכטעט פולשטענדיק. אין אַלע פאַלן וועט ערגעץ־ווו איבערבלייבן אַ פונק, וואָס וועט ביי גינסטיקע אומשטענדן ווידער זיך צעפלאַקערן אין אַ פלאַם. וואָרעם אויב עס זאָל אַזוי נישט זיין, זענען אין דער געשיכטע שוין געווען גענוג פאַלן, וועלכע זענען געווען מסוגל צו פאַרטרייבן די מענטשן אויף אייביק צוריק אין וואַלד.

די יידישע מחשבה, וועלכע פאַרנעמט זיך דער עיקר מיט דעם וואָס איז גוט און יושרדיק און וואָס איז שלעכט און אומגערעכט, און אַ סך ווייניקער, אָדער כמעט נישט, מיט דעם, מה למעלה ומה למטה — האָט אין זיך פאַראייגנטביידע מינים פון הומאַנישקייט. דער עצם רעיון פון משיחן און תחיית־המתים קומט פון דעם גלויבן אין דער אוממעגלעכקייט פון אַבסאָלוטן אומקום פון גוטן און גערעכטן, אַ גלויבן, וועלכער ציט זיך, ווי אַ רויטער פאָדעם דורך די יידישע שאַפונגען פון אַלע דורות. אין דער יידישער ליטעראַטור האָט דעם דאָזיקן נאַציאָנאַל־יסודותדיקן געדאַנק געגעבן דעם סאַמע לויטערסטן תיקון סיי אין אידעיִשן סיי אין קינסטלע־רישן זין — י. ל. פרץ. ער האָט דעם מענטשלעכן פונק אָפּגעפונען און אַרויסגעבראַכט פון די קעלער־שטיבער, פון אונטער בערג פאַנאַטישע

איבערגלויבנס און פון מאַראַליש־גליטשיקע שפּועים. דערמיט האָט ער סטימולירט די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור, אָפּוועגנדיק זי פון נאַטוראַ־ליסטיש־שטייגערישע שילדערונגען צו פּסיכאָלאָגישער און געדאַנקלעכער פּאַרטיפּטקייט, פון איין זייט, און פון דער צווייטער, ווי אַ נעבן־פּראָדוקט, צו אַבסטראַקטער סימבאָליק. אייניקע פון זיינע תלמידים האָבן זיך אויף אַ געוויסער צייט אין אַ גרעסערער, אָדער קלענערער מאָס, געלאָזט באַווירקן דער עיקר פון אָט דעם נעבן־פּראָדוקט. ישעיהו שפּיגל געהערט אָן שום ספק צום גרעסערן טייל פון י. ל. פּרץ'ס טאַלאַנטירטע תלמידים, וועלכע איבערנעמענדיק פון אים דעם נאַציאָנאַל־יידישן יסוד פון ביידע מינים הומאַנישקייט, האָבן באַוויזן אים אַרויסצוהייבן נישט דורך ווילקירלעכע געדאַנקלעכע, אָדער גאָר שפּראַכלעכע קאָנסטרוקציעס, נאָר דורך אייגנאַר־טיקע קינסטלעריש־רעאַליסטישע שילדערונגען און מיט אַ שפּראַך און בילדלעכקייט, וועלכע קומען פון עכטער טיפער איבערלעבונג. שפּיגל איז נישט מוותר אין קיין שום פאַל אויף דעם פּינטעלע מענטש, וואָס איז די איינציקע האָפענונג און גאַראַנטיע פון יעדן מאַראַלישן תחיית־המתים. אָבער גלייכצייטיק איז ער אויך ניט מוותר אויף קיין שום קינסטלערישן פּרט. ער פאַרט נישט לויט אַ פּלאַן מיט אויסגעטראָטענע וועגן צום תהום פון מענטשלעכער פּיין, נאָר ער בלאָנדזשעט אויס דעם דאָזיקן גאַנג מיט באָרוועסע טריט, ווי דאָס פאָדערט יעדע הייליקע ערד, וואָס איז דורכגע־זאָפּט מיט אומשולדיק בלוט. דעריבער שטראַלן אויס זיינע ווערטער אַ נאָרמאַלע שיין און ביי זייער זעלבשטענדיקער קינסטלערישער ווערטיקייט, פאַרמאָגן זיי אויך די אייגנשאַפט צו באַהעפטן זיך איינע מיט די אַנדערע אין איין גאַנצקייט, ווי אברים פון אַ גוף אין איין אָרגאַניזם, וועלכער טראָגט אין זיך דעם סוד פון זייער אַלעמענס עקזיסטענץ און פון זייער אַלעמענס זיין.

שוין אין דער ערשטער דערציילונג פון „שטערן לייכטן אין תהום" — „דער ערשטער טאָג" — טרעט אויף דאָס טיף מענטשלעכע אין דער דינסט פון די ליפשיצעס, מאַריאַננאַ שיוועק מיט אַזאַ אויסטערלישער און געהיימניספולער קראַפט, אַז עס זעט אונדז אויס, ווי אַ מיסטישע אַנטפּלע־קונג. אָבער דאָס מיסטישע איז דאָ באַהאָפטן מיטן רעאַלן, אַרויסברענ־גענדיק צוזאַמען גייסטיקע דערהויבנקייט אין תהום פון מענטשלעכע

ליידן. ווי לויטערע קוועלעכלעך פון טונקעלע פעלדזן, שלאָגן זיך דורך אין שפיגלס דערציילונגען ווענן יענער גרויזאַמער צייט פאַלן פון מענטשלעכער גוטסקייט, איידלקייט, מיטגעפיל און גלויבן, וועלכע העלפן דעם מענטשן זיך אַנטקעגנשטעלן דער בייזער שדישער מאַכט, וואָס וויל אים פאַרטרייבן צוריק אין וואַלד. דאָס איז שרה לאה׳ס נצחון איבער איר אייגענער אַנגעזאַמלטער פאַרביטערקייט אין שייכות מיט איר באַציונג צו די פאַרשיקטע יידן פון דייטשלאַנד — אין דער דערציילונג „יידן". דאָס צעהאַקן פון זעלדען איר חתונה־בעט, כדי צו דערוואַרעמען דעם גוססדיקן לייבושל (אין „ליכט פון אָפּגרונט"). דאָס ליכט וואָס באַווייזט זיך דער מאַמע טעמערל פאַרן טויט אין „ליכט". די זינגענדיקע פייגל אויפן דאַך פון וועלוול קאַטערינטשיק, נאָך דעם, וואָס די דייטשן נעמען צו ביי אים זיין קאַטערינקע (אין „געזאַנג פון פייגל") און אַזוי אין צענדליקער אַנדערע. די דאַזיקע פונקען פון מענטשלעכקייט און גלויבן געפינט אָפּ שפיגל אין דער גרויליקער אַטמאָספער פון אכזריותן און אימה, וועלכע ער שילדערט מיט אַ מין פאַרקלעמטער רויקייט און פּאַטעטישער בילדערישקייט, וואָס מאַכט נאָך בולטער און שאַרפער יעדן פרט באַזונדער און גלייכצייטיק די מאַקאַברישע געשפענסטיקייט פון גאַנצן. אַזאַ איז דאָס אויפרודערנדיקע קאַשמאַרע בילד פון „מלכות געטאָ", „איז אַ טויטן געסל", „דער מצורע", „אין דער פינצטער", אין וועלכער עס רייסט אויף ווי אַ בלוט־שטורץ דאָס געשריי פון צעשלאָגענעם דורך די דייטשן בונעם פייטלאָוויטש — „יידן!!! זאָגט נישט קיין תהילים מער!!! גאָט איז מיט אונדזער שונא!..." און פיל אַנדערע.

די גאַנצע נאַטור — די לעבעדיקע און טויטע — זעט און שילדערט ישעיהו שפיגל דורך דער דאָזיקער גרויליקער וואָר. אין די דערציילונגען „דער ערשטער טאָג", „ערד", „ניקי", „געגאַנגען צום גיעמאַן" און אין פיל ענלעכע איז אַלץ דורכגענומען פון דעם דאָזיקן שוידער — דיביימער, די גראָזן, די ווינטן, די ריחות, די פייגל און חיות. אָבער, ווי געזאָגט, רייסן זיך אַרויס אין דער מערהייט פון שפיגלס שילדערונגען פון אונטער דעם דאָזיקן שוידער שטראַלן ליכט און געבן אויף אַ רגע אַ באַוויז אין דער דאָזיקער וועלט פון בייזע בעסטיעס, פון איין זייט, און פאַרפייניקטע נפשות, פון דער צווייטער, די האָפענונג, דעם גלויבן

און די ווירדע פון מענטש. דאָס גיט צו דער גרויליקסטער טעמע אין די שאַפונגען פון ישעיהו שפּיגל אַ באַזונדערע אויסמעסטונג און באַהעפט זיי צום שטראָם פון יידישן נאַציאָנאַלן שאַפן דורך אַלע דורות.

„ירושלימער אַלמאַנאַך", 6—7, 1976

ז.

# אַן אויפּריכטיק בוך

די עכטע קונסט רעדט מיט שטילע רייד. מעג די טעמע אירע זיין צער, מעג די טעמע אירע זיין פרייד. דורך שטילקייט טרעט נישט בלויז בולטער אַרויס דער קלאַנג פון יעדן וואָרט, נאָר מיר דערהערן אויך דעם ציטער פון דער ספּעציפישער אַטמאָספער, וועלכע רינגלט אַרום יעדעס וואָרט.

פון ישעיהו שפּיגלס „מלכות געטאָ" גייט אויף אַזאַ האַפנונגסלאָזע הארבסטיקע שטילקייט, אין וועלכער מיר דערהערן דעם ציטער פון יעדן וואָרט און פון דער אומגעבונג, פון וועלכער דאָס וואָרט קומט אויף.

„גראָד נאָך האַלבער נאַכט האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן אויפן שאָסיי צווישן אשיני און טאָפּאָלוווקע אומהיימלעכע קלעפּ". —

אַזוי הויבט זיך אָן די ערשטע דערציילונג פון בוך „מלכות־געטאָ" — „ערד".

די דאָזיקע אומהיימלעכקייט, וועלכע פילט אויס די צווישן־שורות פון גאַנצן בוך, לאָזט אונז שוין נישט אָפּ ביז אין לעצטן בלעטל, און אויך דערנאָך גייט זי אונז נאָך מיט דעם געפּליסטער, וועלכער איז „אין דער פרי הארבסטיקער פינצטערניש געגאַנגען פון פענצטער צו פענצטער".

— אידאָן! אידאָן! אידאָן... ניעמצי אידאָן — מיט פּשוטע ווערטער שילדערט שפּיגל דעם אָנקום פון די דייטשן, און די בהלה, וועלכע דער דאָזיקער אָנקום רופט אַרויס ביי דער באַפעלקערונג, אָבער פון די דאָזיקע פּשוטע ווערטער יאָגט מיט גרויל און שרעק פון אַלטע ווילדע צייטן.

די דייטשן גופא ווייזט אונז נישט שפּיגל אין פאַרלויף פון גאַנצן בוך מיטן אויסנאָם פון איין קליינעם אומבאַדייטנדיקן עפּיזאָד אין „דער

געזאַנג פון פייגל", אָבער פון הינטער די שורות ווייעט אויף אונז די גאַנצע צייט זייער ווילדער אָטעם און פאַר אונזערע אויגן שטייט אָן איבעררייס זייער גרויזאַמער שאָטן.

י. שפיגל דערגרייכט דאָס מיט עכטע מיטלען, ער ברענגט עס אַרויס דורכן האַרץ-ציטער פון געזובטן שמידער-יונג סענדער, וועלכער פרווט זיך דורכגנבענען דורך די דראָטן אויפן בית-עולם. סענדער איז מתפלל ביים קבר פון זיין טאַטן: „איך גיי אַוועק פונדאַנען, טאַטע — האָט אין אים געערעדט אַ קול אָן ווערטער — כ'גיי ראַטעווען ס'לעבן און זוכן נקמה, ווי דיין הייליקער ווילן איז געווען. אין זכות פון דיין הייליקן טויט, טאַטע, און אין זכות פון דיינע טויטע שכנים, העלף מיר, שיץ מיך פון דער סכנה... איך ליג נעבן דיר און בעט פאַר אונזער לעבן. איך, סענדער, בעט ביי דיר: שיץ אונז אין דער גרויסער סכנה, מי זיך פאַר אונז..."

עס קומט אויך אויף אין די צוויי רירנדיקע קינדער-דערציילונגען „ברויט" און „בליעכץ", אין וועלכע שפיגל לאָזט אויפגיין די צעפלאַ-טערטע הערצלעך און צעשראָקענע מוחלעך פון די יידישע קינדער אין דער קלעמענדיקער אַטמאָספער פון געטאָ, ווי בלאַסע קרענקלעכע געוויקסן אין טיפע טונקעלע ברונעמער.

דאָס געשפּרעך צווישן אומעלען און פערעלען, בעת זיי קוקן דורך דעם שפּעלטל אין בוידעם אויף דער קעגנאַיבערדיקער שפייז-קראָם אויף דער אַרישער זייט, און דער קורצער דיאַלאָג צווישן מענדעלען און דעם קריסטלעכן קינד דורך די דראָטן זיינען אַזוי נאַיוו-קינדעריש און מענטש-לעך-רירנדיק, אַז בלויז דאָס אַליין איז שוין גענוג, אַז מיר זאָלן דערפילן לייבלעך-נאָענט דעם גאַנצן גרויל פון יענער צייט.

גלייכצייטיק גייט אויף פון די און אַלע אַנדערע נאָוועלן די גרויסע עטישע שלימות פון אונזער פאָלק, וועלכעס האָט זיך נישט איינגעבראָכן אין אָנבליק פון אַזאַ שוידערלעכער פּיין. דער גאַנצער אַרום, מיט קליינע אויסנאַמען, לעבט ווי אַ בייזע בלוט-דורשטיקע חיה אויף די שוועלן פון די הילפלאָזע צעשראָקענע יידישע נעסטן. יעדעס יידיש הויז איז אַרומ-גענומען מיט שרעק, מיט הונגער און טויט. יעדער טאָג איז פאַרגאָסן מיט בלוט און יעדע נאַכט איז פול מיט גרויל. בישטאָ זיך ווו צו ראַטעווען.

פון אומעטום דערטראָגט זיך דאָס ווילדע געלעכטער פון דער היטלעריס־טישער בעסטיע, פון אומעטום גייט אויף מיט פּראַסטיקן שוידער דער קאַלטער גלאַנץ פון אירע מערדערישע ציין. און שימעלע (פון דער דערציילונג „ברויט") זיצט גאַנצענע טעג איינגעהילט אין טלית און תפילין און גייט אויס ווי אַ ליכט פון חרטה און בושה פאַר זיין אומענדלעך פאַרברעכן, וואָס ער האָט אין גרויס הונגער זיך פאַרגעסן און אויפגע־געסן די פּאַרציע ברויט פון זיין פאַמיליע. און הערש לייב (פון „איבער־געלעבט"), אַ געשוואָלענער פון הונגער פאַרן טויט איז נאָך אַלץ פול מיט בטחון און „אַ צוזאַמענגעקנוילטער אויפן בעטל אין דער פינצטערניש, לייגט צונויף זיינע אַנגעלאָפענע, וואַסערדיקע הענט אויפן האַרץ און טוט תפילה. ער טוט תפילה, אַזוי ווי אַמאָל, אין די יאָרן פון יידישקייט, בעת ער איז געשטאַנען אין קלויז פאַרן פאַרמאַכטן ארון קודש און געכליפּעט פאַרן רבונו־של־עולם..." און איטשע בער (פון „יידן") אין זיין אומבאַגרענעצטער ליבע צו אַלע יידן, די פאַרפייניקטע און געטרודפטע, צינדט זיך אָן אין זיין תפילה, ווי אַ פלאַם, אַזוי, אַז זיין ווייב שרה לאה דערקענט אים שוין נישט מער, „ווי עס וואָלט זיך דאָרט אַוועקגעשטעלט אין דער טונקלקייט אַ פייערדיקער מלאך, וואָס וויינט און טוט תפילה פאַרן גורל פון אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט". און היינץ פרידריך לעווי, דער יידישער מוזיקער, וועלכער איז צונויפגעוואַקסן מיט דער דייטשישער קולטור, איז אין זיין גרויסער תמימות ווייטער פול מיט ליבע צו די גאונים פון דער דייטשישער מוזיק. —

— וויסן זי ווער דאָס וואַר? דאָס וואַר, מיינע הערן, שובערט... שו—ב—ע—ר—ט...

און אַזוי זעלדע פון „ליכט פון אָפּגרונט" און אַזוי דער רויטער וועלוול אין „דאָס געזאַנג פון די פייגל".

טויזנטעריקע פּיין האָט אויסגעלערנט דאָס פאָלק צו דערזען און אויפצוהיטן אין זיך דאָס מענטשלעכע אויך אונטער די פליגלען פון טויט, אויך אין שאָטן פון דער האַק און פון האַקנקרייץ.

י. שפּיגל הויבט אַרויס דעם דאָזיקן שטריך אויף דעם סאַמע באַטיר־לעכסטן אופן. ער קומט אויף ווי פון זיך אַליין מחמת דער אומיטלבאַר־קייט און דעם אמת פון דער דערציילונג. שפּיגל קלייבט נישט צו קיין

פאַקטן און געשעענישן, ער גיט אָבער יעדן פאַקט אַזוי, אַז ער דער־הויבט אים צו אַ געוויסער פאַראַלגעמיינערונג, דורך וועלכער מיר דערזעען און דערפילן דאָס גאַנצע לעבן פון דער צייט.

די טויערן פון די געטאָס און פון דעם אַלעמען, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען, האָבן אונז שוין טיילווייז געעפנט פיל אַנדערע, שפּיגל איז פון די ערשטע, וועלכע עפענען אונז אויף די הערצער, וועלכע האָבן אין געטאָ געקלאַפּט און געליטן.

„אויפגאַנג" זייט 12, 1947

**יצחק בערלינער** (1899—1957)

# דורך די שויבן

(רעפלעקסן און באַטראַכטונגען)

**„ווינט און וואָרצלען" פון ישעיהו שפיגל.**

אָט איז דערשינען אַ ניי בוך נאָוועלן, „ווינט און וואָרצלען", פון ישעיהו שפיגל.

— די טעמאַטיק ? —

חורבן, פיין, הונגער און אויסטערלישער גרויליקער אומקום.

ווידער טוט ישעיהו שפיגל אונדז מאָלן און דערציילן וועגן דעם וואָגלגאַנג פון אונדזער פילמיליאָניקער עדה, וואָס האָט — אויף יענער זייט ים — געפיינט און אויך אומגעבראַכט געוואָרן אויפן נאַצי־מזבח.

ווייזט־אויס, אַז אַליין־דורכגעליטענע טעג און יאָרן בלייבן שוין אויף אייביק איינגעקריצט אין זיכרון און בלייבן שוין אויך אויף שטענדיק טיף באַהאַלטן אין די ווינקעלעך פון דער נשמה.

אַוודאי האָט אויך דער ווייטשטייענדיקער — דער אָנגעפּראָפּטער מיט ידיעות (און נישט געפּראָפּט מיט גרוילהאַפטיקייטן און מיט וואַרטע־נישן אויף דער לעצטער רגע...) — געקענט אָפּטמאָל ווערן דורכגענומען מיט צער און פיין, בשעת ער האָט געוואוסט און געאָנט, אַז ערגעץ ווייט, אויף דער ערד פון פוילנלאַנד (און אויך אין אַנדערע לענדער פון מזרח־ און מערב־אייראָפּע), האָט דער נאַצי־רוצח געברעגט און געבראָטן און פאַרטיליקט מיט כלערליי משונהדיקע טויטן, אַזוי פיל אידען. אייגענע משפחות — שוועסטער, ברידער, טאַטעס, מאַמעס און נאָענטע פריינט, וואָס זענען געבליבן אויף יענער זייט דער גהינומדיקער — זענען פאַר־שניטן געוואָרן.

די ידיעות וועגן שוידערלעכן חורבן האָבן דעם גליקלעכן און צופע־ליק־געראַטעוועטן — מחוץ די חורבן לענדער — טאַקע ווי געטאָן, אים צעטרייסלט, דענערווירט — —

אָבער וואָס פאַר א פאַרגלייך? —

## זיך־פאַרהיילנדיקע און נישט־פאַרהיילטע וונדן

יסורים, וואָס מען שפירט נישט אויפן אייגענעם לייב, און חורבן, וואָס ווערט נישט דורכגעלעבט מיטן אייגענעם לייב און לעבן, ברענען נישט אַזוי שטאַרק. און ביי פיל, דויערן זיי זיכער נישט אייביק. אַזעלכע יסורים היילן זיך אויס גאָר גיך. די צייט איז דער בעסטער רופא פאַר אַזוינע ווייטיקן.

ביי אַ סך פון די, וואָס האָבן אַליין נישט דורכגעמאַכט דעם חורבן־פיין, בלייבן טאַקע דערנאָך איבער צייכנס פון די וואונדן. אָבער די דאָזיקע צייכנס זענען אויבנאויפיקע, וואָס דערמאָנען נאָר און רופן־אַרויס — ווען־נישט־ווען — אַ טרויעריקייט. דאָס איז — פאַרשטייט זיך — פון דעם מין טרויער, וואָס גייט איבער אין רו ביי דעם מינדסטן אויפשטראַל פון אַ פריידיקער געשעעניש אין דער אייגענער טאָג־טעגלעכקייט...

מען מוז האָבן דערשפירט אויף זיך און אין זיך דעם גאַנצן שוידער, כדי נישט צו קענען פאַרגעסן.

דער געטאָ־פיין־גרויל מוז האָבן געבייטשט אויפן אייגענעם לייב און לעבן, כדי די צייכנס זאָלן בלייבן פערמאַנענט, אויפן לייב און אין דער נשמה.

## ער קאָן זיך נאָך אַלץ נישט אויסוואָרצלען

צו אָט דעם אויספּיר קום איך ווען איך לייען שפּיגלס ניי בוך, אין וועלכן ער שילדערט, פול מיט קינסטלערישער גראַציע און סקולפּטירט פּלאַסטיש די אַלע טיפן וואָס זענען ניסימדיק אַרויס (פּונקט ווי ער דער שרייבער גופא, איז ניסימדיק אַרויס) פונעם חורבן־בראַנד.

אָבער די דאָזיקע בראַנדוואונדן ברענען נאָך אַלץ אין זיין, שפּיגלס, נשמה און זיי קענען זיך נישט פאַרהיילן.

הגם ישעיהו שפיגל לעבט שוין שיינע עטלעכע יאָרן אין מדינת ישראל, און האָט זיך שוין — ווי עס איז — איינגעלעבט אין דעם נייעם לאַנד, קען ער זיך אָבער נאָך אַלץ נישט אויסוואָרצלען פון זיין פריערדיקן יסורים־לעבן אין לאָדזשער געטאָ און פון זיינע שפּעטער־דיקע וואונדער־וואַנדערונגען איבער די שטרויכלוועגן פון אייראָפּע.

## די געטאָ גייט אים נאָך טריט ביי טריט

זיין איצטיק בוך נאָוועלן „ווינט און וואָרצלען", אַרויסגעגעבן דורכן אַלוועלטלעכן אידישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק, באַשטעטיקט מיין מסקנא, אַז אַליין־דורכגעלעבטער חורבן־פּיין פאַרגייט נישט און ווערט נישט מילדער. בפרט ווען מען לייענט נאָוועלע נאָך נאָוועלע פון ישעיהו שפּיגלס ניי בוך, זעט מען ווי טיף דער שרייבער איז פאַראיי־גנט מיט זיינע יסורים און מיט די יסורים פון זיינע מיטמענטשן, וועמעס גורל איז געווען דורכצוגיין די בראַנד פון די ערגסטע דערנידעריקונגען, דורכצולײַדן די משונהדיקסטע פּרעוניות און דורכצוואָגלען אַלע סאָרטן שטרויכלונגען אונטער די מוראַדיקסטע אומשטענדן פון דער חורבן־צייט.

ישעיהו שפּיגל איז סענסיטיוו און דין אין זיינע שפּירונגען.

די איבערלעבונגען זיינע האַלטן־אים־צו ווי מיט גליענדיקע צוואַנגען.

דער קינסטלער־נאָוועליסט איז נאָך נישט אַרויס פון געטאָ און האָט נאָך נישט אויסגעמיטן דעם חורבן־וועג אין זיין וואַנדער־גאַנג.

ער לעבט נאָך אין אָט דער קאָשמאַרנער סביבה און — ער קען זיך נישט באַפרייען און ער וויל זיך נישט באַפרייען פון איר.

צופיל האָט דער פּיין און דער אומקום פון זיינע נאָענטסטע, און פון זיינע אחים לצרה אים דורכגענומען.

## ער איז נאָך אַרומגענומען פונעם געטאָ־ווינט

ער איז נאָך אַרומגענומען פונעם געטאָ־ווינט, הגם נייע פרישע ווינטן, אין מדינת ישראל, פלאַטערן אַרום אים.

ער קען נישט אָפּרייסן זיין בליק פון די „בית־עולם־קזשאַקעס" און נישט פון דער „שרעקעוודיקע קליינע געטאָ־זון, ווי אַ צעבראָכענער אַלטער שפּיגל", וואָס „האָט זיך קוים, קוים געהויבן איבערן הימל־

געוועלב". און נישט בלויז חנה סירקין (פון דער נאָוועלע „וואָרצלען")
האָט דערפילט ווי די ערד ברענט אונטער אירע פיס, בייערט ישעיהו
שפיגלען אַליין בריט די ערד אונטער די פיס, — די ערד, „וואָס איז
איצט געלעגן אַן איבערגעוואָרפענע מיט טליענדיקע אַש־בערג".

אָט די טליענדיקע אַש־בערג, טליען נאָך אַלץ פאַר ישעיהו שפּיגלס
אויגן און עס בריט אים נאָך ביזקל דעם היינטיקן טאָג אונטער די פיס.

פון זיין „מלכות געטאָ", וואָס שפּיגל האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר
1947, ביזקל צו זיין איצטיק בוך, „ווינט און וואָרצלען", זענען דורכ־
געגאַנגען אכט יאָרן.

אָבער אין קיין איינס פון זיינע ביכער, במשך פון די דאָזיקע, אַכט
שעפערישע און שאַפנדיקע יאָרן זיינע, האָט ישעיהו שפיגל נישט געמאַכט
קיין איין זייטיקן טראָט אין זיין שרייבעריש־קינסטלערישן גאַנג.

זיינע ביכער, — „מלכות געטאָ", „שטערן איבערן געטאָ", „מענטשן
אין תהום", „און געוואָרן איז ליכט" (לידער), „ליכט פון אָפּגרונט" און
„ווינט און וואָרצלען", דעקן־אויף פאַר אונדז אַ סך באַהאַלטענע ווינקעלעך
פון דעם אויסטערלישן גרויל, וואָס מיליאָנען פון אונדזערע ברידער און
שוועסטער האָבן דורכגעמאַכט.

און ער, ישעיהו שפיגל, אַליין ?

ער איז נאָך אַרומגענומען פונעם געטאָ־ווינט.

„דער וועג", מעקסיקע, 1.10.55

ב.

## וואָס איז ליבע ?

ליבע — —

וואָס איז ליבע ? —

זינט דער מענטש עקזיסטירט אויף אונדזער פּלאַנעט, זוכט ער זיך
צו דערגרונטעווען צום תוכן פון ליבע. ער וויל אַריינטויכן אין די טיפע־
נישן פון אָט דעם מענטשלעכן געפיל און קען נישט. אויך אונדזער
גרויסער דיכטער, חיים נחמן ביאַליק, האָט אין זיין ליריש ליד, „אַ
תפילה", געזוכט דעם סוד פון ליבע. זינגט דאָרט ביאַליק :

„נאָך אַ סוד האָב איך: אַ פייער האַלט מיין האַרצן אין פאַרצערן;
עפּעס רעדט אַ וועלט פון ליבע — וואָס איז ליבע? לאָז מיך הערן".
(פון העברעאיש — א. ש. שוואַרץ)

אָט דער סוד ווערט נאָך מער פאַרטיפט ווען מען פאַרטיפט זיך אין ישעיהו שפּיגלס נאָוועלע, „פאַרן זון־אויפגאַנג". עפּעס קען מען זיך נישט אָוועקרייסן פון די צוויי יונגע געטאָ־מענטשן, וואָס — אונטער די פיינלעכסטע און טויט־באַדראָטע באַדינגונגען — האָבן זיך פאַרליבט מיט דעם ריינסטן און ערלעכסטן געפיל.

ווי צאַרט און איידל ישעיהו שפּיגל ברענגט־אַרויס די ליבע־סענטי־מענטן פון די צוויי פאַרמשפּטע אויף אומקום, — איסר, דער יונגער בחור און זי, וואָס איז

„...געשטאַנען אויפן הייפל אין דער פרימאָרגנדער קאַלטער שניי־לופט, אַנגעטאָן אין אַ לייכט, צעריסן מענטעלע. דער קאָפּ — פאַרוואָרפן מיט אַ פאַטשיילע און נאָר די אויגן אירע — שמאָלע, מיידלשע, וואַרעמע — האָבן אים די גאַנצע צייט נישט אָפּגעלאָזט. ער איז געשטאַנען גראָד קעגנאיבער איר און געוואַרט אויף זיין ריי, ביז דער דייטש וועט זיך דערנענטערן. ער האָט די גאַנצע צייט אַריבערגעקוקט צו איר און כאָטש ס'איז געווען אַזאַ שיטערלעכער גראָער באַגינען מיט קראַנקע ווינטער־נעפּלען, וואָס האָבן זיך געוויקלט איבערן הייפל, האָט ער זייער נאָענט געזען איר דערשראָקן מיידלש פּנים. ער האָט אַפילו געזען ווי זי האָט זיך, שטייענדיק אין דער ריי, איבערגעקוקט אין אַ קליין שפּיגעלע און זיך פאַרריכט די האָר, כדי צו געפעלן און אַרויסגעשיקט צו ווערן. אַזוי האָבן אַ סך געטאָן. דער הונגער איז געווען אַזוי גרויס, אַז דאָס הייפל יונגע מענטשן האָט געוואָלט וואָס גיכער אַרויס פון דאַנען, בפרט, אַז מ'האָט אויפן וואָגן איטלעכן צוגעוואָרפן אַ גאַנץ ברייטל און אַביסל זיסלעכע בלוט־רויטע מאַרמעלאַד". (זייטן 37, 38)

ביידע האָבן געוואָלט ווערן אַוועקגעשיקט צוזאַמען, נישט קיין אונ־טערשיד וואוהין מען פירט זיי, נאָר זיין צוזאַמען אויפן וואָגן איז געווען דאָס שטרעבן פון די צוויי פאַרליבטע.

## „טריסטאַן און איזאָלדע"...

דער דייטש האָט אָבער אויסגעקליבן בלויז דאָס מיידל וואָס

„...איז שוין אַרויס פון דער ריי. זי איז איצט פאַרבייגעגאַנגען איסרן. אין אירע געשפּאָלטענע מיידלשע אויגן־אַפּלען איז געלעגן פּחד און האָפענונג. זיי זענען געווען גרינלעך, די אויגן־אַפּלען, מיט עפּעס אַ תפילהדיקער, פאַרגליווערטער געריירטקייט. זי איז אַדורך דעם שמאָלן וועג־פּאַס צום וואָגן מיט אַ פאַרקרומטן, קראַנקן שמייכל, אויסבויגנדיק דעם קאָפּ אויף הינטערווײַלעכץ צו איסרן. באַלד האָט זי זיך געפונען צווישן די אָנגעפּראָפּטע מענטשן אויפן וואָגן".

און ווען דער דייטש האָט צעטריבן „די איבעריקע וואַרטנדיקע רייען" פון מענטשן און דער הויף איז געוואָרן גלייך אָפּגעליידיקט. „די וועגענער זענען שוין געשטאַנען אַלע אָנגעפּראָפּטע, בלויז אין מיטן הויף איז געבליבן שטיין אַ דאַר, פאַרוויקלט מענטשל".

דאָס דאָזיקע איינציק־געבליבן מענטשל, איז געווען דער פאַרליב־טער איסר.

און —

„דער דייטש האָט זיך צוגעגליטשט צו איסרן ווי אַ לאַנגער בויגעוודי־קער פיש, טיף אַרייַנגעקוקט אין זיין אידיש־צעשראָקן פּנים.

„— ? ?

„איסר איז געשטאַנען אַרומגערינגלט פון אַ געזעמל פרעמדע מענטשן. ער האָט נישט געוואוסט וואָס אָזוינס צו זאָגן דעם דייטש. ער האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן פון דער ערד. ער האָט נאָך געזען פאַר זיך דעם מיידלס פּייכטע מאָנענדיקע בליקן.

„איך... וויל... מיט... — האָט ער קוים אַרויסגעקרעקט פון האַלדז, — דאָרט איז מיין... בראוט... מיין... כלה...

„דער דייטש האָט אַ בליק געטאָן אויף איסרן, דערנאָך אויפן וואָגן.

„— וואו איזט זי, דיין איזאָלדע ?"

(זייט 40)

ביי דעם דייטש איז דאָס געוואָרן אַ פאַרווײַלונג, אַ לוסטיק שפּיל, וואָס האָט געשמייכלט צו זיין חיה'שן געפיל.

מיט „הילצערנע נישט־אידישע געלעכטערס" פון אַ געזעמל פּרעמדע מענטשן „לעבן אָנגעפּראָפּטן וואָגן", אויף וועלכן דאָס מיידל איז שוין געווען, זענען הכנעהדיק באַגלייט געוואָרן די חוזק־רייד פון דעם דייטש:

„— אַך, דו, מיין ליבער גאָט! נאַ, נאַ, נאַ! איין אידישער טריסטאַן און איזאָלדע! — האָט דער דייטש פונאַנדערפּראַלנדיק זיין דין אָפּגרונטיק מויל אַרויסגעשליידערט איבער זיינע ווייסלעכע שורות בלענדנדיקע ציין אַ כוואַליע שפּיציק געלעכטער — אַך, דו הימלישער פאָטער!... כאַ, כאַ, כאַ... טריסטאַן און איזאָלדע!... אין געטאָ!...

„ער האָט באַפוילן איסרן אַריינוואַרפן אינעם אָנגעפּראָפּטן וואָגן, בעת די העלפער אַרום האָבן מיטגעכאָכעט און נישט געוווּסט וואָס דער דייטש מיינט מיט די דאָזיקע צוויי פרעמדע און אויסטערלישע ווערטער".

(דאָרט)

**איז ווידער דאָס אייגענע**

איז ווידער דאָס אייגענע, —
וואָס איז ליבע? —
גיי ווייס — — — —

אַז בעת די מענטשן, וואָס זענען געווען געפּראָפּט אין וואָגן, דערציילט ישעיהו שפּיגל, האָבן מיט „זייערע הענט אויפגעריסן די צוגעוואָרפענע ברויטלעך, געקנייפּט פון זיי שטיקער און זיי געשלונגען מיט אַ נישט־מענטשלעכער גיריקייט, איינגעטונקענע אין רויטלעכן, פליסיקן מאַרמע־לאַד" און „זיי האָבן געגעסן מיט הייסע, צעריסענע ביסן דאָס רויטע ברויט פון די איינגעקנוילטע פויסטן" זענען „בלויז די צוויי ברויטלעך" פון די צוויי פאַרליבטע „אומבאַרירטע געלעגן ביי זייערע פיס".

ביי דעם שרעקלעכסטן הונגער און אויף דער שוועל פון טויט, האָט די ליבע די שטאַרקסטע שליטה, איבער צוויי יונגע מענטשן, וואָס האָבן זייער לעבן נאָך נישט אָנגעהויבן צו לעבן און — מאָדנע — ביים אָנהייב פון אונטערגאַנג, בליט־אויף דאָס גרויסע און אייביק געפיל, וואָס מענטשן אין אַלע דורות רופן עס אָן: ליבע — — —

ישעיהו שפּיגל האָט אויך נישט דורכגעלאָזט, אין זיינע אויסגעשניצ־טע נאָוועלן, אָט די טעמאַטיק, אין וועלכער שריפטשטעלער, מאָלער,

מוזיקער און סקולפּטאָרן, פון אַלע פעלקער און צייטן, באַמיען זיך אַראָפּ־צונעמען דעם טונקעלן שלייער, וואָס פאַרדעקט דעם סוד, —

ליבע — — —

„דער וועג", מעקסיקע, 8.10.55

ג.

## נאָוועלע נאָך נאָוועלע

ביי ישעיהו שפּיגלען ווערט אין יעטוועדער נאָוועלע אָנטפּלעקט אַ נייער פּסיכאָלאָגישער שטריך אין די מענטשן, וועלכע ער שילדערט.

וויפיל אויסטערלישקייטן מען זאָל נאָר נישט באַמערקן אין זיינע טיפן, שפּירט מען דאָך אַרויס די אמתדיקייט פון אָט די מענטשנס טראַכטן און פילן.

מען קען מיט שפּיגלען, טראָט ביי טראָט, דורכגיין דאָס גיהנום — אויב מען וויל דערשפּירן אין זיך דעם פאָלקסווייטיק — מיט אַלע זיינע גרוילהאַפטיקייטן.

ישעיהו שפּיגל, שפּיגלט נישט אָפּ סתם דעם אידישן חורבן. אַ שפּיגל איז פון גלאָז, און גלאָז לאָזט נישט אָנרירן דאָס געזעענע...

דער נאָוועליסט, אָבער, לאָזט־אונדז־צו צום געזעענעם און געשעענעם, אַזוי נאָענט, אַז מיר זאָלן קענען אויסשטרעקן די הענט, כדי אונדזערע שפּיצן פינגער זאָלן אָנרירן און דערפילן דעם שטאַרקן ווייטיק פון די, וואָס האָבן יעטוועדע רגע פון זייער לעבן זיך געפּייניקט און געוואַרט אויף אַ סוף, אָדער גאָר אויף אַ נס...

עס איז שווער צו מאַכן אַזוי — נאָוועלע נאָך נאָוועלע.

### דעם לעצטן אונטערצי

צי דאַרף מען דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם גרויליקן געגאָסיד איבערן אידישן פאָלק? — —

דאָס איז דאָס כסדרדיקע פּרעגעניש פון אונדזערע שרייבער, פירער, קולטור־טוער, דענקער און פאָלקס־מענטשן.

— און

מיר קענען זיך נישט געבן קיין קלאָרע תשובה.

מיר ראַנגלען זיך מיט אונדזערע געדאַנקען, אידייען און סענטימענטן.

— ווייל

צו־גרויס איז געווען דער חורבן, וואָס די דייטשע נאַציס האָבן געבראַכט אויף אונדזער פאָלק.

לכן, — צו־שטאַרק איז אונדזער פאַרעקשנטער עגמת־נפש און ווייטיק.

קען מען דען, מיט דער גאַנצער קלאָרקייט און רואיקייט, משפטן, צי דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק איז, יאָ אָדער נישט, שולדיק אין דעם חורבן אונדזערן ?

מיט דער גאַנצער ראַנגלעניש פון אונדזער שכל און נשמה, שטייען מיר פאַרט קעגן אַן עניגמאַטישן חשבון, אונטער וועלכן עס איז גאָר־גאָר שווער צו מאַכן דעם לעצטן אונטערצי — — —

## ריכאַרד פאָן ווילדנאַגעל

אין ישעיהו שפיגלס נאָוועלע, „אין טירינגער וואַלד", דערשפירט מען אָבער ווי דער שרייבער וויל דערווייזן, אַחוץ די מענטשישע חיהשקייט, אויך מענטשלעכקייט ביי דייטשן.

פון עקסטרעם שלעכטסקייט ביז עקסטרעם גוטסקייט, ווערן אין אָט דער נאָוועלע אַרויסגעבראַכט צוויי טיפּן: דער איינאויגיקער ריכאַרד פאָן ווילדנאַגעל, וואָס פלעגט אין טירינגער וואַלד לויערן אויף אומגליק־לעכע מענטשן אַנטרונענע פון טויטגעפאַרן. ער פלעגט זיי אומברענגען אויף דעם משונהדיקסטן אופן. און דער אַנדערער עקסטרעם — די אלמנה ג. האַגענדאָרף, וואָס האָט אין זיך געכאָוועט מענטשלעכקייט צו אומגליק־לעכע, וואָס האָבן, אין בלאָנדזשעניש, זיך דערשלאָגן צו איר וואוינונג לעבן וואַלד.

לאָמיר זען ווי אַזוי ישעיהו שפיגל שילדערט מאָלעריש דעם בייזן טיפּ פון אַ צעווילדעוועטן דייטשן רוצח:

„ריכאַרד פאָן ווילדנאַגעל האָט זיך אָפּגעזוכט אינעם וואַלד אַ ריזיקן, מיטלאַלטערלעכן אייכן־בוים, וואו ער האָט אויף זיין קאָרע נאָך יעטוועדן אומגעבראַכטן — דאָרט אויסגעקריצט אַ קליינעם, ווייסלעכן האַקנקרייץ.

עמעצער, וואָס האָט אָנומלט געזען דעם אייכנבוים, האָט דערציילט, אַז דער גאַנצער בוים פונעם ברייטן, טונקעלן שטאם ביז אַרויף צו די צווייגן, איז באַלייגט מיט די קליינע, אומצאָליקע, איינגעשניטענע האַקנקרייצן. קיינער האָט אָבער נישט געוואוסט צו זאָגן, וואָס אַזוינס דער איינאויגיקער שד ריכאַרד פאָן ווילדנאַגעל טוט מיט די קרבנות. אין די נעכט פלעגן זיך צום וואַלד־ראַנד אַהערטראָגן פון דער סאַמע וואַלד־טיפעניש דער אָפּשיין פון טליענדיקע אימהדיקע פייערן. דער ווינט האָט איבערפולט דעם גרינלעכן וואַלד־חלל מיט אַ שווערן, זיסלעך־איבלדיקן ריח, וואָס איז געגאַנגען פון די נידעריקע פייערן. דאָס איז געווען אַ משונהדיקער, אויסטערלישער רויך, וואָס האָט זיך אין טונקעלע, וויגנדיקע קרעפּ־נעפּלען געלייגט שווער אויף די צווייגן און בלעטער. שוואָמען־ און קרייטעכצער־קלייבערינס, ס׳רוב אַלטע ווייבער פון עבערסטאַל, האָבן זיך וועגן די־אָ ריחות דערציילט די אוממענטשלעכסטע אויסטערלישקייטן. ס׳איז געווען אומגלייבלעך וואָס דער דאָזיקער איינאויגיקער שד ריכאַרד פאָן ווילדנאַגעל פלעגט טאָן מיט זיינע קרבנות. טייל מאָל האָבן די שוואָמען־קליי־בערינס אָנגעטראָפן אויף אַ האַלב־פאַרקוילטן מענטשלעכן פוס, אויף אַ האַנט, אָדער גאָר אויף שוואַרץ־פאַרקוילטע מענטשישע פינגער, וואָס האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט פון דער וואַלד־ערד. זינט דעמאָלט פלעגן זיי מער נישט קלייבן די שוואָמען, וואַלד־יאַגדעס און כלערליי קרייטעכצער. זיי האָבן לחלוטין געזומען אויסמיידן דעם טירינגער וואַלד, וואו ס׳האָט זיך באַזעצט נישט אַנדערש ווי דער מושל פון גיהנום — דער טייוול אַליין.
(זייט 163)

## „גרעטל האַגענדאָרף"

כאָטש די אלמנה גרעטל האַגענדאָרף האָט געוואוסט, אַז איר איינ־ציקער זון, פראַנצל, האָט אין זיך דעם „ברוינעם גיפט" און ער זיצט ערגעץ אין אַ געטאָ־געגנט און מאָרדעט דאָרט אידן און צום אורלויב האָט ער איר געבראַכט אַ רוקזעקל מיט מאָדנע זילבערנע מתנות — חופה וקידושין־רייפלעך, זילבערנע לעפל מיט אידישע אויסגעקריצטע אותיות און נאָך אַזעלכע ענלעכע זילבערנע זאַכן, האָט זי — טראָץ איר מוטער־ליבע צו איר נאַצי־זון — נישט פאַרלוירן איר מענטשלעכע שפּירונג:
„דעם זעלביקן טאָג, נאָכן אָפּפאָרן פון פראַנצן פון עבערסטאַלער

וואָקזאַל, האָט די אלמנה גרעטל האַגענדאָרף אַראָפּגעוואָרפן דאָס רוקזעקל מיט די מתנות אין קעלער. זי האָט זיך געוואונדערט וואָס דער גרויסער זילבער־לעפל שטייגט־אַרויס מיט זיין גריפל. אין דער לעצטער רגע האָט אים אוודאי פראַנצל פאַרגעסן מיטצונעמען. זי האָט נאָך נישט געוואוסט וואָס זי וועט טאָן מיט דעם פאַרשאָלטענעם רוקזעקל. אַרויס־קומענדיק פון קעלער, האָט זי אַראָפּגענומען פון דער וואַנט דאָס גרויסע היטלער־בילד. זי האָט זייער פאָרזיכטיק צענומען די ראַם, דערנאָך דאָס בילד, אָן איינגעוויקלטס און צעריסנס, אַריינגעלייגט אין דער קיך. אַ בלאָלעך פייער האָט אומגעדולדיק געריסן דאָס דיקלעכע פּאַפּיר. זי האָט דערנאָך צענומען די ראַם, וואָס איז נאָך געווען אַרומגעקלעפּט פון אַלע זייטן מיט ריזיקע אייכנביימער. זי האָט זיי ביסלעכווייז צעשיט דורכן פענצטער אינעם ווינט אויפן הויפל אַרויס און זיי אויסגעמישט מיט אַנדערע ביימער־בלעטער. זיי האָבן אַרויסגעקוקט פון צווישן די בערגעלעך אָנגע־שיטע בלעטער ווי פרעמדע, געפּאַרבטע פאַרשטאַרבענע פלאַנצן, וואָס מע לייגט אַוועק אויף אַ טויטן־אַרון".

„דער וועג", מעקסיקע, 22.10.55

ד.

## און דער איד דניאל טורין

דורך אָט דעם טירינגער וואַלד האָט געוואָגלט דער איד, דניאל טורין. ער האָט זיך געשלעפּט, דורך כלערליי שטרויכלונגען און געפאַרן, אַ הונגעריקער און אַן אויסגעמאַטערטער.

מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם לייענט מען די פּרעכטיקע שילדע־רונגען ישעיהו שפּיגלס.

קיין איינציקן דעטאַל לאָזט דער שרייבער נישט דורך, בעת ער וויל אַרויסברענגען די ליידן פון דעם איד אונטער דער ממשלה פון די נאַצי־רוצחים.

און ס׳געלינגט אים קינסטלעריש צו געשטאַלטיקן דעם געפּייניקטן איד־וואָגלער.

שפּיגל ווייזט אונדז דניאל טורינען אין זיין גאַנצער רויער געשטאַלט

פון דעם וואַנדערנדיקן דורכגעליטענעם מענטש אין דער געהיימער געדיכטעניש פונעם טירינגער וואַלד.

### „זי זינד ווילקאָממען, יונגער וואַנדערער!"

דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז דניאל טורין זאָל נישט אַריינפאַלן אין די לויערנדיקע הענט פון דעם רוצח ריכאַרד פאָן ווילדנאַגעל.

מיט זיינע מידע פיס האָט דניאל זיך דערשלעפּט צו אַ געגנט, לעבן וואַלד, פון אָפּגעלאָזענע הייזער „און דעמאָלט האָט דניאל דערזען אין אַ פענצטער דעם ווייסן פאַכעדיקן אָרעם פון אַ פרוי".

— און די פרוי? —

„...זי האָט נישט אויפגעהערט זיך אַרויסצובייגן איבערן פענצטער־ראַם און די גאַנצע צייט געפליסטערט:

„— זי זינד ווילקאָממען, יונגער וואַנדערער!... גריס גאָט, יונגער וואַנדערער!...

„דניאל האָט פאַוואַליע אויפגעמאַכט דאָס הילצערנע פלויט טירל. ווי אַ ריזיקער גרוילעכער שאָטן איז ער געגאַנגען פאָרויס. ער האָט אַפילו נישט געפילט ווי די אויגן זיינע האָבן אין דער האַלבער טונקלקייט זיך איבערפולט מיט אַ וואַרעמער, פייכטלעכער געריירטקייט ווי פאַר אַן אַנטפּלעקונג".

דאָס איז געווען גרעטל האַגענדאָרף.

### מענטשלעכקייט

גיי ווייס, אַז אין דעם ווילדוואַלד, געריינגלט פון דער בעסטיאַלישער ווילדנאַגעל־סביבה, געפינט זיך אַ מענטשלעכע נשמה אין דער געשטאַלט פון אַ דייטשער פרוי.

בעת מיר ווייסן וואָס אַזוינס דייטשע פרויען האָבן געטאָן צו די געפאַנגענע אין די געטאָס און לאַגערן, ווען זייער ווילדע אכזריות האָט איבערגעשטיגן די טייוולשסטע איינפאַלן, בלייבן מיר שטיין פאַר אַ רעטעניש וואָס מיר זענען נישט ביכולת צו דעשיפרירן, בשעת עס איז נאָך פאַראַן אַ מענטשלעך הארץ ביי אַ דייטשער פרוי אין יענער צייט ווען

רויב און רציחה איז אין דייטשעלאַנד באַטראַכט געוואָרן פאַר א העלדישקייט.

— אָבער

ווי מאָדנע עס זאָל פאַר אונדז נישט זיין אַזאַ מין אויסטערליש גע־שעעניש, פילן מיר דאָך די אמתדיקייט פון ישעיהו שפּיגלס קינסט־לעריש שילדערן.

די דייטשע אלמנה, וואָס האָט אַ זון אַ נאַצי, האָט געגרייט אַ נאַכט־לעגער פאַר דעם איד דניאל. און בעת דניאל איז „אינעם טיפן דעמבע־נעם בעט" שטאַרק אַנטשלאָפן געוואָרן, איז די דייטשקע „געזעסן אַ צונויפגעקאָרטשטע ביים טיש און געוויינט".

## דאָס רוקזעקל

צומאָרגנס, ווען דניאל גרייט זיך ווידער אין וועג אַריין, קומט אים אַנטקעגן די אלמנה גרעטל האגענדאָרף און דערלאַנגט אים דאָס רוקזעקל, וואָס איר זון האָט געלאָזן:

„...מיט ציטערדיקע הענט דערלאַנגט די אלמנה דאָס רוקזעקל דניאלן. דאָס ערשטע נאָך דניאלס קומען אין דער דאָזיקער שטוב ווי זי רעדט צו אים מיט אַראָפּגעלאָזטע, פאַרשעמטע אויגן:

„— נעמט עס... דאָס איז אייערס... פון דאָרטן...

„דניאל האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן אינעם רוקזעקל. דער גילדענער גלאַנץ פון פינגער־רייפלעך און זילבער האָט אַרויסגעשלאָגן מיט א טויטלעכן אָפּשיין. דאָס האַרץ האָט זיך אים אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט, ער האָט זיך געמוזט אָנכאַפּן פאַר דער אלמנהס הענט. אירע פינגער זענען געווען קאַלטע ווי פּראָסטיק גלאָז. ער האָט אָפּגעווענדעט די אויגן פונעם זעקל און געוואָלט עפּעס זאָגן. אויך דאָס מאָל איז דער הויך אין מויל אים פאַרגליווערט געוואָרן אונטערן גומען..."

(זייט 175)

עס גייט דאָך נישט אין דעם צי דער סיפור המעשה איז מיט אַ גוטן צי מיט אַ שלעכטן סוף. די גאַנצע האַנדלונג קומט דאָך פאַר אין דער בהלהדיקער צייט פון די דייטשנס מפּלה. און דאָ איז עס טאַקע מיט א

גוטן סוף: ריכאַרד פאָן ווילדנאַגעל — דער נאַצי־מערדער — ווערט דער־הרגעט דורך דעם וואָגלדיקן רוס, פיאָדאָר אַלעקסי ניקיטין.

דאָ איז דאָך לחלוטין נישט אַזוי וויכטיק די גוטע ענד פון דער נאָוועלע.

וויכטיקער איז וואָס ישעיהו שפיגל האָט אונדז געוויזן, אַז אויך צווישן דייטשן געפינען זיך מענטשלעכע הערצער, הגם די דאָזיקע גוטע דייטשן האָבן געלעבט אין דער סביבה פון גאָלע רשעות.

## ישעיהו שפיגל — דער נאָוועליסט־פאָעט

אוודאי וואָלט מען נאָך געקענט גאָר אַ סך שרייבן וועגן אַזעלכע באַדייטנדיקע נאָוועלן, שפיגלס, ווי „מאַכעלע", „וואָס וועט זיין מיטן בוים", „ביינער", „אַהיימקער" און — „אין אַ טאָל" און „די וואַנדערונג פון מיכאַאיל גנעסאָוו". אין די לעצטע צוויי דערציילונגען ווערט שוין, ישעיהו שפיגל, מער פאַרהיימישט מיט דער ישראלדיקער ערד און מיטן דאָרטיקן הימל, כאָטש דער געטאָ־פיין ברענט נאָך גאַנץ שטאַרק אין די שורות פון אָט די נאָוועלן.

אָבער איידער איך פאַרענדיק מיינע באַטראַכטונגען וועגן ישעיהו שפיגלס בוך, „ווינט און וואָרצלען", וויל איך אָנמערקן, אַז איך האָב זיך אָנגעטראָפן אויף אַ קורץ, איינגעהאַלטן בלוטנדיק געוויין, וואָס שטראָמט־אַרויס פונעם בוך — פון זייט 48 ביז זייט 60.

עס איז צו אינטים און אומגעהייער ווייטיקלעך פאַר ישעיהו שפיגלען (אחוץ שרייבער) דעם מענטש וואָס האָט געוויטיקט און געפיינט אין זיין פריערדיקער פאַרוואָגלטקייט אַז איך זאָל אין מיינע באַטראַכטונגען ברייטער באַרירן די יאָמערנדיקע סטרונעס זיינע... —

דאָס איז דער עפּיסטאָל פאַר זיין טויט טעכטערל — —

יעדעס וואָרט — אַ פרישע טרער.

יעדע שורה — אַ יאָמער.

דער עפּיסטאָל — טרערן וואָס טריקענען נישט איין...



סך הכל —

ווער באַוועלטיקט וועמען? — ישעיהו שפיגל דער פּאָעט דעם פּראָ־

זאַיקער, אָדער ישעיהו שפּיגל דער פּראָזאַאיקער דעם פּאָעט ? — און אפשר פּאַסט זיך דאָ נישט די באַצייכענונג, — פּראָזאַיקער, מחמת אין דער גאַנצער קינסטלער־פּראָזע שפּיגלס פילט זיך גאַר בולט אַרויס דער פּאָעט.

ישעיהו שפּיגל — דער נאָוועליסט־פּאָעט.

„דער וועג", מעקסיקע, 29.10.55

**יחזקאל בראָנשטיין** ( —1897)

# גבורה דורך בלוט

(ישעיהו שפיגל, לידער־בוך „און געוואָרן איז ליכט")

כדי צו געדענקען און נישט צו פאַרגעסן, — צו געדענקען און נישט פאַרגעסן איז אַ מוז פאַר אַ היינטצייטיקן ייד־און־מענטש — דעם נאָך אַלץ אומבאַגרייפלעכן חורבן אונדזערן, איז אַבסאָלוט נייטיק פאַר יעדן איינעם פון אונדז זיך צו פאַרטיפן אין אונדזערע כראָניקעס, און פון צייט צו צייט זיך מתדבק זיין מיט די קינסטלערישע ווערטן פון אונדזערע מקוננים, וואָס האָבן פאַראייביקט און באַמיען זיך אויך איצט צו פאַר־אייביקן אונדזער צער און ווייטיק אין זייער ליד און פּראָזע.

אונדזער חורבן־ליטעראַטור וואָס באַשטייט פון באַלד אומצייליקע פאַרצייכענונגען פון נאָמענלאָזע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן פריער, פאַר דעם חורבן — קיינמאָל נישט געחלומט פון שרייבן, פאַרמאָגט שוין אויך אַן אוצר פון קינסטלערישע ווערק פון יידישע שריפטשטעלער, וואָס האָבן אַליין דורכגעמאַכט דעם חורבן און אויך אַ צאָל ווערטפולע שאַפונגען פון פּאָעטן און פּראָזאַיקער, וואָס זענען „אין טרעבלינקע נישט געוועזן".

ישעיהו שפּיגל איז איינער פון די גאָר געציילטע, הויך־טאַלאַנטירטע שריפטשטעלער אונדזערע, וואָס האָט געהאַט דעם אומגליק אַליין איבער־

צולעבן דעם גאַנצן חורבן אונדזערן און אויך — די זכיה צו ווערן „צו אַלע טויטע — זייער טויטן־זינגער", לויט די מוסטערהאַפטע, פּאַטעטישע ווערק זיינע, אין ליד און אין פּראָזע.

דער צער פון זיינע איבערלעבונגען האָט זיך אויף אַזוי פיל אַסימי־ליריט מיט זיינע געבלוטן, אַז ער קען זיך פּשוט מער נישט באַפרייען פון דעם „יידן־טויט אין טרוים", וואָס גייט אים נאָך אין חלום און אויף דער וואָר. צוליב דעם, דער ווייטיקדיקער אויפזונג פון זיין טויטן־זינגער:

איך קאָן נישט פון מיין שלאָף פאַרטרייבן זיי שוין מער,
די טויזנט פנימער פון יידן האַלב־פאַרקוילטע;
זיי רינגלען אַרום מיין בעט מיט ברענענדיקע בערד
און שטיקן מיך אין שלאָף מיט פויסטן איינגעקנוילטע.

אין שוואַרצע שויבן פון אָנשטערנדיקע נעכט
עס קלאַפּט צו מיר דער ווינט מיט טויזנט דאַרע פינגער;
פון חלום כ'גיי אַרויס און זעץ זיך אויף די טרעפּ
און ווער צו אַלע טויטע — זייער טויטן־זינגער.

זיין וואָרט אין אַלגעמיין, צאַרט ווי עס איז, געלייטערט און איידל, טראָגט אין זיך... דעם ווייטיק פון אַ חלף־שניט... ער איבערטרייבט דעריבער אויף אַ האָר נישט, ווען ער זינגט וועגן דעם, אַז

די גנאָד פון וואָרט איז הייליק אין מיין יידיש ליד,
ווי הייליקער דאָס לעבן איז פון יעדן טויט.

און לויט דעם עדות־זאָגן פון זיינע איבערלעבונגען, ווי זיי באַקומען זיך אין זיינע ווערק — איז ער געגנוג געוועזן פאַרהיימישט מיט די משונהדיקסטע טויטן־זינגער פון יענער אומגליקלעכער תקופה אין אונדזער פאָלקס־לעבן, אין אונדזער קינסטלערישער ליטעראַטור.

די חורבן־טעמאַטיק פון זיין בוך „און געוואָרן איז ליכט", איז פונ־דעסטוועגן נישט קיין מאַנאַטאָנע. און נישט מאָנאָטאָן איז זי דערפאַר, ווייל ער איז זייער שפּאַרעוודיק מיט דעם אומגאַנג פון זיין וואָרט און דעם אָנווענד פון זיינע זעונגען אין זיין ליד, וואָס טיילט זיך אַלעמאָל אויס מיט אַ נייער ווענדונג אין זיין איבערלעבונג, וואָס פאַרוואַנדלט עס אין... אַ נס פון הונדערט טויזנט... אין ועמענס בילדלעכן אויפזונג, ער

אַליין איז אָנזעעוודיק ווי דער עדות און דער קרבן פון זיינע אומגעווייניגלעכע איבערלעבונגען.

צוליב דעם געלינגט אים אַלעמאָל צו געפינען ניי״עם אויסדרוק פאַר טעמעס, צו וועלכע ער ווערט נישט מיד זיך אומצוקערן מער ווי איינמאָל, ווי דער אָנדענק פון זיין טאַטע־מאַמע, זיין געבורטס־שטאָט באַלוט און ענלעכע מאָמענטן פון זיינע טראַגישע איבערלעבונגען.

זיינע קלאָג־לידער לאָזן זיך נישט גרינג ציטירן, צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים: זיי זענען אויף אַזוי פיל פאַרוואַרצלט אין אונדזער חורבן, אין זייער גאַנצקייט און גרעאַטענעם אויפזונג, אַז ס׳איז אַ שאָד זיי צו צעברעכן, אין אָפּגעריסענע סטאַנזעס. זיין ליד איך קני פאַר דיר למשל, לייענט זיך טיילווייז אַזוי:

אוי ווײ איז מיר, מיין היים, און אַלע מיינע ברידער,
וואָס קלאָגן איצט ירמיהוס אַלט געוויין אויפסניי,
אַ פעלד אַ וויסט — דאָס האַרץ וואָס פלאַקערט ווי אַ דאָרן
און וויל פאַרברענט נישט ווערן נאָך אונדזער בראָך און וויי.

ס׳איז נישט באַשערט געווען דיר מיט דער ביקס און מעסער
אויפשטיין קעגן שונא און אָנצינדן מרידה;
ווייניסטו אינדערשטיל... און ס׳איז דיין יאָמער גרעסער
ווי ס׳יידישע געוויין אין אַלע איכה־לידער.

כדי אָבער צו געניסן פון דער פולסטער איבערלעבונג פון דעם דיכטער, איז אַבסאָלוט נויטיק צו לייענען דאָס ליד אין זיין פולער גאַנצקייט, כדי פון זיך גופא צו קענען אַרויספיבערן דעם צער און די טראַגיק פון אָט דעם איכה־מאָטיוו אויף דעם גורל פון זיין שטאָט באַלוט.

ווי אַ קרבן פון דער היטלערישער מגפה, טיילט זיך דער דיכטער ישעיהו שפיגל אויס פון אַ סך פון זיינע מיטצייטלער דערמיט, וואָס דער גאַנצער אומגליק אונדזערער אין די קלענסטע דעטאַלן, האָט זיך אין אים אויפגעהאַלטן און פאַרשפיגלט אין זיין געמיט מיט דעם כח פון רענטגען־שטראַלן, וואָס ער האָט בשעת מעשה און אויך שפעטער אַריינגעוויטיקט מיט דער גבורה און דער אוממיטלבאַרקייט פון זיין צימצומדיק וואָרט אין זיין דיכטונג, וואָס וועט אונדז אייביק דינען ווי אַ רעמאַנונג אין דעם שוידער און פאַרברעכן פון אונדזער יאָרהונדערט לגבי אונדזער פאָלק.

פאַר דעם קינסטלערישן אויג פון ישעיהו שפּיגל, איז קיין זאַך נישט פאַרהוילן. פון טויזנט פעלדזן למשל, באַמערקט ער, איז... אַ גרויע קלויזן־וואַנט געקושט פון פלאַם... פאַרבליבן —

און איך — איך טראָג אַ זעקל זאַמד פון פוילנס ערד
דער שוואַרצער,
כ׳טראָג מיין חלום, כ׳טראָג מיין היים די פאַרברענטע ;
כ׳וועל זעצן זיך אין דעמער־שעה ביי ווערבעס שטילע
און תפילה־טאָן צו שטערן די געשענדטע.

די תפילה זיינע איז בכלל אַ שטילע, נישט קיין הויך־שרייענדיקע — שוין צוליב דעם אַליין, ווייל אין שטילקייט איז זיין וואָרט, און —

אין שטילקייט ליגט מיין תפילה צו דער נאַכט,

און טאַקע צוליב דעם, וואָס אין זיין פאַרצווייפלונג איז ער נאָך מסוגל אַרויסצותפילהן אַ תפילה צו דער נאַכט, זאָגט אים זיין אינטואיציע אונטער, אַז —

פון ים קומט אָן דער ווינט און כ׳הער, ס׳האָט אויפגעוואַכט
אַ נייער הימל, וואָס וועט אַ נייע פרייד אונדז געבן.

דאָס זינגט פון אים אַרויס די אַנונג און פאַרויסזעאונג פון אַ פאַר־פייניקטן פּאָעט, וואָס חלומט פון ליכט אין זיין לאַנגער נאַכט, פאַר זיין פאָלק און פאַר דער גאַרער מענטשהייט.

דער פיל געפּרוּווטער דיכטער ווערט נישט מיד צו זינגען ווידער און ווידער אַמאָל, וועגן דעם טרויעריקסטן גורל פון זיין טאַטע־מאַמע. אַלעמאָל אָבער באַקומט זיך ביי אים אַ נייע טרער, פון אַ דורכאויס נייעם נשמה־קוק־ווינקל פון זיין צעווייטיקט האַרץ. ער זינגט :

וואָס זאָל איך טאָן איצט, אָ, מאַמע הייליקע ?
דאָס אויג איז אויסגעטרוקנט פון דער טרער.
אַ מענטש דאַרף האָבן וואָס אַרומצונעמען —
אַ בערגל זאַמד, אַ בערגל ליבע ערד...

וואָס איז אים אין זיין טיפסטן צער, לײדער נישט באַשערט.
און אין אַ ליד, א. נ. תפילה צו מיין טאַטן, ווען ער זעט נאָך... ביים קנויטן־לעמפּל, איבער אַלטן סידור... בעט ער זיין טויטן טאַטן :

זיך שטעלן פאַר יעדן קריגער מיט זייער פייער־שווערד
און שלאָגן אונדזער שונא מיט דונערן און בליץ.
וועק־אויף דאָס טויטע פאָלק, און זאָל זייער טויטער שאָטן
פאַראויסגיין אין דער שלאַכט, אין הייליקן געפעכט ;
ס'איז אונדזער קאַמף פאַר פריי אונדזער לעצטער באַרטן,
ס'זאָל נישט דער טויט פון פאָלק אויף אייביק זיין
פאַרשווערכט.

אָט דער קרעדאָ זייַנער דינט אים טיילווייז ווי אַ דעוויז און ליידנ־שאַפטלעכר באַגער נאָך דערלייזונג אין זיין ליד.

די אייגנאַרטיקייט פון אַ שעפערישער פּערזענלעכקייט דריקט זיך אַלעמאָל אויס אין דעם כח פון זיין אויסדרוק, פאַרנעם און ווירקונג פון זייַנע מעשים, אין די פון אים באַשאַפענע קונסט־ווערק זייַנע.

און דאָס וואָס איז גילטיק אין אַלע פאָרמען פון קונסט, איז אויך איז זיך כולל און גילטיק פאַר דער דיכטונג וואָס איז עכט, ווירקט און מוז ווירקן אויף דעם מיטשעפערישן לייענער, וואָס איז נישט גלייכגילטיק אין זיין באַנעמונג און אויפפאַסונג צו דעם וואָס דער דיכטער טראָגט אים אונטער צו לייענען.

ישעיהו שפּיגל זעט מיר אויס צו זיין אַן אייגנאַרטיקע שעפערישע פּערזענלעכקייט אין דעם זין, וואָס די מאַגיק פון זיין וואָרט האָט דעם כוח אויף אַ וווּנדערלעכן אופן דיך אַריינצוציען אין דעם חושך פון זייַנע איבערלעבונגען און אין דיר אַרויסרופן דעם שאַרפסטן צאָרן, ווייטיק און פּראָטעסט קעגן די פּייניקער און מערדער פון אונדזער פאָלק, אין דעם חושך פון אונדזער יאָרהונדערט.

ישעיהו שפּיגל האָט זייַנע אינטימסטע איבערלעבונגען אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן צוגעאייגנט צום פּרט און דעם כלל, וואָס זענען אָגב נישט סותר איינע די אַנדערע.

אין ביידע פאַלן זעט ער מיר אויס צו זיין דער טויטן־זינגער פון פאָלק ; דער גרויסער קאָלעקטיווער קרבן פון דער גרעסטער אכזריות צווישן מענטשן בכלל.

מיט יעדן נייעם ליד זייַנעם וועגן טאַטע־מאַמע, דערפירט ער זיין וואָרט צו אַ נייעם מאָמענט פון קדושה, וואָס איז אגב אַנווענדבאַר אויף

דעם כלל, וואָס איז אַלצאײנס אין זיך כולל דעם פּרט. ער זינגט למשל וועגן זײַנע עלטערן, צום וויפלטן מאָל — טײלווײַז אַזוי:

אין יעדן טױ־טראָפּן איך זע די טרער מײַן מאַמעס.
אין יעדן ווינט־פליסטער — די תּפילה פון מײַן טאַטן.
און איך אַלײן — איך טראָג די ברכה און די קללה
אויף מײַן האַרץ פון אַלע, אַלע צײַטן.

און אין אַן אַנדער ליד:

דורך רויכיקע שוועלן, מיט הייליקע טריט,
מיט יידן און תהילים־געזאַנגען,
מײַן טאַטע — אַ פּראָסטער, פּשוטער ייד —
דער ערשטער צום טויט איז געגאַנגען.

וואָס איז בכלל כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע אונדזערע טאַטעס און מאַמעס פון יענער היטלער־תּקופה, און שנײַדט זיך אײַן אין האַרצן ווי אַ וווּנד. צי „די באַלאַדע אין די בערג”, אין וועלכער עס קומט צום אויסדרוק דאָס לעבן און אומקום פון ...מײַן פעטער, דער קברן... וואָס האָט אַמאָל טויזנטער יידן געטאָן זײער הייליק רעכט —

נאָר מיר, דעם קברן, אוי וויי,
קומט קײנער נישט טאָן מײַן רעכט,
זוך איך אַ ייד דאָ אַרום
אין די פינצטערע נעכט.

און די טענה זײַנע איז, אַז ווען עמיצער וואָלט אַפילו אים זוכן אויפן הייליקן אָרט, וואָלט ער נאָר דעם ווינט דאָרט געפונען. און דער לאָגי־שסטער אויסוועג זײַבער און עצה איז:

דעריבער, מײַן טײַער שוועסטער־קינד,
ווי דו וועסט נאָר טרעפן אַ שטײן
טאָ זעץ זיך אַוועק אינעם ווינט
און דײַן פעטער, דעם קברן, באַוויין.

ס'אַר אַ מאָדנער גורל פון אַן אויסגעהאַרגעט פאָלק, אין די קינה־לידער פון אַ פּאָעטישן פּאָעט.

נישט אומזיסט איז די אינטימסטע תּפילה זײַנע:

אָ, שענק מיר דאָס וואָרט כ'זאָל קענען באַקלאָגן
מיליאָנען בית עלמינס אָן קברים.

וואָס איז אים, מיר דוכט — באַוויליקט געוואָרן.

און אַז ער געפינט שוין יאָ דעם קבר פון זיינעם אַ טויטן חבר, איבער וועמען ס׳וואַקסט אַ בוים, איז דער גרוס זיינער פון דער היים און פון דער מאַמען זיינער, אין קורצן אַזאַ:

שלאָף רואיק דאָ, מיין זון,
פאַרוויגט פון ביימער־שטאַמען —
דאָס איז דער גרוס צו דיר פון דיין טויטער מאַמען.

דער געבוי פון זיין פערז קומט ביי אים אַרויס אַזוי נאַטירלעך און נישט געקינסטלט, אַז דער ריטעם פון זיין ליד האַרמאָנירט אַלעמאָל מיט זיין מחשבה און דער וויזיע זיינער.

דאָס בילדלעכקייט פון זיין יידיש־לשון איז אויף אַזוי פיל קלאָר, דערפינדעריש און טרעפלעך, אַז די מעטאַפאָרן זיינע פאַרכאַפּן דיך מיט זייער ראַפינירטער פשטות און זעלטענער שיינקייט, אויף דער פאַן פון זיין דורכאויס פאַרטיפטער חורבן־טעמאַטיק. אָט איז אַ קלאָרער ביישפּיל:

שימערדיק גאָלד אויף וואַלדיקן שליאַך —
די זון האָט איר קרוין דאָ פאַרלאָרן;
ווי הירשן, געפאַנגען פון בהלה און טויט,
זיינען געפאַנגען די קינדערשע יאָרן.

אַ זעלטענע עשירות פון בילדער, מיט דער וויזיע פון טויט אַריינגעוועבט — אין איין קאָנדענסירטער סטאַנזע פון קורצע פיר פערזן!

זיינע חורבן־געזאַנגען פאַרבינדט ער נישט זעלטן מיט געשיכטלעכע פאַקטן פון אַמאָליקן לעבן, וואָס דינען אים ווי אַ הינטערגרונט פאַר אַ סינטעז צווישן היינט און דעם מאָרגן. פון צייט צו צייט פאַלט אויך זיין בליק אויף באַשטימטע אידעישע מאָמענטן, אין די ווערק פון אונדזערע פאַרשטאָרבענע קלאַסיקער. אין זיין ליד צו י. ל. פּרץ למשל, זינגט ער טיילווייז אַזוי:

דו האָסט געוואָלט די יידן דיינע פירן איבער חורבות
פון וועלט צו שבת אייביקן, וואָס וועט די גרויע וואָך באַזיגן!
אַצינד גיי איך, — אַ קינד פון חורבן, אויף די אַשן באָרוועס
און זוך אין זיי דעם פלאַם פון פאָלק — דעם גילגול
פון אַ ניגון.

וואָס וואַרפט אַ שאַרף ליכט אויף זיין אומרואיקן גייסט, וואָס זוכט אַ תיקון אין זיין ליד, אין דינסט און אין די אינטערעסן פון דעם פאָלק. —



געזאַנג אין דער פינצטער, איז אַ באַמען פון אַ סעריע לידער וואָס ישעיהו שפּיגל האָט געשריבן אין געטאָ. דאָ, ווי אין די אַנדערע לידער פון זיין בוך „און געוואָרן איז ליכט", איז די טעמאַטיק פון די לידער — חורבן.

אַלע זיינע לידער אָן אויסנאַם, שניידן זיך אַריין אין געמיט, האַרץ און זכרון, מיט דעם פייער פון דעם דיכטערס איבערלעבונג. ביים לייענען אָט די לידער זיינע, זיצסטו צוזאַמען מיט אים ווי אַ פאַרמשפּטער אין דעם חושך פון דער נאַכט און דו וואַרטסט אויף דעם שונא —

און פּלוצים — ס׳האַרץ, ס׳האַרץ בלייבט שטיין,
ס׳גייט עמעץ אויף די שטיגן;
ס׳איז נאָר אַריין — דער ווינט, דער ווינט —
געפונען טויט אונדז ליגן.

דער דיכטער קאָן שוין דאָ... דעם טויט פון אַלע טויטן... זעט, אדרבה און הערט אַליין, ווי ער זינגט טיילווייז וועגן דעם:

איך קען שוין איצט די פּיין פון אַלע פּיינען,
די נאַכט וואָס גייט אויף אונדז מיט חלף רויטן;
כ׳הער יידן זינגען אין פאַרברענטע קלויזן
דאָס הייליק ליד פון אַלע אונדזערע טויטן.

איך קען שוין איצט דעם וועג צו אַלע תהומען —
דער תהילים־גאַנג פון אונדזערע עלטער־זיידעס;
וועל איך ווי אַ מויער דאָ אין וואַגל־וועג פאַרבלייבן
און זיין אויף דורות אייער שטומער עדות.

וואָס ער איז אָן יעדן ספק געווען און אויך פאַרבליבן, אַ דאַנק זיין קינסטלערישער באַמיאונג אין אונדזער הײנטצייטיקער דיכטונג און פּראָזע, אויף יידיש לשון.

געדענקען און נישט פאַרגעסן — דאָס איז דער דעוויז און פּאַראָל פון אונדזער הײנטצײטיקער חורבן־ליטעראַטור.

ישעיהו שפּיגל, ווי אײנער פון אונדזערע שטאַרקסטע און אויס־געשפּראָכנסטע מקוננים — פאַרזאָגט עס אונדז אויף זײן אײגענעם און אײגנאַרטיקסטן אופן, דורך דער פאַרמיטלונג פון זײן ליד און אויך זײן פּראָזע.

*כ׳וועל נישט פאַרגעסן* —

איז זײן גרויס געוויין־געיאָמער, וואָס ווײנט זיך אויף אַרײן אין דײן געמיט.

וי ווײנען איצט אויף מיר די געטאָ־הימלען —
גאָט אַלײן זיצט שבעה אין פאַרדעקטן שפּיגל.
ווען ס׳איז דער אָוונט־שטערן אויפגעגאַנגען,
בין איך געשאָכטן נאָך געלעגן אויף דײן וויגל.

זינגט ער אַרײן אין אונדזער געמיט און זכרון וואָס לאָזט זיך נישט, ווילט זיך נישט און טאָר בפּירוש נישט פאַרגעסן ווערן.

אין דעם חושך פון זײן געטאָ־לעבן, האָט אונדזער דיכטער אין זיך אויך אַרײנגעצערט דעם גאַרן עלנט פון אונדזערע קינדער, וואָס ער האָט מיטגעלעבט און מיטגעליטן. אָט איז אַ פראַגמענט פון זײן געטאָ־וויגליד:

די וועלט האָט גאָט פאַרמאַכט,
און אומעטום איז נאַכט —
זי וואַרט אויף אונדז מיט שוידער און מיט שרעק —
מיר שטײען בײדע דאָ,
אין שווערער, שווערער שעה,
און ווײסן נישט ווהין ס׳פירט דער וועג.

וואָס קאָן שוין זײן טראַגישער פאַר דעם באַוווסטזײן פון אַ מענטשן וואָס ווײסט, פילט און פאַרשטײט, אַז... די וועלט האָט גאָט פאַרמאַכט און אומעטום איז נאַכט?



נאָך אַלע גילגולים פון צער, ווייטיק און צאָרן, ניגונט אויף ביי ישעיהו שפּיגל דאָס געזאַנג פון טרייסט און פון בטחון, אין דער סעריע לידער זייבע, א. ב. לויכטנדיקע שטערן, ווי דער קאָנסעקווענטער דראַנג צו ווידערגעבורט און לעבן, אויף דעם זעלבן הינטערגרונט פון זיינע פריערדיקע חורבן־מאָטיוון, צוליב דעם פּשוטן טעם, וואָס —

די שיינקייט פון דער וועלט איז ביי אונדזער שוועל
נישט געשטאָרבן —

לויט דעם דעוויז פון אונדזער עם־קשה־עורף, און אויך דערפאַר, ווייל —

אויף אונדזער צונג ברענט נאָך פון ליכט אַ ווייסער צייכן
פון ליבשאַפט מענטשלעכער, און נישט פון שנאה.

און דער עיקר דערפאַר, ווייל —

אין שאָטן־טאָל איך הער דאָס קול פון אַלע ביינער,
און יעדעס גרעזל דאָ — מיין הייליק גרויסער וואָפן,
אין זוימען פונעם ליכט, וואָס שטאַרבט נישט אויף דער ערד,
אין זוימען פונעם בלוט — ליגט חלום און נצחון.

אַזוי דערטיפט זיך אונדזער געפּלאָגטער פּאָעט צו דער זעאונג פון חלום און נצחון, דאָס געזאַנג פון אחרית — אין די זוימען פון ליכט און אין די זוימען פונעם בלוט, וואָס שטאַרבן בפירוש נישט, לויט זיין השערה — אויף דער ערד.

ישעיהו שפּיגל געפינט אַ טרייסט דווקא אין יעדער ברענענדיקער וואַנט, ביי יעדן יידישן הויז, וואָס גיט אים מוט צו זינגען וועגן דעם, אַז —

איך ברויך נישט קיין מצבות זיי זאָלן זיין אַן עדות —
ס׳איז יעדעס זאַמדל דאָ — אַ פייער־זייל צו גאָט.

און מיט נישט ווינציקן פּאַטאָס רופט ער אויס:

דאָס האַרץ מיינס כ׳טראָג אַנטקעגן ווי אַ ברענענדיקן טאָוול
צום פלאַקערדיקן דאָרן אין מיין טויטער היים;
און ווי אַמאָל, אַמאָל ביי די וואַסערן פון בבל,
גייט־אויף אין מיר די טרייסט אויף בלוטנדיקן ליים.

אין דעם ליגט דער אויסוועג צו זיין פאַרצווייפלונג און אויך דער שליסל צו דערלייזונג.

און כאָטש ער זינגט וועגן דעם, אַז זיין האַרץ איז ...אַן אָוונטיקער, טונקעלער ברונעם... פילט ער אָבער גלייכצייטיק און ער ווייסט, אַז —

...ס'טליעט אין זיין טיפעניש אַ שטערן — מיין בטחון.

וואָס באַגלייט אים ווייטער אין זיין מיפולן וועג און בעקשאַפט נאָך דערלייזונג, ווייל —

ס'איז אַ נס געשען — אַ נס פון ליכט און ברויט,<br>געהייליקט האָט די וועלט זיך אין אַלע אירע טרערן.<br>כ'שטיי־אויף פון דיין אַש — און פון דיין בלוט און טויט<br>גייט־אויף די ערד אויפסניי מיט לויכטנדיקע שטערן.

וואָס דערמאָנט אגב אָן דעם לעגענדאַרישן פעניקס, וואָס קומט צוריק צום לעבן באַלד נאָך זיין אומקום.

פּאָעטן לאָזן זיך אָפט פירן און באַהערשן פון זייער אינטואיציע, ווי קינדער פון דערוואַקסענע מענטשן.

ישעיהו שפּיגל געהערט צו יענע זעלטנסטע וואָרט־קינסטלער אונדזע־רע, וואָס לאָזן זיך בלינד נישט פירן פון זייער אינטואיציע. ער באַהערשט זיין אינטואיציע, און נישט זי אים — ווי אַ געניטער דיריגענט באַהערשט זיין אָרקעסטער. זיין כח הצימצום דינט אים ווי אַן עמוד האש, צו קאָנען פון זיך אַרויסקריגן דעם מאַקסימום פון זייַנע קינסטלערישע נייגונגען און אילוזיעס, אין דער מעגלעכסט קורצסטער פאָרם און געשטאַלטיקונג. צוליב דעם ליידט נישט זיין דיכטונג פון ליטעראַרישע פגימות — רעטאָריק און קונצנמאַכעריי, וואָס פאַרטונקלען אַלעמאָל דעם עצם זין פון דיכטונג.

אין זיין באַמיאונג צו געבן אַ תיקון אונדזער חורבן אין זיין דיכטונג, האָט ער גלייכצייטיק פון זיך אויך אַרויסגעליכטיקט די זעאונג פון גבורה און אויך פון בליאונג.

אויף פאַרמעט גראָ און ווייך פון ווייסלדיקן שטראַנד<br>דער בלינדער סופר שרייבט פון גבורה די מגילה ;<br>ער גראָבט פון אַש דאָס אות — דאָס רויטע אות פון זאַמד,<br>ביז די פאַרשעמטע ערד בליט־אויף אין שמאָלער מילע.

און אין צוגאָב צו דער מגילה פון גבורה, וואָס דער אַלטער סופר שרייבט — זינגט דער דיכטער אויך זיין אייגענע מגילה פון גבורה אין זיין בונקער־באַלאַדע, וואָס פאַר׳סך־הכלט זיך צו דעם דעוויז, אַז —

קידוש השם און קידוש העם —
איז אויפגיין צו גבורה דורך בלוט און דורך פלאַם!...

צום געדענקען און נישט פאַרגעסן — לדור דורות — אויף אַלע אייביקייטן.

„ישראל־שטימע"

ב.

## שטיגן צום הימל

אויטאָביאָגראַפישע ראָמאַנען ווערן געוויינלעך געשריבן פון שרייבער ביי אַ גאַר רייפן עלטער. עס טרעפט אָבער זייער זעלטן, אַז אַ שרייבער פון אַן אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן זאָל אין זיך אויפהאַלטן די תמימות פון אַ קינד אין יענעם צייט־אָפּשניט פון זיין לעבן; איבערגעבן זיינע אָבסערוואַציעס בלויז און אויסשליסלעך אין דער תמימות און אין דער נאַאיווער אויפפאַסונג, פאַנטאַסטישער זעאונג פון אַ קינד, ביי דעם סאַמע אורשפּרונג פון זיין דערוואַכונג, אַן דעם אַריינמיש פון דעם באַטרעפנדיקן שרייבער אין זיין רייפען עלטער.

„שטיגן צום הימל" פון ישעיהו שפּיגל, איז אַן אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן, פאַרטראַכט און אויסגעפירט אויף אַ גאַר געלונגענעם, קינסטלעריש אופן, אויף דער פאָן פון זיין סאַמע ערשטן, זיבן־יאָריקן צייט־אָפּשניט אין זיין לעבן, אָטעמט מיט דער גאַרער תמימות פון יענעם עלטער, וואָס איז דורכאויס באַגרענעצט צו קינדישן נייגער, חלומות, גאַפונג־און־שפּאַנונג פון און צו אַלץ וואָס קומט אים אַנטקעגן.

ישעיהו שפּיגל ווערט גאַר פרי אַריינגעפירט פון זיין זיידן, דעם לענטשיצער מקובל... אין נייע, טונקעלע פּרוזדורן פונם אויפגעמישן ספר... „דאָס רונדיקע האַלף־טייטל איז געלעגן צווישן זיינע לאַנגע קבל׳ישע פינגער, ווי אַ קליין כישוף־שטעקעלע. אַזוי אַרום האָט ער ביסלעכווייז אויפגעמאַכט פאַר מיר די שוואַרצע, פאַרשלאָסענע טירלעך פון די אומצאָליקע אידישע אותיות...

פון אַ באַזונדערן אינטערעס און ביז גאָר אינטערעסאַנט, זײַנען די אײַנדרוקן און אָבסערוואַציעס פון דעם זיבן־יאָריקן שאַיעלע, פון דער גאַנצער סביבה פון וועלכער ער איז אַרויסגעוואַקסן. ער ווייס שוין און פאַרשטייט, כאָטש קינדיש אומבאַהאָלפן — אַזוי... שיין איז דאָס ווערן פונם ערשטלינג שניי... און זיכער איז ער אויך, אַז ...זיין געבוירן־אָרט וועט שוין אַזוי פאַרבלייבן פאַרגליט אינם דמיון, ביזן סוף פון אַלע טעג...

פון די טויטע געהילך־בינטלעךביים ציידן שמואל, דעם מקובל, האָט זיך שאַיעלע „געלערנט זען מיין אויפגעוואַכטע וועלט און אויך מיין שפּעטערדיקע — מיט אַלע קאָלירן, ריחות און קלאַנגען, וואָס געהערן צום צווייטן ברעג פון מיין לעבן...״

אין אָט דעם זין פון אויפפּאַסן זאַכן און געשעענישן ביי אַ גאָך יונגן עלטער, גיט זיך איבער די תמימות פון אַ קינד אין דעם אויטאָ־ביאָגראַפישן ראָמאַן פון ישעיהו שפּיגל. דערמיט טיילט זיך אויס דער ראָמאַן ווי אַ אייגנאַרטיקע שאַפונג, וואָס אינטריגירט דיך מיט די אומגעוויינלעכע איינפאַלן פון אַ זיבן־יאָריק אינגעל אין דער האַנט פון אַ מייסטער, וואָס האַלט דיך געשפּאַנט מיט דער עכטקייט און דער זיכערקייט פון זיין פעדער, רחבות׳דיקן סטיל און לשון, מיט דעם אויסטערלישן כאַראַקטער און עשירות פון זיין מחשבה, כוח הדיבור און סיפור־המעשה.

אין ישעיהו שפּיגל׳ס אָרעמער משפחה, דערוויסן מיר זיך — „...זיינען די מענטשן, אַלע שווייגנדיקע, פאַרשעמטע און פאַרשלאָסענע...״ מן הסתם, איז זיך שפּיגל משער — „...קומט עס צו זיי, פון די קליינע שטובן־קעמערלעך אין באַלוט...״ אפשר, — טראַכט ער זיך — שווייגן זיי גאָרניט, נאָר ריידן צווישן זיך מיט אַזעלכע רייד, וואָס נאָר די פלאַ־טשיקע, קרומע שאָטנס פאַרשטייען זיי... איך האָב ניט איינמאָל געזען — גיט ער צו — ווי די שאָטנס ענטפערן זיי אָפּ פון דער געבויגענער סטעליע און פון די צעשפּאָלטענע צעלן מיטן זעלביקן פאַרשעמטן, קוים פליסטערנדיקן שטום־לשון...״

שפּיגלס קענען זיך איינלעבן אין די „קרומע שאָטנס פון די בלאָלעכע ווענטפּאַרטיפונגען״ און ענלעכע שטומע אָביעקטן, זיינען אַ גרויסער

געווינס פאַר אונדזער לשון אין פּראָזע. זיי דינען אונדז אגב אויך ווי אַ זעלטענער עודף צו זיינע קינסטלערישע זעאונגען מיט וועלכע ער שטעקט אונדז אָן און ער האַלט אונדז געשפּאַנט, מיט דער גבורה פון אַ שרייבער־מכשף, וואָס צווינגט דיך ממש נאָכצופאָלגן זיינע שעפערישע מעשׂים.

דער ראָמאַן „שטיגן צום הימל" האָט אגב אויך אַ היסטאָרישן ווערט דערמיט, וואָס ער באַלעבט און רעסטאַווירט קינסטלעריש, אַ באַלד פאַרגעסענע תקופה אין אונדזער פאָלקס לעבן, אויף דער פאָן פון אַ פאַרצווייגטער אידישער משפחה, וואָס איז זיך ווי אַ סך אַנדערע משפחות אונדזערע צעפאַלן; זיך טאָטאַל אויפגעלייזט אין דער צעשטורעמטער ערשטער העלפט פון אונדזער יאָרהונדערט.

אין פאַרביקע קאַלירן, למשל, ווערן דאָ געמאָלן אויף אַ רירנדיקן אופן די איבערלעבונגען פון זיין משפחה, ערב דעם אויסברוך פון דער ערשטער, רוסישער רעוואָלוציע, ווען זיין מומע אסתר ווערט געצוואונגען זיך אויסצובאַהאַלטן פון אַן אַרעסט און אַנטלויפן אַריבער דער גרענעץ.

— שאַ־יע־לע, האָט אים די מומע אסתר אַנגענומען פאַר דער האַנט און מיט איר פרייער האַנט געגלעט דעם שטערן — ווען דו וועסט אויפוואַקסן!... אַ־האַ! ווען דו וועסט זיין אַ גרויסער — וועט שוין ניקאָלאַי ניט זיין; 'עסט געדענקען וואָס די מומע אסתר זאָגט? ס'עט זיין ברויט... און פרייהייט... פאַר יעדן אַרבעטס־מאַן... עסט געדענקען?"...

דער זיידע, מיט זיינע בײדע ווייסע הענט פאַרלייגט איבער דער מומע אסתרס קאָפּ... האָט שטיל און פאַרכטיק געפרעפּעלט מיט פאַרמאַכטע אויגן... און צום סוף האָט ער געזאָגט: ...איצט, מיין קינד, ביסטו שוין מער ניט אין מיין רשות... און ניט אין רשות פון קיין שום מענטש... איצט ביסטו נאָר אין די הענט פון באַשעפער... אין די הענט פון גאָט... אין רשות פון הימל אַליין...

און אַז דער טאַטע שאַיעלעס האָט דעם זיידן געבעטן, אויך דעם זיבן־יאָריקן צו בענטשן, האָט זיך דער לעצטער זייער דערשראָקן. און די באָבע — זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין איבער אסתרס האַלז:

— ווער ווייס צי מ'וועט זיך נאָך אַמאָל זען... זאָלן די אָבות דיר ביישטיין...

און אין דעם בונד פון שווייגן פון שפיגלס משפחה־מענטשן בכלל, וואָס ער פּירט דאָ אַרויס אויף ברייטע לייוונטן — דאַכט זיך דעם זיבן יאָריקן — איז געלעגן פאַרזיגלט די סודות׳דיקייט פון מיין פאַר־שלאָסענער אינגלשער וועלט. אַלץ האָט געוואַרט אויף אַנטפּלעקונג.

דער אָריגינעלער הינטערגרונט פון דעם ראָמאַן פּלאָנטערט זיך אָבער צווישן דעם זיבן יאָריקן שאַיעלע און דער אַביסל עלטערער מיידעלע — אַלטעלע, וואָס ווערט פאַרשוואונדן אין דעם לויף פון דעם ראָמאַן צווישן די צוויי מינדעריעריקע קינדער. אַלטעלע שטאַרבט שפּע־טער אויך אַוועק כמעט פון הונגער, אין אַ שטאָטישן הקדש.

דער ראָמאַן האָט אַפילו טיילווייז אויך אַ סאָציאַלן הינטערגרונט, וואָס פּיבערט מיט דער דערקענטעניש פון דער אָרעמקייט, אין אַן אַמאָליק אידיש שטעטל.

„דאָס געזאַנג פון קעלער״ איז זייער כאַראַקטעריסטיש, סימבאָליש — פאַר יענער צייט, ווען דאָס רירנדיקע געזאַנג פון ...אָ, גו־גו־טער פרייני־ד, ווען איך וועל שטאַ־אַר־בן... האָט פאַרקלונגען אונדזער אָרעם־גאַס, האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעלאָשן אין דעם געמיט פון דעם זיבן־יאָריקן אינגל.

שאַיעלע איז וואַכזאַם צו אַלץ וואָס גייט פאַרביי קינדערישע אויגן. אַלץ, ווי שוין אויבנדערמאָנט — נעמט ער אויף מיט גאַפונג און פאַרוווּנדערונג. און קיינמאָל ווערט ער ניט מיד צו פרעגן פראַגן.

...די מאַמע זאָגט, טענה׳ט ער צומאָל — אַז אַלץ אין דער וועלט האָט אַ נשמה ...איך, באַטאָנט ער — ווייס ניט וואָס איז אַזוינס אַ נשמה. איך האָב זי נאָך קיינמאָל ניט געזען...

אָבער זייענדיק וואָך צו אַלץ אַרום אים, איז אין זיין זכרון גאָרניט ניט פאַרלוירן געגאַנגען. אים געדענקט זיך אַפילו אַזאַ זאַג פון זיין מומע ביילע, אין שייכות מיטן פייפעלע פון ליים, וואָס איז געוואָרן צע־שפּאָלטן און פון זיך מער קיין קלאַנגען ניט אַרויסגעבראַכט:

...אַלץ אויף דער וועלט איז פון ליים, שאַיעלע... אַלץ איז געשפּאָלטן... אַלע מענטשן, אַפילו די צדיקים אויך... מען קומט פון ליים — און מען גייט צוריק צו ליים.... יאָ... יאָ... אַלץ קומט אָן אַהער, קעגנאיבער... (זי מיינט דעם בית עולם) ׳עסט עלטער ווערן — ׳עסטו פאַרשטיין...

דער אויסטערלישער ראָמאַן פאַרענדיקט זיך אויף אַ בית עולם, וואו אַלטעלע ווערט באַגראָבן. און שאַיעלע ווייסט נעבעך ניט „צי דאַרף מען וויינען אַז אַ מענטש שטאַרבט? — אין זיין תמימות פרעגט ער אויך... צי ווייסט אַלטעלע, אַז זי איז געשטאָרבן?..."

די בית עולם שטילקייט גיט זיך דיר דאָ איבער מיט דער איינגעשטילטער, מיסטישער רו און דער גאָרער טראַגיק פון דעם לעבן פון אַ מענטשן, אַ יחיד. דערביי אָבער איז ווינטשנסווערט צו באַטאָנען, אַז אין דער מיסטעריעזער טויטער שטילקייט, הערט מען פונדעסטוועגן... ווי ניט ווייט פון אונדז, צווישן נידעריקע קוסטעס, פלאַטערט אַ קוועלכל: ט־ר־רול.. ט־ר־ר־ול... דאָרט איז דאָס אָרט, וואו מען לייגט ניט קיין געשטאָרבענע. דערפאַר איז אויך דאָרטן גרין... וואָס דינט אונדז דאָ, ווי דער סימבאָל און אָנזאָג אויףביילעבן, וואָס איז פונקט אַזוי אומפאַרמיידלעך, ווי דער אומפאַרמיידלעכער טויט אין דער פולקייט פון זיין גרויזאַמקייט.

„דער קענעדער אַדלער"

ג.

# די נייעסטע ווערק פון ישעיהו שפיגל

## וועגן „פלאַמען פון דער ערד"

פלאַמען פון דער ערד פון ישעיהו שפיגל איז אַ מערקווירדיקער ראָמאַן, געשריבן אין נוסח פון זיין אומפאַרגעסלעכן בוך מלכות געטאָ.

דער ראָמאַן איז מערקווירדיק דערמיט, וואָס די דינאַמיק פון אָט דעם גאָר זעלטענעם ראָמאַן, טויכט־אויף אין דער זעאונג פון דעם דיכטער, דורך דער פריזמע פון אַ פענאָמענאַלן זעקסטן חוש, מיט וועלכן ער אָפּערירט אַזוי נאַטירלעך און געשיקט, אין בילדער פון אַן אומגעוויינלעכער, דורכאויס נייער רעאַליטעט, וואָס האָט זיך אין אים גופא אויסגעוויטיקט און אויסגעבלוטיקט, און וואָס איז אונדז געוועזן אומבאַקאַנט, פאַר אונדזער גרעסטן און דריטן חורבן.

די געטאָ־טעמאַטיק איז דאָ פאַרוואָרצלט אין די שוידערלעכסטע איבערלעבונגען פון די מערקווירדיקע העלדן, וואָס האָבן מיט נסים אין זיך אויפגעהאַלטן די חשיבות פון ייד און די חשיבות פון מענטש, אונטער די גרויליקסטע אומשטענדן, אין אַ סביבה פון גאָרער נאַכט, ווו דער צלם אלהים האָט זיך געוואַלגערט אומבאַהאָלפן.

דער סיפּור המעשה פון דעם ראָמאַן לאָזט זיך נישט איבערגעבן פראַגמענטאַריש צוליב דעם, ווייל דער מינדסטער דעטאַל פון יעדער איבערלעבונג, אין די אומגעוויינלעך־קינסטלערישע מאָלערייען פון ישעיהו שפּיגל, קענען נישט און טאָרן נישט גיין פאַרלוירן.

ישעיהו שפּיגל האָט אַ נייגונג צו פאַרבילדלעכן די קלענסטע דעטאַלן פון די פון אים געזעענע בילדער און איבערלעבונגען, אין דער עשירות פון אַ לשון, וואָס איז אין זיך כולל אויך די מחשבה פון זיינעם אַ העלד, וואָס לאָזט אים נישט רוען אונטער די ערגסטע אומשטענדן, ביזן לעצטן אָטעם־צוג.

אַזוי, למשל, גיבן זיך איבער די מחשבות פון דער אויסגייענדיקער זעלדע, גיטלס שוועסטער — אין דעם קאַפּיטל פיר, א. ג. די צוואה:
...זי פלעגט זאָגן: ביסט ראוי זיין צווישן אונדז... צווישן די וואָס ווילן נישט שטאַרבן ביים דייטש ווי שעפּסן. נישט צעטראָטן ווערן ווי גראָז...

אונטער אָט אַזעלכע גרויליקע אומשטענדן, אַנטוויקלט זיך אגב אורחה דער ראָמאַן צווישן וויגדערן און גיטלען, אָן די מינדסטע שפּורן פון וווּל־גאַריטעט.

דער ראָמאַן וויקלט זיך פאַר אונדז פונאַנדער אויף אַ הינטערגרונט פון אונדזער דריטן חורבן, אין אַכצן קאַפּיטלען. די קאַפּיטלען פאַרלירן אויך נישט פון זייער ווערט, ווען זיי ווערן געלייענט און אָפּגעשאַצט ווי זעלבשטענדיקע אַרבעטן, אונטער באַזונדערע נעמען. ווייל דער צוזאַ־מענהאַנג פון די אַכצן קאַפּיטלען איז אַזוי געראָטן און האַרמאָניש, אַז דאָס דינט ווי אַ גרויסער ביישטייער צו אַלע זיינע ביז איצטיקע, סטיליס־טישע און שפּראַכלעכע דערגרייכונגען.

אינטערעסאַנט איז, וואָס דער אויסגאַנג פון יעדער מעשה בתוך מעשה, וואָס פאַרגאַנצן זיך אין דער אָריגינאַליטעט פון דעם ראָמאַן אַלס גאַנצן — פאַרבלייבט לפנים, ווי ניט פאַרענדיקט. די כוונה דערפון איז,

אַז דער לייענער אַליין זאָל ווייטער ציען די פעדים פון דער האַנדלונג, מיט דעם כוח פון זיין אייגענער פאַנטאַזיע. אויב מעגלעך אויך — אינטואיציע.

ווי אַן אילוסטראַציע צו דעם געזאָגטן, איז גענוג צו דערמאָנען דאָס קאַפּיטל „שטריק", אין וועלכן דער איינציק־פאַרבליבענער גלאָקנציער פון הייליקן קירכעלע — ניקאָדעם זאַלוצקי, ווערט געפירט צו דער תליה, פאַר אויסבאַהאַלטן דעם העלד פון דעם ראָמאַן, געמאַלן אין געשטאַלט פון אַ זעקל ביינער — וויגדער.

די מאָרד־שטימונג מיט אַלע אירע גרוילן, גיט זיך דיר דאָ איבער אויף דעם ווייטיקסטן אופן. דער מאָרד גופא, ווערט אָבער נישט דורכגע־פירט פאַר דיינע אויגן.

אַזוי פאַרענדיקט ישעיהו שפּיגל יעדן קאַפּיטל פון דעם מערקווירדיקן ראָמאַן זיינעם. דערמיט ווערט דער לייענער אַליין אָנגערעגט ממשיך צו זיין דעם אויסגאַנג און די האַנדלונגען פון זיינע טראַגישע העלדן, וואָס מיר באַטראַכטן ווי אַ גרויסע מעלה, ביי אַ מחבר פון קינסטלערישע ווערק, מיט אַזאַ פאַרנעם.

„ישראל־שטימע"

ד.

## צווישן חורבן און אויפקום

(וועגן בוך „די בריק")

דער ווערט פון אַ ליטעראַריש קונסטווערק, אין וועלכער פאָרם עס זאָל ניט זיין געשריבן, ליגט אין דער פאַטענץ און אין דעם כוח פון דעם באַטרעפנדיקן ווערק, צו קענען אָנרעגן אַ מיטשעפערישן לייענער מיט־צוגיין מיט דעם דיכטער, זיך לאָזן פון אים באַאיינפלוסן, אַפילו אים אַליין אויך אָנרעגן צו קענען מיטגיין מיט אים און ממשיך זיין דאָס, וואָס דער דיכטער האָט אָנגעהויבן און לויט דעם איינדרוק פון דעם מיטשעפערישן לייענער, אפשר זיין ווערק ניט דערפירט, צו דעם פון אים אַליין געגאַרטן קלימאַקס.

דער מחבר פון דעם גרעסטענעם בוך נאָוועלן: „די בריק", דער דיכטער און נאָוועליסט ישעיהו שפּיגל — זעט מיר אויס צו זיין אַזאַ מין סאָרט שריפטשטעלער, וואָס ער פּיבערט מיט דעם כוח און פּאַרנעם פון זיינע קינסטלערישע עבודות צו אַזאַ גראַד, אַז ער באַאומרואיגט דיך לאַנג נאָך דעם, ווי דו האָסט זיך איינגעלעבט און אין זיך איבערגעקאָכט די נאָוועלן זיינע, וואָס פאַרהיימישן דיך צו זיינע העלדן, מיט דעם כוח פון זיינע אויסדרוקס-מיטלען: לשון און סטיל און פּאַרטיפטן תוכן פון זיינע נאָוועלן.

אַ בריק, וואָס דינט אין לעבן צווישן מענטשן ווי אַ פּאַקטישע פּאַר־בינדונג צווישן צוויי ברעגן, פונקציאָנירט אין דער ליטעראַטור ווי אַ סימבאָל פון עפּעס, וואָס פירט צו דעם קלימאַקס פון אַ סינטעז, וואָס איז דער פּועל יוצא פון צוויי אונטערשטראָמען אָדער קעגנזעצלעכע שטרע־מונגען אין דער וועלט פון ווּיזיעס און רעיונות.

דער נאָמען פון דעם נאָוועלן בוך „די בריק", פון ישעיהו שפּיגל איז אַ סימבאָלישער צוליב דעם, ווייל זיין הינטערגרונט איז פּאַרוועבט אין חורבן, וואָס איז דאָ דער דירעקטער גורם פון אויפקום פון מדינת ישראל, אין דער אָפּשפּיגלונג פון דעם העלדן-פּערסאָנאַזש פון די נאָוועלן, אויף דער פּאָן פון אַ לעבן וואָס באַוועגט זיך צווישן חורבן און אויפקום, וואָס וועקט זיך און וואָס בויט זיך מיט דעם רייץ און דעם וואונדער פון אַ דורכאויס נייעם צי באַנייטן בראשית.

דער חורבן-מאָטיוו פון יעדער נאָוועלע, כאָטש ניט קיין דירעקטער — דינט דאָ דעם דיכטער ווי אַ בלוטיקער הינטערגרונט, געמאָלן אין אַן איידעלן פּראָפיל — צו די חבלי לידה פון זיין ישראל טעמאַטיק, וואָס פילט אויס דעם קאָלירפולן תוכן פון זיינע אויסגעוויטיקטע, עכטע און גרויס-קינסטלערישע נאָוועלן, וואָס פאַרכאַפּן דיך מיט דער זעלטנסטער אָפּגעהיטקייט פון זיין לשון, ישראל-טאָפּאָגראַפיע און פּייזאַזש, טיילווייזער ראָמאַנטיק און ביז גאָר לעבעדיקער פּראָצעס פון דער זיך-שאַפנדיקער היינט-צייטיקער ישראל-ווירקלעכקייט.

אין די דראַמאַטישע האַנדלונגען פון די מערסטע נאָוועלן, פיגורירן מענטשן פון נעכטן — פון דאָרטן! — וואָס באַמיען זיך צו אַקלי־מאַטיזירן אין דעם אויסגעצ'חלומ'טן לאַנד פון האָפענונג, אין אַ באַלעבטן

תנכ״ישן קלימאַט פון די קינדערישע און שפּעטערדיקע אידעאַליסטישע יאָרן, אין אונזער צעשפּרייטקייט, וואָס האָט נאָך געברוויזט מיט אימפּעט פאַר דעם מבול פון אונזער יאָרהונדערט — אין אַ סביבה פון טיילוויזן אידעאַליזם און אויך טיילוויזן קאַריעריזם... אין אָנגעזיכט פון אַ יוגנט — די סאַבּרעס — און שוין באַלד אָפּגעלעבטע און פאַרעלטערטע חלוצים, אין דער סביבה פון אַ היינטצייטיקן דור הפלגה, וואו איינער פאַרשטייט ניט דעם צווייטן:

— די זשוליקעס, זאָלן לעבן, זיי האָבן פּיינט אַז די באָבע רעדט אידיש...

דער קלימאַט פון ארץ ישראל מיט זיינע אורשיינקייטן פון תנכ׳ישער סביבה, ווערט דאָ אַרויסגעהויבן איבער די באַרבאַרישע ווילדקייטן פון דעם פאַרהיטלערטן פּוילן, אין אַ פּראָצעס פון אימפּעטיקן בויען און באַנייאונג, אין דעם אָפּשיין און אויפציטער פון דערמאָנונגען, אין חרוב פאַרווילדערטע היימען פון אַמאָל און העלדישע אַקטן פון געטאָ־אידן, וואָס שפּיגלען זיך אָפּ אין דעם געמיט און אין דער מענטאַליטעט פון די העלדן פון ישעיהו שפּיגלס נאָוועלן, וואָס ווערן פון אים דערהויבן צו העלדן פון אַרבעט און וויזיאָנערן, אין אַ תקופה פון איבערגאַנג פון חורבן צו אויפקום, וואָס דינט ווי אַ בריק צווישן נעכטן און היינט, וואָס מוז און וועט פירן צו גאולה.

„קענעדער אָדלער״, 17.5.1963

**אהרן צייטלין** (1898—1973)

# אַ בלעטל פון ישראל׳דיגען נאָטיץ־ביכעל

אַרום דער קליינער מרפסת אין גבעתיים האָט אין דער שטילער דעמערונג געפלאַטערט עפּעס אַזוינס ווי אַ זכר לחורבן. וואו בין איך? אין לאָדזשער מלכות־געטאָ, אין לאַגער אוישוויץ, אין לאַגער בירקענאַו און ווי נאָך זיי הייסען? דער מענש, וואָס זיצט מיר אַנטקעגען, איז געקומען פון אַלע אידישע תהום׳ען און גיהנום׳ס, און הינטער אים, אין דעם פלאַטערדיגען דעמער, אויף רחוב באַראַכאָוו אין גבעתיים, גליווערן אומגעציילטע שאָטענס. דער מענש רעדט שטיל, ווי נישט צו שטערן עפּעס אַ הייליגקייט. אַז דער מענש שטעלט זיך אויף, איז זיין פיגור סיי הויך, סיי אַביסעל געבויגן — ווי אונטער אַ טרויער־משא. עס איז ישעיהו שפּיגעל.

אויף דאַנטע׳ן האָט מען ביים לעבען געטייטעלט: אָט גייט יענער, וואָס איז געווען אין גיהנום. אָבער דאָ איז אַ מענש, וואָס איז געווען אין נישט אַ דאַנטע־גיהנום, נאָר אין די גיהנום׳ס פון אַ פאָלק, און די אַלע גיהנום׳ס זענען אַריין אין זיינע דערציילונגען. און אַפילו איבער דעם פינסטערן פייער ציט זיך דאָ פון ערגעץ אַ פּאַס ליכט: דאָס לייכט אַזוי די נשמה פון גאָט׳ס פאָלק. דער גערמאַנישער טייוועל, וואָס האָט די גיהנום׳ס איינגעהייצט מיט אידישע גופים, צייכענט זיך ביים דער־ציילער קאָשמאַריג אין הינטערגרונט בלויז.

וואו בין איך? אין דער אידישער מדינה. צפון־מזרח פון תל אביב. אין אַ שטילען דעמער. נאָר אָט פאַרטראָגט מיך די מחשבה אין דעם פאַר־חורבנ׳דיגן לאָדזש, דעם לאָדזש פון יונג־אידיש, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום יצחק קאַצענעלסאָנ׳ען, אַרום משה בראָדערזאָנ׳ען, און וואָס געהערט צו איר האָט אויך דער, וואָס איך זיץ איצט אין דער שטוב זיינער אין גבעתיים. דער פּאַס ליכט פאַלט איבער דער לאַנגער פעטריקאָווער גאַס. און אָט טייטלט דער פּאַס ליכט אויף דער שטוב

פון יצחק קאַצענעלסאָן. צוויי דורות: דער אַלטער טאַטע, דער משכיל, דער מליצה׳דיגער משורר און בעל־דקדוק; דער זון — אַ ניי־העברעאי־שער און ניי־אידישער פּאָעט, אַ גוט־ברודערישער, מכלומרש׳ט אַ לייכ־טער און אַ שטיפעריש־לייכטזיניגער, אַן עפּיקורייער, נאָר אַז דו רעדסט מיט אים לענגער און ער נעמט אויף אַ רגע אַראָפּ פון זיך די לאַכעדיגע מאַסקע — דערזעסטו אַ טרויעריג קינד, וואָס זיין שפּילגעצייג איז צעבראָכען. סיי־ווי־סיי — עס איז היימיש צו זיין ביי אים. ער איז אַ מכניס אורח, און עס איז טאַקע אַן אמת׳ע היים, אַ וואַרים־אידישע, און טאַטע־מאַמע זענען וואַרים־אידיש, און דער אַלטיטשקער משכילי־שער שרייבער פּאַנער, דעם טאַטענ׳ס ידיד, דרעמלט מיט אָפענע אויגען, און אַז ער רעדט — הערסטו יאָ די ווערטער, נאָר זיי קומען פון אַן אַנדער וועלט. אָבער ווי נאָר עס קומט אַריין יצחק קאַצענעלסאָן רייסט זיך אַריין די וועלט פון איצט מיט איר לייכטקייט, מיט איר מאַסקע פון לייכטקייט, און כאָטש קאַצענעלסאָן האָט ברידער קוקט אויף אים די מאַמע ווי אויף אַ בן־יחיד, און כאָטש ער איז שוין אַליין אַ טאַטע — איז ער נאָך אַלץ דאָס ליבע קינד. און גיי, ווייס, אַז דאָס אַלץ וועט זיך אויסלאָזען — מיט׳ן „ליד פון אויסגעהרג׳עטען אידישען פאָלק״, דער אימה׳דיגסטער פון אונדזערע קינות.

דאָס פאַרמלחמה׳דיקע לאָדזש. אַזוי פיל פאַבריקען־רויך — און אַזוי פיל קאָליר. אַ שטאָט אַ פּאַראַדאָקס.

אַ שטאָט אַ פּאַראַדאָקסאַלע און אַ יונגע. עס פליט דורך אַ שורה פון דעם לאָדזשער משה בראָדערזאָן: „און בין איך יונג — וועל איך זיך נאָך מער יונגערן״. לאָדזש יונגערט זיך כסדר. נישט אומזיסט דאָס עקספּערימענטירען. עפּעס ליגט דער עקספּערימענט אין דער סאַמע לופט פון לאָדזש. נישט אומזיסט איז אַ לאָדזשער דער עקספּערימענטאַ־לער יונג־פּוילען־פּאָעט יוליאַן טואווים. און איז עס נישט אַ לאָדזשער פּאַראַדאָקס, וואָס אָט דער פּויליש־פּאָעט הייסט טואווים און בארימט זיך אַפילו, אַז ער שטאַמט פון דער לעגענדאַרער שרה בת־טובים?

עלי באַרוכין, האַלב שרייבער, האַלב רעפּאָרטער, וואָס דרייט זיך צווישען צוויי ליטעראַטורען, דער אידישער און דער פּוילישער, פירט מיך אַוועק — דערמאָן איך מיך — צו אַ איד־פּאָליאַק, אַ באַרימטען

יונג־פוילישען פּאָעט, וואָס קומען קומט ער פון גאַליציע, נאָר איצט וואוינט ער אין אַ „קאַוואַלערסקען" צימער אין לאָדזש: יוזעף וויטלין. איבער זיין בעטל הענגט אַ יעזוס־בילד. אין אַ ווינקעל שטייט אַ קאַסטען מיט מאַנוסקריפּטען. איך האָב פיינט — רעדט ער מיט דער שנאה פון ערב־שמד — כ'האָב פיינט די לאָדזשער אידען אָן די בערד, איך גיי אַריבער אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר ווען איך זע זיי... די אידען מיט די בערד — דאָס איז עפּעס אַנדערש: אויף זיי קוק איך ווי אויף אַ טייל פון דער פוילישער לאַנדשאַפט.

דערהערט אַזאַ מעשה, מאַך איך צו אים: —

— און איך, פּאַניע וויטלין, וועל אייך באַווייזען, אַז פּונקט ווי יוליאַן טואווים, וואָס שטאַמט, ווי אַלע ווייסען, פון לאָדזשער ליטוואַקעס, אַזוי קומט אויך איר פון ליטוואַקישער גזע.

— ווי אַזוי? וואָס רעדט דער פּאַן? איך?

— הערט, פּאַניע וויטלין. איר הייסט כמעט אַזוי ווי איך. צייטלין נעמט זיך פון דעם נאָמען צייטל — אַ אידישע טאָכטער, וואָס האָט געהאַט צען זין און איינער פון די צען איז אַ גרויסע היסטאָרישע פיגור ביי אידען: ר' יהושע צייטלין פון שקלאָוו. פריער האָבען מיר געהייסען: צייטלס. האָט צייטלס שפּעטער, ווען שקלאָוו איז אַריבער צו יעקאַטערינאַ דער צווייטער, באַקומען די רוסישע ענדונג: אין. איר, פּאַניע יוזעפיע, שטאַמט פון אַ אידישער טאָכטער, וואָס האָט געהייסען נישט צייטל, נאָר וויטל. איז פון וויטל'ס געוואָרען וויטלין, פּונקט ווי פון צייטלס איז געוואָרען צייטלין. אייער נאָמען האָט אַ רוסישע ענדונג. איר שטאַמט פון ליטוואַקעס, פּאַניע יוזעפיע!

וואָס איז געווען דער סוף? דער איד־פּאָליאַק האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגען. ער האָט זיך מודה געווען, אַז זיין זיידע איז נעבעך געווען פון די „ליטוואַצי" (ליטוואַקעס)... יענער האָט נישט געוואָלט דינען פּאַניע'ן, איז ער אַוועק פון רוסלאַנד קיין גאַליציע...

דאָ דערמאָנט זיך מיר, אַז צוליב אַן אַרבעט מיינער דאַרף איך עפּעס נאָכקאָנטראָלירען אין טווים'ס אַ ליד. הויבט זיך אויף מיין גאַסט־געבער און נעמט אַרויס פון אַ שאַנק אַ פאַרוואָגעלט לידער־בוך פון יענעם זון פון לאָדזשער סוחרים־ליטוואַקעס, וואָס האָט זיך פון דער פוילישער

שפּראַך אויסגעשניצט אַן אייגענע פידעל און געוויזען די פּאַליאַקען ווי אַזוי מען דאַרף שרייבען אַ ליד. און — שטיל הילכט־אָפּ אַן אינטים, קליין טואווים־ליד אין דעם דעמער פון גבעתיים.

דערווייל ווערט נאַכט. מען דאַרף צוריקפאָרען קיין תל אביב, אויף רחוב רופּין 41, און איצט, אין דער נאַכט, גיט אַ לייכט־אַרויס פון ישעיה שפּיגל׳ען עפּעס ווי אַ טונקעל ליכט טאַקע פון אויסטערלישע שפּיגלען אַרויס. שפּיגעל׳ס פרוי, שאַרלאָטע, שמייכעלט פריינטליך. אויך זי איז געווען אין די גיהנומ׳ס, נאָר דאָ איז דאָך ישראל, אַן אייגענע מדינה, און די נאַכט איז אַן ארץ ישראל׳דיגע.

גיי איך אַרויס אין דער ארץ ישראל׳דיגער נאַכט אַריין. עס באַגלייטען מיך וואַרימע ארץ ישראל׳דיגע אידיש־ווערטער:

„נאַכט — נישט קיין נאַכט,
נאָר אַ קליין תהילימ׳ל
מיט טונקעלע טאַוולען — — —״

ווערטער פון אַ ליד („אלונים״), געשריבען פון אינטערעסאַנטען יונג־ישראל־פּאָעט משה יונגמאַן.

דאָס אייביג־פּאָלאַרישע פון אידישען וועלט־גאַנג: פון גיהנום־נעכט אין געטאָס און אויסראָט־לאַגערס — אין דער וואַרימער נאַכט פון אייגענעם אידישען לאַנד אַריין, אַ נאַכט, וואָס איז אַ קליין־גרויס תהי־לימ׳ל. דוד המלכ׳ס תהילימ׳ל.

אַז איך בין צוריק אויף רחוב רופּין, בין איך אַ צוריקגעקומענער פון דער פאַר־חורבנ׳דיגער לאָדזש, פון לאָדזשער מלכות געטאָ, פון די אוישוויצעס, פון דריטען חורבן, פון פאָסען ליכט איבער תהום, כאָטש געווען בין איך אויף אַן אמת ביי שפּיגל׳ען אין גבעתיים.

שלאָפען? ווער טראַכט פון שלאָפען? איך לייען שפּיגעל׳ס „שטיגען צום הימעל״. דער, וואָס האָט מיך געפירט מיט אומצייליגע טרעפּ אַרונ־טער, אין די תהומ׳ען, אין די גיהנומ׳ס, פירט מיך איצט איבער שטיגען צום הימעל פון אַ אידישען אינגעל׳ס קינדער־יאָרען. עס איז גאָרנישט אַזוי אַמאָליג — און פאָרט אַזוי ווייט. דאָ, אין דעם בוך, איז עס סיי־ווי־סיי נאָענט.

איך קוק מיך אַרום, ווער רוישט עס? רוישט עס ערגעץ דער ים? רוישען עס די פליגלען פון שפיגעל׳ס אידיש?

שפּעטער, אין ניו יאָרק, לייען איך אַ העברעאישע איבערזעצונג פון שפּיגעל׳ס, „שטיגען צום הימעל״. זי הייסט: „מדרגות אל השמים״. דער איבערזעצער — א. ד. שאפיר. אויסגעצייכענט! עס לייענט זיך ווי דער אָריגינאַל. דערנאָך קריג איך צוגעשיקט אַ צווייטע איבערזעצונג: „אור מעמקי תהום״ — „ליכט פון תהום־טיפענישן״. זעקס און דרייסיג דער־ציילונגען שפּיגעל׳ס פון דער חורבן־צייט. צו א. ד. שאַפּיר׳ן קומט דאָ צו נאָך אַן איבערזעצער: בנימין טנא. די הקדמה, אַן אויסשעפּיגע, בקי־אות׳דיג־חריפות׳דיג און פול מיט אַריינפּיל, איז פון פּראָפ. דב סדן. און ווידער אַמאָל: די איבערזעצער האָבען געטאָן דאָס בעסטע. נאָר פאַר מיר איז וויכטיג דער מקור. אָט נעמט די מעשה מיט דעם משוגענעם אַלטען געטאָ־איד און דעם כתר — דער קרוין, וואָס די נאַצים טוען אים אָן. אין דער איבערזעצונג — זעהר גוט; אין מקור — אין שפּיגעל׳ס מקור — נאָך בעסער. פאַר די גויים זענען מיר אַ משוגעדיג פאָלק; זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין גאָט, משיח, אויסלייזונג. אָבער מיר טראָגען אַ קרוין. עס איז די קרוין פון מלכות בית דוד.

די דאָזיגע דערציילונג — „די קרוין״ — איינע פון שפּיגעל׳ס שטאַרקסטע, רופט זיך איבער: פון איין זייט — מיט דעם משוגענעם נביא, ברענער׳ס „ירושלמי״, פון דער צווייטער זייט — מיט דעם רבי׳ן ר׳ ישראל׳טשע ריזשינער פון דער פּאָעמע „מלכות״, געשריבן פון דעם פּאָעט מיט דעם רבישן יחוס, אַ טראַגיש־פאַרוואָגעלטען בן־מלך — יעקב פרידמאַן. עס רופט זיך איבער (אפשר בלויז אין מיר?), נאָר שפּיגעל׳ס „קרוין״ איז נישט נאָר לחלוטין אייגענדיג — עס איז בלויז ערגעץ־וואו, אונטערערדיש, שייכות׳דיגקייט מיט די צוויי ערשט־דערמאָנטע ווערק — נאָר עס איז אויך אַ סימבאָל פון אונזער אייביגען בלוטיגען גאַנג צו איד־אויסלייז און וועלט־אויסלייז: בלוטענדיגע מלכות׳דיגקייט. דוד מלך ישראל חי וקים.

**(פראַגמענט)**

**„לעצטע נייעס״, 18.12.70**

**אברהם לעוו** (1971—1910)

# „ווינט און וואָרצלען" פון ישעיהו שפיגל

אַ נײַ בוך געטאָ־נאָוועלן פון ישעיהו שפיגל. אַרויסגעגעבן דורכן אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס. ניו־יאָרק.

דאָס נײַע בוך „ווינט און וואָרצלען" פון דיכטער און נאָוועליסט ישעיהו שפיגל, איז ווי אַ המשך פון זײַנע פריערדיקע ביכער וואָס זענען דערשינען: „מלכות געטאָ" (1947), „שטערן איבערן געטאָ" (1948), „מענטשן אין תהום" (1949), „ליכט אין אָפגרונט" (1953). דורך אַלע נאָוועלן אין די פינף באַזונדערע זאַמלונגען, — ציט זיך איין גרויליקער, שוידערלעכער סיפור־המעשה פון יידישע יסורים, בזיונות, הונגער, פּײַן און אומקום אין די ענגע פאַרמויערטע געטאָ־ווענט, אין וועלכע די יידן זענען אַרײַנגעפּרעסט געוואָרן.

ישעיהו שפיגל וויקלט אויף די טרויעריקע מגילה פון אונזער אַזוי נאָענטער פאַרגאַנגענהייט; ער דערציילט וועגן די מוראדיקע אכזריותן וואָס דער געטאָ־מענטש איז דורכגעגאַנגען ביז זײַן ענדגילטיקן סוף, ביז דער פאַרשיקונג צו אומקום און אָפּמעקונג, און צום פאַרוואַנדלט ווערן אין אַש שטויב, אָן אַ מקום מנוחה אַפילו נאָכן טויט.

וואָס מער דו לייענסט זיך אַרײַן אין די מכלומרשט רואיקע שילדע־רונגען, אַלץ מער ווערסטו אויפגעטרייסלט פון די טראַגישע אַנטפּלעקונ־גען וואָס קומען פאָר אין די פאַרשידענע געטאָ־שטיבלעך אין די אָפּגע־צוימטע געסעלעך איבער וועלכע שפיגל פירט אונז אַרום און באַווײַזט: זע, וואָס עס האָט געטאָן צו דיר עמלק!...

די וועלט, און טיילווײַז אויך דאָס יידישע פאָלק, פאַרגעסט אָדער וויל פאַרגעסן דעם טראַגישן נעכטן. איז גוט וואָס דער שרײַבער שטייט נאָך אויף דער וואַך, און ווי אַ צאָרנדיקער נביא, דערמאָנט ער, דערציילט, וועקט אַז ניט פאַרגעסן זאָל ווערן די דאָזיקע בלוטיקע תקופה.

ס׳איז שוין צען יאָר נאָך דער מלחמה, נאָך דער באַפרייונג פון די געטאָס און טויט־לאַגערן און שפּיגל ווערט ניט מיד צו דערציילן בפּרוטרוט, צו שילדערן מיט אַלע קלענסטע דעטאַלן די שפּירונגען און אַנונגען פון געטאָ־ייד. ער פאַרגעסט אַפילו ניט דעם וועטער פון יענע טעג, דעם הימל, די לבנה, די שנייען און בוימער, ווי זיי האָבן זיך טרויעריק אָפּ־געשפּיגלט אין יענע יאָרן אין זעל פון געפּייניקטן מענטש. זיי, די נאַטור שילדערונגען, דערגאַנצן דאָס דערציילטע, זיי זענען אַ צוגעפּאַסטע ראַם פאַר די געשעענישן וואָס טוען זיך אָפּ אין געטאָ.

ניט נאָר וויל ער זיך ניט באַפרייען פון יענע פּיינלעך שווערע דער־מאָנונגען, נייערט ער טויכט זיך אונטער יעדעס מאָל אויפדאָסניי און שעפּט אַרויס פון דעם געטאָ־גהינום אַלץ נייע געשטאַלטן, אַנטפּלעקט פאַר אונז צעפּייניקטע יידישע נשמות, צעבלוטיקטע גופים, פון הונגער־געשוואָלענע־לייבער און דערציילט וועגן די געפילן, פאַרלאַנגען וואָס האָבן נאָך געטליעט אין די שוין כמעט פאַרלאָשענע מענטשן; ער שילדערט זיי מיט אַלע אויפטרייסלענדיקע איינצלהייטן און גיט זיי קינסטלערישן תיקון.

דער נאָוועליסט שפּיגל איז איינער פון די געטרייע שילדערער און דערציילער: מיט גרויס טאַלאַנט און מיט אַ רייכער שפּראַך האָט ער פאַרקריצט אין טאוול פון אונזער געשיכטע, אָט די יאָרן וואָס זענען אומפאַרגלייכלעך מיט זייער פּיין און שוידער.

✶

אין „ווינט און וואָרצלען" מאָלט פאַר אונז י. שפּיגל אַ ווייטער־דיקע גאַלעריע געטאָ־יידן, פון וועלכע ס׳איז לאַנג אָפּגעמעקט געוואָרן דאָס מענטשלעכע געשטאַלט. ס׳איז אַ מחנה צעבראָכענע, רעזיגנירטע יידן, וואָס דער שטענדיקער פּחד פאַרן טויט האָט דערשטיקט אין זיי אַלע אַנדערע געפילן; ס׳איז נאָר געבליבן אין זיי דער רצון צו שטילן דעם שאַרפן הונגער און אַ קרענקלעכער סעקסועלער דראַנג.

ס׳ווערט שטאַרק אומהיימלעך לייענענדיק די דערציילונגען. כאָטש שפּיגל שילדערט רואיק, מען שרייט נישט ביי אים, די האַלבע מתים גוססן שטיל און שטאַרבן נאָך שטילער, אָבער דווקא די שטילקייט שניידט זיך אַריין אין האַרצן פון לייענער, וואָס בענקט כאָטש נאָך אַ טראָפּן ליכט, נאָך אַ שפּאַרונע האָפענונג, נאָך אביסל פּראָטעסט אין וועלכע

די דאָזיקע מענטשן זאָלן זיך קענען באַוועגן. מעגלעך אַז אַזוי איז געווען די געטאָ־ווירקלעכקייט און י. שפּיגל ווי אַ רעאַליסט איז נאָר דער געטרייער פאַרצייכענער. די נאָוועלן זענען געשריבן מיט דער געניטער האַנט פון אַ מייסטער וואָס ווייס ווי צו באַוועלטיקן דעם שטאָף, איז אַ ווייטיק וואָס זיינע דערציילונגען אָטעמען מיט אַזויפיל רעזיגנאַציע און אַזוי ווייניק דראַנג צו לעבן, צו פּראָטעסט.

אַ פראָסט גייט דורך איבערן לייב פון דער ערשטער דערציילונג „ביינער". פון די ווייבער און מיידלעך אין דער פינסטערניש פון שייל־קאַמער זעט מען ניט קיין פּנימער, אַפילו ניט קיין איינציקע סילועטן און פיגורן, — ס'איז איין גרויסער, גרויער הונגעריקער קנויל, וואָס נאָר די האָפענונג אויף צו געפינען עפּעס צום עסן, האַלט זיי אויף ביים לעבן.

דער הונגער און די אומענדלעכע גרוילן האָבן אָפּגעווישט דעם אונטערשיד פון יאָרן. אַלע זענען אַלט, אויך די יונגע זענען גרוי און מיט איינגעפאַלענע ברוסטן אָן אַ טראָפּן ווארעמקייט. אַלעמען באַהערשט איין געפיל, איין גרויסער, גרויער נאַגענדיקער הונגער, וואָס הערט ניט אויף, וואָס האָט ניט קיין אָנהייב און ניט קיין סוף, און אָט דער נאָך קוים לעבעדיקער קנויל ווייבער גראָבט זיך אין אַ קלעפּיק־שוואַרצן באַרג אָפּפאַל כדי אַרויסצוגעפינען אפשר אַ צעפוילט שטיקל שאָלעכץ...

ס'איז אַ שוידערלעך בילד געמאָלן פון אַ גרויסן קינסטלער. מען זעט בולט דעם גרויסן פוילנדיקן באַרג קאַרטאָפל־שאָלעכץ אין דער פינסטערער שייל־קאַמער און די לעבעדיק־פוילנדיקע ווייבער וואָס גראָבן זיך אין אים ווי ווערים. ס'איז אַ בילד וואָס באַגלייט דיך די גאַנצע צייט ביים לייענען און טוט זיך ניט אָפּ אויך שפּעטער. אַזעלכע שאַרפע שילדערונגען און בילדער זענען דאָ אַ סך אין בוך; זיי רייסן מיט און טראָגן אַוועק צו יענער — דוכט זיך ווייטער און דאָך אַזוי — נאָענטער פאַר־גאַנגענהייט.

די צווייטע דערציילונג „מאַכעלע" — וועגן אַ פאַרזעעניש, אַן עלנטן קריפּל אין געטאָ. ער און זיין קראַנקע מאַמע אין אַ שטיבל. מיידלעך וועלכע זעען אים שטיין ביים פענסטער, אַנטלויפן פון שרעק צוליב זיין העסלעך־פאַרקריפּלט געשטאַלט. מאַכעלעס מאַמע גייט אויס, שטאַרבט

אויפֿן שטרוי־זאַק און הינטער איר צוקאָפּנס ליגט דאָס קליינע זעקעלע מיט אָנגעקליבענע דינע ברויט־פּאַרציעס, וואָס די קראַנקע האָט שוין ניט געקאָנט עסן. מאכעלע גיט אַוועק די דינע ברויט־רעפּטעלעך צו אַ מיידל פֿון הויף. און ווען דער שטרוי־שעניק איז נאָך ניט אָפּגעקילט פֿון דער מאַמעס גוף, וועלכן מען האָט מיט עטלעכע שעה פֿריער פֿון דאַנען אַרויסגעטראָגן — איז אויף דעם זעלבן שטרוי־זעקל גיט זיך דאָס מיידל איבער צו דעם פֿאַרזעעניש, האַלטנדיק די געשענקטע ברויט־פּעניצעס אין אירע צעשפּרייטע פֿאַרהויבענע הענט.

ס׳זענען בילדער פֿון געטאָ־אָפּגרונט געמאָלט אַזוי רעאַל און ניכטער, אַז ס׳פֿאַררייסט ביים האַרץ. קיין סך אַקציע פֿאַרמאָגן ניט זיינע דערציילונגען, אָבער דאָס געצייכנטע מאָלט ער שאַרף און בהרחבה אַזוי אַז דאָס אומגלויבלעכע, ווערט גלויבלעך, און ס׳דוכט זיך אָפּט אַז אויך די אַרומיקע נאַטור וואָס ווערט געשילדערט אין די דערציילונגען, די ווינטן, די פּלויטן, די גראָזן, די פֿויגלען לעבן אַ פֿינסטערן ענגן דערשטיקטן געטאָ־לעבן צוזאַמען מיט די אומגליקלעכע איינוווינער אירע.

✶

פֿאַרשטענדלעך אַז ניט מען קאָן דאָ, ניט איך האָב בדעה צו ברענגען דעם אינהאַלט פֿון אַלע דערציילונגען פֿון בוך. כ׳האָב נאָר געוואָלט געבן אַ באַגריף פֿון די אינהאַלטן אַרום וועלכע עס דרייען זיך שפּיגלס דערציילונגען פֿון געטאָ, אַן אַנדייטונג פֿון די העלדן זיינע וועלכע ער שילדערט אַזוי טיף־פּסיכאָלאָגיש אין די טעג און אין די לעצטע מינוטן זייערע.

אויך דעם דייטש שילדערט ער: ער אַנטפּלעקט אונז די חיה־רעה אין איר גאַנצער נאַקעטקייט, אין איר גאַנצער בלוט־דאָרשטיקייט. שפּיגל פֿאַרגעסט ניט צו באַווייזן אויך אַ מענטשלעכן דייטש אין דער דערציילונג „קאַלציום", אַ דייטש וואָס שענקט אַ יידיש מיידל ברויט מיט פּוטער און אַ רפואה פֿאַר איר מאַמע, אַ פּלעשעלע קאַלציום. אָבער דאָס איז אַן איינציקער פֿאַל אין ים פֿון רשעות און רציחות, אַן איינציקער פֿאַל וואָס מאַכט נאָר בולטער די שוואַרצקייט פֿון יענע טעג.

גאָר אַ באַזונדער אָרט פֿאַרנעמט אין בוך „דער עפּיסטאַל פֿאַר מיין טויט טעכטערל". ס׳איז אַן עלעגיע, אַ קלאָג־ליד אין פּראָזע. קאַפּיטלעך תהלים וואָס מען זאָגט בלחש מיט האַלב־טויטע פֿאַרחלשטע ליפּן ביי

אַ גאַר נאָענטן נפטר. ס׳איז אַ מין חשבון־הנפש מיט זיך, מיט גאָט, מיטן אַרום וואָס איז פאַרמאַכט פון אַלע זייטן און אַרומגערינגלט נאָר מיט טויט:

„צו וואָס האָסטו אַלמעכטיקער, אַזוי שווער געפּרווּט מיין לעבן, כדי קיינמאָל מיך ניט אויפצוהייבן צו זיך? צי וועסטו קיינמאָל ניט איינשטילן די גרויע טויטן־ווינטן מיטן הויך פון דיין ליכט? צי וועסטו קיינמאָל ניט אויסרייסן די ביטערע טויטן־זאַנג פון דיין גרינער, זינ־געוודיקער ערד? איך בין אַ מיד־אייזן, אויסגעגליט און געשלאָגן. גע־טראָפן פון דיינע בלינדע דונערן. דערלאַנג אונז די האַנט אין אונזער אָפּגעצוימטקייט, פאַרהוילענער וועלטן־פאָטער!״

, ס׳איז געלייטערטע תפילה־דיכטונג פון אַ צעבלוטיקט האַרץ, אַזוי האָבן אפשר אַמאָל אין אַן עת־צרה, מיט אייגענע ווערטער זיך אויס־געטענה׳ט מיט גאָט, אונזערע זיידעס.

✶

אין די באַוועלן פון צווייטן טייל, „וואַרצלען״, אָטעמט שוין מיט צעשפּרייטע ווייטקייטן, ס׳איז שוין אויסער די ענגע געטאָ־ווענט. עס פילן זיך שוין אין לופט די באַפרייונגס־ריחות. די ברוינע חיה גייט שוין אָפּ אין איר אייגן בלוט. די אומגליקלעכע וואָס זענען לעבן געבליבן גייען אַרויס פון די וועלדער, פון פאַרשטעקטע לעכער, פון איבער די רוסישע גרעניצן ווו דער געוויטער פון די בייזע יאָרן האָט זיי פאַרטריבן. פון די געטאָס און בונקערס, ווו זיי האָבן געפּוילט לעבעדיקערהייט.

שפּיגל׳ס געטאָ־ייד דערציילט:

כ׳האָב געזוכט אַ שפּור פון מיין פאַרקוילטער שטוב... אַ פויגל, אַ גערצאַטעוועטער פונעם פייער־שטורעם... כ׳האָב געזוכט אַ שאָטן פון אַ פענצטער, פון אַ טרעפּ. און אומעטום — פאַרשרפהט, אַלטער, ווייגענדי־קער שטיין, האָט נאָך געבריט מיט גליווערדיקן בלוט פון זייערע קעפּ״.

די יידן, צעלויפן זיך נאָך דער באַפרייונג, „געזעגענען די ערד וואָס האָט דעם יידישן שטאַם אין פייער־שטויב פאַרצערט״ אַ טייל קומען קיין ארץ־ישראל. וועגן איינע אַזאַ משפחה פון די שארית הפליטה דערציילט אונז שפּיגל.

מרים און רפאל, צוויי יונגע מענטשן, קומען שלאָגן וואָרצלען אין דער ישראלדיקער ערד. אָבער אויך דאָ אין יידישן לאַנד גייט זיי נאָך

דער ביטערער גורל, חדשים פון אַרבעטסלאָזיקייט און הונגער, דאָס איינציקע טעכטערל שטאַרבט זיי אַוועק. און ווען זיי לאָזן אַראָפּ דעם קליינעם גופל אין פינסטערן קבר, ווערט צום ערשטן מאָל דער דאָרף זייערער פאַרפלייצט מיט עלעקטריש ליכט.

ס׳איז ווי אַ סימבאָלישע אָנדייטונג פון דערציילער, אַז דאָ ברענגט ניט דער טויט קיין פינסטערניש. דאָ איז דער יונגער קבר, נאָר אַ וואָרצל, אַ פאַרקנסונג מיט דער אייגענער ישראל־ערד.

ישעיהו שפיגלס ניי־בוך דערציילונגען, איז אַ טרויעריק בוך, ס׳איז אַ מגילה פון אונזער צעבלוטיקטן דור, וואָס האָט דורך יסורים, טויט און פינסטערניש, זיך דערשלאָגן צו אייגן ליכט.

„לעבנס־פראגן"

**נחמן מייזיל** (1887—1966)

# ישעיהו שפיגל

ישעיה שפיגל, דער טאַלאַנטפולער יידיש־פּוילישער דיכטער און דערציילער, וואָס זיינע לידער און זיינע געטאָ־דערציילונגען („שטערן איבערן געטאָ", 1948; „מענטשן אין תהום", 1949) האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף די לייענער און אַרויסגערופן באַגייסטערטע קריטישע אָפּהאַנדלונגען, איז מיט אַ צוויי חדשים צוריק געקומען פון פּוילן קיין ישראל. ער איז האַרציק אויפגענומען געוואָרן אין לאַנד, און עס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן וועגן אים אַרטיקלען.

אין אַ רעדע, געהאַלטן אויפן קבלת־פּנים אינעם יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן־פאַראיין (פון די יידיש־שרייבער), האָט ער צווישן אַנדערן געזאָגט: „דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל איבערלעבן דאָס גרעסטע מענטשלעכע גיהנום. מיר איז שווער צו רעדן וועגן אונדזער יידישן חורבן. וועגן אַזעלכע אומגליקן טאָר מען בכלל נישט רעדן. אויב שוין רעדן — אין אַביסעלע שטילער, געצוימטער, בקול דממה דקה. גוט האָט געזאָגט ר' נתן האַנאָווער וועגן גזרת ת"ח: „כ'וויל נישט דערציילן אַלץ, כדי נישט צו פאַרשעמען דעם מין מענטש". איך ווייס נישט, צי אַ ליטעראַריש ווערק דאַרף אַלץ דער'ציילן. ליטעראַטור איז נישט קיין ענציקלאָפּעדיע און נישט קיין פּנקס. נאָר דורך אָפּקלויבן און פילטרירן דעם רויען שוידער־שטאָף קאָן געגעבן ווערן אַ תיקון יענער ביייזער תקופה. די רציחה פון היטלער־תקופה ליגט, מיין איך, קודם כל אין דעם בהדרגהדיקן טויט פון דער יידישער נשמה. דער טייוול האָט געוואוסט, אַז די נשמה האַלט זיך לענגער ווי דער גוף און אַז זי, די נשמה, פאַלט איין גאָר די לעצטע. אין די געטאָס איז דער גוף געווען דער ערשטער קרבן, וואָס האָט זיך איינגעבראָכן, בעת דער גייסט, די יידישע נשמה, האָט נאָך לאַנג, לאַנג אין אים געטליעט. ווער פון די שרייבער עס זעט

נישט דעם חורבן פון דער יידישער נשמה, דעם אינעווייניקסטן גיהנום פונעם געטאָ־מענטשן, נאָר בלויז זיין דרויסנדיקן, פיזישן פאַנאַדערפאַל — דער דערזעט נישט דעם געטאָ־ייד בכלל״.

און רעדנדיק וועגן די אויפגאַבן און אחריותן פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער איצטיקער צייט אין ישראל, האָט י. שפיגל ווייטער געזאָגט: „דאָס יידישע וואָרט וועט האָבן דאָ בייצושטיין אַ סך שווערע נסיונות. אָבער אירע שעפער און קינסטלער זיינען באַפליגלט מיט אַ סך עקשנות און מיטן גייסט פון זייערע גרויסע פאָרגייער. די, וואָס זיינען די נאָכגייער פון אונדזערע גרויסע יידישע ליטעראַטור־געשטאַלטיקער, אויף זיי ליגט אַ גרויס אחריות: נישט אַרויסלאָזן דעם דימענט פון דער האַנט, דעם דימענט, וואָס פורעמט און שניידט דאָס יידישע לשון זייער טיף. דער יידישער שרייבער וועט אויפנעמען דאָס נייע, דאָס שיינע, דאָס וווירדיקע, דאָס אייביק־יידישלעכע — און עס געשטאַלטיקן אין זיינע ווערק. אַזאַ קונסט וועט קיינעם נישט פרעמד זיין. אַזאַ קונסט פאַר־אייניקט אונדז אַלע. אַזאַ קונסט וועט דינען אַלע, דעם פאָלק אין ישראל און אונדזער פאָלק אין דער גאָרער וועלט. אַזאַ קונסט וועט בלייבן לדורות אַ זכר פון אונדזער לעבן און געראַנגל, אַ געראַנגל, וואָס פירט צו אַ גליקלעכן לעבן פון אונדזער פאָלק אויף זיין אייגענער ערד...״

„איקוף״, 6, 1951

**ב. שלעווין** (1913—1981)

# דער לאָדזשער פּראָזע־שרייבער ישעיהו שפּיגל

פון דעם אַלעם וואָס איז ביז איצט געשריבן געוואָרן וועגן דעם לעבן אין די געטאָס פון פּוילן, אין אָקופּאַציע־צייט, טיילט זיך די שאַפונג פון לאָדזשער שרייבער ישעיהו שפּיגעל באַזונדער אויס. ער האָט אַליין דורכגעלעבט דעם גרויל פון געטאָ אין לאָדזש. ער איז אַריינגעוואַקסן און פאַרבונדן מיטן יידישן לעבן אין אָט דער פאַרויכערטער שטאָט, ווו די יידישע ווירקלעכקייט האָט געשאַפן עפּעס אַ מין אייגענעם קאָלאָריט אין דער פּילפאַרביקייט פון די געוועזענע גרויסע יידישע מאַסן־ישובים.

אין דער יידישער ליטעראַטור איז לאָדזש פאַראייביקט געוואָרן אין דעם גרויסן ראָמאַן פון י. י. זינגער „די משפחה אַשכנזי". דער גרויסער יידישער שרייבער י. י. זינגער האָט נישט געשטאַמט פון לאָדזש. ער האָט זיך אָבער אַ סך מאָל צוריקגעקערט אין דער דאָזיקער שטאָט פון קוימענס, רויך און יידישער פּראָלעטאַרישער אָרעמקייט. ער האָט אין דער געשיכטע פון אָט דער בערך יונגער שטאָט דערזען די גרויסע עפּיק, דאָס אויפוואַקסן אין משך פון די לעצטע הונדערט יאָר פון אַ גרויס־אינדוסטריעלן צענטער, דעם אינטענסיוון אָנטייל פון יידן, סיי אינעם שיכט פון די אונטערנעמער, סיי צווישן די סאַמע עקספּלואַטירטע.

בעת דער לעצטער מלחמה איז דאָס רייכע, פּילפאַרביקע יידישע לאָדזש חרוב געוואָרן. די יידישע באַפעלקערונג איז געוואָרן אַרויסגעפירט אין די מאָרד־לאַגערן. אָבער דער לאָדזשער געטאָ, וואָס האָט געהאַרע־וועט פאַר די דייטשן, איז געוועזן פון די איינציקע, וואָס האָבן אַמלענגס־טן עקזיסטירט.

ישעיה שפּיגעל האָט מיטגעמאַכט דעם חורבן אין די לעצטע טעג פון דער עקזיסטענץ פון געטאָ, האָט פאַרפיקסירט שטיקער פון יידישן

גרויל, האָט די מאַנוסקריפּטן פאַרגראָבן ערגעץ אין אַ קעלער, איידער מען האָט אים אַליין אַוועקגעפירט קיין אוישוויץ. פון דעם דאָזיקן מאָרד־לאַגער איז ער אָבער, צום גליק אַרויס לעבעדיק און האָט אין משך פון דער צייט באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן צוויי קליינע ביכלעך פון זיינע נאָוועלן — „מלכות געטאָ", אַרויסגעגעבן אין 1947 אין לאָדזש און „שטערן איבערן געטאָ", אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג ביי דער אָרגאַניזאַציע פון פוילישע יידן אין פּאַריז.

צוויי מאָגערינקע ביכעלעך מיט אַ קאַרגע צוויי צענדליק נאָוועלן, וואָס בילדן פאַקטיש איין גאַנצקייט, געשריבן דורך דער רייפער האַנט פון אַ באַדייטנדיקן וואָרט־קינסטלער. דאָס, וואָס מאַכט אַמטיפסטן אויפשוידערן אין די באַשרייבונגען פון געטאָ, איז, וואָס זיי זענען געשריבן געוואָרן זייער שטיל, שוין אפשר צו־שטיל, אָבער דער ווייטיק שרייט אַרויס פון אָט דער שטילקייט. די קליינע טראַגעדיעס פון אונטערגייענדיקע יידישע משפחות וואַקסן אויס צו סימבאָלן.

די פּראָזע פון ישעיה שפּיגעל אין געדיכט, שטייגעריש, ער באַקומט לייכט אַרויס די פּלאַסטיק פון לאָדזשעריש־יידישן שטייגער. ער ווייזט מיט גליווערנדיקן רעאַליזם קליינלעכע, מענטשלעכע שוואַכקייט אין אַנ־בליק פון טיפסטן גרויל. די מענטשן רעוואָלטירן זיך נישט ביי אים. זיי נעמען אויף אַלץ ווי אַ באַשערטע זאַך, און קעגנשטעלן זיך איז נישט שייך. זיי פּאַסן זיך צו, נעמען אויף די געטאָ־באַדינגונגען און באַמיען זיך פאַרצוזעצן דעם אַלטן שטייגער. מען האָט אַפילו חתונה, מען קינדלט.

וויפל גרויל־פאַקטן מען זאָל נישט דערציילן פון די געטאָס, וועלן די פּלאַסטישע שילדערונגען פון ישעיהו שפּיגלס נאָוועלן פאַרבלייבן צווישן די וויכטיקסטע דאָקומענטן פון דער צייט. ווייל זיי שילדערן דעם מענטשן גופא, דאָס פאַלן און דאָס דערהויבן זיך פון דעם מין מענטש.

„פרייע פרעסע", פּאַריז, סעפּט. 1948

ב.

# דער עפּיקער פון אַן אונטערגעגאַנגענעם קאָנטינענט

(צו די 70 יאָר פון ישעיהו שפּיגל)

אין נאָרמאַלע באַדינגונגען וואָלט דער שרייבער פון אָרעמען יידישן וועבער־קוואַרטאַל באַלוט, אין לאָדזש, ישעיהו שפּיגל, געפּייערט געוואָרן מיט גרויס כבוד און פאַרערונג, צו זיין ווערן אַ בן־שבעים; כ'מיין ביי די יידישע מאַסן אין פּוילן, ווו זיי האָבן געלעבט, געליטן, געשאַפן גרויסע מאַטעריעלע און גייסטיקע ווערטן במשך פון קאַרגע טויזנט יאָר. נאָך אַזאַ ביטערן מאַרטירער־וועג פון געטאָס, לאַגערן, על פּי נס אַרויס פון די קרעמאַטאָריע־פלאַמען, איז ער דאָך ליב און טייער, ישעיהו שפּיגל, מיטן אַנטפּלעקן זיך ווי איינער פון די גרויסע עפּיקער, וואָס דאָס יידישע פאָלק ביי די ברעגן פון דער ווייסל האָט געבערענגט דער יידישער ליטע־ראַטור. ישעיהו שפּיגל געהערט צום יינגערן דור יידישע שרייבער אין פּוילן, ער קען אָבער אָוועקגעשטעלט ווערן אין איין ריי מיט אונדזערע נעאָ־קלאַסיקער, ווי שלום אַש, י. מ. ווייסענבערג, י. אָפּאַטאָשו; כאָטש אויף אים איז שוין אויסגעפאַלן דער טרויעריקער גורל, די מיסיע צו זיין דער מקונן נאָכן אויסגעקוילעטן פאָלק.

אונדזערע ראשונים האָבן געהאָט דעם זכות צו לעבן און צו שאַפן צווישן אַ געדיכט יידיש פאָלק, וואָס האָט אַרויפגעקוקט צו זיי מיט ליבע און דרך־ארץ. זיי זענען געווען די שליחי־ציבור מיטן געלייטערטן יידישן וואָרט; זיי האָבן דאָס יידישע וואָרט ציזעלירט, געטעסעט, דיסטילירט, אָפּגעקליבן און — אַ געלייטערטס — צוריקגעברענגט עס אין פאָלק אַריין. ווער וועט נישט דורכגעפּיבערט ווערן פונם געלייטערטן וואָרט פון ישעיהו שפּיגל? דאָס שטילע, איידעלע וואָרט זייַנס, וואָס שרייט אויס דאָס אומרעכט קעגן אונדז — צי קען עס דען זיין אַ טרייסט, ווען אַפילו עטלעכע אָפּגעפרעמדטע יידישע סטודענטן וועלן, דאָ און דאָרט, אין די אוניווערסיטעטן, זיין ווערק לייענען, אַנאַליזירן, אפשר פאַרשן, אָבער ווי אַן אַנטדעקטן פאַרמעט פון די ספרים חיצונים?

נאָר מיר קענען נאָך טיף איבערלעבן די וועלט פון י. שפּיגל, אין הערמעטיש־אָפּגעשלאָסענעם רוים פון דער געטאָ־און לאַגער־וואָר. איבער דער וועלט פון מייסטער י. שפּיגל הענגט דאָס קאַלטע, גלייכגילטיקע לבנה־ליכט פון אונטערגייענדיקע וועלטן. ס'איז דער אומענדלעכער גרויס־אומעט פון לאַנגזאַמען גאַנג צום טויט, צום קרעמאַטאָריע־טויט. זעלטן־ווען מ'זעט אַ ליכטיקע שפּאַרע פאַרן מענטש; און דאָך פיבערן זיי, די געטאָ־און לאַגער־אַסירים, מיט עפּעס אַ העכערער אמונה, אַז נישט אַלץ איז לית דין ולית דיין; כאָטש דער שונא האָט אַלע פיזישע און גייסטיקע רעזערוון אָפּגעטויט אין זיי. דערמיט געהערט ישעיהו שפּיגל צו די זעלטענע, וואָס ציט דעם פאָדעם פון אונדזער טראַגישער עפּיק, נישט צו פאַרגלייכן מיט קיין שום ליטעראַטור, ביי קיין שום פאָלק. ס'איז די וועלט פון בלויז חושים, שפּירונגען, אַנונגען.

מיר האָבן אָן אַ שיעור דאָקומענטן, גבית־עדותן. זיי זענען שוידערלעך אַליין און פאַר זיך. צומווייניקסטן באַווירקן אונדז די, וואָס ווילן „מאַכן ליטעראַטור". י. שפּיגל איז אָבער אוממיטלבאַר, שטיל, ראַפינירט, אין זיין מאָלן דעם מענטש, פון אינעווייניק, פון זיין געמיט־אַרויס, ביז שניידנ־דיקער רעאַליטעט. דאָס איז באַדאַכטע דערציייל־קונסט פון אַ גאָר הויכער מדרגה. פון זיינע שורות גיסט זיך אין געמיט אונדזערן אַן אומענדלעכער אומעט. מ'דאַרף שטאַרק זיין, נישט אויפגעטרייסלט צו ווערן פונעם שוידער, וואָס ווייעט פון זיין רויקן, דווקא זייער געמיטלעכן נאַראַטיוו. ס'איז ווי אַ פאַרחלשט אויסדערציילן דעם נישט־געאָנטן אַנגסט פון דער פינצטערער געטאָ־וואָר. צי האָבן מיר עס דען שוין רעאַליזירט מיט אונדזערע חושים, מיר, וואָס זענען דאָרט נישט געווען? אַפילו די לעבן־געבליבענע, וואָס האָבן אַליין דורכגעשוידערט דעם געטאָ־און לאַגער־קאָשמאַר, קענען זיך אָפּט נישט מער גלייבן, אַז דאָס אַלץ האָט טאַקע פּאַסירט.

פון שפּיגלס געטאָ־דערציילונגען זינגט אַרויס דער ניגון, דער מאוויימדיקער ניגון פון הונגער, אין אַלערליי ניואַנסן. די מענטשן־שאָטנס זענען ענלעך צו קראַנקע קעלער־פּלאַנצן. די ענגע וועלט, אין וועלכער זיי זענען אַריינגעשפּאַרט געוואָרן, איז ווי דעפּאָרמירט דורכן קאָשמאַר פון קראַנקע זעאונגען און קראַנקע וויזיעס. ווי בלאָס, זאָגן מיר, קנוט האַמסונס „הונגער" זעט אונדז היינט אויס, אין ליכט פון געטאָ־און

לאַגער־הונגער. דאָרט איז עס קראַנקע, אינטעלעקטועלע ראָמאַנטיק און דאָ — דער גרויל פון באַרבאַרישן פאַשיזם, צו וועלכן האַמסון אַליין האָט זיך צולעצט אַזוי מיאוס דערקייקלט.

פון דער גאַנצער לאַגער־און געטאָ־ליטעראַטור — דער עכטערער — איז י. שפּיגל אָן שום ספק איינער פון די קרעפּטיקסטע, מיט אַן אייגנאַר־טיק פּנים, מיט אַן אייגענעם ניגון, זיין ניגון. דער ניגון רופט אַרויס אַ נאָגנדיקע הוילקייט אין דער נשמה. זיין פּרעציז וואָרט איז אָנגעזאַפּט מיט קילער, דורכגעלויכטענער קלאָרקייט. ער צייכנט זיינע פיגורן און סילועטן מיט דער געניטער האַנט פון אַ מייסטער. מ׳דאַרף זיין אינערלעך שטאַרק צוצורירן זיך צו אַזאַ מאַקאַברישן שטאָף מיט רעאַלער ניכטערקייט. ס׳איז אָבער בלויז דער אויסערלעכער איינדרוק אַזוי. די טראַגיק שרייט נישט. די ווערטער זענען שטיל, געדעמפּט, און דערמיט אפשר איז דאָס געשריי נאָך טיפער און העכער. דער עלעמענטאַרער אינסטינקט פון פּראָטעסט, נקמה האָט ערגעץ־ווו געטליעט אַפילו ביי די האַלבע מתים. דאָס איז אַ ליריזם, וואָס רייסט ביי דער נשמה, וועקט צוריק אויף אַלע ווייטיקן. ס׳איז אַ באַלאַדע פון גרויל, טרויער, טויט, אונטערגאַנג פון אַ טויזנט־יאָריק לעבן.

אין זיין שוידער־באַלאַדע „עפּיסטל פאַר מיין טויטן טעכטערל" דער־גרייכט י. שפּיגל נישט נאָר צו אַ פּאָעטישער הויך, נאָר צום טאָן פון פּיוט, וואָס יידן וויינען דערביי איבער די פאַרגעלטע בלעטער; ס׳איז ווי דער פּיוט פון די „עשרה הרוגי מלכות", וואָס ווערט געזאָגט ערב יום־כּיפּור:

„מיינע ליפּן ווילן נישט לעסטערן. צי קען אַ מענטש לעסטערן זיין גרויסקייט? מיין האַרץ וויל נישט ווידערשפּעניקן. דער טאָג פון אונדזער לעבן איז נאָך נישט צום סוף. וועסט צוריק אויסגלייכן דעם אויסגעקרומטן רוקנביין פון מיין פאָלק, פון אַלע פעלקער פון דער ערד, פון דיינע פאַרפּייניקטע זין. וועסט איינשטילן דעם טויט מיט פרידן פון דיינע היילנדיקע ווינטן, וועסט פאַרטיליקן די טויטן־זאַנג פונעם שטן מיט דיין האַרבסטער שטראָף. וועסט נקמה נעמען, אייביקער באַשעפער... וועסט פאַרטרייבן דעם שטן פון דיין ערד אויף אַלע אייביקייטן מיט דיין ליכט, אָ, פאַרהוילענער און וואַכיקער באַשעפער"...

דאָס איז דער טאָן פון תחינה, פון געבעט. ס'איז אַפילו טראַגישער ווי דאָס געוויין פון מיטלאַלטערלעכן פוילישן דיכטער יאַן קאָכאַנאָווסקי איבער זיין טעכטערל אורשולאַ. קאָכאַנאָווסקי געהערט צו דער פוילישער קלאַסיק. ווייל איך דערמיט זאָגן, אַז דאָס טויטן־געזאַנג, די תחינה פון י. שפיגל איבער זיין אייגן אומגעקומען טעכטערל, געהערט זיכער צו דער יידישער קלאַסיק.

י. שפיגל האָט זיך דערגרונטעוועט צו די חיהשע טראַכטענישן, צו די באַרבאַרישע אינסטינקטן פון נאַצי, צו זיין קולטורלאָזיקייט, אויף וועלכער ס'העגנגט דער עטיקעט „קולטור", אָבער אויך — צו דער דייטשער קולטור, וואָס איז אומאָפפרעגבאַר. ער האָט זיך דערגרונטעוועט צו דעם, וואָס האָט דעם דייטש דערפירט צום קאַניבאַליזם; כאָטש ווייט פון „פּאָ־ליטיק", בלייבנדיק אין היכל פון הויכער קינסטלערישער געשטאַלטונג.

די חורבן־מגילות לייענען מיר מיט אַן אינערלעכן ציטער, וואָס מאַכט אונדז אויפשוידערן. מיר ווייסן היינט וואָס פאַראַ טראַגעדיע אין געטאָ־לאָדזש האָט זיך אָפּגעשפּילט, מיר ווייסן וועגן טרויעריק־באַרימטן „יודען־קעניג", וואָס די געטאָ־אסירים, אין זייער גאַלגן־הומאָר, האָבן אָנגערופן „חיים פּיערווּשי" (רומקאָווסקי). מיר זעען אים נישט אין שפיגלס געטאָ־דערציילונגען, מיר פילן אָבער אומעטום זיין שאָטן. ס'איז אפשר דערפאַר, ווייל י. שפיגל יאָגט זיך ניט נאָכן דראַסטישן דערצייל־שטאָף. ס'איז נישט אין גייסט פון זיין שטילן, לירישן טאָן. אים גייט אין דער טיפער איבערלעבונג, אין דער אַטמאָספער. פון דעם איז צו דרינגען, אַז דער הויפּט־כוח פון שרייבער ליגט אינעם אַרויסבאַקומען פון דער מענטשלעכער איבערלעבונג, פון אַ סיטואַציע, אין קאָנפליקט מיט זיך אַליין דעם מאַקסימום ניואַנסן. ער איילט זיך נישט, ער צעבערעקלט, אַנאַליזירט, וועקט אויף אָן אַ שיעור אַסאָציאַציעס, רעמיניסצענצן, אַרויס־צובאַקומען פאַרגאַנצט, אינערלעך, זיינע געשטאַלטן. אים איז ליבער, אַז עפּעס בלייבט נישט־דערזאָגט.

דער אָפּטימיזם שפּיגלס איז אַן אינערלעכער. ער שרייט נישט. ס'גאַנצע יידישע לעבן שטייט ביים אָפּגרונט, אָבער ס'ריגען נאָך אין אים פאַר־באָרגענע זאַפטן, כאָטש אָן שום אָנהאַלט אין דער וואָר. צי וואָרצלען

דען נישט אין זיין הויך־טאַלאַנטירטער נאַראַציע די זאַפטן פון פאָלק, וואָס זוכט צוריק זיינע וואָרצלען? ער אַליין ווערט, צוזאַמען מיט די לעצטע פון לאָדזשער געטאָ, אַוועקגעריסן אין די אומקום־לאַגערן, דערנאָך — די טויט־מאַרשן בעת דער עוואַקואַציע דורך די וועלדער פון בעמען און טירינגען, ווו טויזנטער „העפטלינגען" זענען געפאַלן, אַזוי נאָענט פון דער באַפרייאונג. פון זיינע ווונדערלעכע באַשרייבונגען שפירן מיר אַרויס דעם מענטש, צוריק פאַרוואָרפן אין אוראַלט, נאָך אַ לאַנגן, פינצטערן טונעל, צו דערגיין צום „פליענדיקן הירש", צו דער אויסגע־בענקטער, באַפרייטער ערד.

י. שפּיגלס אימפּרעסיאָניזם גרענעצט זיך ערגעץ ווו מיטן רעאַליזם; כאָטש אַ רעאַליזם פון קראַנקע זעאונגען, הונגער, טויט, פון בלויז בלינדע חושים. אָבער אויך די פאַרבינדונג מיט דער ישראל־ערד האָט דעם עולה רפאל מיט זיין ווייב פאַרשניטן דורכן טויט פון זייער יונג טעכטערל. צי איז עס נישט אַמאָל דאָס אייגענע טעכטערל זיינס? דאָס זענען אויסגע־וואָרצלטע, וואָס זוכן צוריק איינצוקלאַמערן זיך אין דער ערד, די פלאַנץ, וואָס זוכט דעם באָדן.

און ישעיהו שפּיגל האָט די „וואָרצלען" פון זיין לעבן און שאַפן געפונען.

נאָך לאַנגע יאָרן דעם מייסטער ישעיהו שפּיגל!

„ישראל־שטימע", 25.2.1976

**ישראל עמיאָט** (1909—1978)

# ישעיהו שפּיגלס עסייען

ישעיהו שפּיגל: געשטאַלטן און פּראָפילן, ב. 1.
„המנורה", ת"א, 1971.

ישעיהו שפּיגל איז באַקאַנט ווי איינער פון אונדזערע גאָר גוטע פּראָזאַאיקער און שילדערער פון חורבן.

זיין איצטיק בוך „געשטאַלטען און פּראָפילן" זיינען ליטעראַרישע עסייען, געשריבען, ווי עס שיינט, ביי געלעגענהייטען און, ווי דער מחבר אַליין פאַרענטפערט זיך אין זיין הקדמה, פּרעטענדירען זיי ניט אויף אַן אויסשעפּיגען אַנאַליז פון באַהאַנדלטען שרייבער׳ס כולל׳דיגן שאַפען. אָבער אַזוי ווי שפּיגל איז אַ גוטער קענער פון דער אַלגעמיינער און אידישער ליטעראַטור, אַ מענטש מיט געשמאַק און סטיל, האָט ער ממילא אויך שטענדיג וואָס צו לאָזען הערען עפּעס, וואָס איז ניט צו־באַקאַנט, כאָטש וועגן די נעמען פון די שרייבערס וואָס י. שפּיגל שרייבט, איז שוין אַזויפיל געשריבען געוואָרען, אַז עס איז באמת שווער צו זאָגן עפּעס נייעס. ער ציטירט טאַקע אַ סך און קודם־כל דעם רש"י פון דער אידישער קריטיק (ווי שפּיגל רופט אָן ש. ניגער׳ן). ער ציטירט דאָס סאַמע עיקר׳דיגסטע, די שטיינער צום בנין און בויט אויף דעם זיינע אַנאַלאָגיעס.

ביישפּיל. וואָס האָט פאַרשווערט שלום עליכמ׳ס ערשטע שריט, כדי אויפגענומען צו ווערען אין דער ליטעראַטור מיט זיין גרויסען טאַ־לאַנט? דאָ קומט אַ ציטאַטע פון ש. ניגער:

„די אידישע ליטעראַטור איז ווי אַ טעמפּל געווען, וואו עס שטייט אַ מזבח פאַר גאָט. אין אַ טעמפּל איז מען ערנסט און פייערליך. אין אַ טעמפּל איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר לאַכעדיגס... מען האָט געמעגט

לאַכען און פריילין זיין, מען האָט אָבער ניט געטאָרט שרייבען קיין ספרים וואָס מאַכען לאַכנדיג און פריילין... אַפילו די השכלה ספרים האָבען ניט געלאַכט, נאָר אָפּגעלאַכט; ניט געשמייכעלט, נאָר געשטאָכען זיך...״

דאָ קומט שוין די טרעפליכע אַנאַלאָגיע פון שפּיגל׳ען, די אַנאַלאָגיע מיט מארק טוועין, וואָס איז דאָך אַלעמען באַקאַנט, אָבער ער ברענגט גראָד אַן אַרויסזאָגונג אין דער מאָנאָגראַפיע פון מאַרק טוועין פון יוליאַן סטאָווינסקי: ,,דער כוח פון זיין (מאַרק טוועג׳ס) שאַפען איז געווען דער הומאָר, און אַזוי ווי דער הומאָר האָט לאַנגע יאָרן ניט געהאַט קיין בירגער־רעכט אין דער שיינער ליטעראַטור, ווערט אין צוויי בענדיגען ווערק פון פּראָפעסאָר צ. פ. ריטשאַרדסאָן וועגען דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, אָפּגעגעבן דעם גרויסן הומאָריסט בוכשטעבליך בלויז 4 שורות. דער פּראָפעסאָר שרייבט וועגען טוועג׳ס באַוועלען: ,,דאָס זיינען זאַכען אַן אַ קינסטלערישען ווערט און רופען בלויז אַרויס אַ פאַרבייגייענ־דיגע הנאה״. אויך אַ צווייטער פּראָפעסאָר שרייבט: ס׳איז לעכערליך צו זאָגען, אַז דער דאָזיגער מחבר האָט געקענט פאַרנעמען אַ העכערע ליטע־ראַטור פּאָזיציע צו וועלכע אַ גאָר קליינער טייל פון זיין שרייבעריי קאָן פאַררעכענט ווערען״.

,,היינט קען קיינער ניט מער די נעמען ניט פון פּראָפעסאָר רי־טשאַרדסאָן און ניט פון זיין קאָלעגע חוץ ספּעציאַליסטן און מחברים פון ענציקלאָפּעדיעס״.

מיט אַ צווייטען געדאַנק אין דער עסיי איבער שלום עליכם, וואָס איז שוין שפּיגל׳ס אַליין, וועגען דעם אונטערשיד צווישען קאָמיזם און הומאָר, וועלכען ער פאַרגלייכט צו די צוויי שטרעמונגען אין אידישען לעבען, השכלה און חסידיזם, אַז די השכלה, אַלס פאָלקס־באַוועגונג, האָט גערעדט צום יחיד, האָט אַנטפּלעקט אין אים די אינטעלעקטועלע פּערזענליכקייט און דאָס חסידיזם איז אַוועק פון דער פּערזענליכקייט און איז געוואָרען אַ ,,קאָלעקטיווער ניגון״. און אַז קאָמיזם איז אַ יחידישער (מנחם מענדל) און טוביה איז מאַסע. מנחם מענדל איז בלויז קאָמישע באַוועגונג אין זיין אומרו, בעת טוביה איז לויטערע מחשבה, וואָס שוועבט איבער דעם חומר. דאָס איז אַ זאַך פון דיסקוסיע. דאָס חסידיזם,

כאָטש עס איז טאַקע געווען אַ מאַסען־באַוועגונג, האָט אָבער קיינמאָל ניט אַרויסגעלאָזט פון אויג דעם יחיד. דער גאַנצער „לקוטי מהר״ן״ פון ר׳ נחמן פון בראַצלאַוו, האָט צו טאָן מיט די פּראָבלעמען פון יחיד, מיט זיינע מידות און געוואוינטשאַפטן. וועגען קאָצק איז דאָך אָפּגערעדט, דאָרט האָט מען דאָך אַ שמייכעל געשפּאָלטען אויף צוויי און זיך דער־גרונטעוועט צום שאָטן אַפילו פון אייגענעם איך.

מער אָנגעמבאַר איז שוין די טעזע פון שפּיגלען וועגן שלום עליכמס מאָנאָלאָג און מעשה, אַז זיי פאַרטראָגען ניט די יחידישע איינזאַמקייט זיי זיינען פיל מער פאַר אַ הייפל, פאַר׳ן קאָלעקטיוו, און אַז שלום עליכם האָט דער ערשטער געשאַפן דאָס קרייזל פון צוהערער אין היפּוך צו י. ל. פּרץ און מענדעלע, וועמענס שאַפען איז מער אַ שמועס מיט׳ן לייענער יחיד.

כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם עסיי וועגן שלום עליכם, ווייל זי איז איינע פון די בעסטע אינ׳ם בוך עסייען געשריבענע ביי געלעגענהייטען. ביי די פאַרשיידענע געלעגענהייטען האָט ישעיהו שפּיגל אָבער די טעמעס ניט פאַרפלאַכט, כאָטש ניט אַלע עסייען זיינען פון זעלבן ווערט. עס ווילט זיך אויסטיילען די אויסגעצייכנטע עסיי וועגן יצחק קאַצנעלסאָן דעם מקונן. דאָ קומט זיך צענויף ישעיהו שפּיגל׳ס טאַלאַנט ווי אַ שילדערער און פיינער אַנאַליז פון קאַצענעלסאָנ׳ען ווי אַ מקונן. גענוג בלויז צו ציטירען איין קליינעם פראַגמענט, אַ שילדערונג פון קאַצע־נעלסאָנ׳ס דירה אין לאָדזש צו זען, אַז מען האָט דאָ צו טאָן מיט אַן ערשטקלאַסיגען שרייבער:

„...און אָט הערט מען טאַקע ווי עס עפענען זיך אינעווייניג טירען, אומצאָליגע טירן זיינען פאַראַן אין דער אויסטערלישער דירה. יעדע טיר עפענט זיך מיט איר אייגען לשון, מיט איר אייגן טיר־געקרעכץ און אייגענעם טיר־ניגון. אָט עפנט זיך די טיר פון דער קיך מיט אַ זילבערנעם גריילץ. באַלד עפענען זיך די הויכע טאָפּל־טירען פון עס־צימער — שווערע און יחוס׳דיג־שטילע. זייער „גוט מאָרגען״ איז אַ געדעמפּטער און פאַוואָליעדיגער. הינטער די טירען שטייען אויף די מענטשן צו אַ נייעם טאָג. נאָך אַ ווייילע און די טיר צו די וואַרטנדיגע עולה רגל׳ניקעס וועט זיך אויך עפענען, ס׳וועט זיך באַוויזען — די יונג גראַלעכע פריסטערין

און באַלד נאָך איר וועט אויך דורכ'ן קאָרידאָר דורכשוועבן דער אינגסטער זינגענדיגער נביא".

איך האָב עס ציטירט צו באַווייזן, אַז דאָרט וואו עס קומען זיך צענויף ביידע עלעמענטן ביי שפּיגלען, דער מעדיטאַטיווער־אַנאַליטישער און דער מעמואַריסטיש־קינסטלערישער באַקומט זיך דאָס בעסטע פון זיינע עסייען.

אין דעם ווערט פון זיינע עסייען שפּילען אויך ניט קיין ראָל די אויסערליכע „לענג און ברייט" פון זיי. בלויז 5 זייטען (223־219) זיינען געווידמעט דעם אָנדענק פון דער פּרעכטיגער דיכטערין פון „דער באָבעס אוצר" מרים אולינאָווער. איר איינציג (און וואונדערליך!) בוך לידער, האָט דוד פרישמאַן, זעהר אַ שטרענגער קריטיקער, אין 1922 באַגלייט מיט אַ באַגייסטערטען אַריינפיר. איך קען ביז היינט צו טאָג ניט פאַרגעסען דעם אָנהויב פון אירס אַ ליד וועגן טעמערלען, די נגידה, וואָס האָט אין פּראָגע (ביי וואַרשע) אויסגעקויפט מיט רענדלעך אידען פון די קאָזאַקען'ס הענט. כ'האָב דאָס ליד געלייענט ערגעץ אין אַ זשורנאַל פון דער אָרטאָ־דאָקסישער פּרעסע אין פּוילען פאַר דער מלחמה:

„אַמאָל האָבען זיך רענדלעך
געקאָלערט איבער'ן לאַנד,
און אָפּגעשטעלט האָבן זיך אַלע
אין באָבע טעמערל'ס האַנט".

אין 5 זייטען שטעלט שפּיגל אויף דאָס בילד פון אָט דער אָריגינעלער פּאָעטעסע אין לאָדזשער געטאָ.



די עסייען פון ישעיהו שפּיגל זיינען טאַקע געשריבען געוואָרען ביי געלעגענהייטען, אָבער אַ טאַלאַנט מיט מחשבה האָט ביי יעדער געלעגענהייט צו זאָגען זיין אייגען וואָרט.

„פאָרווערטס", 3.10.71

י. ראַפּאָפּאָרט (1895—1971)

# די קראַפט פון גייסט...

ישעיהו שפּיגעל: „מלכות געטאָ”. נאָוועלן. פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן”, לאָדז, 1947. 96 זייטן. קליינע ביבליאָטעק.

### א.

ס'איז גענוג איבערצולייענען דעם נאָמען פונם ביכל, „מלכות געטאָ”, כדי צו דערפילן, אַז דאָס איז נישט סתם אַ נאָמען, נאָר אַ דיכטערי־שער באַגריף.

אָט די שטילע ווערטער „מלכות געטאָ” זאָגן אונז אָן, מיט דער קראַפט פון עכטער דיכטערישער בילדלעכקייט, אַז מיר טרעטן דאָ אַריין אין אַ וועלט, וואָס איז נישט ענלעך אויף דער איבעריקער, וואָס האָט אירע אייגענע געזעצן און לעבנס־פאָרמען, — אַ וועלט פאַר זיך, די פאַנטאַסטיש־קאָשמאַריקע „מלכות געטאָ”.

די דאָזיקע צוויי ווערטער פילן אונז אָן מיט אַ מאָדנע־פייערלעכער שטימונג, מיט אַ צוגרייטונגס־שטימונג אויף אויפצונעמען עפּעס גרויסעס, ערנסטעס, דערהויבנדיקס.

און די נעמען פון די איינצלנע דערציילונגען זענען פון דער זעלבער קוואַליטעט, ווי דער נאָמען פונס גאַנצן ביכל: שטילע נעמען, וואָס האָבן נישט אין זיך קיין שום אויסערלעכן אָפּקלאַנג פונם גרויל, וואָס מוז דאָך אויספילן דערציילונגען פונם אומהיימלעכן מלכות געטאָ.

פון די עלף דערציילונגען האָט בלויז איינע אַ נאָמען, וואָס גיט אָן אָנדייטונג אויף דעם אָפּגרונט פונם „מלכות געטאָ” („ליכט פון אָפּגרונט”), אָבער די צען איבעריקע האָבן שטילע נעמען: „ערד”, „שניי”, „ברויט”, „בליעכץ”, „איבערגעלעבט”, „יידן”, „הײנץ פרידריך לעווי”, „שבת־ליכט”, „געזאַנג פון פייגל”, „מלכות געטאָ”.

און פונקט ווי דער נאָמען פונם ביכל, ווי די נעמען פון די דער־ציילונגען, זענען די דערציילונגען גופא אויך שטיל, איינגעהאַלטן, ווי מען קאָן זיך דאָס גאָרנישט ריכטן אויף דערציילונגען פון היטלער׳ס געטאָ. אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס מיר ווייסן וועגן די געטאָס, מאַכן די דאָזיקע דערציילונגען ביי זייער גאַנצן אינערלעכן שוידער — אַן איינדרוק פון אידילישע קאָשמאַרן, — זייער שוידער איז פון אויסן געדעמפט, שטאַרק פאַראינערלעכט. דאָ האָט צו זאָגן נישט נאָר די טעמאַ־טיק, וואָס מיידט אויס, ווי ווייט מעגלעך, דאָס אויסערלעך־ברוטאַלע, דאָס גראָב־ברוטאַלע, נאָר באַזונדערס די פאָרם, ווי אַזוי די טעמאַטיק ווערט באַהאַנדלט: ישעיהו שפּיגעל איז מער דיכטער, ווי שילדערער, און זיינע שילדערונגען זענען מער דיכטונג, ווי רעאַליסטישע דערציילונגס־קונסט. און אַלס דיכטער, אַלס עכטער דיכטער, האָט ישעיהו שפּיגעל ליב דאָס שטילע, די פאַראינערלעכטע פאָרם.

דורך שטילע, פאַראינערלעכטע בילדער וויל ער אָפּשפּיגלען דעם גאַנצן אינערלעכן גרויל פונם פאַנטאַסטיש־קאָשמאַריקן מלכות געטאָ.

און דאָס געלינגט אים.



דער אוממיטלבאַרער קינסטלערישער אויסדרוק פונם געטאָ, וואָס איז דערגאַנגען צו אונז, איז געווען אַ דיכטערישער אויך לויט דער פאָרם. מיר האָבן זיך דערויף געוווּנדערט און דאָס באַוווּנדערט: ס׳אַראַ גייסטיקע קראַפט עס איז נויטיק, כדי צו געשטאַלטיקן אין דיכטערישן אויסדרוק אַזעלכע איבערלעבונגען.

אמת, די, וועלכע ווייסן וואָס דיכטונג איז, פאַרשטייען גוט דעם טייטש פון „ממעמקים קראתיך", אָבער דאָך מוז מען באַוווּנדערן די קראַפט פון מענטשן (פון איינצלנע מענטשן און פונם מענטשן אַלס אַזאַ), וועלכע קאָנען פון אַזאַ ממעמקים (קיין שום קאָלעקטיוו מענטשן האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געפונען אין אַזאַ „ממעמקים"!) אַרויסזינגען.

ס׳האָט אָבער אויסגעזען צו זיין אוממעגלעך, אַז מענטשן האָבן אין געטאָ געקאָנט געפינען אין זיך גענוג קינסטלעריש־גייסטיקע קאַלטבלוטי־קייט צו פורעמען פּראָזע־דערציילונגען, וואָס זאָלן אָפּשפּיגלען דעם ביישפּיללאָזן גרויל.

אָבער אויב עס איז נישטאָ אַזאַ געמיינקייט, אויף וועלכער מענטשן זאָלן נישט זיין פעאיק (און די היטלער־עפּאָכע און די נאָך־היטלער־עפּאָכע האָבן דאָס קלאָר און בולט באַוויזן), איז אויך נישטאָ אַזאַ דער־הויבנקייט, אַזאַ גייסטיקער מוט, אויף וועלכע אַ מענטש זאָל נישט פעאיק זיין. זיצן אינם היטלער־געטאָ, זיך געפינען אַליין לעבעדיקערהייט אין גיהנום און צוזען ווי אַ פאָלק ווערט פאַרניכטעט אין דאָזיקן גיהנום־געטאָ און דאָך געפינען אין זיך די נויטיקע גלייכגעוויכט אויף צו געשטאַלטיקן דאָס דאָזיקע גיהנומדיקע לעבן, איז אַ נס. דערויף איז נויטיק אפשר נישט קיין קלענערע (הגם אַן אַנדערע) גייסטיקע קראַפט, ווי צו גיין אין קאַמף קעגן די היטלערישע געסטאַפּאָ־שדים.

ישעיהו שפּיגעל׳ס „מלכות געטאָ" איז (דערווייל?) דער ערשטער קינסטלערישער פּראָזע־דאָקומענט, וואָס קומט צו אונז דירעקט פון געטאָ, ד. ה. עס איז געשריבן געוואָרן אין געטאָ גופא.

אָט איז אַן אויסצוג פון קליינטשיקן פאָרוואָרט צום דאָזיקן ביכל:

„די נאָוועלן, וועלכע גייען אַריין אין דעם ביכל, זענען געשריבן געוואָרן אין לאָדזער געטאָ אין די טרויעריקע יאָרן 1940־1944.

„אויגוסט, 1944, בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, האָט דער שרייבער זיי, צוזאַמען מיט פיל אַנדערע ליטעראַרישע אַרבעטן, פאַרגראָבן אין אַ קעלער.

„...זומער 1945, ווען דער מחבר האָט זיך אומגעקערט פון אָשוויענ־טשים און פאַרשידענע אַנדערע לאַגערן, האָט ער זיינע שריפטן אויסגע־גראָבן און אַ טייל פון זיי געפונען אין אַ צושטאַנד, וואָס גיט אונדז די מעגלעכקייט זיי אַרויסצוגעבן".

וויפיל באַגראָבענע געטאָ שאַפונגען, וואָס זייערע מחברים האָבן נישט איבערגעלעבט די געטאָס און די אָשוויענטשימס, ליגן באַגראָבן אונטער די חורבות פון די היטלער־געטאָס?

וויפיל עדות פון יידישער גייסטיקער גבורה ליגן שטום אין דער ערד און וואַרטן אויף אַ צופאַל, כדי עדות צו זאָגן?

★

די דערציילונגען פון „מלכות געטאָ" זענען געלייטערטע דיכטונג. און דאָס, ווי אויבן געזאָגט, דעמפט אַפילו די שטעלן, וואָס זייער אינהאַלט

איז — דירעקטער, אָפּענער גרויל. די שפּראַך איז אַזוי ווייך און האַרציק־ליריש. די שטימונג איז אַזוי פול מיט דיכטערישן ליבע־ציטער צום מענטשן און זיין פאַרלוירנקייט אין דער וועלט, אַז מען כאַפּט זיך אָפּט, אַז די קלעפּ, וואָס דער אינהאַלט דערלאַנגט אונז, ווערן אָפּגעשוואַכט דורך דער צווישן־שיכט דיכטערישקייט.

דער ספּעציפישער גרויל פון „מלכות געטאָ" איז אומאָפּטיילבאַר צונויפגעמישט מיטן גרויל פונם מענטשלעכן גורל בכלל, און דאָס שאַפט אין די דערציילונגען אַ מאָדנע אַטמאָספער: מען שילדערט דאָ אַ גרויל, וואָס איז ספּעציפיש פאַרן מלכות געטאָ, און דאָך דרינגט דאָ אַריין — מיט דער הילף פון דיכטונג — דער גרויל פונם מענטשן אויף דער וועלט. דער ספּעציפישער געטאָ־גרויל, דאַכט זיך אָפּט, איז בלויז אַ מיטל סימבאָליש צו פאַרשטאַרקן דאָס געפיל פון דעם געוויינלעכן מענטשלעכן גורל, וואָס דאָס איז דער געביט פון מלכות־דיכטונג. מען דאַרף זיין אַ גרויסער דיכטער (יעדנפאַלס האָבן די פּאָטענצן פאַר אַזאַ), כדי אין די ספּעציפישע באַדינגונגען פון געטאָ נישט צו פאַרלירן פון אויג דעם מענטשן בכלל, און דערהויבן דעם יידישן געטאָ־גרויל צו מענטשהייט־גרויל בכלל.

נעמט, למשל, די דערציילונג „געזאַנג פון פייגל".

„פון די דעכלעך זענען פאַרשוווּנדן די פייגל, און די פּאָר הינט, וואָס האָבן זיך דאָ געכאַוועט ביי יידן (אין געטאָ. — י. ר.), זענען איינציקווייז אויסגעגאַנגען פון הונגער. אַפילו די קעץ האָבן זיך אין די נעכט אַרויסגעשאַרט צווישן די דראָטן און אַוועק אין שטאָט אַריין. די געסלעך זענען געוואָרן ליידיק פון הויז־חיות און הויז־עופות. ביים רויטן וועלוול אין טויבנשלאַק איז שוין נישט געווען קיין איין־איינציקע טויב... דאָס ערשטע געשווילעכץ איז אויפגעגאַנגען אויף די בלייכע פּנימ'ער פון די יידן".

אָט אַזוי זעט אויס די געטאָ, ווען די דייטשן באַפעלן די יידן אָפּצוגעבן די מוזיק־כלים, וואָס געפינען זיך אין געטאָ.

„די מענטשן האָבן אָפּגעגעבן די אינסטרומענטן מיט אַ באַהאַלטענעם צער און קלעמעניש... אָט שלאָגט ער זיך שוין צו איצט, דער דייטש, צו דער יידישער בשמחה".

אין געטאָ איז אַזוי שלעכט, אַז אַלע לעבעדיקע וועזנס קומען דאָרט

אום אָדער אַנטלויפֿן פֿון דאָרט, און די פֿון הונגער געשוואָלענע יידן טויט־ווי, וואָס מען רירט־אָן זייער נשמה.

און ווען וועלוול דער רויטער טראָגט זיין שפּיל־קאַסטן צו די דייטשן, טראָגט ער נישט זיין אַמאָליקן פּרנסה־קוואַל, נאָר אַ שטיק נשמה.

און ווען די דייטשן הייסן אים שפּילן אויפֿן שפּיל־קאַסטן און זיי שלאָגן אים פֿאַר דער חוצפּה פֿון אַ „דרעק־יודע" צו שפּילן זייער גרויסן שטראַוס, איז דאָס נאָר אויסערלעך דער קערן פֿון דער דערציילונג, — איר אינערלעכער, דער אמת'ער קערן באַשטייט אין דעם, וואָס „דער רויטער וועלוול האָט זיך אויפֿגעהויבן באַלד פֿאַרטאָג און אָפּגעדעקט דעם ליילעך פֿון דער קאַטערינקע. זי האָט אַ בלאַנק געטאָן צו אים מיט אירע זיידענע פֿאַרהענגלעך און מיט די צוויי העלע ליכטיקע צעפּ פֿון די צוויי שיינע ווייבער, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט מיט זייערע נאַקעטע וואַרעמע העלזער. ער האָט אַרויפֿגעלייגט זיינע הענט אויפֿן קאַסטן. אַ וואַרעמקייט איז אויפֿגעגאַנגען אונטער זיינע פֿינגער. איידער ער האָט אַרויפֿגעצויגן אויף די אַקסלען ביידע פּאַסקעס, האָט ער נאָך געוואָלט אָפּשפּילן אַ ווינער שטיקל. ער האָט אַ דריי געטאָן, מיטן אָפּשטייענדיקן הענטל — אין שטיבל האָט זיך צעקאָלערט אַ ווייכער, וויגנדיקער ניגון, ווי די צוויי ווייבער טאָקע וואָלטן אַרויסגעזונגען פֿון הינטער די זיידענע פֿאַרהענגלעך אַ ווייט, ליכטיק ליד. דער רויטער וועלוול האָט, דרייענדיק מיטן הענטל, געהויבן דעם קאָפּ אַרויפֿצו, ווי ער וואָלט געזוכט עמיצן מיט די אויגן אונטערן בעליק..."

איך ווייס, עס וועלן זיך געפֿינען לעזער, וועלכע וועלן אַ טראַכט טאָן: איז טאָקע פֿון געטאָ נישטאָ קיין וויכטיקערס צו דערציילן, ווי אַ מעשה מיט אַ קאַטערינקע, פֿון וועלכער מען האָט שוין קיין פּרנסה סיי־ווי נישט געצויגן און וואָס מען האָט זי באַדאַרפֿט אָפּגעבן דעם דייטש אַלס צוגאָב צום גאַנצן לייב־און־לעבן?

אָבער פֿיינפֿיליקערע לעזער וועלן דערפֿילן ווי סובטעל שפּיגעל שילדערט דעם קאַמף קעגן גייסטיקער דעגראַדאַציע, דעם קאַמף פֿון מענטשנ'ס מענטשלעכקייט קעגן דער פֿריי־געוואָרענער חיה'שקייט.

וועלוול דעם רויטנ'ס פֿאַרלאַנג צו שפּילן אַ ווינער שטיקל אויף דעם שפּיל־קאַסטן פֿאַרמאָגט אין זיך מער גייסטיקע דערהויבנקייט, מער עכט־

אינערלעכע מענטש־קולטור, ווי שטראַוס גאַנצער שאַפן, מיט דער דייטשער „קולטור" אַלס צוגאַב.

און די קאַנסטרוקציע פון דער דאָזיקער דערציילונג איז מייסטער־האַפט.

שפיגעל ענדיקט זי נישט מיט די קלעפ פון די דייטשן.

„באַלד ווי דער רויטער וועלוול איז אַהיימגעקומען פון מאַרק, איז ער אוועקגעפאַלן איבערן אייזערנעם בעטל. דאָס פּנים איז געווען אַדורכגעשניטן מיט פאַרזעצטע רויטע פּרענגעס, אויף די ציין איז אים געווען קלעפּיק. אינעם האַלז איז אים אויפגעגאַנגען אַ גליאיקער ווייטאַק, ווי אַ שטיק קויל וואָלט אים געזעסן אין גאָרגל. ער האָט זיך אַ טאַפּ געטאָן פאַרן שטערן און דערפילט אַ שלאָגנדיקע היץ אונטער די אויגן... עס האָט אים פאַרפעלט לופט".

און דער רויטער וועלוול גייט־צו צום פענסטערל, עפנט אים. „און מיט איינמאָל — האָט זיך אים אינעם האַרץ עפּעס אַ ריר געטאָן: אויפן דעכל איז געשטאַנען אַ כאַפּטע וורובלעם, וואָס האָבן געטשיריקעט אָן אויפהער. נאָך לאַנגע, לאַנגע חדשים זענען זיי ווידער געקומען... און ביז שפּעטער טיפער דעמערונג איז געהאַנגען אונטערן טויבנשלאַק אויפן דעכל דאָס געזאַנג פון די פייגל..."

די דייטשן האָבן נישט באַזיגט וועלוול דעם רויטנ'ס מענטשלעכע נשמה: אויך מיט די בלוטיקע פּרענגעס אויפן פּנים האָט ער געהאַט אַן אויער פאַר פייגל־געזאַנג.

און אָט די מענטשלעכקייט אין אוממענטשלעכע באַדינגונגען, געפינט מען אין אַלע דערציילונגען, — אין דער אָדער יענער פאָרם.

ס'אַרא קליינע ראָל עס שפּילן די דייטשן, אָט די הערשער איבער מלכות געטאָ. מערסטנטיילס זענען זיי דאָ אינגאַנצן נישטאָ, — זיי שטייען אין הינטערגרונט, ווי די באַצילן אין דער שילדערונג פון אַ מגפה־גרויל. און דאַן, ווען זיי באַווייזן זיך ממשות'דיק אויפן פּאָן פון אַ דערציילונג, זענען זיי אויך נעבעכדיקע מיטשפּילער: זיי פיגורירן נאָר פון דרויסן. זיי זענען צו נישטיק, כדי צו שפּילן אַ געהעריקע ראָל אין דער פאַראינערלעכער גראַנדיוזערער מענטשהייטס־טראַגעדיע פון מלכות געטאָ.

„די סידנייער יידישע נייעס", 22.4.49

## ב.

פונם אויבנגעזאָגטן איז קלאָר, אַז ישעיהו שפּיגעל׳ס דערציילונגען זענען נישט קיין לעבנס־ברעקלעך, אויסגעקנאָטן אין דער פאָרם פון דערציילונגען, — דאָס זענען קאָנדענסירטע, פּאַראַלגעמיינערנדיקע שטי־מונגען, וואָס קומען צום אויסדרוק דורך אַ סימבאָליש־צוגעשפּיצטן פּרט (אַ פּשוט־ווירקלעכער אָדער אַ דיסטילירט־ווירקלעכער).

אָט דעם כאַראַקטער טראָגן אַלע דערציילונגען, אָבער אייניקע פון זיי זענען אַזוי שטאַרק און גראַנדיעז, אַז עס איז שווער איבערצוגעבן (סיידן, ביים לייענען, איבערצולעבן!) זייער גרויזאַמען צויבער.

צו די דאָזיקע געהערן „ברויט" און „מלכות געטאָ".

לאָמיר נעמען בלויז די אויסערלעכע ליניע פון דער דערציילונג „ברויט".

דאָס ברויט ווערט פאַרטיילט פאַר יעדער נפש פון שימעלע׳ס און גליקע׳ס פאַמיליע. מען האַלט עס אין אַ קעמערל.

איז געשען איינמאָל אַן אומגליק. ווי אַזוי דאָס איז געשען האָט דער פאָטער, שימעלע, נישט געוווּסט.

„אַ שטורעם־ווינט איז דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אין זיין האַרץ. עס זענען גאָר נישט געווען זייגע הענט, וואָס האָבן די קינדערס פּאָרציעס ברויט אין דער טונקלקייט פון קעמערל געשטופּט צו זיך אין מויל אריין... ניין, ניין... ס׳איז שוין נישט דעמאָלט געווען דער טאַטע... וואָס האָט... געריסן דאָס טונקעלע ברויט פון קאַשטן־מעל און באַסליניעט עס צענדליקער מאָל; פונם פולן מויל זענען אַרויסגעפאַלן נאַסע, צעקייעטע שטיקער און געבליבן ליגן אויף זיינע ביידע האַנט־פלאַכן. פון דאַנען זענען זיי ווידער אַריינגעוואָרפן געוואָרן אינם מויל, וואָס האָט זיי פאַרצערט אין אַן אימה׳דיקער האַסטיקייט. און אַז דאָס איז געוואָרן אָפּגעטאָן, איז ער געבליבן לאַנג שטיין אינעווייניק אין דער פינסטערניש, דעם קאָפּ פאַרגראָבן אין די דלאָניעס, אַ פאַרגליווערטער אַ פינסטערער".

און די מאַמע האָט אויף דעם שפּעט אין אָוונט געזאָגט:

„איצט פעלט נישט מער, רבונו של עולם, ער זאָל אָפּשניידן אַ שטיק פלייש פון די קינדער און אָפּקאָכן... אַ טאַטע, האַ? אַ טאַ־טע־ע, האַ? רוצח..."

און דאָן דאָס בילד פון די צוויי קינדערלעך, וועלכע שטייען אין קעמערל שעה׳ן־לאַנג און קוקן דורך שפּאַרונעס אויף אַ ברויט־קראָם און אויף אַ קעזגעוועלב.

„אומעלע קוקט אַזוי מיטן לינקן אויג, און די צונג אין מויל שווימט דערווייל אַרום אין שטראָמעלעך פון זיסן שפּייעכץ... ער דערזעט פּלוצלונג ווי דאָרט קעגנאיבער האָט אַ האַנט פון אינעווייניק אַראָפּגענומען אַ ברויט. ער גיט אַ זיפץ. הינטער אים שטייט פּערעלע, ציט אים ביים הענטל און הערט נישט אויף צו בעטן:

— „לאָז מיך אויך צו... אַלץ דו... כ׳בין אויך הונגעריק...

„אומעלע רירט זיך נישט פון אָרט. פּלוצלונג שרייט ער אויס ווי נישט מיט זיין קול:

— „נעם נישט, נעם נישט, נעם נישט!...״

„קעגנאיבער האָט די האַנט ווידער צונויפגעשאַרט צוויי ברויט און אַ גאַנצע קופּע זעמל...

„און אַז פּערעלע צופּט אים עקשנותדיק ביים אַרבל און וויל נישט אָפּטרעטן, ווערט ער אין כעס און שרייט אויס:

— „כ׳וויל נישט און שוין. איך נעם עפּעס פון דיין קעז?״

און אַזוי „עסן״ די קינדער דאָס ברויט און דעם קעז, ביז עס ווערט אינגאַנצן צוגענומען דורך אַנדערע...

בלויז איינמאָל עסן די קינדער צו דער זעט. ווען די דייטשן כאַפּן־צו פון גאַס שימעלע׳ן, דעם טאַטן, און די מאַמע גיט זיי אָפּ דעם טאַטנ׳ס ברויט:

— „עסט, קינדערלעך, עסט. ס׳איז דעם טאַטנ׳ס ברויט. דעם טאַטנ׳ס גאַנצע ברויט...״

ערשט ווען מען לייענט איבער די דערציילונג, נעמט מען באַגרייפן, וואָס עס קאָן זיך אויסבאַהאַלטן אונטער אַזאַ פּשוט טרוקן קעפּל, ווי „ברויט״...

און אַזוי נעמט שפּיגעל אײן פּשוט׳ע זאַך נאָך דער צווייטער: „ערד״, „שניי״, „ברויט״, „בליעכץ״, „געזאַנג פון פייגל״ און קאָנדענסירט אין זיי דיכטעריש די יידישע און מענטשלעכע טראַגעדיעס אין די היטלער־

געטאָס: אָט וואָס איין מענטש האָט געמאַכט פון די פשוט׳סטע עלעמענטן פון לעבן פאַר אַ צווייטן מענטש.

אָבער אין דער לעצטער דערציילונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען פונם ביכל, טרעט שפּיגעל צו צו געבן אַ בילד פון דער גאַנצער טראַגעדיע געטאָ.

אין אַ פּאָעטישער ראַם גיט שפּיגעל אַ שוידערלעך בילד פונם געטאָ־לעבן: נאָך אַ פּרעכטיקער שילדערונג פון אַ זון־אויפגאַנג, נעמט שפּיגעל שילדערן דעם קאָנטראַסט, די מלכות געטאָ, וואָס איז בישט נאָר אַרויס־געשטויסן געוואָרן פון די מענטשלעכע געזעצן, נאָר זי איז אויך ווי אַרויסגעפאַלן פון די נאַטור־געזעצן:

„ווי נאָר דער טאָג, אַ קראַנקער, אַ צעטומלטער פאַלט אַריין אין געטאָ, אַזוי נעמען זיך אַרויסשאַרן פון דער האַלבער פינסטערניש, פון אונטער שטיגן, פון פינסטערע קעלערס, פון קליינע דירה׳לעך, — — — זיי גייען, די מענטשן, פון אַלע הייזער, פון אַלע שטאָקן, פון אַלע שטובן, פון אַלע לעכער און מיט זייערע זעק און טאָרבעס נעבן זייערע הערצער לאָזן זיי זיך איבער די הויפן פון געטאָ. זיי ציען מחנות׳ווייז, ווי אַ סטאַדע צעשראָקענע מייז צו טוכלע, נאַס פוילעכטס, צו כל׳ערליי גרוי אָפּפאַל פון עסנוואַרג, צו קלעפּיקן קויט, וואָס ליגט אין די אָפענע און באַהאַלטענע מיסט־קאַסטנס פון מלכות געטאָ״.

דאָס בילד פון הונגעריקן געטאָ איז שוידערלעך, מעכטיקער ווי דאַנטע׳ס גאַנצער צוגעטראַכטער גיהנום.

אָבער דאָס איז נאָר אַ הינטערגרונט פאַרן עיקר־בילד פונם מלכות געטאָ.

יידן אַרבעטן אין דער קירכע „די הייליקע־מאַריע״. דאָ ווערט גע־פּאַקט, דורך הונגעריקע יידן, „אין גרויסע זעק דער ווייסער פּוך און די ווייכע פעדערן פון יידיש בעטגעוואַנט. פון די שטעטלעך זענען זיי אָנ־געקומען, פאַרפלעקט מיט בלוט און יידיש געוויין״.

אָבער „טייל מאָל געשעט״:

„...פּלוצלונג, אינמיטן פּאַקן די גרויסע גרויע זעק מיטן ווייכן פּוך, דערהערט מען פון אויבן אַ לייכטן קלאַנג. דער ווייכער קלאַנג קומט פון

גאַר אויבן, פון די טורעמלעך, ווו עס שוויגן די פאַרשטומטע גלעקער. און די גלעקער הויבן אָן זיך וויגן, שטיל און פאַר׳כישופ׳ט. די יידן האָבן מורא אויפצוהויבן די קעפּ, די גלעקער וויגן זיך שוין איצט צע־כוואַליעטע, און דאָס שטאַרקע גלעקער־געזאַנג טראָגט זיך ווייט צו די נאָענטע פעלדער. באַלד וועלן אָנקומען די פויערים, מיט פרום געזאַנג ווערט פול אונטער די קופּאָלן. די לאַנגע קאָרידאָרן שאָרכן פון קליידער און פרומע טריט. די יידן הויבן בישט אויף זייערע קעפּ און אַ פּחד פון קירכלעכע שאָטנס פאַלט אויף זייערע הערצער. און דעמאָלט זאַמלען זיי זיך אין אַ ווינקל און איינער פון דער עדה רייסט זיך אַרויס מיט אַ כליפּ:

— „רבונו של עולם, זיי זיך מרחם אויף דיין פאָלק ישראל... האָב רחמנות אויף דיין אָרים פאָלק!...

„און פון אויבן, פון די הויכע, ליידיקע טורעמלעך, טראָגט זיך ווידער אַ ווינט, אַן איינזאַמער און קילער״.

די יידן ווייסן פון וואַנען זייער אומגליק שטאַמט.

ווי אַנדערש עס קלינגט די דאָזיקע עכטע דיכטונג, ווען מען פאַר־גלייכט זי מיט שלום אַש׳ס אויף קאַלט צוגעטראַכטער דערציילונג וועגן יעזוס׳ן פון דער קירכע אויף גזשיבאָוו (אין זיין בוך „דער ברענענדיקער דאָרן״).

און דאָ איז אויך דאָ דער קריסט.

די דערציילונג הויבט זיך אָן מיטן זון־אויפגאַנג און פאַרענדיקט זיך מיטן זון־פאַרגאַנג.

„די פאַרווערטע שעה פאַר יידן הויבט זיך אָן. אויף אַ זייטיק געסל, בישט ווייט פון דער קירכע, שטייט אַ קליינע געמויערטע קאַפּליטשקע, ווו ס׳ברענט אַ נר־תמיד. אינעווייניק שטייט די גיפּסענע פיגור פונם געקרייציקטן. וואָס טונקעלער עס ווערט אַרום, אַלץ שאַרפער פאַלט דאָס רויטע ליכט היגטער דעם געקרייציקטן. אויפן הויכן טורעם־זייגער רוישט ווידער דער ווינט. די נאַכט ליגט שוין אין די פענסטער פון מלכות געטאָ. דער לעצטער ייד לויפט אַדורך דאָס געסל. דאָס הייליקע פלעמל פון דער קאַפּליטשקע שלאָגט אים אין פּנים. איבער די דראָטן קלאַפּן שטיוול. דייטשן גייען אין געטאָ אַריין. דער געקרייציקטער אין האַרץ פון געטאָ

ווערט אָנגעגאָסן מיט פלאַם. זיין דאַרער פאַרפּייניקטער יידישער גוף ליגט איינגעהילט אין אַ רויטקייט פון ווארעם בלוט".

עס וואָלט פאַר יעדן ערנסטן לעזער געווען כדאַי צו פאַרגלייכן שלום אַש'ס יעזוס אין יידישן געטאָ און שפּיגעל'ס.

✶

דאָס קליין ביכעלע „מלכות געטאָ" איז אַ באַגלויבטער עדות אַז מיר האָבן אין ישעיהו שפּיגעל, אַן ערנסטן דיכטער, וואָס איז באַשאָנקען מיט גרויס טאַלאַנט און אחריות־געפיל פאַרן וואָרט.

„אויסטראַלישע ייד. נייעס", 29.4.49

ח. ל. פוקס (1897—1984)

# י. שפּיגל אין אַ ניי געשטאַלט

## (געשטאַלטן און פּראָפילן, באַנד 1)

די וועגן פון אַ קינסטלערישער נאַטור זענען נאָך אַלץ אַ טעמע פאַר פאָרשונג. די סיבות פאַר וואָס אַ גרויסער קינסטלער גייט טיילמאָל אַוועק פון זיין אייגנטימלעכן מהות און גיט זיך איבער אין אַן אַנדערער פאָרעם, זענען נאָך אַלץ נישט גענוג קלאָר. אַזוי ווייסן מיר נישט וואָס האָט געטריבן דעם גרויסן מייסטער מיכאל אַנדזשעלאָ, אַוועקצוגיין פון זיינע סקולפּטורן צו זיינע לידער, וואָס הגם זיי זענען אויך מייסטעריש, זענען זיי אָבער ווי מן הצד אונטערן איינפלוס פון זיינע מיטצייטלער, די פּאָעטן פון איטאַליענישן רענעסאַנס. אַזוי האָט דער גרויסער שעקספּיר געפונען אפשר זיין אייגנטימלעכן שורש, נישט אין זיינע דראַמעס, ווו ער שטורעמט אין מענטש צו מענטש-דראַמע, נאָר דווקא אין זיינע „סאָנעטן" וואָס, ווי ער אַליין דערציילט, זענען זיי די קרוין־שאַפונג פון זיין טאַלאַנט.

אָט די געדאַנקען האָבן מיך באַשעפטיקט בעת איך האָב געלייענט דאָס נייע בוך „געשטאַלטן און פּראָפילן" פונעם באַקאַנטן שרייבער ישעיהו שפּיגל, וואָס האָט זיך אין זיינע נאָוועלן פון געטאָ דערהויבן צו מייסטער־שאַפט, הן אין שילדערונג און הן אין מאָלן די טיפן פון טויט און אומקום. ישעיהו שפּיגל, וועמענס שפּראַך איז ווי גוטע מוזיק, האָט זיך אין זיין איצטיק בוך אַוועקגעלאָזט צו די וועגן און שטעגן פון די שאַפערס פון אונדזער יידישער ליטעראַטור. ער גיט זיי אָבער נישט בלויז אין ליכט פון קריטיש־אַנאַליטישן בוי און אַרומנעם, ער גיט זיי דער עיקר ווי אַ בעלעטריסט, וואָס מאָלט מיט לירישע טענער.

דאָס בוך באַשטייט פון 30 עסייען וועגן יידישע און העברעישע שרייבערס און 2 עסייען אויף טעמעס פון ליטעראַטור, געזען אין פּראָבלע־מען פון צייט און אָרט, בעת און נאָכן חורבן.

ווי געזאָגט גייט שפּיגל צו צו זיינע באַטראַכטונגען, ווי צו „לעבע־דיקע טיפּן", פּונקט ווי ער האָט אין זיינע נאָוועלן געגעבן בילד און געמיט, אַזוי טוט ער עס בעת ער גייט צו צו מאָלן, סיי אין ליכט און סיי אין שאָטן, די אַלע וועמען ער האַרצט און ליבט חוץ ווי אַ שרייבער, אויך ווי אַ געשטאַלט וואָס איז אים נאָענט.

אַזוי זעען מיר ווי שפּיגל באַלייכט דאָס פּנים פון שלום עליכם, וועמען ער כאַראַקטעריזירט אין די קליינע אָבער וועזנטלעכע שורות: „פון שלום עליכמס שורות האָט אָנגעהויבן אויפגיין אין דער ליטעראַטור דער זיפץ פונעם פאַרשעמטן יידישן פאָלקס־האַרץ, אויסגעדריקט אין דער עסענץ פון אַ ריינעם קינסטלערישן הומאָר". אָט די קליינע כאַראַקטע־ריסטיק, ווייזט שפּיגלס טענדענץ בעתן שרייבן וועגן דער יידישער ליטעראַטור. ער גייט צו תמיד צו דעם ווונדער וואָס הייסט „פאָלק", און דערפון שעפּט ער זיין באַגייסטערונג.

ווערט דעריבער פאַרשטענדלעך פאַרוואָס שפּיגל עפנט זיין בוך מיט מענדעלען, וואָס איז ביי אים נאָך אַלץ „די לעבעדיקע געשטאַלט", הגם ער איז שוין אַזוי פיל מאָל געפאָרשט געוואָרן.

ווייל, זאָגט שפּיגל, „מענדעלע איז פאַר אונדז אַן אַנטפּלעקונג". די אַנטפּלעקונג, וואָס הייסט דער יידישער פאָלקס־מענטש, וועמען ער האָט פאַראייביקט אין זיינע ווערק. און אַזוי מאָלט ער סיי די קאָריפייען פון דער יידישער און העברעישער ליטעראַטור און סיי זייער וויכטיק נאָכוווקס. צו דער כאַראַקטעריסטיק פון שפּיגלס מעטאָד איז, וואָס ער קען אַרויסברענגען סיי די צייט און סביבה פון זייער מיליע און סיי זייער באַאיינפלוסן דאָס יידישע לעבן דורך זייערע ווערק. מיר זעען עס אין זיין געלונגענעם אַנאַליז וועגן שלום אַש און יוסף אָפּאַטאָשו, וואָס ביידע זענען עכט און אייגן דעם פּוילישן ייד, דעם קינסטלער שפּיגל, וואָס זוכט און געפינט אויך זיין אייגענעם קינסטלערישן געוויסן. דעריבער קען נישט שפּיגל זען אין אשן, כאָטש ער האָט דורך זיינע ווערק געגעבן אויך די יידן פון עבר און זייער געראַנגל, דאָס וואָס ער געפינט ביי אָפּאַטאָשון — „דעם ברויזנדיקן עפּיקער פון דער יידישער קעגנוואַרט", וואָס האָט זיך אויך אָוועקגעלאָזט אויף די אוניווערסאַלע וועגן פון דער

יידישער געשיכטע און פון זיי געשעפּט סיי „די העראָיק און סיי די טראַגיק פון פּשוטן יידישן מענטש".

שפּיגל איז ווי אַ פאַרליבטער אין י. ל. פּרץ, ווען ער זעט „ווי אַ באַפרייטן פּראָמעטיי וואָס האָט דורך זיין וואָרט באַפרייט דעם יידישן קולטור־גייסט".

באַזונדער דאַרפן אָפּגעמערקט ווערן די עסייען וועגן די אומגעקו־מענע לאָדזשער שרייבערס סיי ווען ער מאָלט יצחק קאַצענעלסאָן, דעם מקונן פון יידישן פּוילן, און סיי ווען ער מאָלט די פּנימער און ווענונס פונעם צאַרטן דיכטער פּרץ אָפּאָטשינסקי, וואָס איז אין וואַרשעווער געטאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „אַ כראָניקער פון חורבן", און פון דעם בעלעטריסט יוסף זעלקאָוויטש, וואָס האָט פאַרוואָרפן זיין אייגנטימלעכן באַרוף און איז געוואָרן דער „כראָניקער פון לאָדזשער געטאָ".

מיר וואָלטן זיך געדאַרפט אָפּשטעלן אויף שפּיגלס עסיי „די צייט ווי אַ גורם אין דער ליטעראַטור" אין וועלכער ער ברענגט אַרויס פיל וויכטיקע געדאַנקען און פּראָבלעמען פון ליטעראַטור בפרט, ביים איבער־געבן דעם גרויל פון דער חורבן־צייט. דאָס אָרט דערלויבט עס איצט נישט צו טון. מיר וועלן זיך נאָך אומקערן צו אָט דער טעמע. אין אַלגע־מיין איז שפּיגלס בוך וועגן שרייבער אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין זיין גאַנצן שרייבן. דאָס באַווייזט, אַז ער איז חוץ אַ בעלעטריסט און פּאָעט, אויך אַ גוטער באַאָבאַכטער און ווייסט וואָס עס איז וויכטיק פאַר אונדזער יידישער ליטעראַטור.

„ישראל־שטימע"

ב.

# שטערן פון גלויבן

צוויי הויפּטשטריכן זענען כאַראַקטעריסטיש אין איצטיקן בוך פון ישעיה שפּיגל:* איינער דער שטילער, עלעגישער טאָן, וואָס פירט דיך גלייך אַריין אין דער שטימונג, וואָס מאַכט דיך אַליין נאָענט צו דער מיליע פון דער אָדער יענער געשעעניש, וואָס ווערן באַהאַנדלט אין דער דערציילונג; דאָס צווייטע — דער ערלעכער נישט־איבערגעטריבענער רעאַליזם, וואָס שפּיגל ברענגט מייסטערהאַפט אַרויס מיטן גרעסטן צימצום פון וואָרט.

ביי שפּיגלען קומען די בילדער נישט אויף אין שיין־געמאָלטע פאַרבן, און געקינצלטע פאַרגלייכן, ווי ביים רוב פון די מאָדערנע שרייבער, וואָס ווילן ווירקן דורך זייערע אויסערגעוויינלעכע מעטאַפאָרן און אַסאָציאַציעס — ביי שפּיגלען שטראָמט אַלץ פון אַן אינערלעכן שטראָם, פון דער זעאונג, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין די מאָמענטן פון זייער געשעען און קומען איצט אין שפּיגלס נאָוועלן אַרויס אויף דער אויבערפלאַך פון דער קונסט אין זייער אור־צושטאַנד. און דעריבער ווען שפּיגל גיט אַ בילד אָדער סיטואַציע, ווירקן זיי אַזוי טיף, ווייל זיי קומען טאַקע פון יענעם ערשטן איבערגעלעבטן מאָמענט.

שפּיגלס נאָוועלן זענען דעריבער עכט־קינסטלערישע געמעלן, ווייל זיי ווירקן מיטן כוח פון דערמאָנען. קונסט איז בכלל דערמאָנונג, וואָס באַלעבט אונדזער זיין. אמתע קינסטלער קומען צומיינסטן צוריק אין זייער שרייבן צו זייערע קינדער־יאָרן, נישט צוליב דער שיינער פאַבולע פון יענע יאָרן, נאָר כדי צו אַנטפּלעקן דעם אַבסאָלוטן איינדרוק, דעם אמת, וואָס דרימלט און וואַרט נאָך אויפן אויפוועקן... קונסט איז אַבסאָלוטער אמת, אַפילו ווען ער איז אויסגעטראַכט. שפּיגלס נאָוועלן האָבן אָבער די מעלה, דאָס אין זיי איז דער קינסטלערישער אמת פון אַזאַ הויכער ווערט, פון אַזאַ איבערצייגונג, דאָס מיר שפּירן נישט, ווו עס

---

* „שטערן איבערן געטאָ", פאַרלאַג ייד. פאָלקס־ביבליאָטעק, פּאַריז.

הויבט זיך אָן און ווו עס ענדיקט זיך דער וואָרער אמת און דער קינסט־לערישער אמת.

און נאָך אַ זאַך, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר שפּיגלס נאָוועלן: — דער טיפער גלויבן, וואָס איז ווי אַ נס אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אין שפּיגלען. ווייל מען האָט דאָך באמת געקאָנט פאַרצווייפלען אין גאַנצן יש, אין גאַנצן באַגריף מענטש אין דער לאַנגער היטלער־נאַכט. שוין דער פאַקט, וואָס אין די פינצטערע טעג פון דער „טויטן־שטאָט", ווי עס איז געווען דאָס לאָדזשער געטאָ, האָט שפּיגל געקענט אָנשרייבן אַזעלכע נאָוועלן, ווייזן אונדז זיין גלויבן — דעם גאַנצן מהות, דאָס וועזן פון קינסטלער.

אין דער ערשטער נאָוועלע שוין „די משפחה ליפּשיץ גייט אין געטאָ" איז שפּיגלען געלונגען אַרומצונעמען אין זיין גאַנצן פאַרנעם דאָס פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס אויפן פּאָן פון באַציאונג צווישן מענטש און מענטש, פון „בין אדם לחברו", וואָס הויבט זיך אויף און דערגרייכט צו דער מדרגה פון „בין אדם למקום".

מיר זעען די פּוילישע דינסט מאַריאַננאַ, וואָס גייט מיט אירע באַלע־באָטים אין געטאָ אַריין, מיט איר עכט פּשוט געפיל פון אַ מענטש, וואָס קאָן זיך מקריב זיין. עס איז נישט וויכטיק, וואָס זי זעט איצט אין איר פּאַן יעזוס, וואָס שטראַלט אויס פון דעם ייד ליפּשיצס אָוונט־תפילה. עס איז נישט וויכטיק צי דער געלער שטערן, וואָס די דינסט נייט־אָן אויף אירע מלבושים, איז דער שטערן פון דער השגה, וואָס זי פילט אין דער שווערער שעה אין יידס נע־ונד. עס איז וויכטיק, וואָס דורך מאַריאַננען זעען מיר דעם פּשוטן פּרימיטיוון מענטש, וואָס וויל זיין גוט. און ווען ר' יצחק ליפּשיץ מורמלענדיק די לעצטע תפילות זאָגט צו מאַריאַננען:

— „גיי אַ היים, מאַריאַננע, גיי צוריק אין שטאָט אַריין, דער דייטש מיינט נישט דיך, ער מיינט בלויז אונדז יידן..." — און מאַריאַננע ענט־פערט אים נישט, נאָר זי נייט ווייטער די געלע לאַטעס אויף אירע בגדים — הערן מיר מיט אַ אינערלעכן ציטער דעם ענטפער פון דער דינסט וואָס זאָגט, אַז זי וועט נישט אָוועקגיין, ווייל אַזוי דיקטירט איר דאָס ערלעכע ריינע האַרץ — איז עס אַ טרייסט, אַ גלויבן, פּונקט ווי אין דער

פראַכטפולער, מיסטעריעזער נאָוועלע „אַ קאַטש פאַרט אויף אַ חתונה״ ווו שפּיגלען איז געלונגען מייסטערהאַפט איבערצוגעבן די שטימונג פון דער זקנה, בעת די יונגען, וואָס פירן אַרויס דאָס רעשט ביסל יידיש אָרעמקייט פון געטאָ און צווישן די קופּעס בעטגעוואַנט זיצט דער טויטער שמואל־דוד... עס איז אים געלונגען צו געבן אין זיין גאַנצער גרויל און אויפשוידער דעם גלויבן, אַז מען פירט זי, די אַלטיטשקע, אויף אַ חתונה...

שפּיגל האָט די סצענע, ווען דער וואָגן פאַרט איבער די טויטע ליידיקע געטאָ־געסלעך, געשילדערט מיט עטלעכע שטריכן. זיי זענען אָבער מיט אַזאַ קראַפט פון וויזיע, אַז מיר זעען דאָס בילד און זיין גאַנצן אַרומנעם. מיר גייען מיט מיט דעם שרייבער, בעסער געזאָגט, מיר לויפן מיט אים נאָך אין זיין זעאונג און מיר זעען אַליין דאָס גאַנצע בילד פון אומקום, מיר פאָרן מיט דיביידע אַלטע לייט ביזן „ברייטן צעשטויבטן הימל אַריין״ מיטן גלויבן, מיט דער רו, וואָס איז געוואָרן צו אַן אמת.

אָדער מיר נעמען, למשל, אַזאַ נאָוועלע ווי „אין דער פינצטער״, ווו עס רייסט זיך אַרויס דער גרויסער פּראָטעסט קעגן דעם אומרעכט, עס איז שוין נישט בלויז דער פּראָטעסט קעגן דער דייטשער געוואַלד, נאָר אויך דער פּראָטעסט קעגן דעם אייגענעם גאָט, וואָס האָט אָפּגענאַרט און ווען ר׳ בונעם פייטלאָוויטש שרייט אויס אין היילקער רציחה:

— „יידן, זאָגט נישט קיין תהילים מער! גאָט איז מיט אונדזער שונא!״ — דעמלט פילן מיר דעם גאַנצן ווייַ, מיט וועלכן עס איז אָנגעפילט נישט בלויז דאָס הארץ פון ר׳ בונעמען נאָר אויך אונדזער אַלעמענס אָנגעווייטיקט האַרץ, עס איז דער ווייַ פון אָנגעווירענעם גלויבן אין יענע טראַגישע טעג.

צו אַ גאָר הויכער מדרגה הויבט זיך שפּיגל אויף אין דער נאָוועלע „דער הימל פון אָנקל טעאָדאָר״, ווו ער שילדערט די טראַגעדיע פון די לעצטע יידן אין געטאָ. עס איז אַ נאָוועלע, וואָס נעמט דיך אינגאַנצן אַריין אין זיך, וואָס וואַרעמט דיך מיטן הייסן אָטעם פון די געשטאַלטן. שפּיגלען איז געלונגען אין אָט דער קלענער און זעלטענער נאָוועלע צו געפינען די פּאַסיקע ראַם פאַר אַזאַ שוידער־בילד, ווי עס איז דער אומקום פון די צוויי לעצטע געטאָ־יידן.

און נאָך אַ זאַך איז דאָ וויכטיק: דאָס פּראָבלעם פון דייטשע יידן אויפן פּרעמדן לאַדזשער געטאָ־באָדן. דעם שרייבער איז געלונגען דורך דעם טיפּ פון „דייטשן" „שטערן־קיקער", אָנקל טעאָדאָר, און דעם קליינעם פּויליש־יידישן מיידעלע, פייגעלע, צו לייזן דאָס פּראָבלעם פון יידישן גורל אויפן פאָן פון צוויי פאַרשידענע וועלטן, פון דעם געלערנטן דייטשן ייד און פונם פּרימיטיוון מיידל, וואָס גייען ביידע אין איין גורל־שעה פאַרייניקט צום טויט, מיר זעען דאָ דעם דייטשן, אָפּגעפרעמדטן ייד, וואָס האָט פּלוצים דערזען, אַז דאָ, אין יידישן געטאָ זענען „די שטערן גרעסער, זילבערדיקער, און דאָס ליכט וואָס פליסט פון זיי — שטאַרקער". עס איז אַ מין חשבון־הנפש־זעאונג, וואָס האָט אויפגעלויכטן אין מינוטן פון לעצטן וועג איבער געטאָ־הויפן.

און ווען מיר זעען די סצענע, ווען עס פּראַלט זיך אויף די טיר און די דייטשן מיט זייערע טאַשן־לעמפּלעך באַלויכטן דעם קעלער און טרעפן אַרומגענומענע דעם דייטשן ייד און דאָס זעכצן־יעריקע מיידל, — דערזעען מיר אויך דערמאָנט דעם קידוש־השם, וואָס גייט אויף פון זייערע ערלעכע, ריינע הערצער.

עס איז דער קידוש־השם, דער גלויבן, וואָס האָט זיי צוזאַמען פאַריי־ניקט; ווען זיי האָבן זיך אויסגעדרייט אין דער לעצטער מינוט צו דער מויער, אַ פאַרייניקונגס־אַקט, וואָס איז שטאַרקער פון די שרעקלעכסטעליידן, וואָס קיינער קאָן נישט צעשיידן.

און —

„ביידע אָנגענומענע פאַר די הענט, בעת זייערע קעפּ זענען געווען אויפגעהויבענע און געקוקט פאַרויס צום שיינעם פּיצל הימל, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אויף יענער זייט מויער".

און —

עס איז דער לעצטער בליק אין די הימלען, וואָס זענען אייביקער פון אַלע פּיינען, עס זענען די שטערן, וואָס לייכטן איבערן געטאָ און טרייסטן און מאַכן אונדז גלויבן, אַז סוף־כל־סוף וועט דער מענטש אויסגעלייזט ווערן פון שלעכטס.

„פאָלקסצייטונג" 1949

ג.

# נאָך אַמאָל „מלכות געטאָ"

עס איז אַ בוך, וואָס מאַכט אויפשווידערן אַלע געפילן. פון יעדער נאָוועלע גייען אויף און פלעכטן זיך אַריין אין די אייגענע בלוטן די אַלע שטילע קרעכצן, די אַלע פּיינפולע טעג און נעכט פון אונדזערע ברידער און שוועסטער הינטער די טויערן פון לאָדזשער געטאָ, — די אַממייִנסטן טראַגישע און אָפּגעזונדערטע פון אַלע געטאָס.

עס איז דאָס ציטערדיקע צאַפּלען פון אַ דיכטעריש האַרץ, וואָס האָט זײַנע זעאונגען אָנגעטאָן אין אַ לבוש פון קורצע ביז בלוט אַדורכגעלעבטע סצענעס און בילדער.

ווען מיר דערמאָנען די גרויל-בילדער אין דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור, צ. ב. זשאָרזש ראָדענבאַכס „די טויטע ברידזש", אָדער די שוידערלעכע דערציילונגען פון עדגאַר עללאַן פּאָ און מיר ווען זיי אָקעגן שטעלן די נאָוועלן פון שפּיגעלס בוך, ווען, ווי מיר דוכט זיך יענע זאַכן, כאָטש געניג און מיט הויכער קינסטלערישער קראַפט אָנגעשריבענע, בישט קענען זיך פאַרגלייכן צו שפּיגעלס נאָוועלן. קודם: אין יענע נאָוועלן פון די גרויסע וועלט-מייסטער זענען סיי די פאַבולע און סיי די העלדן אַבסטראַקטע פיגורן, זיי זענען געזעענע געשעענישן וואָס דער דיכטער האָט אין זײַנע וויזיעס געקענט אויסדיכטן און אויסטראַכטן; ביי שפּיגלען איז עס בלעטער פון דעם גרויסן בלוט-טריפנדיקן בוך, וואָס הייסט יידיש לעבן אונטערן שאַרף פונעם האַקנקרייץ, אין דער נאַכט פון לאַנגן מעסער.

עס איז דער גסיסה-כאָרכל פון מיינע און זײַנע נאָענטע, פון טויזנטער, טויזנטער קינדער און זקנים, פון טאַטע-מאַמע, פון גאַנצע דורות, וואָס שטייען איצט דאָ און ווייזן מיר:

אַזוי איז עס געווען!

און ווייל שפּיגעל איז אַחוץ אַ קינסטלער אויך אַ פּיינפילנדיקער מענטש, וואָס האָט אויפן אייגענעם לייב און לעבן אויסגעטראָגן די אַלע

גרוילן און פּיינען, ווייל שפּיגעל באַשרייבט נישט די אַלע בילדער וואָס קומען אויף אין זיינע נאָוועלן, נאָר ער גיט זיי אין דער דינער פּריזמע פון געדיכטעטע דערציילונגען, ווירקן זיי אויף אונדז מיט זייער אור־צושטאַנד ווי מיר וואָלטן זיי אַליין איבערגעלעבט.

און נאָך אַ זאַך איז זייער וויכטיק אַנצווייזן אין שפּיגעלס דערציילונ־גען: פון יעדער דערציילונג גייט אויף פאַר אונדז און ווייזט קלאָר, באַלייכט און באַשאַטנט די אַלע גרויסע, מסירת־נפשדיקע טאַטן פון יעדן ייד הינטער די געטאָ־מויערן אין מלכות געטאָ.

מיר זעען דעם שטילן קידוש השם פון יעדער יידישער מאַמע, וועלכע איז געהייליקט אין אירע ליידן, אָפּהיטנדיק דאָס פּיצעלע לעבן פון אירע קינדער. אָט דער קידוש השם, וועלכער איז געווען טאָג־טעגלעכער ווי־דערשטאַנד און וועגן וועלכן מען האָט ביז איצט כמעט נישט דערמאָנט, גייט אויף אין שפּיגלס בוך, ווי אַ דערלייטערונג, ווי אַ הייליקונג.

עס ווייזט אונדז דעם טיפן געפיל פון יעדן ייד אין זיין געראַנגל פאַרן קיום און זיין אויסגיין. די גבורה פון דער אַרט פּאַסיוויטעט, וועלכע איז טיילמאָל אפשר גרעסער פאַר דער גבורה מיט געוועהר אין האַנט. ווייל דער, וואָס גייט אויס אין שטילן קידוש השם נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אַ ייד, איז אפשר אַ גרעסערער העלד, ווייל ער באַקומט דאָך דערווייל קיין שום לוין פאַר זיין טויט, ער איז דאָך דער אמתער העלד, וועלכער איז מקבל באהבה די יסורים און קען אַפילו נישט אָפּצאָלן פאַר זיינע ליידן.

שוין אין זיין ערשטער דערציילונג „ערד" דערזעען מיר דעם גרויל און אומזין פון דעם אומקום. אָבער יאָשע־בער, וועלכער איז אַ פּראָ־טאָטיפּ פון טויזנטער פּוילישע יידן, וואָס זענען אומגעקומען מיט אַזאַ טויט, קען נישט אַנדערש האַנדלען. און כאָטש דער שכל־הישר האָט סיי זיין ווייב איטען, סיי אים געוואָרנט פאַר דעם אַלעם, וואָס וועט, וואָס מוז אונטער היטלערס ממשלה געשעען, דאָך גייט ער נישט אַוועק פונם ווױן־אָרט, פון דורותדיקער איינגעוואָרצלטקייט און קומט ליבערשט אום.

אין דער דערציילונג „ברויט" גיט אונדז שפּיגעל אינם בליקן פון צוויי הונגעריקע יידישע קינדער, וואָס טרייסטן זיך מיטן דערזען פריש

ברויט דורך אַ שפּאַרע פון זייער שטיבל, וואָס גייט אַרויס מחוצן געטאָ. אַ פול, טיף בילד פון הונגער. אַ מענטשלעכער, הומאַנער אויפשוידער. אפשר נאָך מערער פון דעם באַרימטן בוך פון האַמסון א. ג. „הונגער", ווו סוף כל סוף איז דער העלד דאָרט אַ פאַנטאַסטישער און דער עיקר אַ דערוואַקסענער מענטש, דאָ אויפן גרויל פון בילד פון די הונגעריקע קינדער, איז אויפגעגאַנגען דורך שפּיגלען די גרעסטע טראַגיק פון אונדזער צייט.

און כאַראַקטעריסטיש איז אין דער זעלבער דערציילונג דאָס בילד, ווי דער טאַטע שימעלע גנבעט אַרויס פונם אַלקערל שטיקלעך ברויט און ווי מיר הערן, ווי די מאַמע זאָגט: „איצט פעלט נישט מער, רבונו של עולם, ער זאָל אָפּשניידן אַ שטיק פלייש פון די קינדער און אָפּקאָכן".

מיר זעען זי שטיין די מאַמע אונדזערע, וואָס ווי אַ פויגל באַשיצט זי אירע קראַנקע קינדער, און מיר הערן נאָך איר יידיש האַרץ, ווי עס ווייטיקט — אַ טאַטע ?, האַ ?, אַ טאַטע ?, האַ ?, רוצח...

שפּיגלען איז געלונגען איז קורצע שטריכן איבערצוגעבן אַט די אַלע בילדער, ווייל ער האָט זיי אַליין אַדורכגעטראָגן אין זיין האַרץ.

אָדער אין זיין קורצער גאָר מייסטערהאַפטער דערציילונג „איבערגע־לעבט", ווי מיר זעען צוויי אַלטע לייט אין זייער אויסגיין, ווי עס גייען אויף פאַר אונדזערע אויגן די אַלע זיידעס און באָבעס אונדזערע, וואָס האָבן געהאָפט יעדן טאָג איבערצולעבן די דייטשן און פונקט צום סוף, ווען די דייטשן זענען אין בהלה אַנטלאָפן, האָבן זיי אויסגעהויכט די נשמות. עס איז דאָס געפיל פון דער יידישער משפחהדיקייט, וואָס קלאַפּט ווי מיט דינע פליגלען ביזן טויט...

אַמהעכסטן האָט זיך אָבער שפּיגעל אויפגעהויבן אין זיין דערציילונג „ליכט פון אָפּגרונט", ווי עס שלייכן זיך אַדורך אינם אָוונטיקן שיין די צוויי געשטאַלטן פון דער מאַמען און איר טאָכטער. מיר זעען זיי אין יעדן ציטער פון זייער פאַרבענקט בלוט, אין יעדן קער און ווענד אין יעדן וואָרט. מיר הערן יעדן סקריפּ פון בעט, וואָס שטייט און וואָרט אויף זיינע באַשערטע, די יידישע מאַן און ווייב; די יידישע וועלטן, יידישע דורות, וואָס וואָלטן געדאַרפט געבוירן ווערן אין איר. מיר זעען

דאָס גרויסע, אינערלעך געהייליקטע פייער, וואָס גייט אויף אינעם וואָ־רעמן ביסל געקעכטס, וואָס די טאָכטער קאָכט אָפּ פאַר לייבושן, עס איז אַ נייער אופן פון הערצאישקייט, אַ נייע מתנה, וואָס נאָר יידן קענען ברענגען על קידוש המענטש.

דאָס זעלבע — אין „געזאַנג פון די פויגל", וואָס מען דאַרף זיין אַ מייסטער איבערצוגעבן איר שטימונג, ווי פון יעדער שורה שרייט אַרויס אין די שטילסטע טענער, ווי דאָס וואָרט, וואָס קומט פון אייגעם פון די עדה יידן, וואָס ליגן אין גרייטקייט אויף אַלעם:

— רבונו של עולם, זיי זיך מרחם אויף דיין פאָלק ישראל, האָב רחמנות אויף דיין אָרים פאָלק..."

און ווען שפיגעל ווייזט אונדז, ווי „פון אויבן, פון די הויכע, ליידיקע טורעמלעך טראָגט זיך ווידער אַ ווינט, אַן איינזאַמער און קילער", ווערן מיר אָנגעשטעקט מיטן געפיל פון אָט דער עדה יידן, וואָס ווייסט, וואָס דערוואַרט איר און מיר זענען שטאָלץ מיט זיי, ווייל אין זייער געלייטערטן פיין און אין די שטילע קדוש השמען זייערע, ווערן געשטאַרקט אונדזערע הערצער. מיר טובלען זיך אין זייערע ריינע נשמות, און פילן אונדז אַן מיט שטאַרקייט און גלויבן אינם קיום פון אונדזער געפייניקט, אָבער אייביק יידיש פאָלק.

און דאָס איז דאָס גרעסטע, וואָס שפיגעל האָט דערגרייכט מיט זיינע נאָוועלן „מלכות געטאָ". עס גייט אַריבער פון „מלכות געטאָ", צום מלכות פון אייביקן ייד אין אונדזערע און אין אַלע דורות...

„פאָלקסצייטונג"

ש. לאַסטיק (—1907)

# „מענטשן אין תהום" פון ישעיהו שפיגל

עס וואָלט, פאַרשטייט זיך, געווען אַ טרואיזם ווען מיר זאָלן איצט — נאָך דעם ווי י. שפיגל האָט שוין פאַרעפנטלעכט צוויי זאַמלונגען פון נאָוועלן, וואָס האָבן געקראָגן דעם ברייטסטן רעזאָנאַנס אין דער קריטיק — קומען און פעסטשטעלן, אַז דער מחבר איז אַ הויך־טאַלאַנטירטער קינ־סטלער. און הגם דער שרייבער פון די שורות האָט דער ערשטער אויף די שפאַלטן פון די „יידישע שריפטן" אָנגעוויזן וועגן דער גרויסער שריי־בערישער און פּאָעטישער גבורה פון שפיגלען, וואָלט איך איצט וועלן, אין צוזאַמענהאַנג מיטן דערשיינען פון ישעיהו שפיגלס דריטן בוך נאָוועלן „מענטשן אין תהום", אונטערציען אייניקע סך־הכלען און זיך פרוון אָפּגעבן אַ דין וחשבון פון וואַנען נעמט זיך די באַצווינגענדיקע קראַפט פון שפיגלס נאָוועלע.

עס איז שוין נישט איין מאָל אויסגעקומען צו הערן די מיינונג, אַז די טעמע געטאָ און לאַגער, נישט געקוקט אויף דעם ווייטיקדיקן צאַפּל פון שווערע דערמאָנונגען — און אפשר צוליב די שוידערלעכע דער־מאָנונגען! — איז איצט נישט געוווּנטשן. מען דאַרף זיך נישט גריבלען אין דעם שוידער פון נעכטן, נאָר לענקען די בליקן אויף די פּראָבלעמען פון היינט און אויף די פריידיקע פּערספּעקטיוון פון מאָרגן. צי איז די טענה, אין אָנבליק פון דעם אימפּעטפולן צאַפּלדיקן לעבן, וואָס ווערט איבערגעשטאַלטיקט אויף נייע, געזונטע, הומאַנע יסודות, נישט קיין גע־רעכטע? — אָן שום ספק יאָ. און דאָך איז אַ גרויס גליק געשען אונזער ליטעראַטור, וואָס עס האָט זיך געראַטעוועט פון געטאָ דער גלענצנ־דיקער נאָוועליסט ישעיהו שפיגל.

עס איז גענוג אַ טראַכט צו טאָן ווי אָרעם וואָלט אונזער נאָך־חורבן־

פראָזע אויסגעזען, ווען מיר זאָלן נישט פאַרמאָגן אָט דעם פּרעכטיקן מאָנומענט פון יידישער מאַרטיראָלאָגיע און יידישן פּראָטעסט, וואָס עס האָט אַרויסגעבראַכט אויף אַזאַ דיסקרעטן, מייסטערהאַפטן, פּאָעטישן אופן י. שפּיגל; עס איז גענוג פעסטשטעלן, אַז סיי די ערשטע נאָוועלע זיינע „ערד״ און די פינפאונצוואַנציקסטע „אַ ייד פון בית-עולם״ לייענסטו מיט דעם זעלביקן, שטאַרקן אינטערעס, אָן דעם מינדסטן סימן פון מידקייט; עס איז גענוג זיך דערמאָנען דעם שלל טיפּן, געשטאַלטן און פּאָעטישע שילדערונגען, וואָס זיינען אויסגעהאַמערט געוואָרן אויף אַן אויסערגעוויינלעך פּלאַסטישן אופן דורך דעם מחבר, בכדי צו באַגרייפן סאַראַ גרויסע נאַציאָנאַל-דערהויבענע שליחות ישעיהו שפּיגל האָט אויס-געפירט מיט זיינע דריי ביכער.

יאָ, עס איז שוין צייט אונטערצוציען סך-הכלען: סיי פון די גרונט-עלעמענטן פון זיין שילדער-אופן, סיי פון דעם סאָציאַלן און אידעאָלאָגישן אויסקלאַנג פון זיין שאַפן, סיי אויסטיילן די עלעמענטן, וואָס גיבן באַזונדערע חשיבות שפּיגלס נאָוועלן און שטעלן זיי העכער פאַר אַלע אַנדערע פּובליקאַציעס אויף דער טעמע פון אונזער פיינפולן נעכטן.

אינטערעסאַנט, שפּיגל באַנוצט זיך תמיד מיט דעם קלאַסישן, רואיקן נאַראַציע-מעטאָד. ער גיט געוויינלעך אַ גאַנץ געטרייעם פּאָרטרעט פון העלד, אַ גענויע שילדערונג פון דער אומגעבונג און פון דער אַרומיקער נאַטור. אַנדערש געזאָגט: ער שילדערט אַזוי ווי עס האָט געטאָן טורגע-ניעוו און טאָלסטאָי, ווי מאָפּאַסאַן און הוגאָ, ווי מענדעלע און פּרץ און בכלל די קלאַסישע נאָוועלע און ראָמאַן. אין פלוג וואָלט אַזאַ אַרט צוגיין צו גרוילפולן שטאָף באַדאַרפט באַשווערן דאָס לייענען און פאַרמינערן דעם ווערט פון די שאַפונגען. און ווירקלעך: צי קען מען צו אַזאַ שרייענ-דיקן, מיט בלוט און טרערן אַדורכגעווייקטן לעבן צוגיין מיט דער „קאַל-טער״ פאָרם און „קאַלטן״ אופן פון דער קלאַסישער נאָוועלע? ווייזט זיך אַרויס, אַז מען קען און דאָס מיט דערפאָלג; אַז דווקא די מכלומרשטע נאַראַטאָרישע רואיקייט, אַז דווקא די גענוג דעטאַלע שילדערונג פון דער אומגעבונג, דאָס בפרטיותדיקע אַרויסברענגען די געמיט-צושטאַנדן פון מענטש גיט אָן שפּיגלס נאָוועלן דעם חותם פון אומפאַרגאַנגלעכן ווערט, פון הויכקינסטלערישע, רעאַליסטישע נאָוועלן.

אויף שפיגלס נאָוועלן באַשטעטיקט זיך נאָך אַ מאָל דער כּלל, אַז עס זײַנען נישטאָ קיין „גוטע" און „שלעכטע טעמען", קיין „אַלטע" און „מאָדערנע" שילדער־אופנים. אַז אַלע טעמען און אַלע אופנים זײַנען באַרעכטיקט, אויב מען קען זיך מיט זיי ווי געהעריק באַנוצן. אַז נישט די טעמע דעצידירט, נאָר וואָס מען לייגט אין איר אַרײַן און ווי־אַזוי מען ברענגט זי אַרויס; אַז נישט דער אָדער יענער אופן פון שילדערן דעצידירט, נאָר וויאַזוי ער ווערט אָנגעווענדט און צי ער ווערט ציל־אָנגעווענדט דורכן מחבר.

ביי שפּיגלען איז נישט אָנצוטרעפן קיין איין שילדערונג לשם שילדערונג, קיין איין בילד לשם בילד, יעטווידער דעטאַל, יעטווידער פּרט פון דער אומגעבונג, פון דער נאַטור, פון דער ביאָגראַפיע און כאַראַקטעריסטיק פון העלד איז אָרגאַניש אַרײַנגעוועבט אין דער נאָוועלע און ווירקט מיט אויף דער פאַרשטאַרקונג אָדער פון דער אַקציע, אָדער שטרײַכט שטאַרקער אונטער די שטימונג, דעם קאָלאָריט פון דער סביבה, — איז אויסגעפילט מיט רעאַלע שפּירונגען און פאַרפּלאַסטישט דאָס געשילדערטע.

בכדי נישט זײַן אַבסטראַקט וועל איך ברענגען כאַטשבי איין ביישפּיל ווי מאַנאָליט און ציל־אָנגעווענדט עס איז זײַן פּאָרטרעט. די נאָוועלע „מאַכעלע" אין דעם בוך „מענטשן אין תהום" הויבט שפּיגל אָן פון שילדערן דעם פּאָרטרעט פון העלד:

„ער האָט געהאַט זייער לאַנגע אַראָפּהענגענדיקע הענט מיט לענגלעכע דינע פינגער פון אַ גרוילעך־גרינלעכן קאָליר. די פינגער זײַנע זײַנען געווען דורכזיכטיק ווי וואַסער און ער האָט ליב געהאַט זיי אַוועקצולייגן איבער די אויגן, כּדי צו זען דאָס ראָזלעכע בלוט, וואָס האָט באַפאַרבט דאָס ווייסלעך־גרינע פלייש אַרום. ער האָט עס ליב געהאַט צו טאָן פון קליינערהייט אָן. אַז ער פלעגט זיי שפּעטער אַוועקנעמען פון די אויגן, איז נאָך די וועלט אַרום געווען אַזוי ראָזלעך־שיין".

שפּעטער דערוויסן מיר זיך וועגן צוויי איבערלעבונגען, ריכטיקער: שפּירונגען, וואָס האָבן זיך אײַנגעקריצט אין זײַן קריפּל־מוח און האַרץ: דער קילער טויט־גערוך פון טאַטנס באָרד און דער ריח פון פּאָמעראַנצן,

וואָס האָט געשלאָגן פון די אויסגעליידיקטע קעסטלעך ביים טאָרג־שטייער ווי ער האָט געדינט.

עס איז גענוג צו זען וואָס פאַר אַן איידעלע נשמה דער דיכטער אַנט־פּלעקט אין אָט דעם פון גאָט און פון לייט פאַרגעסענעם קריפּל, עס איז גענוג צו זען די גרויסע באַדייטונג, וואָס עס האָט דאָס קוקן דורך דער ראָזקייט פון אייגענעם בלוט אויף דער וועלט, וויאַזוי דער מחבר דערפירט קאָנסעקווענט ביים סוף פון דער נאָוועלע צו דער אויפלייזונג פון קילן טויטן־גערוך אין דער פון הונגער אויסגעגאַנגענער מאַמען און אים לאָזן גלייך נאָך דער לוויה פון דער מוטער, וואָס איז פאַרגעקומען אין געאייל (די קברנים זיינען דאָך געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט און דער דייטש האָט צוגעאיילט), דערשפּירן אין דעם איינזאַמען מיידל, וואָס איז צו אים געקומען, דעם פאָמעראַנצן־גערוך. דאָס הייסט מייסטעריש קאָנסטרויִרן אַ נאָוועלע!

— און די נאַטור? צי איז די נאַטור ביי שפּיגלען אַן אָרנאַמענט? קיינמאָל נישט. זי איז אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון דער אַקציע אין דער נאָוועלע און שפּילט אַן ערשטראַנגיקע ראָל ביים איבערגעבן דעם קאָלאָריט, די שטימונג, דעם שווערן גורל פון די יידן אין געטאָ, און האָט די באַזונדערקייטן פון דער געטאָ־וואָר. אָפט באַקומט זיך דער איינדרוק, אַז אַפילו די הימלען זיינען אָנגעשטעקט מיט דער שווערער שטימונג פון די פאַראורטיילטע אויף לאַנגזאַמען טויט, אַז דאָס זיינען באַזונדערע געטאָ־הימלען... אַז דער ווינטער און זומער, דער הימל און די ערד דאָרט האָט זיך אָנגעשטעקט מיט דער אומנאָרמאַלקייט פון געטאָ־לעבן. מיר וועלן ברענגען כאָטשבי אַ פּאָר ציטאַטן:

„אינדרויסן האָבן זיך דערווייל געשטעלט זייער קילע טעג. די וואָל־קנס איבערן געטאָ האָבן זיך צונויפגעקנוילט אויף איין אָרט און אָנגע־הויבן שפּינען לויזע קרעפּטיכער. אַ קאַלטער, הונגעריקער ווינט האָט זיך געריסן דורך די נידעריקע הייזלעך מיט זיינע בלויע, אויפגעלאָפּענע פינגער. יעדן פאַרטאָגנס האָבן יידן אויף די דעכלעך געפונען ליגן ווערבלעם, וואָס זיינען געפאַלן פון הונגער". (זייט 68).

„דער ווינט אין געטאָ טראָגט תמיד מיט זיך אַ כליפּנדיק געוואָי־ביינאַכט, ווי דאָס העשען פון געשאָכטענע קינדער".

(„נאָך מנחה״).

„עס איז שוין געווען טיפער האַרבסט, בעת די נאַכט־הימלען זיינען אָנגעגאָסן מיט קעלט און מענטשלעכער מורא פאַרן שטאַרבן״. (זייט 78).

אָט פון אַזאַ אַרט זיינען י. שפּיגלס נאַטור־שילדערונגען. זיי אָטעמען מיט געטאָ, די געטאָ־שטימונג איז טראַנספּאָנירט געוואָרן אויף דער נאַטור און די נאַטור ווערט אַזוי אַרום אַ באַשטאַנדטייל, אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון סוזשעט. דאָס זעלביקע איז שייך יעטווידער שילדע־רונג אין שפּיגלס נאָוועלן. מיר וועלן זיך דערלויבן צו ציטירן כאָטשבי איינע.

די אלמנה טעמקין בייגט זיך אַראָפּ צום הונט און דערזעענדיק די פינקלדיקע פייערן פון שטאָט, רופט זי זיך אָן צו איר הונט ניקי:

„זעסט? — אָט דאָרט... ניקי... ...אונזער היים... אונזער שטוב...

דער הונט האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ, געשטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס און געקוקט אין דער פינצטערניש אַריין. אַ רגע איז ער אַזוי געשטאַנען אַרומגענומען מיט דער אלמנה׳ס אָרעם. פּלוצים האָט ער זיך צעלאָזט אין אַ לאַנגן, אויסגעצויגענעם וואָיען. דאָס געוואַלד האָט אַ ריס געטאָן דעם פינצטערן הימל ווי אַ בליץ, זיך צעשלענגלט אונטער די וואָלקנס און דערנאָך זיך אויסגעלאָשן אין דער קאַלטער פינצטערניש פון דער ערד״.

(„ניקי״, זייט 15—16)

צי קען מען מער עקספּרעסיוו איבערגעבן דאָס ווייטיקדיקע בענקען נאָך דער פאַרלאָרענער היים ווי עס איז דאָ דורך שפּיגלען אויף דעם סאַמע אומדירעקטן אופן (ווייל אייגנטלעך דורכן הונט „ניקי״) איבער־געגעבן געוואָרן.

דאָ קומען מיר אייגנטלעך צום עיקר־עלעמענט פון שפּיגלס קינסטלע־רישן גאַנג. די אומדירעקטקייט. אַלע שוידער־פאַקטן פון געטאָ־לעבן ברענגט דער מחבר אַרויס אויף אַן אומדירעקטן אופן: מיט דער הילף פון דער נאַטור, פון אַ חיה, פון אַ סיטואַציע. דער שוידער־פאַקט גופא שטייט קיינמאָל נישט אין צענטער פון דער נאָוועלע, ער שפּילט דאָ

אָפּט די ראָל פון איינעם פון די שילדער־קאָמפּאָנענטן... און דאָך ווירקט ער מיט אַ גוואַלטיקער באַצווינגענדיקער קראַפט, מיט אַ קראַפט, וואָס קיין שום נאָוועלן פון אָפּאַטאָשו און אַפילו פון שלום אַשן, אויף דער געטאָ־טעמע, ווירקן נישט אַזוי סוגעסטיוו. און דאָס נישט בלויז דערפאַר ווייל שפּיגל האָט דאָס גרויל־לעבן אין לאָדזשער געטאָ איינגעזאַפּט, ווייל ער איז געווען איינער פון די טויזנטער, וואָס האָבן געטרוימט וועגן וואַרעמקייט און זעט, ווייל ער האָט צוגעזען דעם שטילן טויט פון זיינע ליבסטע. ווי וויכטיק דער פאַקט פון אויטענטיזם זאָל אָן און פאַר זיך נישט זיין, איז ער אין דער קינסטלערישער שילדערונג אַ צווייטראַנגיקער מאָמענט, ווייל ליטעראַטור איז טאַקע אָפּשפּיגלונג אָבער נישט קיין פאָטאָ־קאָפּיע... דאָ גייט אין דעם געזונטן קינסטלערישן חוש פון מחבר, וואָס האָט זיך אויסגעהיטן פון צו געדיכט מאַכן די פאַרבן, פון פאַרלירן דאָס גלייכ־געוויכט, פון דערברענגען דערצו, אַז אין דער נאָוועלע זאָל פאַרפעלן דער שטראַל ליכט, דאָס לויטער־מענטשלעכע, די בויטיקע לופט פאַר דעם ווערק, אָן וועלכן עס האָט נישט מיט וואָס צו אָטעמען... וואָס פאַראַ ווערט האָט אַן איילבילד אויב עס האָט נישט קיין ליכט און לופט? י. שפּיגל האָט עס שטענדיק געדענקט און דערפאַר האָט ער שטענדיק געזוכט דעם שטראַל ליכט: דעם מענטש, דאָס שיינע און דערהויבענע.

כאַראַקטעריסטיש: נישטאָ אין קיין איינציקער נאָוועלע קיין נעגאַ־טיווער טיפּ אַלס צענטראַלע פיגור, אַפילו ווען זיינע העלדן פאַלן, און אַפילו די געפאַלענע העלדן גופא, מעג עס זיין די גאַסן־פרוי פון „אין אַ טויטן־געסל", צי די גאַסן־פרוי, די הויכע רויזע פון דער נאָוועלע „ניקי", צי ביילע פון דער „די גאָלדענע יויך", וואָס הייבט אָן לעבן מיטן געטאָ־פּאָליציאַנט פאַרן פרייז פון דער זעט, וואָס ער ברענגט אין שטוב אַריין און צוליב די זינדיקע פאַרלאַנגען, וואָס עס האָבן אין דער יונגער פרוי אויפגעטויכט. אַלע העלפט ער זיי זיך דערהייבן צום מענטש־לעכן, אין יעדן פון די געזונקענע אַפילו זוכט ער אויס דעם שטראַל ליכט, גיט זיי די מעגלעכקייט זיך צו רעהאַביליטירן מיט אַ מענטשלעך לויטערן טאַט. דער איינציקער פינצטערער פלעק אין די נאָוועלן זיינען די דירעקטע היטלער־משרתים און די דייטשן. אָבער די געשטאַלטן וואַקסן ביי שפּיגלען קיינמאָל נישט אויס צו צענטראַלע פיגורן ווען

ער שילדערט זיי שוין יאָ, ס׳רוב דריקן זיי נאָר מיט דער אכזריותדיקער לאַסט אומדירעקט. זייער בייזער שאָטן, זייער פאַרסמענדיקער אָטעם בלויז טראָגט זיך איבער די העלדן און געשעענישן.

און דאָ קומען מיר צו דעם סאָציאַלן און אידעאָלאָגישן מאָמענט פון שפּיגלס שאַפן. מען קאָן אָן גוזמא זאָגן, אַז דורך די נאָוועלן דערזעען מיר אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. פון נגיד ליפשיץ ביז דעם אָרעמען און קראַנקן מאַכעלע; פון ערד־אַרבעטער ביז דעם וועבער פּראָלעטאַריער; מאַן און פרוי, זקן און קינד, רבי און דייטשער ייִד, מענטשן פון שיינער טראַדיציע און פון אונטערוועלט, קאַטאַריניאַזשעס און טאָרגשטייער, קורץ — די גאַנצע ייִדישע פאָלקס־מאַסע פון אויבן ביז אַראָפּ. דערביי פאַרגעסט נישט שפּיגל, ווי אַ קינד פון פאָלק ריכטיק צו באַלויכטן דעם קלאַסן־מאָמענט. ר׳ יצחק ליפשיץ דער נגיד איז אין דער נאָוועלע אי נישט דאָס צענטראַלע געשטאַלט, אי ער, ווי בכלל זיין משפּחה, שטייט פיל נידעריקער מאָראַליש, ווי דער אָרעמער וועבער פון באַלוט — דער פעטער יאַנקל. און אויב די נאָוועלע האָט פאַר איר הויפּט־שטאָף די שילדערונג פון דער איבערזידלונג אין געטאָ, איז דאָס צענטראַלע געשטאַלט מאַריאַנאַ שיוועק, די ליפשיצעס דינסט. שפּיגלס נאָוועלן דעקן אָפּ דאָס חייהשע פּנים פון דער היטלעריסטישער בעסטיע, גיבן אַ קינסטלערישן אויסדרוק דער יידישער מאַרטיראָלאָגיע און יידישער גבורה. אין אַ ווירק־לעכקייט ווו עס הערשט הונגער, קראַנקהייט און פאַמעלעכע גסיסה, ווו דאָס עלעמענטאַרסטע, וואָס אַ מענטש באַדאַרף צו האָבן — געפינט זיך אין דער ספערע פון טרוים, ווו אַלץ שטויסט צו דער אַנטמענטשונג פון מענטש און אַנטווערטונג פון מאָראַלישע ווערטן, — פאַרהיטן שפּיגלס העלדן דאָס פּינטעלע מענטש אין זיך. און ווי ווייט זייערע כוחות און מעגלעכקייטן דערלויבן, פאַרטעסטירן זיי אַקטיוו.

אין דעם פּרט איז ביז גאָר אינטערעסאַנט די לעצטע גרויסע נאָוועלע שפּיגלס „אַ ייד פון בית עולם״. די שילדערונג פון די צוויי דורות קברנים, די סודות פון קברנים־פאַך, די אַרבעט א. א. וו. האָט נישט אירס גלייכן אין אונזער ליטעראַטור. נאָר נישט אין דער זאַפט־און קראַפט־פולער שילדערונג גייט דאָ. שפּיגל האָט באַשלאָסן דעם ייד, וואָס געפינט זיך שוין פערציק יאָר אויפן בית עולם, אַראָפּברענגען אין געטאָ און אים

דעם ספעציאַליסט אויף מתים זיך אַרויסזאָגן וועגן געטאָ. אָט וואָס שפּיגל דערציילט דאָן וועגן פעטער כיל:

„די פּערציק יאָר אויפן ריינעם פעלד האָבן אים נישט געבראַכט אַזוי נאָענט צום טויט ווי טאָקע איצט דאָ, צווישן די נאָך לעבנדיקע יידן אין געטאָ. ער איז דערגאַנגען, אַז דער טויטער מענטשלעכער גוף איז גאָר עפּעס אַנדערש ווי דאָס בהדרגהדיקע מענטשלעכע אָפּשטאַרבן, ערשט אינם שטאַרבן פון די יידן איז אין אים אויפגעגאַנגען די גרויסע טויט־מגפה. דער נאָך לעבעדיקער יידישער גוף, וואָס פאַלט ביסלעכווייז איין, איז שוואַרצער און טיפער ווי דער טויט אַליין".

לעבעדיק מאַכן איז אוממעגלעך, לינדערן די נויט קען נישט דער ייד, קיין באַוווסטזיניקער מענטש איז ער אויך נישט, ווי זשע דריקט ער אויס זיין פּראָטעסט? — ער הויבט אָן טאָן זייער רעכט די געשטאָר־בענע, זיי זאָלן קומען צו קבר ישראל ווי ס'איז איינגעפירט ביי יידן. און דאָס איז זיין העלדישער טאַט. העלדיש דערפאַר, ווייל אַזוינס צו טאָן איז געווען שטרענג פאַרווערט דורך די דייטשן. אָבער ער און זיין פלימעניצע האָבן עס געטאָן, וויסנדיק וואָס פאַר דעם „פאַרברעך" עס דראָט זיי.

און דער עיקר איז וויכטיק אונטערצושטרייכן דעם פאַקט, וואָס שפּיגלס נאָוועלן אַנטמוטיקן נישט, רופן נישט אַרויס קיין פּעסימיסטיש־דעפּעטיס־טישע רעיונות, פאַרקערט: דורך דעם שטילן, געצוימטן, דערציילערישן טאָן באַווייזט שפּיגל צו שטאַרקן אונזער האַס צום פאַשיזם — דעם גורם פון די פּיינען, פון אונזער נאַציאָנאַלן אומגליק. ער פילט אונז אָן מיט גלויבן אין מענטש, אין מיטמענטש. וויפל וואַרעמקייט שפּיגל האָט אָפּגע־פונען אין דעם פשוטן האַרץ פון מאַריאַנאַ שיוועק. ווי לויטער און געהויבן עס איז איר פּראָטעסט קעגן דעם גרויסן אומרעכט דורך איר בלייבן אין געטאָ, צוזאַמען מיט די פאַרטריבענע באַלעבאַטים. ווי מאָראַליש העכער עס איז אַפילו די יידישע פרוי, וואָס די נויט האָט זי דעפּראַווירט לגבי דעם דייטש! פאַרמאָגט זי דאָך פאָרט אין איר האַרץ מיטגעפיל, דעם ווילן צו העלפן אַנדערע...

פאַרשטייט זיך, אַז אונז אינטערעסירט אויך נישט ווינציק די אַקטיווע אַקציע, דעם ווידערשטאַנד פון געטאָ צו זען קינסטלעריש פיקסירט. י.

שפיגל איז אָבער אַ קינסטלער אַן אָרנטלעכער און שילדערט דאָס, וואָס ער האָט אין געטאָ געזען. נישט קוקנדיק אָבער דערויף — האָבן אָבער זיינע נאָוועלן די גרויסע מעלה, וואָס זיי אַקטיוויזירן, וועקן און רופן צום קאַמף מיט דעם אוממענטשלעכן, ווילדן אימפּעריאַליזם אין זיין פאַשיסטישער געשטאַלט. מען קען נישט לייענען שפּיגלען און נישט ווערן קיין שונא פון פאַשיזם.

און איצט אַ פּאָר ווערטער וועגן די עלעמענטן, וואָס טיילן באַזונדערס אויס שפּיגלס קינסטלערישע פאָראויסערונגען פון די אַנדערע ווערק אויף דער געטאָ־טעמע.

עס איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן אויף דער קאָנסטרוקציע און אופן פון אַרויסברענגען דעם גרויל־שטאָף, אויף דער ספּעציפישער פאָרם פון אומדירעקטן אַרויסברענגען דעם גרויל־שטאָף, אויף באַשענקען די פאָלקס־מענטשן פון אַלע שיכטן מיט אַ וואַרעם מענטשלעך געפיל.

עס מוז דאָ צוגעגעבן ווערן נאָך אַ ביז גאָר וועזנטלעכער מאָמענט: דער פּאָעטישער טרוים און די פּאָעטישע קאָנדענסירטקייט פון וואָרט. עס איז אונז שוין אין די פריערדיקע אָפּהאַנדלונגען אויסגעקומען צו ווייזן, אַז דאָס פּשוטע, נאָרמאַלע, עלעמענטאַר־מענטשלעכע ווערט אין שפּיגלס נאָוועלן, ביי זיינע אומגליקלעכע העלדן, פאַרוואַנדלט אין אַ טרוים. אין טרוים קענען זיי עסן ברויט צו זעט, אין טרוים קען דאָס קינד זיין אין אַ גאָרטן, אין טרוים קען דער ייד איבערלעבן דעם דייטש א. א. וו. א. א. וו. אָבער די טרוימען האָבן אויך געגרייכט מער וועזנטלעכע פראַגן, — באַפרייונג פון היטלערישן יאָך. און אָט ווי שפּיגל דעקט פאַר אונז אויף דעם טרוים פון דעם פּשוטן, רעליגיעזן יידן.

די נאָוועלע „דער רבי פון סאָמפּאָלנע" הויבט זיך אָן אויף פאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן אופן:

„אין יענעם יאָר איז קיין זומער אין געטאָ איינגאַנצן נישט געווען" עס האָט געבלאָזט אַ „רוחדיקער, פון קעלט אָנגעשוואָלענער ווינט"... „אין די געסלעך האָט זיך געזיפּט אַ טריבע פינצטערניש. מיט יעדן טאָג איז די דעמערונג געוואָרן געדיכטער"...

און אין אָט דעם אָנזומערדיקן יאָר, אין דער טריבער פינצערניש אין דער נאַטור פאַרנעמען זיך יידן מיט זוכן אַ „צייכן אין הימל". דערמאָנט

דאָך אַפילו די נאַטור די שילדערונגען פון דער צייט פון משיח בן יוסף... און די יידן געפינען אויס גימטריאות, אַז די וועלט גייט צום קץ... און דער מחבר פאַרבינדט זייערע טרוימען וועגן גאולה, זייער פאַרקוקטקייט אויף מזרח מיט אַזעלכע פאַרשטעלונגען, וואָס זיינען נישט בלויז אייגנטימלעך געווען פאַר דעם מין יידן, נאָר פאַר דעם גאַנצן פאָלק. מיר לייענען דאָרט, אַז די יידן האָבן געגלייבט, אַז

„אין דעם דאָזיקן יאָר פון די גרעסטע יידישע צרות וועט פון מזרח־זייט, צוזאַמען מיטן מאָרגן־שטערן, אויפגיין אַ העל ליכט. און דאָס ליכט וועט קומען ווי אַ שרפה, וואָס וועט פאַרלענדן אַלדאָס בייז פון דער וועלט, אויסראָטן דעם שטן און אַלע משחיתים פון יידישן פאָלק. ס׳וועט קומען די שעה פון ליכט און דערלייזונג..." (זייט 50)

און דער סוף פון דער נאָוועלע ? דער אומגעצוימטער, ווילדער אָדער ווי מען האָט געהאַלטן אומנאָרמאַלער רבי פון סאַמפּאָלנע רייסט מיט אַן עדה יידן און נישט געקוקט אויף די קוילן לאָזן זיי זיך אויף מזרח.

דער אויסקלאַנג פון דער נאָוועלע שפּרייזט ווייט אַריבער דעם טרוים פון רעליגיעזן ייד וועגן ביאת המשיח, און נעמט אָן אַ באַשטימטע קאָנקרעטע באַפאַרבונג, וואָס איז נאָענט און טייער געווען, — האָט דערמוטיקט צום געראַנגל פאַר קיום — טויזנטער און טויזנטער פאָלקסמענטשן, ווען די האָפנונג אויף דעם רעאַלן כוח פון מזרח, אויף דעם גרויסן רייניקנדיקן כוח פון „אָקטאָבער"־לאַנד, וואָס וועט קומען און אַ סוף מאַכן „צום שטן און אַלע משחיתים..."

דער אָרעאַל פון ראָמאַנטיזם מיט וועלכן ער נעמט אַרום זיינע העלדן, די פעיקייט אַרויסצוהויבן דאָס שיינע אין דעם מענטש, דאָס שיינע אויסגעפינען, די זאַפטיקייט און קאָנצענטרירטקייט פון דער פּראָזע, דאָס געבן די כלל־ליידן דורך די ליידן, טרוימען און ראַנגלענישן פון יחיד, — דאָס זיינען די גרויסע מעלות פון שפּיגלס נאָוועלן און שטעלן זיי אין סאַמע אויבן־אָן פון אונזער נאָך מלחמהדיקער פּראָזע, פאַרוואַנדלען זיי אין אַ נאַציאָנאַל אייגנטום פון גרויסן דערקענטעניש־ווערט, ווי פולווערטיקע קינסטלערישע פיקסירונגען פון דער סאַמע טראַגישסטער צייט אין אונזער געשיכטע.



מען דאַרף אָננעמען, אַז שפּיגל האָט דאָס קאַפּיטל געטאָ מיט די דריי גלענצנדיקע ביכער „מלכות געטאָ", „שטערן איבערן געטאָ" און „מענטשן אין תהום" פאַרענדיקט. אַז איצט וועט שפּיגל ווענדן זיינע בליקן אין דער היינטצייטיקייט. עס איז דעריבער צו ווינטשן, אַז שפּיגל זאָל מיט דער ספּעציפישער פאַר אים פאַרטיפטקייט און שלימות אַרויסברענגען דאָס מענטשלעך און געזעלשאַפטלעך שיינע, וואָס געשטאַלטיקט זיך אין פייער פון די גרויסע סאָציאַל־פּאָליטישע ענדערונגען ביי אונז אין לאַנד, אַרויסברענגען דעם רעוואָלוציאָנערן ראָמאַנטיזם פון די שעפער און בויער פון אַ נייעם גליקלעכן און גערעכטן, סאָציאַליסטישן מאָרגן.

שפּיגל קען עס טאָן און וועט עס טאָן.

„יידישע שריפטן", נר. 6 (26)

ב.

## וועגן „און געוואָרן איז ליכט"

ישעיהו שפּיגל האָט זיך אין אונזער נאָך־מלחמה־ליטעראַטור קונה שם געווען אַלס דער בעסטער קינסטלערישער שילדערער פון דער שווערער געטאָ־וואָר. די ביכער־נאָוועלן פון געטאָ־לעבן, וואָס שפּיגל האָט פאַרעפנטלעכט, האָבן אַרויסגעבראַכט אויף אַ פאַרטיפטן רעאַליסטישן אופן די טרוימען,ליידן, גאַרונגען, געראַנגלען און פאַרהעלטענישן, וואָס זיינען אייגנטימלעך געווען פאַר דעם יידישן מענטש, פאַר דער יידישער סביבה הינטער די געטאָ־ווענט. און שוין אין די נאָוועלן, אין די פּלאַסטישע שניצערייען פון די געשטאַלטן, אין דער געפרעסטער שורה, אין די פּרעכטיק־טראַנספּאַנירטע אויף דער נאַטור־שטימונגען פון געטאָ־מענטש האָט זיך געפילט דער דיכטער.

עס איז ממש געווען פאַר די קריטיקער אָן אומאויסטייטשלעכער פענאָמען, ווי אַזוי ישעיהו שפּיגל, — וואָס האָט אַליין די פּיינען אַרורכגע־מאַכט האָט געפונען אין זיך כוח איבערצוגעבן אין דעם פאָרם פון רויקער נאַראַציע אַזעלכע שווידערלעכע בילדער פון דער געטאָ־ווירקלעכקייט,

אויסזוכן דאָס הומאַניסטיש־דערהויבענע צווישן די פשוטע, אין טויזנט משונהדיקע טויטן געפּרוווטע פאָלקס־מענטשן. שפּיגל האָט אין זיינע נאָוועלן דעם פּסיכישן גלייכגעוויכט נישט פאַרלוירן און די קינסטלערישע מאָס פאַרהיט.

ווען מען לייענט דאָס ניי־דערשינענע בוך לידער פון ישעיהו שפּיגל ווערט דער „סוד" פון דעם כלומרשטן פּסיכישן גלייכגעוויכט פולשטענדיק אויפגעקלערט: — שפּיגל האָט זיינע פּערזענלעכע, אינטימע געפילן אויסגעלאָדן אין דער פּאָעזיע. און במילא באַנאַנד מיט די קרעפטיקע נאָוועלן זיינען אויפגעקומען אַלס קאָמפּענסאַטע פאַר דעם פּערזענלעכן וויי, די לידער, וואָס זיינען איצט דערשינען.

ווען מען זאָל עטוואָס ענדערן דעם סדר פון בוך און דעם צווייטן ציקל לידער, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אין געטאָ גופא און טראָגן דעם כאַראַקטעריסטישן נאָמען „געזאַנג אין דער פינצטער" שטעלן ביים אָנהויב און ערשט נאָכהער לייענען דעם ציקל „צום הייליקן שאָטן פון מיין פאָלק" און דעם לעצטן — „לויכטנדיקע שטערן" וואָלט נישט שווער געווען נאָכצופאָלגן די פּאַמעלעכע געמיט־עוואָלוציע ביים דיכטער, פון שווערצער פאַרצווייפלונג ביז בענקשאַפט נאָך אַ וואָרט פון טרייסט, ביז דעם אויפוואַכנדיקן באַוווסטזיין, אַז „אין זוימען פונם בלוט ליגט חלום און נצחון".

עס דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ביי קיין שום לידער־בוך, וואָס איז ביי אונז אין די לעצטע יאָרן דערשינען איז נישט אַזוי נויטיק געווען און האָט נישט פאַרמאָגט אַזאַ באַדייטזאַמקייט די פאַרצייכענונג פון דער דאַטע, ווען דאָס באַטרעפנדיקע ליד איז געשריבן געוואָרן, ווי אין שפּיגלס „און געוואָרן איז ליכט". זיי, די דאַטן זיינען די אָריענטיר־צייכנס און דערקלערן, ווי אַזוי פון „אַ טויטן־זינגער", פון געפיל, אַז ער זינגט „ס'געזאַנג פון תהום, וואָס ס'וועט קיינער נישט דערהערן, (ס'געזאַנג פון טויטן־גראָז און אָפּגעהאַקטן בוים"), פון דער איבערצייגונג אַז, אַפילו די נאַטור איז פיינטלעך צו דעם ייד און „די לבנה גייט מיט אַן אָנגעשאַרפטער האַק", פון די יאָרן 1940־1944 דערנעטערט זיך דער דיכטער צום באַזינגען דאָס לעבן, דעם מענטש. בלויז אין אַספּעקט פון די קאַש־מאַר־יאָרן איז אונז פאַרשטענדלעך דער הייסער ווונטש פון דיכטער:

„אָ, שענק מיר ווידער שטילן טויט און פרידן,
אויף פרידלעך שטילער ערד״.

אין דער „מלוכה״ פון לאַדזשער געטאָ, ביי דער שטרענגסטער איזאָלאַציע פון דעם אַרום, אין אַ סביבה פון הונגער, מאַסן־אַקציעס, ווילקיר און טויט איז שווער צו פאַדערן אָפּטימיסטישע טענער, נאָכמער: זיי וואָלטן געווען פאַלש און עדות געזאָגט וועגן דער דיכטערישער נישט אויפריכטיקייט. אין אַ סביבה, אין אומשטענדן ווו אַפילו דער ווינט שרעקט, ווו מען זעט דעם הונגער־טויט פון אייגענעם קינד, פון די נאָענטסטע, ווען מען איז „אַן עדות פון אַ פאָלק, וואָס איז פאַרשניטן״, אין אַ ווירקלעכקייט ווען מען זיצט מיט „פאַרפאַקטן בענטגעוואַנט״ און מען דערוואַרט אז — ס„וועט דער שונא באַלד אָנקומען אין הויז״ איז נישטאָ קיין אָרט פאַר ליכט און פרייד, פאַר אָפּטימיזם. ישעיהו שפּיגל, נישט געקוקט אויף זיין פּראָלעטאַרישער אָפּשטאַמונג אין נישט געווען אידעיש באַוואָפנט, פאַרקערט: ער האָט ווי עס איז צו זען פון זיין ערשט לידערביכל „מיטן פּנים צו דער זון״ (1930), געווען שטאַרק באַווירקט דורך דעם אידעאַליסטישן וועלט־באַנעם. דער דיכטער כאַראַק־טעריזירט זיך אין איינעם פון זיינע לירישע לידער אויף פאָלגנדיקן אופן „איך קען נישט רעדן מיט הויכע רייד״... „כ׳בין צום האָרץ מיינעם אַ שטומער קנעכט, וואָס פירט מיך אויף דער וועלט אַרום אַ בלינדן״.

אַלזאָ דער רוף פון הייסן האַרץ איז דער דערצידירער, נישט דער „קאַלטער״ באַוווסטזיין. און דאָס איז די סיבה סיי פון דער שטאַרקייט און סיי פון דער טיילווייזער שוואַכקייט פון שפּיגלס ליריק, די שטאַר־קייט, — ווייל יעטוועדע שורה איז דורכגעזאָפּט מיט געמיט, מיט פיבער פון געפילן, און רעדט מיט אַן אינטים, אוממיטלבאַר און עכט וואָרט פון טיפער איבערלעבונג און די שוואַכקייט, — ווייל נישט אַלץ, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט האָט דאָך באַקומען דעם פילטער פון באַוווּסטזיין און במילא אַרויס אויסער דעם גדר פון אינדיווידואַליסטישע שפּירונגען, שטימונגען, מעדיטירונגען. דאָס האַרץ, ווי באַוווסט קען נישט זיין דער איינציקער פירער, ווייל נישט זעלטן אין איר „בלינדקייט״ קען זי פאַרפירן פונקט אַזוי גוט ווי פירן...

אָט דאָס נאָכגיין נאָך די צאַפּלענישן פון האַרץ האָבן טאַקע גורם

געוועזן די אימפּרעסיוקייט פון שפּיגלס ליד. און זי איז פונקציאָנאַל פאַרבונדן מיט דער אַנטשפּרעכנדיקער צייט, מיט דעם אַנטשפּרעכיקן מאָמענט ווען זי איז אַנטשטאַנען. און דעריבער זיינען די דאָטן אַזוי וועזנטלעך וויכטיק ביים פאַרשטיין און דערקלערן די פאַרשידענע קעגנזעצלעכע געפילן וואָס נורטעווען אונדזער באַדייטנדיקן פאַרשטייער פון אונזער הײנטצייטיקער ליטעראַטור.

עס איז דעריבער קלאָר, אַז ביי אַזאַ סענסיטיווער באַציונג האָט אין דער צייט פון דער היטלער־נאַכט דאָמינירט אין שפּיגלען דער „טויטן־זינגער", דאָס „געזאַנג אין דער פינצטער", נישט קיין אַקטיווע טענער איז אין די לידער פון יענער צייט אַנצוטרעפן, נאָר די אַקטיווקייט דאַרף זיך אויסדריקן בלויז דערין, וואָס אין קאָשמאַר פון הונגער און טויט זינגט דער דיכטער, גלויבט, אַז זיין וואָרט וועט איבערלעבן די קראַפט פון רשעות און פאַרווילדערונג.

פון אַזאַ איינשטעלונג וואָלט ביי דיכטער, וואָס גייען נישט נאָך דעם רוף פון הארץ, וואָס פילן נישט זייער לייבלעכע נאָענטקייט צו די פאָלקסמאַסן נאָר האָבן דעם אומעט פאַרוואַנדלט אין אַן „אידעאָלאָגיע", פאַר וועלכע געוויין, טרויער איז נישט קיין אויסדרוק פון זייער פאַקטישער געמיט־ספערע נאָר אַ ליטעראַרישער מאַניר, וואָלט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן אַ מערקלעכן קער אין זייער שאַפן, וועגן אַן עוואָלוציע פון די שטימונגען און געפילן אין דער ריכטונג פון אומקערן זיך צום לעבן. צו די פריידן, זאָרגן און פאַרמעסטן פון לעבן.

עס דאַרף מיט באַזונדערער צופרידנקייט אָפּגעמערקט ווערן, אַז שוין אין די ערשטע יאָרן נאָך דער באַפרייונג. ווען פאַר די אויגן פון דיכטער האָבן נאָך געשוועבט די בילדער פון מאַסן־אומקום און ישעיהו שפּיגל האָט געפילט דעם הייסן באַגער, דעם נאַציאָנאַלן פליכט געבן אַ תיקון די טויזנטער און צענדליקער טויזנטער פאַרשניטענע ברידער, טרעפן מיר שוין אַן פאָלגנדיקע שטימונגען און געדאַנקען:

„כ'בין פון מיין לעצטן דור דער לעצטער ייד צום שטאַרבן,
און אפשר אונזער טרייסט כ'וועל אונטער אַש געפינען?
...ס'איז נישט באַשערט געווען דיר מיט דער ביקס און מעסער
אויפשטיין קעגן שינאה און מרידה:

ווינסטו אין דער שטיל... און ס׳איז דאָס יאָמער גרעסער
ווי ס׳יידישע געוויין אין אַלע איכה־לידער.
נאָר איך — איך טו אַ נדר ביי דיין טויטער ערד,
מיין היים, מיין הייליק באַלוט, מיין געטאָ, מיין פאַרשעמטע,
כ׳וועל אָפּווישן פון פנים דיין אבלדיקע טרער
און אויפבינדן די טרייסט פון הערצער די פאַרקלעמטע.

(איך קני פאַר דיר, 1946)

און עס איז דעריבער נאַטירלעך, וואָס אין דעם זעלביקן יאָר, ווען דער דיכטער האָט זיך אומגעקערט פון די לאַגערן ווענדט ער זיך צום אָנדענק פון י. ל. פּרץ און זאָגט:

אָ, וועק אונז אויף מיט טרייסט, אָ, שיץ אונז מיט דיין
אָרעם,
מיר ווילן גיין, ווי דו, געפירט דורך פייערדיקע בליצן.

עס איז צו באַוווּנדערן ווי נאַטירלעך ווי אָרגאַניש און עכט אין שפּיגלס שאַפן רייסן זיך אַריין מיט יעדן יאָר אַלץ נייע און נייע טענער. נייע און נייע בילדער פון דער היינטצייטיקייט און טרייבן אַלץ מער פאַנאַנדער די שווערע וואָלקנס וואָס האָבן אַזוי טיף באַטריבט דעם דיכטערס געמיט. און עס הייבן אָן אַלץ שטאַרקער שיינען „די לויכטנדיקע שטערן" פון דער נייערווירקלעכקייט. דער דיכטער זינגט:

נאָר צוואה פון ליכט,
וואָס אין האַרץ גליט און העלט,
איז דער שכר אויף דיין וועג
איז דער שכר פאַר דיין זעל.

ער איבערצייגט זיך אַז

ס׳איז גרויליקער דעם תהום צו טראָגן יעדע רגע אין זכרון,
ווי דעם טויט, דעם טויט, דעם איינמאָליקן אין יענע יאָרן!

און זאָגט דעריבער, אַז „עס איז נישט פאַראַן אויף ערד אַזאַ־אַ שלעכטס, וואָס זאָל דורך מענטש אויסגעהיילט נישט ווערן".

שפּיגל ווערט אונטער דער ווירקונג פון דער רעוואָלוציע ביי אונז אין לאַנד, מיטגעריסן מיטן שטראָם פון לעבן, ער פּרעגט שוין:

צי איז דער טויט נישט הייליקער, גערעכטער,
מיט אויסגעשטרעקטן מעסער צו דעם שונאס גאַרגל,
איידער זינלאָזער, משונהדיקער טויט
דורך גאַזן, הונגער און מגפות?
דו גלויבסט — עס האָט אַ נס דיין לייב געשיצט,
נאַר איך, איך גלויב נישט מער אין נסים.
דיין לעבן האָט געשיצט — דער העלדן־טויט פון
טויזנט זין —
פון יענעם לאַנד, וואָס ליגט אין מזרח און אין קאַלטן צפון
דער טויט פון טויזנט זין — דאָס איז געווען דער נס
און זייער הייליק וואָפן...

(פון דער דראַמאַטישער פּאָעמע „געזעגענונג")

און עס וואַכט אויף אין דיכטער דאָס געפיל פון פאַרוואָרצלטקייט, פון גלויבן אין די לעבן־איבערגעשטאַלטנדיקע, הומאַניסטישע כוחות, די צוגעבונדקייט צום לעבן, שוין אין יאָר 1945 רייסן זיך ביים דיכטער אַרויס אַזאַ פעסטשטעלונג:

איך טראָג אין וואָרט מיינעם דעם ווייטיק פון אַ חלף־שניט,
דעם ציטער פון אַ ליכט, וואָס צאַפּלט אויף זיין קנויט;
די גנאָד פון וואָרט איז הייליק אין מיין יידיש ליד,
ווי הייליקער דאָס לעבן איז פון יעדן טויט.

מיר, וואָס האַלטן בדרך כלל נישט, אַז דאָס לעבן איז הייליקער פאַר יעדן טויט און זיינען איבערצייגט אַז העלדישער טויט אין שלאַכט איז הייליקער ווי אַ קנעכטיש לעבן, זעען אין דער פעסטשטעלונג פון ישעיהו שפּיגל אַ וויכטיקן קער. ווייל דאָס עצם שאַצן דאָס לעבן, דער עצם קער צום לעבן איז ביי שפּיגלען פון יענער צייט געווען אַ ביז גאָר וויכטיקע און דערפרייענדיקע דערשיינונג.

שווער איז נאָך דאָס געמיט פון דיכטער. די קאַשמאַרן פון איבער־געלעבטן נעכטן לאַסטן נאָך מיט אַ געוואַלדיקער קראַפט אויף דעם געמיט פון שפּיגלען. אָבער סיי די לידער פון די יאָרן 48—49, סיי די לעצטנס פאַרעפנטלעכטע לידער ווייזן, אַז ער ווענדט זיך צו דעם גרויסן, אויסגעבענקטן ליכט פון באַפרייטן שטאָלצן מענטש, וואָס בויט אַליין זיין גליקלעכן מאָרגן.

און כאַטש ס'איז יעדע זאַנג דאָ פול מיט טרערן,
זינגט דער רעגן אויפן פעלד שוין ווידער;
ער וועט נישט אַפּוואַשן פון דאַנען אונזער קערן —
צום ליכט פון נייעם דור און נייע לידער.

ישעיהו שפּיגלס בוך לידער „און געוואָרן איז ליכט" איז אַ מענטשלעך, פּאָעטיש בוך, וואָס דעקט אויף מיט באַצווינגענדיקער קראַפט דעם געמיט פון אַ יידישן דיכטער וואָס האָט אַדורבגעמאַכט אַלע שוידערלעכקייטן פון היטלעריסטישער פאַרווילדערונג אין וועלכן דער פאַרפלייצנדיקער סם־המותדיקער הויך פון דער גרויל־צייט האָט נישט נאָר נישט באַוויזן אָפּטעמפּן די געפילן, נאָר זיי פאַראיידלט, געמאַכט פילבאַרער אויף אַלדאָס שיינע און דערהויבענע און אויסגעלערנט זוכן דאָס שיינע פּאָעטישע און דערהויבענע דאָרט ווו ס'איז ווירקלעך פאַראַן, — ביי דעם קלאַס, ביי דער אָרדענונג וואָס טראָגט באַפרייונג, פרידן און גליק פאַר אַלע מענטשן פון ערלעכער מי.

עס איז אויך אָן אָנזאָג אַז שפּיגל הויבט אָן אַ נייעם עטאַפּ אין זיין שאַפן נישט בלויז אין דער פּראָזע, וואָס האָט אים אָוועקגעשטעלט אין מזרח־וואַנט פון אונדזער ליטעראַטור, נאָר אויך אויפן געביט פון פּאָעזיע.

ווייל „געוואָרן איז ליכט"...

„יידישע שריפטן" 1 (33)

ג.

## שטערן איבערן געטאָ

### עפּאָס פון אַ גרויל־צייט

**צום דערשיינען פון י. שפּיגלס צווייט ביכל געטאָ־נאָוועלן**

ישעיהו שפּיגלס ערשט בוך „מלכות געטאָ" האָט געהאַט דעם ברייטסטן רעזאָנאַנס אויף די שפּאַלטן פון דער יידישער וועלט־פּרעסע. עס איז, דוכט זיך מיר, נישטאָ אַזאַ לאַנד, וואָס זאָל פאַרמאָגן אַ יידישע צייטונג, אָדער זשורנאַל, ווו עס זאָל זיך נישט געפינען קיין אָריגינעלע, אָדער איבערגעדרוקטע אָפּהאַנדלונג וועגן י. שפּיגלס געטאָ־נאָוועלן.

שטעלט זיך די פראַגע: מיט וואָס האָבן שפּיגלס נאָוועלן אַזוי מיטגעריסן די יידיש-ליטעראַרישע און לייענער-קרייזן אין גאָר דער וועלט? מיט דער נייקייט פון טעמאַטיק? ווייסן מיר דאָך, אַז אויף דער געטאָ-טעמע האָבן מיר שוין סיי אַ גרויסע דאָקומענטאַריש-מעמואַרישע ליטעראַטור, סיי נישט ווינציק סקיצן, פאַרצייכענונגען, נאָוועלן און לידער.

איז אפשר זיינען די נאָוועלן שפּיגלס געשריבן געוואָרן מיט אַ בייעם סטיל, דורך נייע פאָרמעלע מיטלען, וואָס זיינען עלול צו פאַראינטריגירן דעם מפונק, דעם ליטעראַטור-מבין? ניין. שפּיגל איז אַ געטרייער, קרעפּטי־קער נאָכפאָלגער פון דער יידיש-פּוילישער ליטעראַרישער טראַדיציע און אויף קיין שום עקספּערימענטן איז ער נישט אַוועק. צי האָט ער אפשר אַרויסגעבראַכט נייע, ביז אים אומבאַקאַנטע געשטאַלטן אין אונזער ליטע־ראַטור? הגם עפּעס וואָס דערפון איז יאָ צו מערקן ביי שפּיגלען, איז דאָך אָן אומזין צו מיינען, אַז דווקא דאָס איז געווען דער גורם פון דעם דערפאָלג. אין לעצטן סך-הכל איז דער גרונטפּערסאָנאַזש פון שפּיגלס נאָוועלן פּשוטע, וואָכעדיקע יידן און יידענעס, זקנים און קינדער — מענטשן פון פאַרשידענע סאָציאַלע שיכטן, פאַרשידענער עקאָנאָמישער מדרגה, פאַרשידענעם אָפּשטאַם און עלטער — דאָס פאָלק אין סאַמע ברייטסטן זין אויף אַ באַשטימטן טעריטאָריעלן געטאָ-אָפּשניט.

שטייט ווייטער די פראַגע: מיט וואָס האָט שפּיגל זיך אַזוי קונה שם געווען, אין וואָס שטעקט דער באַצווינגענדיקער כוח פון זיין פּראָזע? מיר שיינט, אַז דער איינציקער מעגלעכער ענטפער וואָלט דאָ געווען: אין טיפן קינסטלערישן אמת, וואָס שלאָגט אַרויס פון זיינע געטאָ-שילדע־רונגען, סיטואַציעס און קאָנפליקטן, וועלכע גיבן איבער די שטימונג, דעם געמיט-צושטאַנד פון די יידן אין די גרויל-יאָרן 1939—1945.

שפּיגל פאַרמאָגט אָט די זעלטענע פעיקייט אַרויסצוברענגען די אָקו־פּאַציע-ווירקלעכקייט דורך איינצלנע פּערזאָנען, וועלכע ער באַשענקט מיט אַ טיף אינערלעך לעבן. זויבערע, אומבאַפלעקטע נשמות, מיט אַ דראַנג צו דערהויבנס, מענטשלעך-שיינס, גוטס, וואָס שטעלט זיי במילא העכער פון דעם שפּלן אָרום און דורך דעם אַרויסהויבן די העלדן זיינע, די כמעט שטומע קאָנטעמפּלאַטיווע נשמות דערגרייכט שפּיגל דעם אייגנטלעכן ציל פון רעאַליסטישער קונסט: די ווירקלעכע פאַרהעלטענישן, די ווירקלעכע

פאַסירונגען און פאַקטן, דעם געראַנגל פאַרן קיום פון אַ באַשטימטער סביבה און קאָנקרעטער עפּאָכע געגעבן אויף אַן איבערצייגנדיקן פּלאַס־טיש־סוגעסטיוון אופן.

שפּיגל האָט סיי אין „מלכות געטאָ", סיי אין זיין נייעם בוך „שטערן איבערן געטאָ" נישט געסדרט כראָנאָלאָגיש די נאָוועלן. עס וואָלט אָבער געקלעקט אויסשטעלן די נאָוועלן לויט די דאַטעס פון זייער אַנטשטיין, מיר זאָלן שוין דורך די ביז איצט פאַרעפנטלעכע 20 נאָוועלן באַקומען אַן אויטענטיש קינסטלעריש בילד פון דעם לעבן און געראַנגל פאַרן קיום פון דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג, אָנהויבנדיק מיט די פאַר־מלחמה־יאָרן ביז דער צייט, ווען דייטשע שפּיר־הינט האָבן אויסגעניטשטערט די לעצטע יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין גריבער און קעלערס. פאַרשטייט זיך, אַז שוין דאָס אַליין, וואָס מיר האָבן אַ קינסטלערישן דאָקומענט פון אַן עד־ראיה, וואָלט געווען אַ גרויסער געווינס פאַר אונזער ליטעראַטור. עס איז אָבער דער געווינס פיל גרעסער, ווייל די גוטע טראַדיציע פון יידיש־פּוילישן ליטעראַרישן נוסח קריגט מער המשך אין שפּיגלס נאָוועלן.

שפּיגלס נאָוועלן פאַרמאָגן אַ פּאַטעטישן אָטעם: אַ געפּרעסטע פאָרם, אַ געמאָסטן וואָרט און דערביי ווערן דורך די קאָנדענסירטע שורות אַרויסגעבראַכט אַזעלכע אָנונגען, פּסיכאָלאָגישע דינקייטן ביים פורעמען דעם גרויל און שוידער־שטאָף, אַז יעדע נאָוועלע ווירקט ווי אַן אַנטפּלעק־קונג און ווערסט מיטגעריסן, באַהערשט פון דער פּלאַסטישקייט, פּיבערסט אַדורך דאָס, וואָס ווערט דיר אויף אזא דיסקרעטן אופן געוויזן. שפּיגל ווייסט, אַז דער שטאָף, וואָס ער שילדערט, אַז די ווירקלעכקייט, וואָס ער ברענגט אַרויס, — איז איין גרויסער געשריי פון פאַרצווייפלונג און ווײ, פון פּיין, פון קללה און פּראָטעסט און ווייל ער ווייסט אײנצייטיק, אַז געשריי פאַרטויבט, פאַרטעמפּט, — וועקט ער אין אונז אויף די גרויל־בילדער — וואָלט איך געזאָגט — אויף אַן אומדירעקטן אופן, דורך אַריינפירן אַזעלכע סיטואַציעס און קאָנפליקטן, וואָס זאָלן ווי אַליין אויפדעקן די תהומיקע ליידן פון די יידן אין די אומקום־יאָרן.

ישעיהו שפּיגל ווייסט, אַז קונסט פאַרטראָגט נישט קיין פאַראַלגע־מיינערונגען, קיין אָפּערירן מיט אַלגעמיינע באַגריפן, אַז אַזעלכע אויסדריקן,

ווי: „פֿאַלק", „מאַסן-גריבער", „מיליאַנען" — נישט געקוקט אויף זייער גרויסן טראַגישן אינהאַלט — רעדן אפֿשר בלויז צו אונזער פֿאַרשטאַנד, אָבער רעדן זעלטן צו אונזער געפֿיל, ווייל מיר זעען דאַן אַ ביז גאָר מטושטש בילד, אויב מיר זעען בכלל עפּעס. שפּיגל ברענגט אַרויס יחידישע איבערלעבונגען אויפֿן פֿאָן פֿון די כלל-ליידן און דורך דעם יחיד, וואָס קאָן אָפֿט זיין אַ זייטיקע פּערזאָן (די דינסט מאַריאַננאַ שיווּעק אין „די משפּחה ליפֿשיץ גייט אין געטאָ"; דער דערציילער פֿון געזעענעם אין דער נאַוועלע, וואָס שוידערט אויף מיט איר טראַגיק — „אין אַ טויטן געסל") און אויב איר ווילט אַפֿילו אַ הונט („ביקי"). דורך דעם קאָנטעמ־פּלאַטיוון פּערסאָנאַזש, דורך שטומע, פּאַרליטענע, אָבער זויבערע נשמות באַקומט ערשט די געטאָ-וואָר איר דאָקומענטאַריש-פּינקטלעכע פֿיקסי־רונג.

ווי ס'איז שוין געזאָגט געוואָרן, איז דאָס כאַראַקטעריסטישע פֿאַר שפּיגלס פּראָזע דאָס אָנגעבן אַ ראָמאַנטישן הויך זיינע העלדן, אָבער היות אַזאַ פֿעסטשטעלונג קאָן מאַכן דעם איינדרוק פֿון וועלן ביגוואַלט צובויגן שפּיגלס שאַפֿן צו דעם פּרצישן, צי אששישן אופֿן פֿון אַרויס־ברענגען שטאַרקע אינדיווידואַליטעטן, וועלן מיר פּרווון זיך כאָטש אויבנאויפֿיק באַקענען מיט אַ פּאָר נאַוועלן.

דער זקן שמואל דוד פּעטריקאָווער און זיין אַלטיטשקע (שפּיגל רופֿט זי נישט אָן ביים נאָמען, נאָר מיר זעען דאָך איר גאַנצן לעבנסגאַנג) זיינען „פּאַרגעסן" געוואָרן בעת די פּילצאָליקע אויסזידלונגען. אַזוי ווי זיי האָבן געלעבט אויפֿן בוידעם-שטיבל, אַזוי לעבן זיי אויך איצט, די שטילע טויבן. נישט מער, זייער טאָכטער איז געשטאָרבן פֿון טיפֿוס און זיי גייען טראָפּנווייז אויס פֿון הונגער. די שטוב האָט, פֿאַרשטייט זיך, אויך געביטן איר אויסזען: עס איז פֿול געוואָרן מיט בעטגעוואַנט, וואָס די שכנים האָבן אַרויפֿגעטראָגן צו די אַלטיטשקע פֿאַר זייער אַוועקגיין אין זייער לעצטן וועג (זיי האָבן געהאָפֿט צוריק-קומען און דאָס בעט־געוואַנט אָפּנעמען...) און אָט אין אַ געסל, ווו עס שרעקט די פּוסטקייט פֿון אויסגעהוילענע היימען, געפֿינען זיך בלויז צוויי אַלטיטשקע! עס געדויערט נישט לאַנג און אויך שמואל דוד גייט אַוועק. ער שטאַרבט בנשיקה (אַלע יידן, וואָס שטאַרבן פֿון הונגער, האָבן אַ שטילן טויט,

שטאַרבן בנשיקה — זאָגט דער אויטאָר), נאָר פאַר דער אַלטיטשקער אין טשיפּיק, וואָס איז שוין נישט אימשטאַנד אָפּצושיידן לעבן פון טויט, וואָס לעבט אין אַ האַלב־דרימל, דערלאַנגט אים ווייטער די פּאָר קרישקעלעך ברויט מיט וואַסער און זעט אין חלום די פאַרשטאָרבענע טאָכטער אירע, ווי זי שפּילט זיך מיט דעם טאַטנס באָרד און קומט אויך צו איר צו, זי איינלאַדן אויף דער חתונה...

„אין די ליידיק־געוואָרענע שטיבן איז דערווייל אַרומגעגאַנגען אַ קופּקעלע יונגען און אָנגעהויבן אויפרוימען פאַרן דייטש דאָס איבער־געלאָזטע האָב און גוטס. נאָך זיי אין נאָכגעפאָרן אַ גרויסער ראָלוואָגן, וווּ מען האָט אָנגעלאָדן דאָס בעטגעוואַנט און די מלבושים. דער וואָגן איז געפאָרן פון הויף צו הויף, פון הייזל צו הייזל און אָוועקגעפירט עס שפּעטער צו דער באַן".

און אָט קומען זיי צו צום בוידעם־שטיבל און דערזעען דאָס אַלטע פּאָרל. זיי טראָגן צוערשט אַראָפּ דעם טויטן זקן און „מיט פאַרשאַרצטע אַרבל האָבן זיי זי אַ כאַפּ געטאָן פון בעטל אַראָפּ. די אַלטיטשקע האָט זיך געלאָזט נעמען, ווי אַ קינד און נאָך אַרויסגעשטאַמלט:

— יידישע קינדער, ווו פירט עץ מיך ?...

— אויף אַ חתונה, באָבעשי, אויף אַ חתונה... מיט אַ קאַטש אויף אַ חתונה"... :

דער פינאַל איז אַזאַ: ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. „די יונגען האָבן איצט גיכער אָנגעטריבן מיט די פערד און דער וואָגן, וואָס האָטביידע אַלטיטשקע אַרויסגעפירט פון געטאָ, האָט אויסגעזעען, ווי ער וואָלט פון דער פינצטער אַריינגעשווומען אינם ברייטן, צעשטויבטן שטערן־הימל"...

(אַ קאַטש פאַרט אויף אַ חתונה).

דער ציטירטער דיאַלאָג איז דער איינציקער אין דער נאָוועלע און ער איז, דוכט מיר, אַ דאַנק דער צוגרייטונג, געניט אויסדריקלעך אין זיין באַשולדיקונג קעגן די היטלער־משרתים מיט די פאַרשאַרצטע אַרבל און טעמפּן ציניזם אי בכדי צו ווייזן די עכט־יידישע נשמה־לויטערקייט, אי צו געבן אַ ממש פאָטאָגראַפיש־פּינקטלעך בילד פון דער יידישער גאַס

און יידישער שטוב נאָך דער „אויסזידלונג", אָבער דער שלוס־אַקאָרד איז ביי שפּיגלען גאָר עפּעס אַנדערש: דאָס אַריינשווימען פון דעם נשמה־ריינעם יידישן פּאָרל אין צעשטויבטן שטערן־הימל, באַגלייטע דורך דער צעשפּאָלטענער לבנה, וואָס איז די גאַנצע צייט נאָכגעלאָפן נאָכן וואָגן....

שפּיגל באַנוצט זיך נישט מיט סימבאָליק; דער ראָמאַנטישער הויך, די ראָמאַנטישע וויזיע איז ביי אים בלויז דער שטראַל־ליכט, דער רע־פלעקטאָר, וואָס דאַרף העלער באַליכטן דאָס שוידערלעך־טראַגישע פון אָרום; איז אַ מיטל אַרויסצוברענגען דאָס בטבע נישט־קינסטלערישע, תהומיקע דורך יחידישער פּיין, יחידישער דערהויבונג און לייטערונג. אָט די פעיִקייט — אַריינטריפן שיינקייט, דערהויבונג אין דער סביבה פון איינזאַמקייט, פאַרלוירנקייט, הונגער, פון גאָט־פאַרגעסנקייט — געהערט צו די הויפּט־מעלות פון שפּיגלס ווערק, פאַרוואַנדלענדיק זיי אין ליי־טערנדיקער אינטערעסאַנטער לעקטור, וואָס גיט נישט בלויז אַ געטרוי בילד פון דער לאָדזשער געטאָ־ וואָר, נאָר אויך גייסטיקן גענוס, הומאַ־ניסטישע אויסבליקן, אַנטי־פּאַשיסטישע איינשטעלונג, ווייזנדיק אונדז די פּאַסיווע גבורה פון דעם יידישן מענטש. אַלזאָ: נישט בלויז נאָוועלן־דאָקומענטן, נאָר נאָוועלן־עפּאָס.

עס וואָלט זיך וועלן ציטירן און ציטירן די פּרעכטיקע שטעלן, וואָס ווייזן סיי דעם אינערלעכן געראַנגל ביי דער פּשוטער לייוויטשער פּויערטע, וואָס קאָנפּראָנטירט דאָס געזאָגטע פון דער אַמבאָנע מיט דער משפּחת ליפשיץ, וואָס זיינען אַ דירעקטע פאַרלייקענונג פון דעם „קשיאָנדזס" אַנטיסעמיטישע דרשות; די פּשוטע מענטשלעכע ליידן, דאָס בילד פונם גאַנג אין געטאָ און די פּאַטעטישע וויזיע וואָס באַהערשט אַ פּשוטע פּויערטע בעת זי שפּאַנט צוזאַמען מיט דער עדה יידן; די שטעלן, ווען די פּויערטע — נישט געקוקט אויף דער עצה פון באַלעבאָס, זי זאָל פאַרלאָזן דאָס געטאָ, ווייל נישט זי מיינט מען — בלייבט דאָך זיצן איינגעגראָבן ביים אויסנייען אויף אירע מלבושים דעם מגן־דוד... מיר וועלן עס אָבער נישט טאָן און בלויז הייס רעקאָמענדירן, זיך גוט אַריינ־לייענען אין אָט דער פּרעכטיקער נאָוועלע. און פּונקט אַזוי איז באַהויכט מיט ראָמאַנטישן גלאַנץ דער עסטרייכישער ייד, דער אַסטראָנאָם, וואָס שיידט זיך קיינמאָל נישט מיט זיין טעלעסקאָפּל, אַפילו ווען ער ווערט

געטריבן צום טויט. אָט די אומבאַקאַנטע געשטאַלט אין אַ פולשטענדיק פרעמדער סביבה, וואָס דער מחבר קאָן אַפילו נישט זיין נאָמען, דער „שטערן־זעער״, „הימל־קוקער״, אָדער שפּאַטיק „אָנקל טעאָדאָר״, ווייל ער האָט דערציילט, אַז ער ווינט אין דער זעלביקער גאַס, ווו טעאָדאָר הערצל האָט אַמאָל געוווינט — וואַקסט אויס מיט זיין קינדישער תמימות, מיט זיין פאַרקוקטקייט אין הימל, אין אַ דירעקטער פאַרלייקענונג פון טויט, פון פאַרגענגלעכקייט, ווייל בלויז דאָס ערדישע איז פאַר־גענגלעך, אָבער דער קאָסמאָס ווייסט נישט פון אַזעלכע קליינע צייט־אויסמעסטונגען... און ווי צאַרט און אומשולדיק ס'איז זיין ליבע צו דעם פאַריתומט מיידל, צו פייגעלען, מיט וועלכער ער איז געבליבן אין קעלער נאָך דעם, ווען די לעצטע יידן האָבן באַשלאָסן אויסגעשעפּטע זיך איבערגעבן אין די הענט פון די דייטשע מערדער. און ווען די שפּיר־הינט אַנטדעקן דעם פייכטן גרוב פון די צוויי מענטשן, וואָס ווילן לעבן און זיי ווערן אַוועקגעשטעלט צו דער וואַנט, דערפרייט ער זיך, וואָס ער קאָן צום לעצטן מאָל קוקן אין הימל...

שפּיגל איז ביי היינט צו טאָג אפשר דער איינציקער, וואָס האָט אונז געגעבן די עכטע פולווערטיקע געטאָ־נאָוועלע, ווייל ער האָט געלייזט די פראַגע פון צונויפפלעכטן אויף אַן אָרגאַנישן אופן אויטענטיזם פון פאַקטן און קינסטלערישקייט פון געמעל.

„דאָס נייע לעבן״

י. ווײַנשענקער

# טראַגיק, קונסט, אמת...

(ישעיהו שפּיגל: „פּלאָמען פון דער ערד", ראָמאַן, פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, 1966, 212 ז"ז)

דאָס דאָזיקע בוך וואָס איז דערשינען, ווי עס איז אָנגעגעבן, „מיט דער מיטהילף פון ליטעראַטור־פאָנד ביים יידישן שרייבער־פאַריין אין ישראל", איז שוין ישעיהו שפּיגלס צענט בוך. איינס פון די צען ביכער, „מלכות געטאָ", איז אַרויס אויך אויף העברעיש.

זיין ערשט בוך האָט י. שפּיגל פאַרעפנטלעכט אין 1930. דאָס איז אַ בוך לידער א. נ. „מיטן פּנים צו דער זון". צווישן די צען ביכער, נאָוועלן און דער איצטיקער ראָמאַן, איז פאַראַן נאָך איינס וואָס באַשטייט פון לידער: „און געוואָרן איז ליכט". עס איז כאַראַקטעריסטיש, ווי אַפילו אין די נעמען פון די ביכער איז ביי ישעיהו שפּיגל פאַראַן אַ רייסן־זיך צו ליכט. זיי הייסן צום ביישפּיל „שטערן איבערן געטאָ", „ליכט פונעם אָפּגרונט", „שטיגן צום הימל" און דאָס איצטיקע — „פּלאָמען פון דער ערד", וואָס פאַרענדיקט זיך אויך מיט אַ זאַץ וואָס וויל עפּעס לאָזן הערן: „די ערדישע ליכט־פלאָמען צאַפּלען לאַנג און ווילן נישט פאַר־לאָשן ווערן". דער שרייבער, וואָס איז געבליבן דיכטער אויך אין זיין פּראָזע, האָט אָנגעהויבן „מיטן פּנים צו דער זון" און וויל זיך נישט „אונטערגעבן" אַפילו ווען ער האָט צו דערציילן וועגן „מענטשן אין תהום" אָדער „מלכות געטאָ". און נאָך צוויי ביכער וואָס „רייסן זיך" אויך העכער און אַריבער, לכל הפּחות מיט זייערע נעמען, זיינען „ווינט און וואָרצלען" און „די בריק".

די טעמאַטיק פון דעם איצטיקן ראָמאַן איז אויך פון די שוידערלעכע יאָרן אונטער די נאַציס. פאָרקומען קומט אַלץ פאָר ערגעץ אין און

אַרום לאָדזש. אָבער גלייך פון אָנהויב אָן, ווען מען הויבט זיך אָן אַריינלאָזן אין דעם בוך, גיט מען זיך אַ חשבון, אַז ביי דעם מחבר איז נישט דער „וואָס" דער עיקר, נייערט דער „ווי". דער אופן ווי ער דער־ציילט אונדז דאָס פאָרגעקומענע. ישעיהו שפיגל איז אין דעם בוך אַ דערציילער, אָבער ער קומט צו דערציילן מיט די מיטלען פון אַ פּאָעט און אַ מאָלער. אָפט האָסטו דעם איינדרוק, אַז עס גייט אים נישט אַזוי אין תוכן פון בילד, ווי אין אָנוואַרפן פאַרבן, וואָס דיקער און וואָס ניואַנסירטער, וואָס זאָלן געבוי אונדז געבן דעם הינטערגרונט. ערשט ווען ער איז זיכער, אַז ער איז ענדלעך פאַרטיק מיטן פאָן, רירט ער זיך צו צום סיפור המעשה. און דערפאַר קומט ביי אים דער סיפור המעשה אַרויס העט שפּעט, כמעט ווען דו דערוואַרטסט אים שוין נישט, ווען דו האָסט שוין שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז עס וועט אפשר אינגאַנצן קיין סיפור המעשה נישט זיין. ער איז אַ דיכטער וועמען עס גייט בעיקר אין שאַפן די שטימונג, די אַטמאָספערע אַרום דעם, וואָס דאַרף געשען. און דאָס געלינגט אים זייער, זייער. ווען דו לייענסט דאָס בוך און דו האָסט שוין אַריינגעלייענט צענדליקער זייטן, איז דיר שוין כמעט אַלץ איינס וואָס עס וועט געשען, ווייל דער עיקר האָט זיך דאָ אַזוי באַקומען דער מיליע, אַז דו אַליין קאָנסט דיר שוין דערציילן וואָס דו ווילסט אַלס פּאָרקומעניש אויף אָט דעם פאָן. דו האָסט שוין מער ווי אַ סיפור המעשה; דו האָסט שוין די „לופט", ממש „צום שניידן" זי, דעם גאַנצן אַרום, אויף וועלכן עס דאַרף זיך אויסוויקלען די געשעעניש.

אַ ייד, אַ פּליט פון טשעכיע, געפינט זיך דאָ אין געטאָ, אין אַ געהיים הויז, צווישן אַנדערע יידן, וואָס קאָנען יעדע מינוט געכאַפּט און געפירט ווערן צו זייער סוף. דער טשעכישער ייד, אַנטאָן, האָט מיט זיך מיט־געבראַכט אַ סטראַדיוואַריוס, וואָס אַלע העלפן אים אָפּצוהיטן. און אָט נעמט אַנטאָן אַרויס דעם סטראַדיוואַריוס און שפּילט. און: „די סכנה איז געוועזן גרויס. אַן איינגעבוקטער איבערן פידל־האַרץ, האָט אַנטאָנס קאָפּ דאָרט אַריינגעהעשעט אינעם אַלטן, שוואַרץ־ברוינלעכן האַלץ. די מענטשן האָבן אים נאָך ענגער אַרומגענומען, כדי נישט אַרויסצולאָזן די איינגעצוימטע הילכיקייט, גראָד ווי אַ וואַלד, וואָס נעמט אַרום און שיצט דאָס אָוונט־געבעט פון אַן איינזאַמען פויגל". און אַזוי ווייטער

— שורות וואָס עס גלוסט זיך צו ציטירן און עס גלוסט זיך דיר נישט צו פאַרמאַכן דאָס בוך און נישט אויפצוהערן פילן ווי זיי פליסן אַריין אין דיר.

און איז דען דאָס ווייטערדיקע נישט קיין פּאָעזיע ? הערט אומיסטן:

„די ליבשאַפט פון דער פאַרשטאָרבענער שוועסטער איז נישט אָפּגע־שטאָרבן מיט איר מיידלשן, שווינדזוכטיקן גוף, וואָס איז איבערגעענטפערט געוואָרן דער ערד. זי איז איצט ווי אַ וואַרעמער, גרינלעכער ערדזאַפט אין אַן איבערגעבראָכן פעלדגרעזל איבערגעפלאָסן אין דער שטייענדיקער ייִנגערער שוועסטער, אין גיטעלען. „צי גיסן נישט איבער די טויטע פון זייערע ליידיקע, קילע אָדערן דאָס לעצטע ערדישע פייער און חלומות צו אונדז, די לעבעדיקע” ?

ישעיהו שפּיגל ווייזט זיך אויך אַרויס אַלס ווירטואָז, מיט אייגענע טענער, ביים מאָלן דעם פוילישן פּייזאַזש. דעם ווינטער אָדער דעם ערב־פרילינג. ער איז דאָ אַ געטרייער ממשיך פון דער גאַלעריע פּויליש־ייִדישע קינסטלער מיט זייער צוגעבונדנקייט און פאַרליבטן מאָלן דעם פּוילישן פּייזאַזש.

אַ גרופּע ייִדן האָבן באַשלאָסן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. עס איז אַ פאַרשפּילטער ווידערשטאַנד און דאָך גיט ער צו אַ נייעם טעם זייער אומגליקלעך איינגעקאַרצערט לעבן: „...אויך איצט זיינען פאַרן דאָזיקן קליינעם מענטשן־הייפל אוודאי אָנגעגרייט די ביטערסטע מפּלות, צע־בראָכענע חלומות”, — — — אָבער „דער ווילן זיך אַרויסצורייסן פון דער געטאָ־אָפּגעצוימטקייט — דער דאָזיקער גבורהדיקער גייסט האָט מיט זיי איצט געזעגלט איבער דער פינצטערניש, גראָד ווי ס'האָט אין די ערשטע שעהן פון וועלט־באַשאַף אַרומגעשוועבט דער אייביק־פלאַ־טערנדיקער רוח אלהים איבער די שוואַרצע וואַסערן פון תהום”.

די לאַגע איז געווען קלאָר:

„— ברידער... — האָט זיך ווידערס קול געוויגט אין דער פינצ־טערניש — אונדזער אומגליק אין דערפאַר גרויס, ווייל ווייט פון אונדז, אין קרייז פון גרויסע מרחקים, איז נישט פאַראַן ווו זיך אויסצובאַהאַלטן... אויב עמעצער וועט יאָ אַרויס פון דאַנען — וועט ער אין דרויסן גיך פאַרלוירן גיין... אין דרויסן לויערן די, וואָס דינען דעם דייטש... —

מיר האָבן נישט דאָ קיין קאַנאַלן אונטער דער ערד, ווו זיך אויסצו־באַהאַלטן...מיר האָבן נישט קיין וואַלד... מיר האָבן נישט קיין יידן־פריינד אין דער נאָענט... מיר זיינען איבערגעלאָזט אויף זיך... בלויז אויף אונדזער איינזאַמקייט און גבורה..."

און דאָך קומט דאָ די געשטאַלט פון אַן אַלטן פּאָליאַק, דער גלאָקנ־ציער ניקאָדעם זאַלוצקי, וועלכער שטעלט איין זיין לעבן כדי אויסצו־באַהאַלטן אַ ייד, אַן אַנרעגער צו ווידערשטאַנד. און ווען דער אַלטער ווערט אַנטדעקט (דורך אַן אַנדערן פּאָליאַק, איינעם פון דער מערהייט) און געפירט צו דער תליה, פאַר די אויגן פון הונדערטער אַנדערע, כדי זיי „זאָלן זען און זיך אָפּלערנען", זעסטו פאַר זיך אַ בילד פון קריסט־לעכן קידוש השם. דער אַלטער ווערט געהאָנגען אויף די שטריק פון די גלאָקן וואָס ער האָט אַ לעבן געצויגן און מיט וועלכע ער פלעגט איבער־שיקן דערמוטיקונגס־גרוסן די יידן אין געטאָ.

עס איז דאָך קלאָר, אַז מיר מוזן נישט דערלייענען דאָס בוך ביזן סוף כדי צו וויסן וואָס עס איז געווען דער סוף. מיר ווייסן דאָך אַלע דעם סוף פון דער „מעשה" מיט אונדזערע ברידער אין פּוילן, אין ליטע, און בעסאַראַביע צי אין אונגאַרן. עס גייט דעריבער נישט אין די געשעע־נישן, בייערט אין דעם אופן ווי זיי ווערן געשילדערט. דאָס בוך הויבט זיך אָן מיט אָנהויפונג פון פאַרבן־שיכטן. און פון זיין ערשטן זייטל ביזן לעצטן איז דער הויפּט־„העלד" פון בוך — די סביבה, די אַטמאָספערע, דאָס ספּעציעלע געמיט, די שטימונג וואָס באַקומט זיך פון אַריינפאַלן אין אַזאַ סביבה. דיביימער, דער שניי, די ערד, די געוויקסן, די זון און פשוט — די לופט, זיינען דאָ הויפּט־עלעמענטן. די לופט אין דאָ אַזאַ וויכטיקער „זייל" אין דעם גאַנצן ראָמאַן, ווי למשל, ביי דעם באַליוויאַנער ראָמאַניסט־קלאַסיקער כאַימע מענדאָסאַ, וועגן וועמען מען האָט געשריבן, אַז דער הויפּט־העלד אין זיין בוך וועגן פּאָטאָסי איז... דער ווינט.

אַ וויכטיקער באַשטאַנד פון בוך איז אויך דאָס שילדערן דאָס מאַ־קאַברישע, דאָס בית־עולמדיקע; די פייגל; דעם פאַרווילדעוועטן וויגדער, וואָס קאַכט פייגל־זופּן צווישן בית־עולם־קוסטן.

עס איז פאַראַן דערין אַזאַ קראַפט, אַזאַ רואיקייט, גלייך ווי דו

וואָלסט געזען די ערשטע, די נאָך ווילדע מענטשן אויף גאָטס ערד.
אפשר ווייל דאָס זיינען אין אַ געוויסן זין געווען... די לעצטע...

און פאַרענדיקן פאַרענדיקט זיך דאָס בוך אַזוי שיר נישט אידיליש. ווען עס איז שוין פאַר אונדז נאָך אַלעמען. ווען קיין יידן זיינען נישטאָ מער, זעסטו אַ פוילישן האַלב־ווילדן פויער מיט אַ... יידישער ציג, אַ רעשטל פון ייִדיש לעבן אויף דער פוילישער ערד, אַ שטיק ירושה.

„די שווארצקייט פאַלט פון הימל. — בעת ערד און הימל זיינען צונויפגעגאָסן — ציטערן שטאַרקער לעבן דער ווייסער ציג, אויפן פעלד, די פונקען פון די גלאָווניעס. אַ ברענענדיקע פונקען־בריק הויבט זיך פון דער ערד. אויבן ציטערט נאָך דער פאַרגליווערטער שטערן־ים מיט זיין פאַרשעמט, קאַלט פייער. די ערדישע ליכט־פלאַמען צאַפּלען לאַנג און ווילן נישט פאַרלאָשן ווערן".

דאָס איז עס. אַזאַ מין שלווהדיקער „עפּילאָג". גלייך ווי דו געפינסט זיך ביים ברעג פון אַן אָזיערע. אָט איז דאָ נאָר וואָס פאַרגעקומען אַן אומגליק: אַ מענטש איז דערטרונקען און איינגעזונקען געוואָרן אונטער אירע וואַסערן. און דו זיצסט און באַטראַכסט ווי אויף דעם פלאַך פון דעם אָזיערע־שפּיגל פאַרשווינדן שוין די לעצטע וואַסער־בלעזלעך און דאָס וואַסער באַקומט צוריק זיין שפּיגל־גלאַטקייט. זיין רו. גלייך ווי עס איז דאָ נאָר וואָס גאָרנישט פאָרגעקומען... פאַנטעיסטישע פאַרליבטקייט אין דער אייביקער נאַטור. אַזאַ מין „אידיליע" וואָס טוט דיר שטאַרק וויי.

אויף דעם „ערב־זייטל" פון בוך איז פאַראַן דעם מחברסווידמונג:

„מיינע עלטערן שרה־גיטל און משה, מיינע שוועסטערן קלאַראַ, מרים און איסקע, פאַרפייניקטע אין כעלמנאָ, אוישוויץ און שטוטהאָף, 1941—1944 — געהייליקט".

פאַר מיר, אַ פאַרליבטן אין יידישע דיאַלעקטן, איז אַפילו אין אָט דער הייליקונג פאַראַן מיליע: „שוועסטערן" זאָגן נאָר פוילישע יידן.

און ווען דו האָסט שוין פאַרענדיקט דאָס בוך און לייענסט נאָך אַמאָל איבער די דאָזיקע ווידמונג, פילסטו נאָך שטאַרקער די טראַגישע צעריסנקייט פון אַ ייד, אַ קינסטלער. דער ריס צווישן זיין אומקער צו די אומגעבראַכטע „שוועסטערן" און דער שלווהדיקער פאַנטעיסטישער, כמעט „איבער־אַלעמענדיקייט"...

„היינט", לימאָ, 14.8.66

ר. פעלדמאַן

# אומשטערבלעכע דערציילונגען פון דער געטאָ

## אַן איבערבליק איבער ישעיהו שפיגלס „מלכות געטאָ"

ס׳איז צו מיר דערגאַנגען אַ קליין ביכעלע — עטלעכע און נײַנציק קליינע זײַטלעך — און דערציילט מיר אין דעם אַרײַנפירוואָרט „דאָס איז דאָס ערשטע פּראָזע בוך וואָס איז דערשינען אין באַנייטן פּוילן".

עלף נאָוועלן גייען אַרײַן אין ביכעלע.

טראַכט איך: וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּיל מיט ווערטער „פּראָזע בוך" „עלף נאָוועלן" און אײַנגאַנצן אַ ביכעלע פון עטלעכע און נײַנציק קליינע בלעטלעך.

דער 20 שורהדיקער אַרײַנפיר וואָרט דערציילט אָבער זייער פיל אין ווייניק ווערטער און איך לייען אַז דער שרייבער ישעיהו שפּיגעל איז איינער פון די געציילטע אידישע דיכטער וואָס האָבן על פּי נס איבער־געלעבט דאָס גיהנום פון געטאָ און אָשווענטשים און אַז די נאָוועלן זײַנען געשריבן געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ אין די טרויעריקע יאָרן 1944־1940. אין 45טן יאָר האָט דער מחבר אויפגעגראָבן זײַנע שריפטן און אַזוי ווערט איבערגעגעבן פאַרן לייענער דעם טראַגישן לעבנסגאַנג פון די אידן אין געטאָ, געשילדערט דורך אַ שרייבער וואָס איז אויף דעם דאָזיקן גורל וועג געגאַנגען צוזאַמען מיט זיי.

*

„מלכות געטאָ", דאָס קליין ביכעלע, איז פון גאָר גרויסער ווערט און וויכטיקייט און עס וועט ניט זײַן קיין גוזמא צו זאָגן, אַז עס וועט פאַרנעמען אַן אויבנאָן צווישן די גרעסטע און די בעסטע פון אונדזער ליטעראַטור.

און דאָס איז ניט געגוזמאַט.

די קורצע דערציילונגען — די נאָוועלן — זיינען געשריבן געוואָרן מיט אַזאַ אמת׳דיקייט, מיט אַזאַ שטילער טראַגישקייט, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ נייס ניט נאָר אין דער אידישער ליטעראַטור נאָך אין דער וועלט ליטעראַטור.

שטילע טראַגישקייט!

עפּעס דוכט זיך מיר אויס, אַז ישעיהו שפּיגל, וועלכער האָט אין דעם זעלבן לאָדז אין 1930 אָפּגעדרוקט אַ בוך לידער אונטערן נאָמען „מיטן פּנים צו דער זון״ האָט באַפרייט זיין מוח און זיין פּען פון דער געוויינלעכער אומפאַרמיידלעכער געקינצלקייט, וואָס כאַפּט זיך אַריין ביי יעדן שרייבער און מיט האַרץ און אויג צו די ליידנדע אין געטאָ האָט ער צונויפגעזאַמלט דאָס ניט אויסגעשריענע ווי געשריי און ניט אַרויסגעגאָסענע טרער און דאָס אַלץ קאָנדענסירט אין אַן עסענץ וואָס האָט אַן אומפאַרגלייכבאַרע קראַפט און ווירקונג.

*

אין „מלכות געטאָ״ איז די נאַטור אַ טייל פון אַלץ וואָס קומט פאַר מיט איינוואוינער פון דער גרויזאַמער מלוכה.

לויט ביאַליקס דיכטערישער פאַרשטעלונג האָט גאָט מיט דער האַנט געשיקט אַ צווילינג:

„אַ שחיטה מיט אַ פרילינג״;

דער גאָרטן האָט געבליט, די זון געלויכטן — און דער שוחט האָט געשחט׳ן...

ניט אַזוי ביי שפּיגלען. ביי אים איז עס ניט געווען קיין פאַרשטע־לונג. ער האָט געזען זאַכן מיט אַ גרויזאַמער נאַקעטקייט און ערד און הימל, שניי און טייך, בליעכץ און געזאַנג פון פויגל זיינען געווען אַ טייל פון דעם גרויזאַמען אַרום — פון אַ לאַנד וואו מענטשן זיינען געווען פאַרשפּאַרט אָן ברויט און אָן האָפענונג.

כ׳וועל פאַרזוכן עטוואָס איבערצוגעבן וועגן די ערשטע דריי דערציי־לונגען פון בוך — „ערד״; „שניי״; „ברויט״.

אַ דאָרפס־איד, יאָסע בער, ווערט פאַרמאַטערט ביזן טויט טאַנצנדיק

פאַר די דייטשן וועלכע שטעכן אים לאַנגזאַם מיט דינע באַגנעטן. יאַסע בער זעט ווי אַלץ דרייט זיך מיט אים — די שטיינער ביים שאָסיי, די הילצערנע פּלויטלעך, די כאַטקעלעך, דער לידיקער טראַקט, דער הימל מיט דער זון און צוזאַמען מיט אים טאַנצן אויך די בלאָע וועלדער, די אָפענע פעלדער, „די שיטערע זילבערגע וואָלקנס, וואָס ציען זיך אויס ווי פידלען און דער ווינט שפּילט איבער זיי".

צוויי טעג שפּעטער זוכט דאָבע איר מאַן און אָט אַזוי ענדיקט שפּיגל די דערציילונג „ערד": —

„ניט ווייט פון בערגל רוישט דאָס גראָע וואַסער פון דער וואַרטע. קעגנאיבער איבערן בלאָען ראַנד פון די וועלדער גייט אונטער די זון און צעשיט איבערן חלל אַ געוועב פון אומצאָליקע בראַנזענע טיכער — רויטלעכע און בלאָע. דאָבע ליגט שוין איצט איבער דער ביסל צערודער־טער ערד. פון דעם האַלב־אָפענעם בערגל קוקט אַרויס אַ שטיק שוואַרצע זשופּיצע. די זשופּיצע צעפלאַקערט זיך אין אָוונט ווינט, ווי אַן אָפּגע־ריסענער פליגל פון אַ פויגל און בלייבט דערנאָך ליגן איבערן בערגל געלן זאַמד, ווי אַן אַרומגעמענדער שוואַרצער אָרעם".

די דערציילונג „שניי" שילדערט ווי ווינטער האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט דער אכזריות'דיקער אַרום. די דראַטן און די וואַך־ביידלעך אַרום דער געטאָ, די געפרוירענע ערד פאַרשאָטן מיט שניי, דער ווינט און אַלץ אַרום האַלטן וואַך איבער אַ ברודער און שוועסטער, וועלכע מאַכן אַ פאַרזוך צו אַנטלויפן.

איר איז געלונגען. זי איז אַדורך.

אָבער דעם ברודער איז ניט געלונגען. ער האָט שוין דערגרייכט מיטן קאָפּ דעם דורכגאַנג. ס'איז גוט וואָס איצט פייפט דער ווינט, אָבער אין דאָזיקן פייפן פון ווינט הערט מען אויך אַ דורכלויפנדיקן געשריי פון אַ נאַכט פויגל — ער צאַפּלט אויף — און בלייבט ליגן אַ רגע.

„...ער איז שוין געלעגן איצט רואיק. דאָס פּנים פאַרגאָסן מיט בלוט. ער האָט געאָטעמט מיט קאַלטן ווינט און שניי, אָבער באַלד איז אים דאָס אָטעמען געוואָרן שטילער און אויסגעגאַנגען"...

ניט מיט דעם אָבער ענדיקט שפּיגל זיין דערציילונג. ער גייט צוריק

צום שניי, צו דעם אָרום, צו דעם קומען פון מאָרגן ליכט, צו די לעצטע נאָך ניט אויסגעלאָשענע שטערן.

★

פאַראַן אין דער וועלט ליטעראַטור גרויסע רירנדע שילדערונגען וועגן הונגער, נאָר איך צווייפל צי עטוואָס וואָס איז געשריבן ביז איצט קען זיך פאַרגלייכן צו שפּיגלס דערציילונג „ברויט". די צוועלף זייטלעך זיינען אָנגעפילט מיט רירנדער טראַגישער דראַמע, מיט טיפער פיין, מיט אַ שילדערונג פאַרנעם וועלכער נאָר איינער געלייטערט אין די פייערן פון די ליידן פון די וועגן וועלכער ער שילדערט האָט עס געקענט אָנשרייבן. אין דער באַשרייבונג פון די צוויי קינדערלעך וועלכע שפּייזן זיך, און באַפרידיקן זייער הונגער, מיטן קוקן דורך צוויי לויזע שפּאַרעס פון אַ הילצערנעם ווענטל אויף אַ שויפענסטער פון אַ בעקער, וואו עס ליגן אויסגעלייגט ברוינע ברויט, איז פאַרנאָטירט די הונגער־ליידן פון די הונדערטער טויזנטער קינדער.

אין דעם עפּיזאָד פון דעם טאַטן זייערן, וועלכער איז שיער ניט געטריבן פון בושה אויפצוהייבגען זיך צוליב דעם באַוואוסטזיניקן אַקט פון אַ הונגעריקן טאַטן וואָס האָט די קינדערס פאַרציעס ברויט אויפגעגעסן, איז באַשריבן געוואָרן איינע פון די טראַגישסטע איבערלעבונגען וואָס דעם מענטשן קען ביישטיין. דאָס אויסגעשריי פון אַ מאַמען, אַז „איצט פעלט ניט מער, רבונו של עולם, ער זאל אָפּשניידן אַ שטיק פלייש פון די קינדער און אָפּקאָכן"... דערציילט פון אַ ווילדער שרעק פון אַ מוטער וואָס האָט נאָר איין ציל אין לעבן — צו פאַרהיטן אירע קינדער.

★

די איינוואוינער פון „מלכות געטאָ", קינדער, טאַטעס, מאַמעס האָבן געגעבן די מאַטעריאַל פאַר אָט דער אומשטערבלעכער דערציילונג, און אויף אַזוי ווייט ווי עס איז מעגלעך איבערצוגעבן אין ווערטער דעם אומבאַשרייבלעכן פיין האָט דאָס ישעיהו שפּיגל געטאָן און עס מוז אונדז זיין אַ טרייסט, אַז עס האָט זיך געפונען אַ גאָוועליסט וואָס האָט איבערגעגעבן פאַר אונדז, און פאַר דורות נאָך ניט געבאָרענע, אַ בילד פון דעם לעבן און טויט פון די איינוואוינער פון „מלכות געטאָ".

„אַפריקאַנער אידישע צייטונג"

חוה סלוצקאַ־קעסטין (1900—1972)

# „פלאַמען פון דער ערד"

### א.

הינטער יעדן מענטשן, וואָס האָט דורכגעלעבט די היטלער־אָקופּאַציע, הינטער יעדן געליטענעם קרבן פון נאַציזם שטייט געשיכטע. דער סובּיעקטיוור זכרון פון די איבערלעבונגען פון די געליטענע, דער עיקר פון יידן, איז זייער באַשווערט.

די געשיכטע האָט זיך איר באַציאונג צום פאַרגאַנגענעם און ניט ווי אונזער זכרון. די געשיכטע באַפרייט דעם מענטשנס זכרון פון דעם איבערגעלעבטן. די געשיכטע איז די אַנטיטעזע פון פאַרגעסן. זי נעמט אין זיך אַריין אַלץ, וואָס איז אייביק אין אַלגעמיינעם צושטאַנד פון די באַוועגלעכע כוחות פון מענטשלעכן זיין.

אין אָנבליק פון דער היינטיקערווירקלעכקייט פון אויפוואַכנדיקן נאַציזם גייט אין דעם נישט פאַרגעסן. דער פּראָצעס איז אָבער אַ פּאַר־קערטער — אַפילו ווען דו ווילסט נישט פאַרגעסן ווירקן פאַרשידענע גורמים: וועגעטאַטיווע, ביאָלאָגישע און פּסיכאָלאָגישע, אַז דו פאַרגעסט.

וואָס שייך אָבער צו שרייבער, פּאָעטן און קינסטלער איז דאָס אַן אינטערעסאַנטער פּראָצעס פון באַפרייען זייער זכרון פון דרוק פון די איבערלעבונגען דורך קינסטלערישער פאַרקערפּערונג, וואָס פאַרוואַנדלט זיך אין קולטור־ווערטן. די ווערטן ווערן אַליין געשיכטע אָדער דינען צו אַ געשיכטלעכן געוועב, צו שילדערונגען פון דער תקופה פון אומקום.

אייגנטלעך קומט ביים שרייבער נישט פאַר דער פּראָצעס פון באַפרייען דעם זכרון, נאָר דורך דעם שאַפן קומט פאָר אַ סובלימאַציע — אַ קאַטאַרסיס, אַ מין ריין־וואַשן זיך פון דעם שולד־געפיל, וואָס ס'האָט יעדער, יעדער לעבן־געבליבענער לגבי זיינע נאָענטע און טייערע אומ־

געקומענע, אפשר איז עפּעס פאַרזען געוואָרן, עפּעס פּאַרשפּעקטיקט, עפּעס נישט דערזען אויף צו ראַטעווען זייערע נאָענטע.

ביי אַ קינסטלער דערגייט דאָס געפיל פון שולד צו דער מדרגה פון ווערן אַ מאָנער — פאַר זיך און פאַר אַנדערע, פאַר מיליאָנען. ער מאָנט אחריות לגבי די אומגעקומענע און זעט אין זיין שאַפן נאַציאָנאַלע שליחות אין דעם שילדערן די תקופה, כדי צו פאַרייביקן דאָס, וואָס איז געשען און כדי צו וואָרענען.

ישעיהו שפּיגל האָט אַליין מיטגעמאַכט דאָס לאָדזשער געטאָ. נישט אַלע האָבן אָפילו געהאַט די גבורה זיך צו ראַטעווען, ווי ס'זאָגט י. שפּיגל — „די גייסטיקע גבורה זיך צו ראַטעווען". (ז. 100).

ווי יעדער טראָגט י. שפּיגל מיט זיך זיין געשיכטע, די טראַגעדיע פון פּערזענלעכן לעבן פאַרגעסט זיך. אין זכרון פון קומענדיקע דורות בלייבט בלויז דער אָנדענק וועגן די, וואָס האָבן איבערגעווינדן די צייט און כוח פון זייער שאַפן.

די פּאָטענצן פון דעם שאַפן ליגן אין דעם סוביעקטיוון אויפנעמען די אָקופּאַציע-ווירקלעכקייט, (יעדער איינער פון זיין קוק-ווינקל) און אָפילו ווי פּערזענלעך זיי זאָלן נישט זיין, גיבן זיי אַ מעגלעכקייט פון זיי אויסצוטיילן דעם אָביעקטיוון אמת פון דער צייט.

ישעיהו שפּיגל איז דער בולטסטער ביישפּיל פון אַזאַ שרייבער.

טראָץ דעם, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אַ סך ביכער אויף דער טעמע פון אומקום כדי נאָכאַמאָל „אויפצולייזן" דעם שווערן אַסאָציאַטיוון זכרון פון דער וועלט פון שוידער, וואָס ווירקט נאָך ביז גאָר שטאַרק, האָט ער אַרויסגעגעבן דאָס בוך „די פלאַמען פון דער ערד", וואָס ער האָט נאָך אָנגעהויבן שרייבן אין געטאָ (1943). געענדיקט האָט ער דאָס בוך אין ישראל (1954). אין דער צייט פון געטאָ האָט ער באַהאַלטן די אָנגעשריבענע קאַפּיטלען צוזאַמען מיט אייניקע נאָוועלן פון „מלכות געטאָ" אין קעלער אויפן באַלוט אין לאָדזש און נאָך דער מלחמה האָט מען דאָס אויסגעגראָבן.

ער האָט געשריבן זיין נייעם ראָמאַן, בכדי נאָכאַמאָל צו באַשטעטיקן און באַרעכטיקן, אַז דער מענטש אין געטאָ האָט נישט געקענט אין זיין נאָרמאַלער פאַרשטעלונג, זען און פאַרויסזען און גלויבן, אַז ס'קען געשען

דאָס, וואָס מיט אונדז איז געשען. דאָס איז ביז גאָר וויכטיק צום פאַרשטיין דעם מענטש אין די באַדינגונגען פון געטאָ (ז. 101). אין צייט פון געטאָ, אין אונטערגרונד קומען פאָר פילאָזאָפישע דיסקוסיעס וועגן גורל פון יידן און מענטשן — ווי חיים ווידאָווער און אביגדור פאַרביגדן דעם גורל פון יידן מיטן גורל פון אַנדערע פעלקער. (ז. 102, ז. 108).

י. שפּיגל גיט אין זיין נייעם ראָמאַן איבער די אַטמאָספער פון געטאָ, די געדיכטעניש פון וווין־אופן, די פינצטערניש פון מענטשלעכן גורל, פון יידן און פון די, וואָס העלפן אים, די דערהויבונג פון דער מענטשלעכער נשמה אין טאָט פון דערלאַנגען אַ האַנט פון הילף — נישט געקוקט אויף קיינע באַדינגונגען און געפאַרן.

מען וואָלט געקענט זאָגן, אַז דער העלד פון זיין ראָמאַן איז די תקופה — די היטלער־צייט, איר שילדערונג, כאָטש ס'פעלן נישט קיין פערזאָנען, וואָס זיינען העלדן: אוויגדאָר, גיטעלע, ניקאָדעם, אַנטאָני און אַנדערע.

די אָקופּאַציע־צייט איז אַן אָביעקטיווער פאַקטאָר אין דעם זין, — איינמאָל איז זי די טעמע פון ראָמאַן און אַ צווייט־מאָל איז זי דער גורם, אַ דעצידירנדיקער אין יעדן קער און ווענד, אין יעדן שריט און טריט פון מענטש. זי דעטערמינירט מער ווי אין אַן אַנדער תקופה די געשטאַלטיקונג אין אַ באַשטימטער ריכטונג פון מענטשלעכן לעבן. די היטלער־תקופה מיט אירע באַגלייט־דערשיינונגען איז אין משך פון דער מאָדערנער מענטשלעכער געשיכטע אַן איינמאָליקע. דער סיסטעם אַליין מיט זיינע אייזערנע געזעצן מיט זיין ענדציל פון יידן־אויסראָטונג האָט אַריינגענומען דאָס לעבן אין אייזערנע צוואַנגען און געשאַפן נישט באַקאַנטע ביז איצט, אָדער פאַרשאַרפטע אָדער אויסטערלישע צווישן־באַציאונגען צווישן די נאָענטסטע מענטשן און דעם קאַמף פאַרן ביאָלאָגישן און אַפילו וועגעטאַטיוון קיום. דעריבער איז יעדער טריט וואָס האָט איבער־געשריטן די גרענעצן פון דעם פאַרבאָטענעם אָדער טאָט, וואָס האָט געבראָכן די אייזערנע ראָמען פון רעגלאָמענטירטן היטלער־רעזשים, געווען גבורה. יעדע גייסטיקע דערהויבונג איז געווען געוואַגטקייט פון אַ מאָס פאַר אונז ניט קיין באַגרייפבאַרער מיט אַ מאָסשטאַב, און אַט־מאָספער, וואָס קומט ניט פון יענעם שוידער פון דראָענדיקן כסדר אומקום, נאָר פון אינערלעכן כוח און גלויבן פון מענטש.

די תקופה האָט געשטעלט אין פּרוּוו די עלעמענטאַרסטע יסודות פון דער מענטשלעכער עטיק — ווער ס'איז געשטעלט געוואָרן אין דעם פייער־פּרוּוו און ווער ס'איז נכשל געוואָרן.

אָפּט מאָל דוכט זיך מיר, אַז די געשילדערטע העלדן שפּילן אין אַן אוראַלטן גריכישן טעאַטער.

די אַלע טראַכטענישן האָט אַרויסגערופן דער אינטערעסאַנטער ראָמאַן „פלאַמען פון דער ערד" פון י. שפּיגל. אויך דער נאָמען איז אינטערע־סאַנט. אין איינעם פון די סוף־זייטן זאָגט י. שפּיגל: „די שנאה קומט פון דער ערד, פונעם מענטשן און דער מענטש מוז בעסער ווערן אין זיין קורץ פאַרשווינדיקן לעבן". ס'וואָלט געווען שווער צו זאָגן, וועלכער געדאַנק האָט באַוויגן י. שפּיגל אָנצושרייבן „פלאַמען פון דער ערד" — צי דאָס שילדערן די אַטמאָספער פון געטאָ מיט אירע אייגנאַרטיקע גורמים פון דעסטרוקטיווער ווירקונג, צי די מענטשלעכע דערהויבונג, (וויגדער, זעלדע, חיים ווידאווער, ניקאָדעם, אַנטאָני) צי שילדערן דעם גרויל פון היטלער־סיסטעם פון אויסראָטונג, פון פאַרניכטונג; צי האָט געווירקט דער פאַקט, פון וועלן שילדערן די סיטואַציע פון אייביק דראָענדיקן טויט, וואָס אַפילו דער אָנגענומענער פאַרגלייך פון „דעמאָקלעס־שווערד" גיט נישט איבער די דראָענדע כסדרדיקע געפאַר — ווי אַזוי האָט דאָס גע־ווירקט אויף דער פּסיכיק פון מענטש. אפשר האָט ער געוואָלט אַרויס־ברענגען דעם אַנטי־נאַצי קאַמף, פון ביידע זייטן, פון יידן און פּאָליאַקן, ווייזן די דיפערענציאַציע־באַציאונג צו יידן (דער גלח ניקאָדעם און די ברידער קאָטשמאַרעקס). אונטערשטרייכן דאָס אינדיווידועלע אין די ביידע געזעלשאַפטן. אין גרויסן גאַנצן קענען מיר זאָגן, אַז „פלאַמען פון דער ערד" איז אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די רוצחים און זייערע באַהעלפער יודנראַטלער. אָט דאָ שטעקט דער הויפּט געדאַנק — דאָס געפיל פון אחריות, וועגן וועלכן מיר האָבן גערעדט אין אָנהויב און וועגן וועלכן די יידן רעדן אויף אַן אומלעגאַלן צוזאַמענקום אין געטאָ אין קעלער (ז"ז 102, 108). אַלנפאַלס דער שעפערישער שטאָף פון דער תקופה פאַסצינירט מיט זיין אויסטערלישקייט. כ'וואָלט געוואָלט זאָגן, אַז שפּיגל האָט אָנגעשריבן אַן „עקסטראַקט" פון דער תקופה, געפאַסט אין 18

קליינע קאַפּיטלען, ווו יעדער פאַר זיך איז אַ שטיק לעבן, געשיכטע, האַנדלונג און גיט אַ בילד פון דער צייט.

די נאַראַציע קומט פאַר אין אַ לירישן טאָן פון אַ דערציילער פון אַ פּערספּעקטיוו, הגם ס׳זענען פאַראַן געשילדערטע שוידערלעכע סצענעס און דאָך קומט דאָס נעגאַטיווע ביי יידישע טיפּן נישט שטענדיק אַרויס שאַרף קאַנטיק — נאָר פאַרווייכט דורך דער ליבשאַפט פון מחבר צו זיינע העלדן, אין וועלכע ער זעט קרבנות פון דער אומגעהויער אויסטער־לישער ווירקלעכקייט, אין וועלכע די העלדן האָבן געלעבט (וויגדאָר, גיטעלע).

די טעריטאָריע פון ראָמאַן — אַ קליין אָרט אַרומגערינגלט מיט די לאַגעווניקער וועלדער, אַ געטאָ, אַ קלויסטער און אַ קרעטשמע אויפן שליאַך פון די ברידער קאַטשמאַרעקס און צווישן געטאָ און קלויסטערל אַ טהרה־שטיבל — דאָס איז די סצענע, אויף וועלכער עס שפּילן זיך אָפּ מענטשלעכע טראַגעדיעס.

די פלאָרא געוויקסן, אויסגעטריקנטע צווייגן, נאַקעטע שטענגלעך און קזשאַקעס, פּוסט און פאַרלאָזן אַרום.

די פאונע — די וועלט פון חיות: קראָען און וואָראָנעס, גראָבלעכע גרינע פליגן, שפּינוועבעכץ, אַפילו גאַלדיקע אָבער שפּינוועבעכץ — דאָס איז דער מאַטעריאַל צו שילדערן דעם פּייזאַזש, וואָס ווערט מייסטער־האַפט אַריינגעפלאָכטן אין דער שילדערונג פון גורל פון מענטש און גיט דעם טעם פון קאַפקאַ׳ישער אַטמאָספער, וועמענס השפעה איז קענטיק און מ׳ינערט נישט אויף קיין האָר די אייגנאַרט פון ישעיהו שפּיגל. געוויסע מאָמענטן פון מענטשלעכע תהומיקייט אין דער אַטמאָספער פון געטאָ, טרייסלען אויף נישט נאָר מיט זייער ליטעראַרישער וויזיע, ווי ביי קאַפקען, נאָר מיט דער ווירקלעכקייט, וואָס איז געווען אונטער י. שפּיגלס ליטעראַרישער אינוועניק.

## ב.

די קאָמפּאָזיציאָנעלע לייזונג פון ראָמאַן פון ישעיהו שפּיגל „די פלאַ־מען פון דער ערד" איז באַדינגט מיט דער פּראָבלעם־שטעלונג אין די פּראַגן וועגן וועלכע מיר האָבן שוין געשריבן אויבן. זיי

זענען די דיאַלעקטישע הנחות פון וועלכע ס'וואַקסט אַרויס האַרמאָניש די קאָמפּאָזיציע. דאָס בוך איז צעטיילט אין אַכצן קאַפּיטלען, פון וועלכע יעדעס איז אַ גאַנצקייט פאַר זיך און אַלע צוזאַמען גיבן איבער אַ געבונדענע האַנדלונג, וואָס נעמט אַרום די צייט פון ווינטער 1943 ביז צו דער פולער ליקווידאַציע פון געטאָ אין 1944. אייניקע פון זיי זענען ביז גאָר אינטערעסאַנט אין דעם געראָטענעם בוך.

דער סיפור המעשה הויבט זיך אָן קאָמפּאָזיציאָנעל פון מאָמענט, ווען וויגדאָר טרעפט זיך מיט גיטעלען צופעליק אויף דער הילצערנער בריק אין לאָדזשער געטאָ. מיר דערוויסן זיך גלייך, אַז גיטעלעס שוועסטער וויגדאָרס פריינדין, איז קראַנק. אָבער פון ערשטן מאָמענט אָן דערפילט איר, אַז ס'וועט עפּעס געשען צווישן די ביידע — שפּיגל גיט אייך שוין פון אָנהויב צו פאַרזוכן עפּעס פון דער אַטמאָספער פון בוך, עפּעס פון דער אויסטערלישקייט אירס און דורכמאַכנדיק ווירקלעך פאַרשידענע פּעריפּעטיעס, וואָס קומען פאָר אין געטאָ, קומען זיי זיך ביידע צונויף. ס'ענדיקט זיך דער סיפור המעשה מיט דעם, אַז מען פירט די לעצטע איבערגעבליבענע יידן פון לאָדזשער געטאָ צו דער שחיטה, און גאָר צום סוף פון בוך איז שוין אַלץ פאַרברענט, פאַרניכטעט, נאָר אַן אַלטער פאַסטוך פּאַשעט אַן איינציק לעבנגעבליבענע יידישע ציג — מיט דעם ענדיקט זיך דער סיפור המעשה. ס'פאַרמאַכט זיך דער שטח פון געטאָ, ס'פאַלט די ליניע פון דער האַנדלונג פון דער טרעפונג אויף דער בריק פון וויגדאָרן און גיטעלען אין דעם טומלדיקן געטאָ — ביז דעם בילד פון אַן איינציקער פאַרבליבענער יידישער ציג. אַ פּאַראַדיע פון לעבן — קאָמפּאָזיציאָנעל מצומצמדיק, שאַרף, אינטערעסאַנט.

כאָטש דער סיפור המעשה נעמט אַרום אַ קליינעם אָפּשניט פון צייט, אָבער דער פראַגמענט וואַקסט אויס צו אַ פאַרקערפּערונג פון דער תקופה, ווי אַ סימבאָל פון די אַלע באַגלייט־דערשיינונגען פון דער אומקום־תקופה אין אַ פּויליש געטאָ־שטעטל. אַלע געשעענישן אויסטערלישע און טראַגישע — זיי געשטאַלטיקן די אַטמאָספער וואָס י. שפּיגל האָט אַרויסגעבראַכט אין זיין בוך פאַר די קומענדיקע דורות, ווי ער זאָגט דאָס אויף דער זייט 101. „די קומענדיקע דורות וועלן אונז קיינמאָל נישט מוחל זיין. צי האָבן מיר געטאָן דאָס וואָס מענטשן דאַרפן טאָן ?... זיי וועלן אונז

נישט געבליבן. אונזער אומבאַהאָלפנקייט און אַליינקייט... די נסיונות אין אונזער צייט, דאָס איז דאָך איינמאָליק אינעם קיום פון אונזער פאָלק... צי זענען אונזערע נשמה און אונזער גוף צוגעגרייט צו אַזעלכע נסיונות״?

די געשפּאַנטקייט ביים לייענען קומט נישט אַרויס דורך אַ מאַנטאַזש פון צוזאַמענשטויסן, נאָר זי דרינגט אַרויס דווקא פון דער שטילער נאַראַציע דורכגעפלאָכטן מיט לעבעדיקע מענטשלעכע שמועסן אין דער איינזאַמער צייט, ווי אַ מענטש פאַר אַ מענטשן איז געווען אַ וואָלף. די גערודפטע אָבער האָבן זיך געצויגן איינער צום צווייטן אין שלעכטן און אין גוטן, — געזוכט אַן אָנשפּאַר און אַן אָנלען, אַ ניצוץ פון מענטשלעכקייט און ביישפּילן וועגן דעם אין בוך זענען דאָ אָן אַ שיעור. דער גלאָקנציער ניקאָדעם, וואָס העלפט יידן, אַנטאָני, גיטעלע, ווען זי נעמט ביי די קאַברינער דאָס עופהלע און די סצענע פון אָנזייגן עס. כ׳האָב געטראָפן שוין אַזאַ מאָמענט אין אַן איטאַליענישער נאָוועלע, אָבער זי איז ניט געווען אָנגעלאָדן מיט דער מסירת־נפשדיקייט, קרבנות־גרייטקייט ווי ביי שפּיגלען. כאָטש דאָ און דאָרט ווירקט דער מאָמענט פון בענקשאַפט נאָך מוטערלעכקייט מיט אַלע אירע באַגלייט־דערשיינונגען. דאָס אַרויסברענגען די צוויי פּוילישע פאָלקס־מענטשן אין זייערע באַציאונגען צו יידן איז אַן אויסדרוק פון העראָיק אין דער פינצטערער צייט פון שנאה. וויפל מען זאָל ניט וועגן דעם שרייבן איז ווייניק. גרויס, מענטשלעך איז ניקאָדעם. ער באַהאַלט אויס אונטערן אַלטאַר וויגדאָרן און כדי אים צו שטאַרקן גיט ער אים דאָס פלעשל הייליקן ווייַן. „מיר מוזן אים העלפן, — זאָגט ניקאָדעם צו אַנטאָנין — ער טראָגט אַ שליחות״ (ז. 94) צי דאַרף מען נאָך דרייסטער אויפהויבן דעם צלם אלוהים וואָס ביים פאָלקס־מענטש ניקאָדעם און זיין פריינד אַנטאָני. זייביידע ראַיען זיך אין אַלטע כראָניקעס (ז. 90) כדי אין דער „מויז צייט״ פון היינט, צו געפינען די דורותדיקע קאַמפּס־שייכות. אַנטאָני פירט אין קירכל פּראָדוקטן פאַרן אויסבאַהלטענעם.

קאָמפּאָזיציאָנעל האָט י. שפּיגל אַ סך אייגנאַרטיקע איינפאַלן, וואָס גיבן אים אַ מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען די אויסטערלישקייט פון די באַדינגונגען פון לעבן פון יענער צייט. די פאַרזאַמלונג ביי זעלדען אויף דער פּאַציאַטקע, אַנטאָנס סטראַדיוואַריוס, וועלכן ער האָט געשלעפּט פון

טשעכיע, דאָס שפּילן בשעת זעלדעס טויט כּדי אַרויסצוּברענגען די באַציוּנגען צווישן די יידן, און פּאָליאַקן האָט י. שפּיגל אָוועקגעשטעלט אין מיטן דער קרעטשמע און אין זיי, די ברידער קאַטשמאַרעקס, וואָס סימבאָליזירן די רשעות און געפעלנקייט, צו וועלכן ס'האָט דערפירט זאָאָלאָגישע שנאה, אַנטיסעמיטישע גיריקייט נאָך יידיש האָב און גוטס — ווי אַ קאָנטראַסט צו די פּשוטע מענטשן ניקאָדעם און אַנטאָני. די קרעטשמע דינט פאַר אַן אָפּשפּרונג־ברעט אין קאָמפּאָזיציאָנעלן זין.

די תּאוותדיקע ליבעס־סצענע צווישן דייטשן קאָמענדאַנט פראַנץ־אָטטאָ יעסעקע און מאַרטאָ קאַטשמאַרעק, וועלכע קומט צו אים אין טהרה שטיבל כּדי אָפּצושרייען דעם גזר פון בערלין אַראָפּצונעמען זייער קרעטשמע. דער קאָמפּאָזיציאָנעלער איינפאַל פונעם אונטערוואַרפן די תּפילין פון סטעפאַן קאַטשמאַרעק אין דער באַהעלטעניש אין קלויסטערל אונטערן אַלטאַר, דאָס צונויפקומען זיך פון וויגדאָרן און גיטעלע דווקא בשעת דעם צוריקקער פון דער לוויה פון זעלדען, דער שמועס און די סצענעס וועגן די ביינער (ז. 175), דאָס זיינען אויסטערלישע דראַמאַטישע מאָמענטן — וואָס שפּיגלען אָפּ דעם שוידער פון דער צייט.

אַפילו דאָס שיסן פייגל פון וויגדאָרן וואָס איז אין דער צייט פון הונגער געוועזן אַ געווינלעכע דערשיינונג, באַקומט אין דער אַטמאָספער פון דער צייט אויפן בית עלמין אַן אויסטערלישן אויסקלאַנג, שוין אָפּ־גערעדט וועגן זיין באַציאונג צו דער קאַץ. ס'זענען אָבער פאַראַן אויך ליכטיקע שטראַלן און קאָמפּאָזיציאָנעלע איינפאַלן וואָס דערהויבן. שוין אָפּגערעדט פון פאַקט גופא וואָס ניקאָדעם זאַלוצקי דעם גלאָקנציער, וואָס העלפט די יידן אין געטאָ, העלפט דער אונטערערדישער באַוועגונג, באַהאַלט אויס דעם פרעמדן אונטערן אַלטאַר. אויך דאָס שפּילן אויפן פידל ביי זעלדען טראָגט אריין דערהויבונג און גייסטיקייט.

די אַקציע פון ראָמאַן איז געבויט אויף קאָנטראַסטן און קאָנפליקטן וואָס דרינגען אַרויס פון דער נאַראַציע. ווען מ'וואָלט געוואָלט פאַר־וואַנדלען דעם ראָמאַן אין אַ פילם־סצענאַר, וואָלט מען אים נאָר גע־דאַרפט רעאַליזירן אין סורעאַליסטישן סטיל, דורך היפּערבאָלישע פאָרמען פון דערווירקלעכקייט, גראָטעסקמעסיקע סאַרקאַסטישע פילם־מיטלען. כּדי אַרויסצוברענגען די אַטמאָספער פון י. שפּיגלס ראָמאַן, טראָץ דעם וואָס

דאָס בוך איז געשריבן אין אַ שאַרפן רעאַליסטישן סטיל, ברענגט דער מחבר אַרויס דאָס מאַגישע דענקען פון יענער צייט, וואָס איז געווען כמעט כאַראַקטעריסטיש אפילו פאַר יעדן ניכטער דענקענדיקן מענטש.

די פּראָבלעמען, וואָס שפּיגל שטעלט אַוועק אין בוך שטעלט ער זיי אַוועק דרייסט. ווי אַ ביישפּיל זאָלן דינען די פראַגן וועלכע עס שטעלט דער פויער אַנטאָני ניקאָדעמס פריינד, צי וואָלטן יידן מיט־געגאַנגען אין געטאָ, ווען מען וואָלט דאָרט געשיקט פּאָליאַקן?

שילדערנדיק די היטלער־תקופה וואָס איז געווען רעגולירט דאָרט דורך אומדערוואַרטעטע געוואַלט־טאַטן און מאָרדן, באַנוצט זיך שפּיגל מיטן עלעמענט פון קאָנטראַסט כדי אַזוי אַרום אַרויסצוברענגען די שווי־דערלעכע סיטואַציעס. דעריבער איז ריכטיק דער שעפערישער מעטאָד פון י. שפּיגלען אַרויסצוברענגען דאָס געשילדערטע דורך דער שטילער גאַראַציע. אַנדערש וואָלטן זיך געשאַפן די קאָנטראַפּונקטן, געוואַלדיק שרייאיקע און אינמיטן פון דעם אַלעמען וואָלט דאָס ליכטיקע הומאַניטאַרע, דאָס לירישע פאַרטרונקען געוואָרן. ביישפּילן? אפילו דאָס הענגען פון ניקאָדעם איז פול מיט קאָנטראַסטן און אין דעם דאַזיקן שטילן טאָן איז אַריינגעבראַכט דערהויבענע מאָמענטן אין דער שילדערונג ווען אַרום דער שטריק אַרום זיין האַלז נעסטן זיך איין זוניקע סנאָפּן, וואָס סימ־באַליזירן אַ קומענדיקע באַפרייאונג. דאָס זעלבע ווען יידן קניען שוין צו ווערן אומגעבראַכט און גיטעלע דעקט אָפּ דאָס קעפּל פון קינד די מאַמע זאָל דאָס גיכער דערקענען ווען ס׳וועט קומען אויף יענער וועלט. דער רעגנבויגן איבער די קניענדיקע און די קאַץ, וואָס קומט און לייגט זיך לעבן וויגדאָרן ווען ער קניט און וואַרט אויף אומקום. און נאָך און נאָך אַ סך מאָמענטן. הגם דאָס איז אַ תקופה וואָס איר שילדערונג קאָן פאַרפירן ביז צו באַנוצן זיך מיט גראָבע שטריכן פון „שוואַרץ און ווייס״ צייכנט אָבער י. שפּיגל די טיף מענטשלעכע מיט זייער ליכט און שאָטנס אין אַ דינעם געוועב פון דער אַקציע, געשילדערט מיט ווייטאָק און ליבשאַפט צו זיי.

אָבער די פּאַנאָראַמע איז געשילדערט ווי פלעקן־מאַסיוון, שוואַרץ — די קרעטשמע, דאָס קירכל העל — דאָס טהרה־שטיבל אַ שוואַרצער פלעק און דאָס געטאָ אַ שאָטנדיקער פלעק. אָבער דער לאַגעווניקער

וואַלד, פון וועלכן עס הויבט זיך אָן די פּאַנאָראַמע — איז אַ פּאַר־שאַטנדיקער שטח פון אומרו און קאַמף און זוניק־גאָלדענע דערוואַרטונג פון באַפרייאונג. אין געטאָ גופא — דאָס זעלבע אין די יידן, וואָס רייסן זיך צו אַ פאַרשווערונג — העלע ליכטיקע פונקטן — און די יודנראַטלעכע גאַרקיד — מיט איר דעמאָראַליזירנדיקער אַטמאָספער — די דאַנטישע סצענעס פון דעם וועגעלע מיט ביינער און דער פּאַר־שמועס וועגן זיי — זיינען מיט קנאַפּע און טרעפלעכע מיטלען געגעבן. זיי שטעלן פאַר דעם גאַנצן אָפּגרונט פון געפאַלנקייט, צו וואָס ס׳קענען אַזעלכע באַדינגונגען דערפירן אַ מענטשן.

און איצט וועגן וויגדאָרן. ער אַליין וואָס איז געוועזן פול מיט גלויבן האָט זיך צום סוף פון דער אַקציע פאַרוואַנדלט אין אַ פּירער פון דער גאַרקיד, וועלכן די שיילערקעס פון קאַרטאָפל רופן פלעדערמויז — פון אַ קעמפער ביז צו אַ פּוילן אַפּאַטישן קרבן פון דעם היטלער־רעזשים, וועלכער קען שעהן לאַנג טעמפּ קוקן אין דער ווייט האַלטנדיק אויף די קני די קאָפּ מיט די אויגן פון שאול תחתיה — ער האָט געקענט אויסוואַקסן צו אַ גיבור — און איז נישט געוואָרן. אַ שאָד, וואָס דער איינציקער רמז אויף דער לייזונג איז דער רעגנבויגן, וואָס איז ביי וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ אַ סימבאָל. דאָס איז אָבער געוועזן אין יאָר 1942 — אָנהויב פון דער מלחמה און ביי י. שפּיגלען איז דאָס זומער 1944 — אַן אַנדער תקופה. אַ שאָד, ס׳פעלט אפילו מיט אַ וואָרט, מיט אַ רמז דער לעצטער אַקאָרד פון מענטשלעכער גבורה, כאָטש קאָמפּאָזיציאָנעל איז די ענדע האַרמאָניש — די איינזאַמע קאָזע אויף די חורבות פון אויסגעשאָכטענעם געטאָ — אָבער מיר לעבן אין אַ צייט, ווו מיר ווילן נישט און קאָנען נישט שטענדיק זיין האַרמאָניש. אָט דער קריץ, דער ריס אין דער קאָמפּאָזיציע פון ווערק, גיט צו צו די מעלות פון בוך נאָר איין אַספּעקט — קעמפערישן — וואָס רופט.

נאָך וויגדאָרס רופן אין אָנהויב צום קאַמף איז זיין אַנטוויקלונג געגאַנגען באַרג אַראָפּ. ס׳זענען אין דער ווירקלעכקייט געשען אַזעלכע פאַלן אין די טויזנטער — ריכטיק. צי איז אָבער קיין איינער פון די ווידערשטענדלער נישט געבליבן — נישט וויגדאָר נאָר די אומגליקלעכע יידישע קאָזע? ווייל ריכטיק איך דאָך, אַז אין מיקראָקאָסמאָס האָט זיך

אָפּגעשפּיגלט דאָס זעלבע, וואָס אין מאַקראָקאָסמאָס. כאָטש ריכטיק איז אַז די פלאַמען גייען פון דער ערד און „פון די מענטשן קומט די שנאה". נישט קיין סאָצרעאַליזם — זוך איך דאָ און ווי מען וועט מיר ווען פאַרוואַרפן — נאָר דעם פּאַטעטישן אויסרוף פון דער צייט פון אומקום אין זיין מאַקאַברישערווירקלעכקייט. דער טיף סימבאָלישער זין ביים שילדערן די מענטשן אין זייערע האַנדלונגען איז אויך חל אויף דער נאַטור. אויך נאַטור־דערשיינונגען זענען ביי אים אַנימיזירט, ס'זיינען געגנוג עטלעכע ביישפּילן. אַ פינצטערקייט קען זיין ביי אים „אַ גליטשיקע" (ז. 162) די שטילקייט האָט געוויינט (ז. 80) — דאָס באַצייכענען זאַכן איז שטענדיק אַן אומגעריכטע און אָריגינעלע. די קאָץ מיט וועלכער וויגדאָר שפּילט זיך אין דער גאָרקיך האָט נישט סתם קיין גרינע אויגן „נאָר אַ פאַרבאָרגן קעציש־גרינלעך פייער, וואָס קומט פון דער שאול תחתיה" (ז. 178) דאָס בילעריי איז געוווען אַ שפּיציקע (ז. 72), די רייד זענען געווען שפּיציקע און אויך דאָס גלאָקן־קלינגען איז אַ שפּיציקס (ז. 82).

די מעטאַפאָר אין י. שפּיגלס שרייַבן פאַרנעמט אַ בכבודיקן אָרט אין זיין פּראָזע. ביי שפּיגלען אַחוץ אין דער עמאָציאָנעלער ספערע ליגט זיין שפּראַך אין די אינטעלעקטועלע מקורות. דאָס שאַפט די אייגנאַרט פון י. שפּיגלס שאַפן, אָנהויבנדיק פון „מלכות געטאָ", דורך אַנדערע ווערק — איבער די „פלאַמען פון דער ערד" ביז „דער בריק". נאָר אייניקע ביישפּילן וועלן שוין וועיזן דעם טעם פון זיין אָרט שרייבן. „זי איז געשטאַנען נעבן אים אין הילצערנע, גראָע, טרויעריקע שיך (ז. 72), פון איר גיפּסענעם אויסגעלאָשענעם דרימל". (ז. 85), „יידישע וויינענדיקע אַלטוואַרג" — און נאָך אַ סך, אַ סך אַנדערע.

זאַכן, דערשיינונגען, באַקומען אַ גייסטיקן, איבערטרעגלעכן זין. דאָס איז נישט קיין געוויינטלעכע פּערסאָניפיקאַציע. זיינע מעטאַפאָרן זענען אייגנאַרטיקע, ווייל אויף אַלעם פאַלט דער שיין פון דער צייט און די אַטמאָספער, וואָס ס'האָט דאַן געהערשט, דאָס ברענגט ער אַרויס מיט זיינע קינסטלערישע מיטלען, מיט וועלכע ער באַנוצט זיך.

נאָך אַ קינסטלערישער מיטל, מיט וועלכן י. שפּיגל באַנוצט זיך אָפט אין בוך, „פלאַמען פון דער ערד" איז: וויזיע, מיראַזשן, וואָס עס זענען זיינע

העלדן אין זייערע חלומות, וואָס האָבן אַ נביאישן אויסקלאַנג. די וויזיעס שטייען זייער נאָענט צום מאַגישן דענקען, אַן אָפטע דערשיינונג אין די צייטן פון געטאָ און קאַצעטן. דאָס דערמאָנטע קינסטלערישע מיטל איז בדרך כלל אַן אָפטער אויך אין שאַפן נישט נאָר פון דער אומקום־תקופה נאָר פאַר יעדער תקופה ווען דער מענטש ווערט פאַרפאָלגט און געררודפט. אַן אויסזיכט צו בלייבן לעבן איז מאַגיע און מיסטיק. דאָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש.

נאָך אַ מיטל, וואָס העלפט אַרויסצוברענגען די אַטמאָספער און צו פאַרטיפן די הומאַניסטישע אידייע פון בוך — איז סימבאָליק. דער סימ־באָל פון דעם הייליקן פראַנציסקע פון אַסיזש און דאָס פאַרדעקן מיט אַ טישטעכל דורך ניקאָדעמען זיין אָפּגעבראָכענע האַנט — דערהויבט דאָס ליידן פון יידן צו אַלמענטשלעכן פּראָבלעם.

דאָס ערשטע מאָל איז אין דער יידישער נאָך־אָקופּאַציע־ליטעראַטור אַזוי בולט מיט אַזאַ טיפקייט, סאָציאַל־געזעלשאַפטלעך אַרויסגעהויבן געוואָרן דאָס נאַציאָנאַלע און אַלגעמיין מענטשלעכע אין דער גורל פאַרבינדונג צווישן יידן און פּאָליאַקן אין דער תקופה פון היינטצייטיקן המן.

י. שפּיגלס ביישטייער פאַר דער יידישער ליטעראַטור נישט נאָר אין לאַנד איז אַ וויכטיקער און אַן ערנסטער.

„פריי ישראל", 19.1.66

**יהודית קאַלמאַן** (     —1904)

# „געשטאַלטן און פּראָפילן" פון ישעיהו שפּיגל

צום דערשיינען פון ישעיהו שפּיגעלס „געשטאַלטן און פּראָפילן" ווילן מיר גלייך פון אָנהויב באַמערקן, אַז ער איז נישט בלויז אַ ליטעראַטור־קריטיקער, נאָר אויך — און אפשר קודם־כל אַ געבענטשטער דיכטער און פּראָזאַאיקער.

אַ לעבן־געבליבענער עדות פון די טויט־לאַגערן, האָט ישעיהו שפּיגעל אַריינגעקוקט אין תהום פון פינצטערן גרויל, און דאָרט ווי אַנדערע פאַרשטומען אין ווילדער פּיין, דאָרט האָט ער געפונען אַ קינסטלערישן אויסדרוק פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע.

אויס דעם ים פון בלוט און טרערן שטייט פאַר אונדז אויף אַ לעבע־דיקער דער דאָרפס־ייִד יאָסי־בער, ווען די נאַציס האָבן באַפוילן צו טאַנצן, שטעכענדיק אים דערביי מיט זייערע שפּיזן אין די פיס. טאַנצט דער ייִד, רינען רויטע ריטשקעלעך פון זיין קערפּער און ס׳ווייזט זיך אים אויס, אַז אין מיטן העלן טאָג איז אויפגעגאַנגען די לבנה, ס׳האָט דער הימל זיך באַדעקט מיט שטערן און ער הערט דאָס קול פון זיין טאַטן:

„טאַנץ יאָסי־בער, טאַנץ מיין זון..."

צוזאַמען מיטן טאַטנס נגינה זינגען די שטיינער און די ציגל, די זילבערנע טאָפּאָליעס, וואָס לייכטן ביים לבנה־שיין. דער בלאָער וואַלד נעמט אַרום דאָס דאָרף.

און אָט איז אַ פאַרצווייפלט קליין מיידעלע, וואָס זוכט קאַלציום פאַר איר פון הונגער געשוואָלענער מאַמע; און רב בונים, מיט דער דורך די נאַציס אויסגעפליקטער באָרד, צעררייסט זיין סידור, רעוואָלטירנדיק זיך קעגן דעם גרויזאַמען גאָט פון אונדזערע אבות.

ישעיהו שפיגעל, וואָס שטעלט זיך אָפּ בעיקר אויף מאַרטירער־טום, — פונדערסטוועגן האָבן נישט געפעלט קיין פאַלן פון רעוואָלט — האָט, נישט געקוקט אויף אַלעמען, איינגעהאַלטן זיין גלויבן אין דעם מענטשן. (אַפילו צווישן די נאַצישע בעסטיעס געפינט זיך אַ דייטש, וואָס ברענגט אַ שטיק ווייס ברויט און קאַלציום פאַר דעם קליינעם מיידעלע).

פון אונטער זיין אין בלוט געטונקענער פעדער גייען אַרויס זיינע פּילפּאַכע טיפּן און געשטאַלטן — אמתדיקע אומפּאַרגעסלעכע, געלייטערטע דורך איבערמענטשלעכער פּיין.

אָט דאָס טיפע אַריינדרינגען אינעם מענטשלעכן וועזן, דער צאַרטער ליריזם, וואָס קומט צום אויסדרוק אין זיינע דערציילונגען, ווירקט זיך אויס גלענצנדיק אויפן גאַנצן מהות פון זיינע עסייען.

דאָס נייע בוך זיינס נעמט אַרום דרייסיק ליטעראַרישע פּאָרטרעטן און עטיודן, וואָס מאַכן באַקאַנט דעם לייענער מיטן לעבן און שאַפן פון אַ ריי יידישע פּראָזאַיקער, דיכטער און ליטעראַטור־פאָרשער פון פאַרשידענע פאָרמאַציעס און ליטעראַרישע ריכטונגען.

דער טיפער, אַלזייטיקער, קלוגער אַנאַליז פון דעם אָדער אַנדערן ווערק גייט ביי אים באַנאַנד מיט אַ לעבעדיק צאַפּלדיקן בילד פונעם אויטאָר אַלס מענטש, אַלס פערזענלעכקייט, אַלס קינסטלער.

שרייבנדיק וועגן ה. לייוויקן, דערמאָנט ער זיינעם אַ געדאַנק:

„ס'איז נישטאָ מער וויכטיקס, ווי איינצוהאַלטן די הייליקייט פונעם מענטש". שפּיגעל גיט צו:

„אָט דער פּשוטער, שטילער זאַץ האָט אין זיך דאָס ריינע עטישע פייער פונעם גאַנצן לייוויק: דעם פּאָעט און דראַמאַטורג, דעם רעוואָלוציאָנער און בעל־הכנעה, דעם ייד און מענטש; פון דעם, וואָס האָט אויפגעשטעלט אַזאַ מין זעלטענעם בנין פון דיכטונג און דראַמאַטישן פערזן".

אָפּשטעלנדיק זיך אויף דער ווייט־פאַרצווייגטער ליטעראַטור, וואָס איז אַנטשטאַנען אַרום לייוויקן, זאָגט ער, אַז „זי באַלייכט סיי זיין גרויסע פּאָעטישע מי סיי דעם שאַפערישן מענטשן ה. לייוויק, וואָס האָט זיין דיכטערישע האַרעוואַניע אויסגעטראָגן אין זעלטענער גזירות, עניוות, וואָס זיינען, ווי מיר שיינט, די סימנים פון אמתער דיכטערישער גרויסקייט".

כאַראַקטעריסטיש פאַרן מחבר איז דער אויסדרוק „ווי מיר שיינט".
און הגם מיר צווייפלען נישט אין דער אויטאָריטעט פון זיין וואָרט,
דערמאָנט ער אונדז דערמיט, אַז ווערטפולע מענטשן, אין קעגנזאַץ צו
אַנדערע, האַלטן זיך באַשיידן.

„דער מעדיום פון צוויי־שפּראַכעדיקן פּיוט" — דאָס איז דער גרויסער
ח. נ. ביאַליק, וועלכער האָט אויך געשריבן אין יידיש און אַליין איבער־
געזעצט אין אָט דער שפּראַך אַ טייל פון זיינע העברעאישע שאַפונגען. י.
שפּיגעל ווייזט אָן, אַז ביאַליק איז ווייט נישט געווען צעריסן; אַז ער איז
געווען גלייך גרויס אוןביידע שוועסטער־שפּראַכן, וואָס שעפּן פון איין
און דעמזעלבן קוואַל „אויך נישט ווייניק אַנדערע העברעאיש־שאַפנדיקע
פּערזענלעכקייטן האָבן געהאַט די זעלבע פאַרשטענדעניש בנוגע דער
פריש־קוואַליקייט פון יידיש־לשון מיט זיין אומאויסשעפּלעכער וואַרעמ־
קייט".

פון צווישן אָט די שורות לייענט זיך אַרויס אַ ווייטיק, ווייל אויב
ס'איז נאַטירלעך, אַז אויפן באָדן פון דעם אויסגעבענקטן לאַנד זאָל צוריק
אויפבליען די מקורותדיקע העברעאישע שפּראַך, איז אָבער נישט נאָרמאַל,
און רעוואָלטירנדיק אַז יידיש אין וועלכן ס'זיינען געשאַפן געוואָרן אומ־
שטערבלעכע קולטור־ווערטן, זאָל באַעוולט ווערן אין מדינת־ישראל.

מיט זיין אָריגינעלן כוח, זיין רייכער, געדאַנקלעכער שפּראַך שילדערט
אונדז ש. י. עגנון די אַלטע, פאַרשניטענע יידישע וועלט, פון וועלכער
ער האָט געשעפּט זיין יניקה.

„ער איז — זאָגט וועגן אים י. שפּיגל — דער יידישסדיקער אויס־
דריקער און באַוועלטיקער פון דער אומגעבראַכטער יידיש־שפּראַך; הגם
זי, די שפּראַך, איז ביי אים אָנגעטאָן אינעם העמדל פון לשון־קודש. דאָס
איז טאַקע דאָס זיידענע יוסף־העמדל — דאָס כתונת־פּסים פון שמואל
יוסף. אָבער אונטערן זיידן העמדל פון דערהויבענעם און געקרוינטן יוסף
שלאָגט שטאַרק און וואַרעם דאָס אַלטע יידישע האַרץ, מיט פיל בענקע־
ניש צו זיינע ברידער".

אויך דער העברעאישער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן האָט געשריבן
טיילווייז אין יידיש, און גאָר בעיקר האָט ער אין אָט דער שפּראַך

געלאָזט אונדז די לעצטע, הייליקע ירושה זיינע: „דאָס ליד פונעם אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק".

מיר איז אויסגעקומען צו זיין מיט אים אין וויטעל (פראַנקרייך). און אויב פון דעם דערמאָנטן ווערק באַקומט זיך אַ רושם פון גרעי־נעצלאָזן יאוש, האָט זיין גייסט זיך נישט אונטערגעגעבן. ער איז נאָך אימשטאַנד געווען אַ לאַך צו טאָן, דערציילן אַ וויץ. ער פלעגט אונדז פאָרלייענען זיינע שאַפונגען. און אויב אַלץ ביי אים איז אָנגעזאָפּט מיט אומקום, איז ער אָבער געווען שטאָלץ און גליקלעך מיט די וואַרשעווער געטאָ־העלדן.

ער האָט געלייענט:

„איך זע דאָס פּנים נישט פון דייטש, זיין פלייצע נאָר,
ס'האָט קיינער אים דעם דייטש אין פלייצע נישט געשאָסן,
ער האָט אַ קויל באַקומען אין דער ברוסט.
עס פאַלט דער צווייטער אויך: „די יודען שיסען!"
האָט באַוויזן ווער פון זיי דערשטוינט אַ רוף צו טאָן;
„יאַ, טאַקע וואַר!"

ס'האָט געדונערט זיין קול, זיינע בלאָע אויגן — שטענדיק אָזעלכע גוטע, פול מיט ליבשאַפט און טרויער, זיינען געוואָרן האַרט ווי שטאָל, געשיט אַרום זיך מיט בליצן, און מיר אַרום האָבן זיך איבערגעקוקט: „אונדזער יצחק גלייבט נישט אין אומקום! אונדזער פאָלק וועט ווייטער לעבן!"

נישט דאָ איז דאָס אָרט זיך ברייטער אָפּצושטעלן אויפן טראַגישן קאַפּיטל פון די פוילישע יידן געקומענע אויס דעם ברענענדיקן געטאָ מיט דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטן אין דעם לאַגער פון וויטעל. זאָל מיר בלויז דערלויבט זיין צו דערמאָנען, אַז טאָג־טעגלעך זיינען געפלויגן טעלעגראַמעס קיין זשענעוו, לאָנדאָן און וואַשינגטאָן:

„ראַטעוועט! ראַטעוועט די לעצטע פוילישע יידן!"

אומזיסט...

מיט פעסטע שריט, מיט אַ דערהויבענעם קאָפּ האָט יצחק קאַצענעל־סאָן מיט דעם אים נאָך געבליבענעם זון צבי און די אַנדערע יידן, פאַר־

לאַזט וויטעל — אויף אייביק. ער האָט מיך אַרומגענומען און געזאָגט מיט אַ שטרענגען קול:

„תזכרי ואל תשכחי!" (געדענק און פאַרגעס נישט!).

זיין קול וועט מיר נאָכגיין ביזן פּייכטן קבר.

„דאָס ליד פון אויסגעהרגטן יידישן פאָלק" איז היינט אויסגעשעפּט און נישט בנמצא.

האָט דער דיכטער פון אונדזער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע נישט פאַר־דינט אַז זיין בוך זאָל ווערן אַרויסגעגעבן אויפסניי?!



י. שפּיגעל שטעלט זיך אָפּ מיט פיל וואַרעמקייט אויף אפרים קאַגאַנאָווסקיס בוך „יידישע שרייבער ביי זיך אין דער היים". ער רימט זיין עקספּרעסיוו־מאַלערישע פאָרם, זיין טיפן ליריזם אין די עלעגישע טענער פון זיין פּענדזל. דאָס קאַפּיטל געווידמעט קאַגאַנאָווסקין טראָגט דעם נאָמען „דאָס דריטע לעבן".

דערונטער פאַרשטייט ער די טיפע פריינטשאַפט וואָס האָט פאַרבונדן קאַגאַנאָווסקין מיט זיין יוגנט־חבר י. י. זינגער. פריינטשאַפט איז איינס פון די שענסטע געפילן וואָס באַרייכערט, באַפליגלט דאָס מענטשלעכע לעבן און על כמה וכמה ווען ס'האַנדלט זיך, ווי אין דעם פאַל, אין צוויי שעפערישע פערזענלעכקייטן.

אין די לעצטע צען יאָר, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין פּאַריז האָט אַ. קאַגאַנאָווסקי פיל געהאַט אויסצושטיין פון העסלעכע אָנפאַלן מצד געוויסע „קולטורעלע" קרייזן. ער איז אָבער שטענדיק געווען אַרומגערינגלט מיט פריינט, און אָט די וואַרעמע פריינטשאַפט וואָס מיר האָבן אים אַנטקעגנגעטראָגן, איז געווען פאַר אים אַ באַלזאַם אויף זיינע שווערע ווונדן.

„דער אָדלער פון מאַזאָוויע"; שלום אַש, איז אַ חוץ מענדעלען, שלום־עליכמען און פּרצן געווען דער שטאַרקסטער געשטאַלטיקער אין דער יידישער ליטעראַטור, אַ מאַנער, אַ בונטאַר, אַן אייביקער זוכער ווי פּרץ, איז ער אָבער געגאַנגען אין זיינע אייגענע וועגן. דער גרויסער הומאַניסט און וויזיאָנער האָט „פאַרשאַפט אונדזער פאָלק אַ שווערן צער

מיט אייניקע רעליגיעז־פרעמדע ווערק... דער אַדלער האָט אַראָפּגענידערט אין קבר מיט צעבראָכענע פליגעל".

אַ היסטאָרישן אמת איז נישט מעגלעך אויסצוואָרצלען און ישו הנוצרי האָט פּאַרט אַ שייכות צו יידן. אין וואָס איז באַשטאַנען שלום אַשס זינד? מיט דעם, וואָס ער האָט באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור מיט אַזאַ אומפאַרגלייכלעכן שעדעווער ווי „דער מאַן פון נצרת"? (נישט חלילה: „גאָטס זון פון נאַזאַרעט"). ס'האָט נאָך קיינער פאַר אים נישט באַוויזן צו געבן אַזאַ גרינטלעכן פּאָליטישן און עקאָנאָמישן אַנאַליז פון יענע היסטאָרישע צייטן, ווי שלום אַש. ער האָט בלויז געזוכט צו באַווייזן, אַז דער ייד, וואָס האָט געוואָגט צו פּראָקלאַמירן, אַז פאַר גאָט זיינען אַלע מענטשן, די שקלאַפן אַריינגערעכנט, גלייכע צווישן גלייכע — איז אַנגעגאַנגען ביי די רוימער אַלס רעוואָלוציאָנער און זיי האָבן אים געקרייציקט אַלץ אַזעלכן.

דער דערנער־קראַנץ מיט דער אויפשריפט „ישו פון נאַזאַרעט, מלך פון די יידן" איז געווען כדי אָפּצושפּעטן פון דעם באַזיגטן יידישן פאָלק.

שלום אַש האָט אָנגעוויזן אויף וואָס פאַר אַ צביעותדיקן אופן די קירכע האָט אויסגענוצט דעם מאָרד קעגן די יידן.

אָט פאַרוואָס מען האָט, לויט אונדז, דעם אָדלער פון דער יידישער ליטעראַטור צעבראָכן די פליגלען!

עס פעלט אונדז, ליידער, זיך אָפּצושטעלן אויף די אַנדערע שעפערישע פערזענלעכקייטן, אַרויסגעבראָכטע אין בוך, ס'איז אָבער וויכטיק צו באַמערקן, אַז מיט זיין טיפער פילבאַרקייט האָט י. שפּיגעל פאַרשטאַנען אַרויסצוברענגען דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַרן שרייבער, די אייגנאַרטיקייט פון זיין טאַלאַנט, מיט וועלכן ער האָט באַרייכערט די אוצרות פון דער יידישער ליטעראַטור.

דאָס נישט־דערזאָגטע, וואָס מען לייענט אַרויס צווישן די שורות, איז אַ הייסע פאָדערונג נאָך קאָמפּראָמיסלאָזער שלמותדיקייט: יעדעס עכטע ליטעראַרישע ווערק איז אַן אָרגאַנישער טייל פונעם שעפער, וועלכער דאַרף זיין אַן עמוד־האש און אויף וועלכן ס'טאָר נישט פאַלן קיין שאָטן.

„נייע פּרעסע", פּאַריז 26.9.71

ב.

# יידישע דערציילונגען
# אין העברעישער איבערזעצונג

מיר דאַרפן ישעיהו שפּיגל אונזערע לייענער ניִשט פאָרשטעלן. זיינע פּאָעמען און דערציילונגען זיינען געוואָרן אַרויסגעגעבן אין די פּאָראייניגטע שטאַטן, אַרגענטינע, פראַנקרייך, טשעכיע און ישראל.

מיר האָבן אַנומלט געשריבן וועגן ישעיהו שפּיגלס „געשטאַלטן און פּראָפילן" (עסייען וועגן יידישער ליטעראַטור) ווי אויך „ליכט אויס די טיפענישן פונעם תהום" און „שטיגן צום הימל" פון אַן אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער. אָט דאָס בוך, לויטער און צאַרט איז פאַרפלאָכטן מיט ווירקלעכקייט, גיט אונז אַ שליסל צום ווערק פון מחבר.

דאָס קליינע אינגל, וואָס האָט שוין גאָר פרי פאַרזוכט דעם טעם פון האַרטער נויט, האָט אין זיך איינגעזאַפּט די השפּעה פון צוויי זיידעס: דער זיידע, דער מקובל, וואָס האָט פאַרבראַכט אַלס אָנגעשטעלטער לאַנגע יאָרן אין וואַלד, אויפגענומען אין זיך די שיינקייט פונעם גאַנצן אַרום, און דער צווייטער זיידע, וואָס האָט פון זיין פאַרכישופ'ט פידעלע אַרויסגעצויבערט וואונדערבאַרע ניגונים. דאָס האַרץ אָנגעפילט מיט פּאָעזיע און מוזיק, איז ישעיהו שפּיגל מיט זיין געבענטשטער פעדער געוועזן ווי געשאַפן צו זינגען די שיינקייט פונעם לעבן, אָט די הייסע לעבנספרייד, אַן איינגעהאַלטענע דורכן זיידנס אַסקעטיזם, דורך אַלטע פאַרשטאַרטע געזעצן, און וואָס קומט אַזאַ ליכטיק־פאַרבענקטע צום אויסדרוק אין דעם „שטרויספויגל".

דער פינצטערער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז ער זאָל ווערן דער זינגער פון אידישן אומקום, פון דער גרויער, טאָג־טעגליכער העלדישקייט פונעם אידישן פאָלקס־מענטש אונטערן נאַצישן שטיוול. ער מאָלט אויף אַ הויך־קינסטלערישן אופן זיין גרענעצלאָזע פּיין, זיין מאָראַלישע העכערקייט, גיט אים אָבער כוח איינצוהאַלטן זיין צלם אלוהים.

הגם באַקאַנט נאָך פאַר דער מלחמה, האָבן די נאָוועלן פון דער געטאָ אים פאַרשאַפט אַן ערשט־ראַנגיגן פלאַץ אין דער אידישער ליטעראַטור.

זינט 1951 לעבט ישעיהו שפּיגל אין ישראל. זיין באַנד דערציילונגען „די בריק" געשריבן אין אידיש און פון וועלכע די פּאַריזער „נייע פּרע־סע" און די ניו יאָרקער „מאָרגן פרייהייט" האָבן פאַרעפנטלעכט „דאָס רויטע זשאַקעטל", איז איצט דערשינען אין העברעאישער איבערזעצונג*.

„די בריק", דאָס איז דער איבערגאַנג פון דער פּוילישער געטאָ, פון ווילדער איבערמענטשלעכער פּיין, צו ליכטיגע האָפענונגען, צו אַ נייעם לעבן אין דער יונגער מדינת ישראל. דאָס רוב פון די פּערסאָנאַזשן — איסער בצלאל, וואָס לאָזט זיך נישט איינברעכן פונעם שטורעם און וואָס שפּאַנט פעסט און זיכער זיין ליכטיגן ציל אַנטקעגן — זענען די מענטשן שוין נישט קיין יונגע, מיט שווער פאַרוואונדעטע נשמות, זיי ראַנגלען זיך מיט זיך אַליין און מיט די נייע באַדינגונגען.

אַ גרופּע נייע עולים (אימיגראַנטן) באַשעפטיקט ביים בויען אַ בריק, זענען נאָך נישט צוגעוואוינט צו דער גליענדיגער זון, צו דער נייער סביבה. מ'רעדט אין פאַרשידענע שפּראַכן, יעדער איינער איז אַליין מיט זיינע גרויליגע איבערלעבונגען, ווייזט זיך פלוצלונג אויס דעם פּוילישן איד, אַז ער געפינט זיך הינטער דער ציגל־פאַבריק אין אוישוויץ. (אָש־וויענטשים)... אין טויטן־טאָל... מ'פירט דאָרט צו דער אַרבעט די קראַנקע, די אָפּגעשוואַכטע; פון ביידע זייטן רוצחים מיט גלאַנציגע שטיול. פון צייט צו צייט הערט זיך דאָס פאַלן פון אַ קערפּער, אַ שוואַכער געשריי, ענלעך צו אַ דערשטיגטן קול פון אַ נאַכט־פויגל...

דער בולגאַרישער אינטעלעקטואַל, וואָס פילט זיין פּיין און פאַרשטייט נישט זיין שפּראַך, דריקט אים פעסט די האַנט „מיט דער צייט וועט זיך אַלץ ענדערן, מיר. אויך... מיט דער צייט וועלן די פילצאָליגע עדות זיך צוזאַמענשמעלצן אין איין פאָלק, מיט איין שפּראַך. די בריק, וואָס בויט זיך דאָ מיט שווערע קרבנות, איז אַ סימבאָלישע בריק פון מענטש צו מענטש, פון מענטש צו פאָלק, פון פאָלק צו דער וועלט.

מאַריאַ די פּוילישע פרוי, וואָס איז געקומען אין לאַנד מיט איר אידישן מאַן, וועלכן זי האָט געראַטעוועט פונעם טויט און וואָס טראָגט

---

* ישעיהו שפּיגל : „הגשר" ספרית פועלים תל־אביב.

איצט אַ קינד אונטערן האַרצן: — פאַרוואָס באַטראַכטן זי דווקא די פוילישע אידן אַלס פרעמדע, רופן זי „חזיר״?!

קומט צו איר אַריין אַ תימנ׳ער פרוי מיט אַן עמער וואַסער, וויל אויסוואַשן דעם פאָל פון איר נייער וואוינונג. מאַריאַ לאָזט נישט, אָבער די תימנ׳קע שמייכלט, ווייזט אָן אויף איר שוואַנגערשאַפט.

„דו נישט. דו האָבן אַ קינד״...

ביידע פרויען קוקן זיך אין די אויגן אַריין, געפינען אַ געמיינזאַמע, וואַרעמע שפּראַך.

דאָס אַלטע פּאָרפאָלק, ביידע שוואַך און הילפלאָז ווי קינדער, וואָס זענען נאָך אַזוי פיל וואַגלענישן געקומען צו דער טאָכטער, אין הייליגן לאַנד. זי פירט זיי אַריין אין איר נגידישער דירה, אויף דעם ווייס־געדעקטן טיש שטייען צוויי זילבערנע לייכטער און ליבע־מרים בענטשט ליכט, פאַרגיסט זיך מיט טרערן פון הייסן גליק. דאָס גליק אָבער דויערט נישט לאַנג. דער איידעם פאַרשטייט נישט קיין אידיש, קוקט אויף זיי ווי אויף צוויי אומגעלומפּערטע באַשעפענישן, די אייניקלעך לאָזן זיך נישט אַ קוש טאָן.

ווי שווער פאַרשולדיגטע שאַרן זיך די אַלטע לייט ביי די ווענט, ביז מען פירט זיי אַריבער איז אַ באַזונדערע דירה, ס׳פעלט זיי דאָרט גאָרנישט, אויסער אַ ביסל וואַרעמקייט און ליבע מרים זאָגט צו איר מאַן:

„אָט דאָס הייסט כבוד אב ואם אין דעם הייליגן לאַנד!...״

דער נייער עולה, דער וואָס האָט אַלץ פאַרלוירן און די צווייטע קרובה, די פאַרזעסענע מיידל האָבן זיך באַגעגנט, באַשלאָסן צו בויען אַ ניי לעבן, ליכט פון דער פינצטערניש.

ישעיהו שפּיגלס העלדן קענען ליידן ווי קיינער נישט, אָבער אין די מיינסטע פאַלן געפינען זיי אין זיך געננוג אינערלעכע קראַפט, כדי נישט צו פאַרצווייפלען.

פונקט ווי דער זיידע דער מקובל האָט דערקענט יעדן בוים לויט זיין ריח, אַזוי קען דער מחבר אַלע בערג און טאָלן פון זיין לאַנד. מיט זיין רייכער שפּראַך, אין וועלכער ס׳קומט צום אויסדרוק די גאַנצע אייגנאַרטי־גע שיינקייט פון דער אַרומיגער נאַטור באַלייכט ער זיינע פערסאָנאַזשן

מיט אַ צאַרטן, אינערלעכן ליכט, גיסט באַלזאַם אויף אָפענע וואונדן, לערנט אונז רעספּעקט פאַרן מענטשן, רופט זיך צו באַהעפטן מיט דעם אַלט־נייעם לאַנד.

„מאָרגן־פרייהייט", 13.10.1974

ג.

## „שטיגן צום הימל" פון ישעיהו שפּיגל אין פראַנצייזיש

דאָס צווייטע בוך, וואָס דאַרף אינגיכן דערשיינען אין פראַנצויזישער איבערזעצונג איז, ווי שוין דערמאָנט, „שטיגן צום הימל" פון אויטאָ־ביאָגראַפישן אינהאַלט.

פאַראַן מענטשן, וואָס גלויבן, אַז גאָרנישט איז אַזוי לייכט צו שרייבן ווי אַן אויטאָביאָגראַפיש ווערק, ווייל דאָס איז אַ טעמע, אַזוי צו זאָגן אַ פאַרטיקע פון פאַרויס. ס'בלייבט בלויז די פראַגע צו קאָנען פאַראינ־טערעסירן דעם לייענער... אָבער עס טרעפט טיילמאָל, אַז אויך גרויסע שרייבער, הגם זיי באַהערשן פאַרשטענדלעך דעם סוזשעט, שטעלן זיך אָפּ אויף צופיל איינצלהייטן, וואָס זעען אויס פאַר זיי גאָר וויכטיק, חזרן זיך אָפט איבער און באַווייזן נישט צו דערהויבן זייער אויטאָביאָגראַפיש ווערק צו דער געהעריקער קינסטלערישער הויך.

ביי ישעיהו שפּיגעל איז עס נישט דער פאַל. נישטאָ דאָרט קיין איין איבעריק וואָרט. דאָס איז אַ ווערק, ווו חלום איז פאַרפלאָכטן מיט ווירקלעכקייט, ווו שיינקייט פונעם וואָרט רופט זיך איבער מיט טיפקייט פונעם געדאַנק. דער מחבר פירט אונדז אַריין אין אַ קינדערישע וועלט, אין אַן אָרעמע וועבער־שטוב, ווו דער וועב־שטול איז פאַרהאַנגען מיט אַ ליילעך, ווייל די מאַמע איז קראַנק.

אויף דעם פענצטער שטייען וואַזאַנעס מיט „ברכהדיקע גרינע פלאַנ־צן", וואָס גיבן דעם באַשיידענעם צימער אַ גאָר באַזונדערן חן. די צאַרטע פלאַנצן, די זינגענדיקע פייגעלעך, וואָס שטעלן זיך אָפּ קעגנאיבער — אפשר זיינען עס גאָר פאַרשטעלטע מלאכים?... בילדן אַ טייל פון זיין

קינדערישן אוניווערס, צוזאַמען מיט די פּירעקיקע יידישע אותיות, וואָס זעען אויס ווי באַפּליגלטע.

מאָדנע מענטשן זיינען זיי, די דערוואַקסענע אין די אויגן פונעם קינד. זיי רעדן שטענדיק מיט רמזים, מיט באַהאַלטענער, סודותדיקער שפּראַך, פון וועלכער קליינע קינדער זיינען אויסגעשלאָסן. אָט למשל קומט אריין דער שכן, קניפּט אים אין בעקל און לאַכט:

— אָ, שייגעץ, די מאַמע וועט שוין אַהיימקומען (אוי, בענקט זיך אים נאָך דער מאַמע) און דו וועסט זיין אויס מיוחס!״

ער האָט נישט געוווּסט, אַז ער איז געווען אַ מיוחס... און פאַר וואָס דאַרף ער איצט ווערן אויס מיוחס?

די בלייכע מאַמע איז סוף כל סוף צוריקגעקומען אַליין. אַלטעלע, וואָס העלפט איר צו ביי דער באַלעבאַטישקייט, דערציילט אים, אַז זיין קליין שוועסטערל איז געשטאָרבן. איצט וועט זי זיין זיין שוועסטערל, נאָר דאָס דאַרף בלייבן אַ סוד... זי קושט אים און פון דעם סוד ווערט אים גאָר ליכטיק אויף דער נשמה...

דאָס קליינע יינגל האָט צוויי זיידעס. מיט וועלכע ס׳פאַרנעמען זיך זיינע קינדערישע מחשבות, און וואָס איבן אויס אַ טיפע השפעה אויף זיין ווייטערדיקן דענקען. איינער אין דער זיידע אַנטשל, דער תהילים-ייד און דער צווייטער — דער זיידע שמואל, דער מקובל פון די לענטשיצער וועלדער.

ביים זיידע אנטשל שמעקט אַלץ מיט פאַרלייגטע אויבסט, מיט וועלכע ס׳האַנדלט די באָבע. אויף דער וואַנט הענגט „דוד המלכס פידעלע״. די מומע ביילע וויינט, ווייל דער פעטער כאַצקל, וואָס האָט שוין באַדאַרפט צוריקקומען פונעם מיליטער, איז נאָך פאַרהאַלטן געוואָרן. „דער קייסער באַדאַרף אים צו האָבן...״ דאָס קליינע יינגל איז גאָר שטאָלץ דערויף וואָס זיין פעטער כאַצקל איז אַזוי היימיש מיטן קייסער...

ביינאַכט כאַפּט ער זיך אויף און זעט דעם זיידן אַ באַרוועסן, אין לאַנגן, ווייסן העמד, שפּילן אויפן פידל. „דער בלויער, וואַרעמער חלל איז געווען איבערפולט מיט קליינע פידלציטערנישן. זיי האָבן געבוירן פון זיך אַ פלייצנדיקן ווינט פון בלויע, שטילע קלאַנגען״...

דער צווייטער זיידע, דער מקובל איז געוואָרן דערצויגן אין וואַלד און איז געווען במשך פון לאַנגע יאָרן נאָך דער חתונה אַ וואַלד־שרייבער.

„צוזאַמען מיט דער ליבשאַפט וואָס ער האָט געטראָגן צו אַלע סודותדיקע וועלט־רעטענישן, האָבן אויך אין אים געפּליסטערט ביז אין דער טיפער זיקנה די גרינסטע וואַלדיקע סודות פון אַלעביימער פון זיין וואַלד. צענדליקער יאָרן דאָ אין דער פינצטערער, באַלוטער דירה האָבן נישט אויפגעהערט צו בליען די זיסע פאַרחלומטע בענקעניש צו וואַלד־געהילץ, צו פאַלנדיקע בלעטער און צום ווינט־געפּליסטער פון אַלע שוין לאַנג געפאַלענע ביימער־קרוינען".

די דערשטיקטע לעבנס־פרייד, דער שטרענגער אַסקעטיזם פונעם מקובל האָבן זיך נוקם געווען: זיין טאָכטער, די שיינע לאהלע „שטרויס פויגל" האָט געבראָכן די צוימען פון אַלטע געזעצן, געפאָלגט דעם האַרץ דעם דאַרשטיקן נאָך שיינקייט און פרייד. דער קליינער שייעלע האָט זי איינמאָל געזען טאַנצן — אַ וווּנדערפול, פאַרכישופטער גן־עדן־פויגל און זיין יינגליש הערצעלע האָט אויפגעשטורעמט אין דער ברוסט.

דאָס לעבן פונעם יינגל איז אָנגעפולט מיט בענקשאַפט: נאָך דער מאַמען וואָס ליגט אין שפּיטאָל, נאָך דעם טאַטן וואָס „זיצט". ער האָט געהאָלפן דער שיינער מומע אסתר (זי האָט דעם מקובלס הייסע, בריענדיקע אויגן) אַנטלויפן פון דער פּאָליציי. זי וויל דעם קייסער אַראָפּוואַרפן. אָט דעם קייסער וואָס איז אַזאַ גוטער־ברודער מיטן פעטער כאַצקל...

די מומע ביילע, כאַצקלס אלמנה האָט אים אָוועקגעפירט ווייט פון דעם טמאדיקן־שטרויספויגל, אַזש צום פעטער דעם קברן, וואָס וויל אים אויסלערנען דאָס פאַך. מיט אירע רויטע, פאַרהאָרעוועטע הענט האָט זי געדריקט צום האַרצן אַ פּעקעלע בריוו און געוויינט:

„שייעלע, אַז דו וועסט אונטערוואַקסן וועסטו זיך אויסלערנען לייענען און שרייבן און וועסט מיר איבערלייענען אַלע, אַלע זיינע בריוו..."

„שטיגן צום הימל", זיכער איינס פון די שענסטע פון זיינע שאַפונגען, קאָן זיין אַ שליסל צו ישעיהו שפּיגעלס ווערק. אַ בוך פול מיט שווערער קינדערישער בענקשאַפט און פיין, מיט ליכטיקע חלומות, וואָס רייסן זיך צו די הימלען...

„פריי־ישראל"

**חיים קרול** (1892—1946)

# ישעיה שפיגל

דער געמיטס־פּאָעט.

דאָס געמיט איז ביי אים, ביים פּאָעט, פאַרשאַרפט ביז דינקייט און גרינג, ווי אַ ווינט, איז זיין געהער, און ער, דער פּאָעט, כאַפּט אויף מיט אים מיט זיין געהער, די שטים פון עלנט.

פון אייגענעם עלנט.

ער, דער פּאָעט, איז מיינס אַ ברודער; עלנט ציט צו עלנט און איך בין עלנט שוין זיבן יאָר—ווי ער, דער פּאָעט, בלאָנזשע איך אָן פריינט, אָן ווייב.

מיט אַ דינעם שריפט שרייבט דער פּאָעט פונעם ביכל „מיטן פנים צו דער זון".

זיידענע שפינוועב־געוועבן—דין און פיין—שפּרייטן זיך אויף די בלעטער פונעם דיכטער־בוך—צום ערשטן איז דאָס בוך דעם דיכטערס.

שוואַרצע רויזן — נישט געקוקט, וואָס אין ביכל רעדט זיך אין אַ פּאָר שטעלן וועגן „בלאָ"—זענען די לידער נאַכט־שוואַרצע רויזן —

אָבער, מיין גאָט, פון וואָס פאַר אַ דיגעם סאַמעט זענען די בלעטלעך— און די רויזן. און וואָס פאַר אַ פיינער דופט ציט פון זיי, פון די רויזן. און זייער ערד, ווו זיי וואַקסן, איז אויסגעטראַכט: פאַנטאַזיע, פאַנטאַזיע, אָבער פון אייגן לייב: דאָס געמיט—אייגענער געמיט—איז אָפּגעשטעמפּלט אויף די בלעטער פונעם בוך און דאָס געמיט איז טיף, באַרעליעפיק, ווי עגיפּטישע באַרעליעפן.

און איך פאַרגעס אייניקע פאַר ליטעראַרישע שטעלן אינעם ביכל— כ'בין אים מוחל דעם חטא, ווייל ס'ביכל געפעלט מיר.

---

דער דאָזיקער עסיי איז געווען געדרוקט אין ח. קרולס בוך „אַרום זיך" ז. 34, קלעצקין־פאַרלאַג, ווילנע 1930 — וועגן ישעיהו שפּיגלס ערשט לידער־בוך „מיטן פנים צו דער זון", דערשינען לאָדזש, 1930, אין פאַרלאַג „אַלפאַ".

**ישראל ראַבאָן* (פּסעוודאָנים: שבתאי ציטער)** (1900—1941)

„...י. שפּיגל'ס לידער זענען נישט געוואַלטיק אָריגינעל. מען זעט בולט ביי אים די השפּעה פון דער נייער פּוילישער ליריק. ער איז אַ טאַלאַנט, וואָס נעמט־אויף אין זיך. ער האָט אַ חוש פאַר די משוגעתן פון לעבן. אויף אַ ווילדן, אָבער קערנדיקן אופן, זעט מען ביי אים דעם אומעט פון דער גרויסער שטאָט."

* (פראַגמענט פון אַ קריטישער אָפּהאַנדלונג, פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „ס'פעלד", העפט 6, יאַר 1923, לאָדזש).

## באַגריסונגען צום בעל־היובל צו זיין 60סטן געבוירנטאָג

.1

2טער מאַי, 1966

צום „אָוונט" פאַר ישעיה שפּיגל לכבוד דעם דערשיינען פון זיינע בעלעט־ריסטישע ווערק „שטיגן צום הימל" און „פלאַמען פון דער ערד".

ליבע פריינד, טייערער יובילאַר,

אין נאָמען פון דעם יידישן פּ.ע.נ.־צענטער, ניו־יאָרק, באַגריס איך אייך, דעם הויך־טאַלאַנטירטן פּאָעט און דעם בעלעטריסט צו דעם „אָוונט", וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר אייך. דאָס בוך „שטיגן צום הימל" איז באַערט געוואָרן מיט דער אָנערקענונג פון דעם קאַרל ראָטמאַן־פאָנד פאַר יידישער ליטעראַטור און האָט עס כשר פאַרדינט.

זייט געזונט און שטאַרק, טייערער פריינד און קאָלעגע, אַ סך יאָרן פון געזונט, נחת און שאַפערישקייט פאַר אייך, פאַר דער יידישער ליטעראַטור, פאַר אונדזער מאַמע יידיש.

מיט ליבשאַפט צו אייך און מיט די האַרציקסטע גרוסן צו אייער פרוי דריק איך וואַרעם אייער האַנט.

אייער,

(—) א. גלאַנץ־לעיעלעס

.2

טייערע חברים,

אַ האַרציקן דאַנק פאַר דער פאַרבעטונג צום יום־טוב פון ישעיה שפּיגלס 60 יאָר. עס איז נישט בלויז שפּיגעלס יום־טוב, נאָר אויך באמת אַ גרויסער יום־טוב פאַרן יידישן וואָרט. וואָרעם ישעיה שפּיגעל איז היינט־צו־טאָג איינער פון די סאַמע וויכטיקסטע פּראָזע־מייסטער אין דער יידישער ליטעראַטור. הינ־טער שפּיגעלס דערציילונגען מיט זייער לירישן ציטער פון סיפור המעשה און מיט זייערע וווּנדערלעכע נאַטור־געמעלן, שטייט אַ שרייבערישע פּערזענלעכקייט מיט אַן אַליין פאַרהאַרעוועטן בליק אויף לעבן, אויף מענטשן און אויף באַציאונ־גען צווישן מענטשן.

איך באַגריס מיין גוטן חבר ישעיהו שפּיגעל צום יום־טוב פון זיין האַלב־וועגס פון לעבן און ווינטש אים, אַז די צווייטע זעכציק זאָלן זיין נישט מינער שעפעריש, אָבער דערפאַר רייכער אין עולם־הזהדיקער פרייד. בה לחי!

חג שמח! שלכם,

(—) שלמה ביקל

„ישראל־שטימע" 15.6.66

## לאורעאַט פון באַקומענע פּרעמיעס

1. קעסל־פּרייז, מעקסיקע, 1952 (פאַרן בוך „ליכט פונעם אָפּגרונט").

2. בימקאַ־פּרעמיע, 1953 (פאַר דער נאָוועלע „דער פליִענדיקער הירש" גאָלדענע קייט, נר. 18).

3. פּרעמיע פון אַלוועלטלעכן קולטור־קאָנגרעס אין פראַנקרייך, 1955 (פאַרן בוך „ווינט און וואָרצלען").

4. פּרעמיע פון ייִדישן פּ.ע.נ.־צענטער, ניו־יאָרק, 1966 (פאַרן ראָמאַן „שטיגן צום הימל").

5. געניע־לעווי־פּרעמיע, תל־אביב, 1968 (פאַרן בוך „פלאַמען פון דער ערד").

6. איציק מאַנגער־פּרעמיע, 1972 (פאַר זיין כּוללדיק שאַפן אַלס פּראָזאַיִקער, דיכטער און עסייִסט־קריטיקער).

7. יעקב פיכמאַן־פּרעמיע, 1972 (פאַר זיין כּוללדיק שאַפן).

8. יעקב גלאַטשטיין־פּרעמיע (1977).

9. ראש־הממשלה־פּרעמיע (1979).

10. ערן־פּרעמיע פון ייִדישן שרייבער־פאַראיין (1981).

11. פּרייז פון סוכנות (א. דולצין) והציונות העולמית (1982).

# דערשינענע ביכער פון ישעיהו שפיגל

## יידיש:

### מיטן פנים צו דער זון
לידער, פאַרלאַג „אַלפאַ", לאָדזש, 1930

### מלכות געטאָ
נאָוועלן, פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש, 1947

### שטערן איבערן געטאָ
נאָוועלן, פאַרלאַג „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק" ביי דער אָרגאַניזאַציע פון די פוילישע יידן אין פראַנקרייך, 1948.

### מענטשן אין תהום
נאָוועלן, פאַרלאַג „איקוף", בוענאָס־איירעס, 1949.

### און געוואָרן איז ליכט
לידער, פאַרלאַג „יידיש־בוך", וואַרשע־לאָדזש, 1949.

### ליכט פונעם אָפּגרונט
נאָוועלן, פאַרלאַג „ל. מ. שטיין פאָלקס־ביבליאָטעק" ביים אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס פאַראייניקט מיט „ציקאָ", 1952.

### ווינט און וואָרצלען
נאָוועלן, „ציקאָ", 1955.

### די בריק
נאָוועלן, פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1963.

### פלאַמען פון דער ערד
ראָמאַן, פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, 1966.

### שטיגן צום הימל
ראָמאַן, פאַרלאַג „י. ל. פרץ", תל־אביב, 1966.

### געשטאַלטן און פּראָפילן
ליטעראַרישע עסייען — ערשטער בוך, פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב, 1971.

**די קרוין**

דערציילונגען, פאַרלאַג „ישראל־בוך״, תל־אביב, 1973.

**שטערן לייכטן אין תהום**

געזאַמלטע דערציילונגען — צוויי בענד, פאַרלאַג „ישראל־בוך״, תל־אביב, 1976.

**צווישן תוו און אַלף**

לידער, פאַרלאַג „ישראל־בוך״, תל־אביב, 1978.

**צוויי דערציילונגען ✶ שני סיפורים**

מיידיש: מרדכי אמיתי, פאַרלאַג „ישראל־בוך״, תל־אביב, 1978.

**א. סוצקעווערס לידער פון טאָגבוך**

עסיי, קאָמיטעט פאַר יידיש און יידישער קולטור, פאַרלאַג „ביבלאָס״, 1979.

**געשטאַלטן און פּראָפילן**

ליטעראַרישע עסייען, בוך 2, פאַרלאַג „ישראל־בוך״, תל־אביב, 1980.

**הימלען נאָכן שטורעם**

נאָוועלן, עסייען, לידער — אַרויסגעגעבן דורכן וועלטראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור ביים י. ל. פרץ פאַרלאַג, תל־אביב, 1984.

**„מיין יידיש בוך״**

פאַרן 4־טן קלאַס, וואַרשע־לאָדזש 1948 (צוזאַמען מיט ש. לאַסטיק), אַרויסגעגעבן: צענטראַל־קאָמיטעט פון יידן אין פוילן, 238 זייטן.

**יובל־בוך: „אין ליכט פון דער קוואַליקער פּען״**

קריטישע אָפּהאַנדלונגען פון שרייבער וועגן שאַפן פון ישעיהו שפּיגל, אַרויסגעגעבן פון אַ קאָמיטעט, דרוק: „נ״ב״, תל־אביב, 1986, ערשט בוך, 264 זייטן.

**יובל־בוך: „אין ליכט פון דער פאַרלאָשענער פּען״**

קריטישע אָפּהאַנדלונגען פון שרייבער וועגן שאַפן פון ישעיהו שפּיגל, פאַרלאַג „ישראל־בוך״, 1986, צווייט בוך, 416 זייטן.

## עברית:

**מלכות גיטו**

סיפורים, תרגם: א.ד. שפיר, מבוא: דב סדן, הוצאת הקיבוץ המאוחד,

**ערומים בטרם שחר**

רומן, תרגם: א.ד. שפיר, הוצאת ספרית פועלים, תל־אביב, 1968.

**אור מעמקי תהום**

ל״ו סיפורי שואה, תרגמו: א.ד. שפיר, בנימין טנא; הקדמה: ד. סדן, סוף דבר: י. גלאַטשטיין, הוצאת י.ל. פרץ, תל־אביב, 1969.

**מדרגות אל השמים**

רומן, תרגם: א.ד. שפיר, הוצאת עם עובד, ספריה לעם, תל־אביב, 1970.

**הגשר**

סיפורים, תרגם: נפתלי גינתון, הוצאת ספרית פועלים, תל־אביב, 1974.

**האשמורת השלישית**

סיפורים, תרגמו: מ. אמיתי, נ. גינתון, הוצאת הקיבוץ המאוחד, תל־אביב, 1976.

**שני סיפורים ✱ צוויי דערציילונגען**

תרגם: מרדכי אמיתי, הוצאת ספרים „ישראל־בוך", תל־אביב, 1978.

**דיוקנו של הסופר ישעיהו שפיגל**

מבחר בקורות על הסופר ויצירתו, יצא לאור ע״י ועדה לרגל הגיעו לגבורות, ולציון תרומתו רבת־הערך לספרות, ת״א, 1985, דפוס: משה חמיאל.

## פראַנצייזיש:

**LES FLAMMES DE LA TERRE**

(פלאַמען פון דער ערד)

Traduit: Rachel Ertel, Editions Gallimard, 1973

**UNE ECHELLE VERS LE CIEL**

(שטיגן צום הימל)

Roman

Traduit: Rachel Ertel, Editions Gallimard, 1979

# אינהאַלט

דער שרייבער ישעיהו שפּיגל דריקט־אויס זיין דאַנק:

דעם פעז־חבר **י. צ. שאַרגעל**,
זיין פרוי **פירע שאַרגעל**,
דעם פאַרוואַלטער פון פאַרלאַג **מ. לוי**,
דעם פר׳ **פרידמאַן** — דפוס „אורלי״ —

אַלעמען פאַר זייער מי און אחריותדיקער אַרבעט ביים צוגרייטן און אַרויסגעבן דאָס בוך.

און ועל כולם — דעם טיפסטן דאַנק דער גרופּע לאַנדסלייט פון זייער אַמאָליקער הוים לאָדזש באַלוט (איצט אין די פאַרייניקטע שטאַטן) פאַר זייער שיינע נאָבעלע קולטור־טאַט ביים דערמעגלעכן אַז דאָס יובל־בוך זאָל דערשיינען.

